# די צײַט פאר בקירעס גייט אוועק

וועלכע פראבעס פון בלוט קאנען פעסטשטעלן די נאציאנאליטעט פון א מענטשן? בלויז ער אליין, זיין זעלבסטבאוווסטזיין. פאר דעם פרויו צוצושרייבן עמעצן א נאציאנאליטעט (צום ביישפיל, אויסווארפן א שווארצהויטיקן אין פשא, אז ער איז א נעגער) שטעלט מען אין ציוויליזירטע לענדער פארן געריכט. און בא אונדז, לאזט זיך אויס, איז אין 7 צענדליק יאר נאך דער רעוואליוציע מעגלעך, אז כוליגאנעס פון דער „פאמיאט" זאלן שרייען עפנטלעך: „שלאג די זשידעס, ראטעווע רוסלאנד!"

די אנפירערשאפט פון אונדזער לאנד דארף לעכאלהאפאכעס אומצווייד־טיק זיך ארויסזאגן, געבן צו פארשטיין אף דער וואר דעם גאנצן פאלק, אז יעדן מענטשן היט אפ א געזעץ און מיט זיין גוירל קאנען זיך ניט שאפן פאר־שיידענע פינצטערע קויכעס. אויב נעגערס אין פשא קאנען זיין מערן פון שטעט, דארפן אונדזערע „ניט־ווארצלדיקע" זיין לעכאלהאפאכעס זיכער אין דעם, אז זיי האבן דאס רעכט צו שאפן זייערע טעאטערס, לערנען די קינדער אף זייער מוטער־שפראך, אוז קיינער וואגט ניט באליידיקן זיי, ווייל עס עקזיסטירט אן אנדער מעלוכע, ווו דאס דאזיקע פאלק איז פארגעשטעלט מיט דער מערהייט באפעלקערונג. יעדער מענטש דארף זיין זיכער, אז אויב אוועלכן־ניט־איז מא־ניאק איז ווידער אריין אין קאפ א געדאנק צו צעווילדעווען זיך קעגן א פאלק פון „אנדער בלוט", וועט עס דערשטיקט ווערן פון סאמע אנהייב אין העסקעם מיט די פאראגראפן פונעם קרימינעלן קאדעקס.

לויט מיין מיינונג, איז דער עצעם פאקט פון עמיגראציע א נארמאלער — דאס איז א רעאליזאציע פון דעם רעכט פונעם מענטשן אף א פרייען אויסוואל פון א וווינארט, וועלכן ס'האט פראקלאמירט די אלגעמיינע דעקלאראציע פון מענטשן־רעכט נאך אין 1948. עס פארן דאך אבער אוועק גוטע קעפ, גוטע הענט, די זעלבע, וואס האבן גאראנטירט, אז וואס העכער עס איז געווען זייער קוואליפיקאציע, אלץ העכער איז געווען דער צוווקס פונעם פאלקס־רייכטום. פארוואס נעמט מען מיט כיישעק אוף אונדזערע עמיגראנטן אין אויסלאנד? מע ניצט זיי אויס, אלס קלאל, אף ווייניקער קוואליפיצירטער ארבעט, איידער אין זייער היימלאנד, אף א קלענער געהאלט, איידער עס באקומען די אייגענע ספעציאליסטן, זעלטן־ווען עס געלינגט צו מאכן דארט א קאריערע. פארוואס זשע ווארפן זיי אוועק, פונדעסטוועגן, זייערע וווינונגען, די נאענטע, די קוואר־רים פון די אוועס? ס'איז, הייסט עס, יעוואר אומדערטרעגלעך. מע קאן ניט באשולדיקן הונדערטער טויזנטער מענטשן, אז זיי זיינען ניט קיין פאטריאטן. דאס איז שטוסעריי.

און אט שווימט אוף א פראגע: ווער זשע וועט פאר דעם טראגן די פאראנט־ווארטלעכקייט? קיינער וועט ניט ענטפערן?

דעמלט שטייט אוף אן אנדער פראגע: ווער וועט אויסבעסערן די לאגע? און דא איז אלץ קלאר: אויסבעסערן די לאגע דארפן מיר אליין.

די סאציאלע ווארצלען פונעם „פאטערלענדישן" ראסיזם פארבלייבן די זעלבע, וואס אין אנדערע לענדער. אבער איצט איז די הויפט־אופגאבע פון די רעאקציאנערן אין אונדזער לאנד — אומוואלגערן די אינערן־פאליטיק פון דער נייער אנפירערשאפט. אויב עס וועט פארגאסן ווערן א סאך בלוט, עס וועלן אויסברעכן בונטן, וועט זיך פאדערן א דיקטאטאר — און אלץ וועט ווידער זיך אומקערן צום אלטן: טאלאנטלאזע מעשארסים וועלן זיך אומקערן צו זייערע קארעטעס, צו זייערע שווינדלערייען. דערקלערן זיי, אז די צייט פון דיקטיטור אין אונדזער לאנד איז אוועק, איז אן אומזיסטע טירכע. דער מויעך פון די דאזיקע מענטשן נעמט ניט אוף קיין געזונטן פארשטאנד. די אנהענגער פון סטאליניזם ווארפן דעם לעצטן קאזיר — דעם רוסישן נאציאנאליזם.

די צייט פאר בקירעס גייט אוועק, מע דארף אנעמען נייע געזעצן.

א. אי. וואראביאוו,<br>פאלקס־דעפוטאט פון פססר

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

ארגאַן פון שרײַבער-פאַרבאַנד פון ססר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"

מאָסקווע

6 יון

1990

# אינהאַלט


ניקאָלײַ טשובאָוו. דאלני יאר — א באבי יאר לעם דעם כוטער באלאבאנאָווקע . . . . . . . 3

ניקאָלײַ מאָטאָווילאָוו. ייִדן פֿון פּסקר און די מילכאָמע פֿון 1941—1945 . . . . . . . . . 7

פּראָטים וועגן א באַרימטער סענסאַציע. מוישע פּערעלמאַן. ווײַאַזוי מע האָט געכאַפּט אדאָלף אייכמאַנען . . . . . . . . . . . . . . 31

דאָרע כײַקינע. נײַע לידער . . . . . . . 58

באָריס מאָגילנער. אנערקען זיך אלס שולדיי־קער... . . . . . . . . . . . . . . 60

ליפּע העלער. די ליד, וואָס איז צאַרט און שטרענג (לידער) . . . . . . . . . . . 97

ווערק פֿון אונדזערע לייענער. מארק רובטשינ־סקי. א מענטש — א לעגענדע . . . . . . . 98

כאַריטאָן בערמאַן. די קאַמייע פֿון דעם פּאָד־פּאָלקאָווניק כאַיִם יאַוויטש . . . . . . . . 101

געפֿונענע מאַנוסקריפּטן. נויעך לוריע. וואָס איך האָב געזען . . . . . . . . . . . . 104

מויני שולמאַן. פֿונעם איבערזעצער . . . . 137

אונדזער מעמאָריאַל. דאָס לעבן און שאַפֿונג פֿון די ייִדישע סאָוועטישע שריפֿטשטעלער — קאָרבאַנעס פֿונעם סטאַלין־קולט. בינימין זוסקין (1899—1952). יאַנקל יאַנקעלעוויטש (1904—1938) . . . . . . . . . . . . . . 139

אויסלענדישע פּובליציסטן אין „סאָוועטיש היימלאַנד". מאָרדכע צאַנין. סעקולערער מאָשיעך מיט א רעליגיעזן גאָלעס . . . . . . . . . . 142

מוני טאוב. א וואָרט וועגן פּייסעך נאָוויקן . . 149

קורצע רעצענזיעס. עלווירע פּאגעל. „פֿרידן אײַך, שאָלעם אײַך!" . . . . . . . . . . 151

בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען. יודלאמעד. קאָסטבאַרע און ביליקע פּראָפּאַגאַנדע . . . . 153

אַקטועלער אינטערוויו. קעדײַ א פּרווו טאָן צו דערליידן זיך . . . . . . . . . . . . . . . 155

ייִדישע געשיכטע. שימען דובנאָוו. די רוימישע מעמשאָלע און דער אונטערגאַנג פֿון דער ייִדישער מעלוכע (פֿאָרזעצונג) . . . . . . . . . . 158

כ.־נ. ביאַליק, י.־כ. ראַוונִיצקי. ייִדישע אגאָ־דעס . . . . . . . . . . . . . . . . 164

מוישעלע, מײַן פּרײַנט. מוזיק און ווערטער פֿון מאָרדכע געבירטיג . . . . . . . . . . . 168

רעזומע (רוסיש, ענגליש) . . . . . . . . . . I





Адрес редакции журнала:
101000, Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны:
главный редактор — 928-27-91
ответственный секретарь — 923-96-07

Художественно-технический редактор С. Титова

Корректор Б. Гершман

Сдано в набор 30.03.90. Подписано к печати 18.05.90. Формат 70×108¹/₁₆. Бумага типографская № 1. Печ. л. 11+0,25 вкл. (Усл. печ. л. 15,75). Бум. л. 5,5+0,125. Цена 70 коп. Зак. 130.

Ордена Трудового Красного Знамени Московская типография № 7 «Искра революции» В/О «Совэкспорткнига» Государственного комитета СССР по печати.
121019, Москва, пер. Аксакова, 13.

# דאַלני יאַר — אַ באַבי יאַר לעם
# דעם כוטער באַלאַבאַנאָווקע

צאָפּן־טאַווריע — אַ גאַנײדן־ווינקעלע אַף דער אוקראַיִנישער ערד. פרוכטבאַרער שווארצבאָדן, פולע טײַכן, אַ רײַכע באַלעבאַטים־ און געוויקסן־וועלט. דאָ, אין די צווישנטײַכן פון היַטשור, קאָנקע, מאַלאָטשנע און בערדאַ, האָבן זיך אין 1846 באַזעצט ייִדן, וועלכע די צאַרישע רעגירונג האָט אַרויסגעטריבן פון ליטע, מינסקער און וויטעבסקער גובערניעס. אַזוי זײַנען אַף די פרײַע, נאָך ניט אײַנגעוווינטע ערדן פונעם זאַפּאָראָזשיער סטעפּ אויפגעשטעלט געוואָרן זיבעצן ייִדישע יִשוּבֿים: זעלענאָפּאָל, נאַדיאָזשנע, נאָוואָזלאַטאָפּאָל, פרײַוט, קאָוואַלעווסק, ראַסקאָשנע, קאָבילנע, הופּעלאָווקע און אַנדערע.

אין 1930 איז אין דאָרף נאַדיאָזשנע אָרגאַניזירט געוואָרן דער ייִדישער קאָלווירט אַף אָרדזשאָניקידזעס נאָמען. די קאָלווירטניקעס האָבן געזייט טווע, געהאָדעוועט פּי, געכאָוועט קינדער. ווי אַלע פּויערים אין יענע צײַטן, האָבן זיי געטרוימט וועגן אַ נײַ גליקלעך לעבן.

ס'האָט זיך אָבער אָנגעהויבן די גרויסע פּאָטערלענדישע מילכאָמע. די מענער, פעיִקע צו האַלטן געווער, זײַנען אַוועק אַפן פראָנט. אין דאָרף זײַנען געבליבן זקנים, פרויען, קינדער, נאָר דער ריטם פונעם פּויערישן לעבן איז ניט איבערגעריסן געוואָרן. ווי פריִער, האָט דאָס פעלד געפילט די זאָרג פונעם ערד־באַלעבאָס.

דער פראָנט האָט זיך אַלץ מער דערנעענטערט צום דניעפּער. פון טאַווריע האָט מען אָנגעהויבן זיך עוואַקויִרן אין דער טיפעניש פונעם לאַנד.

— אין די אָסיען־בלאָטעס פונעם איין־און־פערציקסטן, — דערציילט סעמיאָן זוסימאָוויטש דיקענשטיין, — האָבן זיך פונעם קאָלווירט קיין מיזרעך אַ ציִ געטאָן קאָלאָנעס פון לאַנדווירטשאַפטלעכן אינווענטאַר און פּי־טשערעדעס. פון די אײַנגעזעסענע ערטער האָט זיך אויפגעהויבן די באַפעלקערונג. די עוואַקואַציע איז דורכגעגאַן אין שווערע באַדינגונגען. דעם סוינעס אַוויִאַציע האָט די גאַנצע צײַט געוואָרפן באָמבעס און באַשאָסן די וועגן.

דורכמאַכנדיק אין מעשעך פון צוויי כאָדאָשים אַ ניט־לײַכטן וועג, האָבן די נאַדיאָזשנער טוישווים פאַרלאָזט די דאָנעצקער סטעפּעס, דורכגעגאַן לוגאַנשטשינע און אין סאָף דעקאַבער דערגרייכט דעם ברעג פון קאַליטווע אין אָלכאָווי ראָג.

דערווײַל האָט דאָס סאָוועטישע מיליטער פאַרהאַלטן די דײַטשן הינטער דעבאַלצעווע. דער פראָנט האָט זיך אַף אַ צײַט סטאַביליזירט, און די היגע מאַכט־פאָרשטייער האָבן אַף ווינטער אײַנגעאָרדנט אין כוטער באַלאַבאַנאָווקע פינף און זיבעציק מישפּאָכעס פון די נאַדיאָזשנער קאָלווירטניקעס צוזאַמען מיט זייער קאָלווירטיש פּי.

ס'איז אָנגעקומען דאָס צוויי־און־פערציקסטע יאָר. סאָף יון האָבן די פאַשיסטישע כאַיאָלעס זיך אַ לאָז געטאָן פון די דאָנער סטעפּעס צו דער וואָלגע.

דאָס מאָל האָבן די נאַדיאָזשנער ייִדן ניט באַוויזן זיך צו עוואַקויִרן פון באַלאַבאַנאָווקע. הינטער אָלכאָווי ראָג האָבן די דײַטשן זיי אָנגעיאָגט. די פּלייטים האָבן געמוזט זיך אומקערן קיין באַלאַבאַנאָווקע...

און איצט לאָמיר אויסהערן דעם דירעקטן אײדעס פון די טראַגישע געשעענישן פונעם סאָף יול 1942, דעם געוועזענעם באַלאַבאַנאָווקער טוישעוו קאַרמאַנטשיקאָוון.

— דעם 31 יול באַטאָג, — דערמאָנט זיך וואַסילי פּראָקאָפּאָוויטש, — האָט באַלאַבאַנאָווקע אויפגעציטערט פון אַ רעוועריַ פון מאָטאָציקלען און פון אַ האַווקעריַ פון הינט. באַוואָפנטע פריצן זײַנען אַראָפּ פון די לאַסטמאַשינען, זייערע אָווטשאַרקעס בײַ די רימענס. מיט די געסטאַפּאָוצעס זײַנען געקומען זייערע אונטערהעלפער — די דאָרטיקע פּאָליצײַען.

הינטער די רערן פון אווטאָמאַטן האָבן די אָקופּאַנטן אָנגעהויבן אַרויסטרײַבן די ייִדן פון די הײַזער און צונויפנעמען זיי אַפן פּלאַץ לעבן קלוב.

געוויס האָט קיינער ניט געוווּסט, נאָר אַלע האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז עס גרייט זיך עפּעס שרעקלעכס. אַפן פּלאַץ האָט געשוועבט אַ מעטושטעש, נאָר דראָענדיק גערויש. דער געסטאַפּאָווישער אָפיצער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן „וואַלטער" און עפּעס אַרויסגעשריגן אַף זײַן שפּראַך.

אייניקע ייִדן, דערפילנדיק דעם אומגליק, האָבן זיך געגעבן אַ וואָרף דורך די גערטע-

Уважаемые товарищи!
Посылаю Вам список погибших.
Не у всех есть отчества и возраст.
Список составлялся во время расстрела секретно русской женщиной Бондаревой Анной Павловной – бывшей жительницей хутора Балабановки. Она случайно оказалась на месте казни – пасла скот в балке Дальний Яр. До прихода немцев работала учетчиком в тракторной бригаде. Затем этот список она передала мне. Анны Павловны уже нет в живых, умерла. Копию списка погибших я передал на вечное хранение в наш районный архив.

Чубов Николай Стефанович

ניקאָלײַ טשובאָװס בריװ צו דער רעדאַקציע פֿון „סאָװעטיש הײמלאַנד“

נער אין די נאָענטסטע באַלקעס און יאַרן. נאָר באַלד האָבן אַ טאַראַכקע געטאָן אַװטאָמאַטן און קױלנװאַרפֿערס.

דערהערנדיק דאָס שיסערײַ, איז אױפֿן פּלאַץ געקומען צו לױפֿן אױך װאַסילי פּראָקאָפּיעװיטשעס שכײניע אַלעקסאַנדראַ אַפֿאַנאַסיעװנאַ דאָראָשענקאָ. זי איז געפּלעפֿט געװאָרן פֿון גרױל. אַן אומגעלומפּערטער געל־רױטער פֿאַשיסט האָט אַרױסגעריסן פֿון ליבע טשערװינעס הענט איר דערשראָקן דרײַיאָריק מײדעלע און, װי אַ שטיק האָלץ, אַ װאָרף געטאָן עס אין דער לאַסטמאַשין. ס׳האָט זיך דערהערט אַ האַרצרײַסנדיק קינדער־געשרײ.

די צונױפֿגעטריבענע אױפֿן פּלאַץ זקנים, פֿרױען און קינדער האָט מען אָנגעלאָדן אין די מאַשינען און אַװעקגעפֿירט אין דער באַלקע דאַלני יאַר, פֿיר קילאָמעטער װײַט פֿונעם כוטער. דאָרט, לעבן אײנעם פֿון די שטײַל־אָפּריסן, האָט זיך די מאַשין אָפּגעשטעלט. דער אָנפֿירער פֿון דער הענקער־קאָמאַנדע האָט אױסגעטײלט אַ גרופּע מענער און זײ געצװונגען גראָבן אַ גרוב.

אין דער לופֿט האָט געציטערט אַ סאַרפּעדיקער דאַמף־נעפּל. אין הימל — קײן כמאַרעלע. אַרום און אַרום באַרג־שיפּוּעים, װאָס שמעקן מיט הײ, און װײַטער ציִען זיך ראַכװעסדיקע פֿעלדער. פֿון אַלע זײַטן — קװײטן־רײַכעס. קלינגעװדיק און פֿרײלעך האָבן געצװיטשעט די פֿײגל, פֿרײענדיק זיך מיטן לעבן און מיט דער זונליכט. אַלץ האָט געבליט, זיך אָנגעגאָסן, געלעבט אין רײַפֿקײַט. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז קײן מילכאָמע איז ניטאָ. װי שרעקלעך איז צעשײדן זיך מיטן לעבן אין אַזאַ צײַט!

דאָס גראָבן דעם קייווער רוקט זיך פאָרויס לאַנגזאַם: דער באָדן האָט זיך ארויסגע־וויזן צו זײַן הארט, ווי א שטיין. די ערד מיט איר פעסטקייט האָט ווי געפרווּוט אָפּרוקן די צײַט פון דער טויט־שטראָף.

צעשאָסן האָט מען די מענטשן גרופּעסווײַז: צוערשט די מאַנצבלען, דערנאָך די פרויען, צום סאָף די קינדער. די ניט־דערהארגעטע האָט מען אראָפּגעשטופּט אין גרוב אריַין.

ווען מע האָט ארויסגעפירט אף צעשיסן א נײַע גרופּע, האָט דינע דיקענשטיין געגו־מען פאר די הענט איר זעקסיאָריקע דאָרע און דעם דרײַצניאָריקן זיאמען און שטאָלץ א שפּאן געטאָן אנטקעגן דעם טויט.

— נידערטרעכטיקע קאַניבאלן, — האָט זיך ארויסגעריסן פון איר מויל. — אונדז קאָנט איר הארגענען, נאָר אונדזער פאָלק וועט איר ניט פארניכטן!

די ווערטער זײַנען אײַנגעזונקען געוואָרן אין דער שיסערײַ פונעם קוילנוואַרפער. אונטערגעהאקטע, זײַנען אלע דרײַ געפאלן אין גרוב אריַין: די מוטער מיטן זון — טויטע, דאָס טעכטערל — א פארוווּנדעטע.

אין איינער א רעגע איז צווישן די הענקער געשען א צעטומלונג. די שיסערײַ האָט אף דער רעגע אופגעהערט. אויסנוצנדיק די געלעגנהײַט, האָבן א ייִנגל מיט א מיידל, שטייענ־דיק שוין אפן ראַנד פון דער גרוב, זיך א וואָרף געגעבן אין א זײַט און פארשווּנדן גע־וואָרן. געלאָפן זײַנען זיי לאַנג, דורכרײַסנדיק זיך צווישן די שטעכיקע דאָרן־קוסטעס.

מיר איז ניט לאַנג צוריק געלונגען אָפּצוזוכן דאָס מיידל. דאָרע יאַקאָוולעוונע קאַץ איז דעמלט אלט געווען זיבעצן יאָר. איר ברודער זיאמע איז אומגעקומען. אויסבאהאלטן האָט דאָרען די מישפּאָכע פונעם געוועזענעם קאָלווירט־פּאָרזיצער קאָלעסניקאָוו. זײַנע קינ־דער אלעקסאַנדער און ראַיִסאַ און זײַן פּלימעניצע נאַדיעזשדאַ האָבן געפונען דאָרען אין וואלד און געבראַכט זי אַהיים.

קימאט פינף כאַדאָשים האָט דאָס ייִדישע מיידל קאָנספּיראַטיוו געוווינט בא די קאָ־לעסניקאָווס. אין דעקאַבער 1942 האָט די סאָוועטישע ארמיי באפרײַט אָלכאָווי ראָג. צו־ערשט האָט דאָרע געארבעט אלס געריכט־אויספירערן און דערנאָך פרײַוויליק אוועק אפן פראָנט, ווו זי האָט געדינט אין א פעלד־האָספּיטאל. אין סאָף 1945 האָט זי זיך דעמאָבילי־זירט און כאַסענע געהאט פאר א טאַנקיסט איסאַק סאָלאָמאָנאָוויטש מעלער. זיי האָבן דער־צויגן צוויי קינדער: ליובע איז א לערערן אין בראַטסק און סעמיאָן — א רעכן־טוער אין דניעפּראָפּעטראָווסק.

דאָרע יאַקאָוולעוונע און איסאַק סאָלאָמאָנאָוויטש זײַנען שוין אף פּענסיע. זיי וווינען אין דאָנעצק, ציִען אוף אייניקלעך.

פון דיקענשטיינס מישפּאָכע האָט צופעליק אויסגעמיטן דעם טויט נאָר דער עלפיאָ־ריקער שלוימעלע. הײַנט וווינט ער אין דער אוקראַיִנישער שטאָט דאָנעצק. סעמיאָן זוסי־



די אײַנוווינער פונעם כוטער באלאבאנאָווקע לייגן בלומען־קרענץ צום דענקמאָל פון די קדוישים

מאָוויטש באַזוכט אָפט דעם דאָזיקן יאַר, ווו ס'האָבן געפונען אייביקע רו: זײַן מוטער, דער ברודער, די שוועסטער, דער זיידע, די באָבע, די שוועסטערקינדער און נאָך אַנדערע.
הונדערט מיט איין נעפאשעס האָבן אין דעם טאָג די פאשיסטן דערשאָסן: פינף און פופציק קינדער, צווישן זיי די זיבנכאדאָשימדיקע ווערע קאַבאָ, די צוויייאָריקע זאכאר קאַץ, דאָרע טשערווינע, איזיע סווירסקי, לעוו פּערעלמאַן, סאָפיע איטאָוויטש, איליאַ כאַ-נאָנאָוו, איזיע קאַבאָ און אַנדערע. די נעמען פון אַלע אומגעקומענע זײַנען באַוווסט:

1. דופאצקאיא דאָרא נאומאָוונא 40 יאָר
2. דופאצקאיא ראכיל מיכײַלאָוונא 10 יאָר
3. דופאצקי נאום מיכײַלאָוויטש 6 יאָר
4. עפשטיין איליא סאמאָילאָוויטש 15 יאָר
5 עפשטיין מירא איסאקאָוונא 48 יאָר
6. עפשטיין מאריא 5 יאָר
7. עפשטיין איזראיל 8 יאָר
8. עפשטיין לעוו 5 יאָר
9. דיקענשטיין בראָניסלאוו מאָיסייעוויטש 47 יאָר
10. דיקענשטיין אבראם אנטאָנאָוויטש 27 יאָר
11. דיקענשטיין פרידא אנטאָנאָוונא 10 יאָר
12. דיקענשטיין מאָיסיי אנטאָנאָוויטש 15 יאָר
13. דיקענשטיין אנטאָן 58 יאָר
14. איטאָוויטש סארא 53 יאָר
15. איטאָוויטש אילאָ אנטאָנאָוויטש 20 יאָר
16. איטאָוויטש לעוו אנטאָנאָוויטש 14 יאָר
17. איטאָוויטש מאָיסיי אנטאָנאָוויטש 12 יאָר
18. איטאָוויטש אנא 50 יאָר
19. איטאָוויטש מאָיסיי גריגאָריעוויטש 58 יאָר
20. איטאָוויטש סארא מאָיסייעוונא 15 יאָר
21. ווײַנער אנא מאָיסייעוונא 48 יאָר
22. ווײַנער סאָפיא מיכײַלאָוונא 13 יאָר
23. פלאטאָק ליובאָוו 27 יאָר
24. פלאטאָק גיטא 5 יאָר
25. מאָיסאָלעיעווא ראכיל 35 יאָר
26. מאָיסאָלעיעווא בראָניא 5 יאָר
27. פערעלמאן זשעניא 38 יאָר
28. פערעלמאן אנא 12 יאָר
29. פערעלמאן לעוו 5 יאָר
30. פערעלמאן ראכיל 5 יאָר
31. עפשטיין איסאק איסאָקאָוויטש 18 יאָר
32. דיקענשטיין יעוודאָקיא גריגאָריעוונא 40 יאָר
33. דיקענשטיין זאכאר 13 יאָר
34. דיקענשטיין דאָרא 8 יאָר
35. קאמען גריגאָרי 64 יאָר
36. קאמען פירא 58 יאָר
37. איטאָוויטש מוסיא מאָיסייעוונא 29 יאָר
38. איטאָוויטש יאקאָוו 7 יאָר
39. איטאָוויטש סאָפיא 5 יאָר
40. איטאָוויטש 3 יאָר
41. גאָרלאָוועץ פרומא אנאטאָליעוונא 36 יאָר
42. גאָרלאָוועץ טאטיאנא 13 יאָר
43. פרעס ראכיל 18 יאָר
44. פרעס אנא 12 יאָר
45. פרעס באטיא 6 יאָר
46. פרעס יעווגעניא 4 יאָר
47. פרעס איליא 4 יאָר
48. פרעס באָריס 14 יאָר
49. טשערווינא אנעלאָלא 38 יאָר
50. טשערווין גריגאָרי איסאקאָוויטש 15 יאָר
51. טשערווינא אליאָנא 12 יאָר
52. טשערווינא פאינא 10 יאָר
53. טשערווין יעפים אבראמאָוויטש 50 יאָר
54. טשערווינא פאינא 48 יאָר
55. טשערווינא ליובאָוו 26 יאָר
56. טשערווינא עטיא 20 יאָר
57. טשערווין אבראם יעפימאָוויטש 8 יאָר
58. טשערווינא ליובאָוו 25 יאָר
59. טשערווינא דאָרא 3 יאָר
60. טשערווין אבראם יעפימאָוויטש 72 יאָר
61. קאָץ ליובאָוו סעמיאָנאָוונא
62. קאָץ זיאמא יאקאָוולעוויטש 11 יאָר
63. קאָץ זאכאר זאכאראָוויטש 2 יאָר
64. איטאָוויטש גריגאָרי מאָיסייעוויטש 73 יאָר
65. איטאָוויטש פראסקאָוויא 70 יאָר
66. איטאָוויטש אבראם 40 יאָר
67. איטאָוויטש אנא אבראמאָוונא 12 יאָר
68. איטאָוויטש וויטא אבראמאָוונא 4 יאָר
69. איטאָוויטש פאפּאעל 10 יאָר
70. שולמאן מיכאיל 19 יאָר
71. שולמאן אנא 49 יאָר
72. שולמאן טאטיאנא 12 יאָר
73. שולמאן איזיא 7 יאָר
74. שולמאן מיכאיל 15 יאָר
75. סווירסקאיא עטיא 35 יאָר
76. סווירסקי גריגאָרי 5 יאָר
77. סווירסקאיא איזיא 3 יאָר
78. סווירסקאיא פראסקאָוויא 76 יאָר
79. סווירסקאיא אנא 45 יאָר
80. סווירסקאיא ראָזא 38 יאָר
81. סווירסקאיא ראכיל 10 יאָר
82. כאָנאָנאָווא בראָניסלאווא 46 יאָר
83. כאָנאָנאָוו אבראם 15 יאָר
84. כאָנאָנאָווא קלארא 13 יאָר
85. כאָנאָנאָוו גריגאָרי 6 יאָר
86. כאָנאָנאָוו איליא 3 יאָר
87. כאָנאָנאָווא מאריא
88. כאָנאָנאָוו לעוו 11 יאָר
89. כאָנאָנאָוו יאָסיף 19 יאָר
90. כאָנאָנאָווא אנא 18 יאָר
91. כאָנאָנאָווא זאָיא 15 יאָר
92. כאָנאָנאָוו כאקאן 12 יאָר
93. קיטא ראָזא 21 יאָר
94. קאבאָ פירא 5 יאָר
95. קאבאָ איזיא 3 יאָר
96. קאבאָ ווערא 7 כאדאָשים
97. סאָראָקינא פאינא 58 יאָר
98. סאָראָקין מיכאיל 10 יאָר
99. סאָראָקינא אנא 8 יאָר
100. דופאצקאיא אנא 37 יאָר
101. דופאצקי יאקאָוו 13 יאָר

# ייִדן פון פססר און די מילכאָמע פון 1941—1945

## קורצע כראָניק

6.17. „אויף איינעם פון די באַצירקן פון כאַרקאָווער ריכטונג האָט א גרויסער אָטריאַד פון דער דײַטשישער פּעכאָטע אונטערגענומען א פּסיכישע אַטאַקע... די אַרטילעריסטן פונעם לייטענאַנט כאַנין האָבן מיט טרעפלעכע זאַלפּן צעזייט די דײַטשן. אויפן שלאַכטפעלד האָט דער סוינע איבערגעלאָזט פיל דערהאַרגעטע און פאַרווונדעטע סאָלדאַטן און אָפיצערן" (סאָווינפאָרמביוראָ). — אין באָרזנא (טשערניגאָווער געגנט) זײַנען צעשאָסן 104 ייִדן.

6.19. אויף אן אַנטיפאַשיסטישער סעסיע פון דער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע פון דער אוקראַיִנישער פסר אין אופא איז מיט א פאָרטראָג „די פאַשיסטישע אידעאָלאָגיע און פּסעוודאָוויסנשאַפטלעכע ראַסן-טעאָריע" אַרויסגעטראָטן דער פּראָפעסאָר אָ. וו. טראַכטענבערג.

6.20. באַלוינט די שלאַכטלײַט פון די מיליטערישע לופט-קרעפטן, דערונטער מיט א לענין-אָרדען דעם מאַיאָר ד. מ. ראַוויטש, דעם מאַיאָר א. מ. צייגין.

6.23. „פּראַוודאַ" טיילט מיט, אַז די אונטערוואַסער-שיף „172—מ" פונעם העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד י. י. פיסאַנאָוויטש האָט דערטרונקען 8 פײַנטלעכע טראַנספּאָרטן מיט אן אַלגעמיינעם וואַסער-אַרויסשטויס העכער 40 טויזנט טאָן.

6.27. „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ" טיילט מיט וועגן די דערגרייכונגען פון די דערפינדער אין די מיליטער-טיילן פונעם סיבירער מיליטער-קרײַז: „א ביז גאָר ווערטפולע דערפינדונג איז אָנגעקומען פונעם כאַוו. בריק. ער האָט קאָנסטרויִרט א מאַכשיר אויף צו אָפּרייניקן ברענשטאָף און שמיר-אייל, וואָס גיט א מעגלעכקײַט פאַרלאָנגירן דעם דינסט-טערמין פון די אייל מער ווי אין פינף מאָל".

6.28. „צען אונדזערע אויסשפּירער בעראָש מיטן עלטערן לייטענאַנט מינץ האָבן זיך באַנאַכט דורכגעקליבן אין הינטערלאַנד פונעם קעגנער. די אויסשפּירער האָבן פאַרוואָרפן מיט גראַנאַטעס די פײַנטלעכע בלינדאַזשן און פאַרניכטעט 17 היטלעראָווצעס. פאַרכאַפּט א געפאַנגענעם, האָבן זיך די שלאַכטלײַט אומגעקערט אין זייער טייל" (סאָווינפאָרמביוראָ). — דער עלטערער באַטאַליאָן-קאָמיסאַר י. מ. בעציס האָט איבערגעכאַזערט גאַסטעלאָס העלדנטאַט („סמענאַ", 6.9. 1988).

יון. אויפן מײַרעוו-פראָנט אין שפּיטאָל, וווּ שעף איז דער מיליטערישער דאָקטער פון 1-טן ראַנג געלער, האָט דער מיליטערישער דאָקטער פון 2-טן ראַנג סמאָליאַנסקי דורכגעפירט א זעלטענע אָפּעראַציע, וואָס אַדאַנק איר איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די ריִע באַם סערזשאַנט א. אי. לאַווורענטיעוו. — ליקווידירט די געטאָ אין ייִשעוו מאַלאָריטאַ, ברעסטער געגנט. — אויף דער סטאַנציע בראָנאַיאַ גאָראַ צווישן ברעסט און בעריאָזאַ זײַנען צעשאָסן באַ 20 טויזנט מענטשן, מערסטנטייל ייִדן. — א דיוויזיע פונעם אונטערערדלער ל. מאָשקאָוויטש אויפן קאָוונער אַעראָדראָם, וואָס האָט פאַרלײַכטערט דער סאָוועטישער אַוויִאַציע צו מאַכן אן אָנפאַל.

אָנהייב יול. אויף א וויסנשאַפטלעכער סעסיע פון אָפּטאַלמאָלאָגן, וואָס איז פאָרגעקומען אויף אוראַל, איז מיט א פאָרטראָג אַרויסגעטראָטן דער פּראָפעסאָר מ. י. אוועערבאַך.

7.1. אין מינסקער געטאָ האָבן די היטלעראָווצעס פאַרכאַפּט דעם אונטערערדלער יע. ראָלבין (דערהאַרגעט דעם 8.1).

ניט שפּעטער פונעם 7.3. אין די שלאַכטן פאַר סעוואַסטאָפּאָל האָט דער פּאָליטרוק קרעמער גענומען אויף זיך די קאָמאַנדשאַפט מיט א באַטאַרייע, פאַרבײַטנדיק דעם פאַרווונדעטן קאָמאַנדיר.

7.3. אויפן לענינגראַדער פראָנט „האָט דער סערזשאַנט וואַקמאַן פאַרגעלייגט א ביז גאָר פּאַשעטע צופּאַסונג צום בינאָקל, וואָס דערלויבט גיך און אָן א טאָעס דערקענען די פײַנטלעכע עראָפּלאַנען... דער אינזשעניער וואַלדמאַן האָט פאָרגעלייגט א נײַעם מעטאָד צו שיסן פון זעניט-האַרמאַטן, וואָס זיכערט א גרויסע אָפּעראַטיווקײַט פונעם פײַער" („קראַסנאַיאַ זוועזדאַ", 7.4. 1942). — „פאַר דרײַ

---

פאַרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 5, 1990.

טעג האָבן די ארטילעריסטן פונעם כאַוו. בערקאָוויטש פארניכטעט 3 דזאָטן, 2 ערדשטיבלעך און א באַאָבאכטונגס־פונקט פון די ווײַספינער. עס זײַנען פארניכטעט עטלעכע פײַנטלעכע אווטאָמאטלער... מיט א פײַער איבער א צונויפזאמלונג פון דײַטשישע סאָלדאטן און טראנספּאָרטן האָבן די ארטילעריסטן פון דער אונטערטיילונג פונעם כאַוו. פישער פארניכטעט העכער 30 היטלעראָווצעס און צעקלאַפּט עטלעכע מאשינען און פורן פונעם קעגנער" („לענינגראדסקאיא פּראַוודא"). — „קאָמסאָמאָלסקאיא פּראַוודא" טיילט מיט וועגן דער העלדישקײַט פון די סעוואסטאָפּאָלער שלאכטלײַט פון דער אַרטיקער קעגנלופט־שוץ, דערונטער פון ז. וועזענטאל און מ. פישער.

ביזן 7.4. אין אָדעסער געגנט האָבן די רומענישע אָקופּאנטן צעשאָסן די פּארטיזאנערן ר. מ. מייערזאָן.

ניט שפּעטער פון 7.4. אפן קארעלישן פראָנט האָבן זיבן סאָוועטישע פארניכטלער אונטער דער קאָמאנדשאפט פונעם עלטערן פּאָליטרוק פײַערמאַן פארניכטעט אין א לופטשלאכט 4 פײַנטלעכע באָמבארדיר־עראָפּלאַנען, פארלירנדיק איין עראָפּלאַן.

7.4. „איזוועסטיא" טיילט מיט: „דער ארטילערישער זאוואָד, ווו דירעקטאָר איז כאַוו. פראטקין, האָט אין יון דעם פּראָדוציר־פּלאַן איבערגעשטיגן... די טעכנאָלאָגן כ׳כ קערנער און סטארצעוו האָבן פאנאנדערגעארבעט און אײַנגעגלידערט פילשנײַד־קעפּלעך, וואָס ווערן אָנגעווענדט באם אויסבויערן דעם רער־קאַנאל... דאָס האָט אין צוויי מאָל פארקירצט די מאשין־צײַט אף צו באארבעטן די דעטאלן און ארויסבאפרײַט צוגאָבלעכע אויסשטאטונג".

7.5. אפן פראָנט איז אומגעקומען דער שרײַבער ב. י. איוואנטער.

5—7.15. אין באכטשיסארײַער לאגער פאר קריגס־געפאנגענע זײַנען צעשאָסן 5500 מענטשן, דערונטער פיל ייִדן.

7.6. די קאָמאנדע פאנצערברעכער אונטער דער קאָמאנדשאפט פונעם רויטארמייער גינזבורג האָט אונטערגעקלאפּט 5 דײַטשישע טאנקען.

7.7. „פּראוודא" טיילט מיט פון איינעם א לענינגראדער שיפבוי־זאוואָד: „אפן באציִרק פונעם מײַסטער כ׳ קרעמער האָט זיך אָנגעהויבן דער מאָנטאזש פון נײַע שיפן... א פארשנעלערונג פונעם מאָנטאזש האָבן די סטאכאנאָווצעס זיך דערשלאָגן אדאנק דעם נײַעם טעכנאָלאָגישן פּראָצעס, וואָס עס האָט פאנאנדערגעארבעט דער שעף פונעם צעך גורעוויטש". אין דעם זעלבן נומער פון דער צײַטונג רופט אָן דער וויצע־אדמיראל פ. ס. אָקטיאברסקי דעם ארטילעריסט פײַן צווישן די שלאכטלײַט און קאָמאנדירן, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט באם באשיצן סעוואסטאָפּאָל.

7.8. „דער קאָמאנדיר פון א הארמאט כאַוו. שעכטער האָט צוגעלאָזט אף א נאָענטן מעהאלעך די אָנגרײַפנדיקע דײַטשישע פּעכאָטע און פארניכטעט 50 סאָלדאטן און אָפיצערן פונעם קעגנער". זײַענדיק צוויי מאָל פארוווּנדעט, האָט דער כאַוו. שעכטער פאָרגעזעצט פירן א פײַער ביז די אטאקע פונעם קעגנער איז ניט אָפּגעשלאָגן געוואָרן" (סאָווינפאָרמביוראָ).

7.9. „קאָמסאָמאָלסקאיא פּראוודא" טיילט מיט וועגן דער מעסירעסנעפּעשדיקער ארבעט פון א גרופּע לענינגראדער לערער, דערונטער פון ד. י. פײַ (213־טע שול), אינעם ערשטן בלאָקאדע־ווינטער.

7.10. „פּראוודא" טיילט מיט, אז מײַרעוודיקער פון וואָראָניעזש האָט דער טייל פונעם כאַוו. טשערניכאָווסקי בלויז אין איין שלאכט פארניכטעט 48 טאנקען און אין אן אנדער שלאכט פארברענט 52 טאנקען". — אף א סעסיע פון דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פון דער אוקראַיִנישער ססר אין אופא זײַנען מיט וויסנשאפטלעכע פּאָרטראָגן ארויסגעטראָטן דער פּראָפעסאָר י. יא. שטײַערמאן און דער קאנדידאט פון טעכנישע וויסנשאפטן י. מ. טעטלבאום.

7.11. מײַרעוודיקער פון וואָראָניעזש האָט דער טאנקען־עקיפּאזש אין באשטאנד פון די כ׳כ באָגאָמאָלאָוו, פּשעניִן און בערג פארניכטעט 2 דײַטשישע טאנקען און העכער 100 היטלעראָווצעס" (סאָווינפאָרמביוראָ). — „קראסנאיא זוועזדא" טיילט מיט וועגן דער צעגראָמירונג פון א דײַטשישן אינפאנטעריע־פּאָלק אף איינעם פון די באצירקן פונעם דאָרעמפראָנט; אין דער אָפּעראציע האָט אָנטיילגענומען א גרופּע טאנקען אונטער דער קאָמאנדשאפט פונעם קאפּיטאן אײַזענגארט.

11—7.12. די טאנקען־אונטערטיילונג „דזערזשינעץ" (קאָמיסאר — בירשטיין) האָט פאר 2 טעג פארניכטעט 17 קעגנטאנקען־הארמאטן, 8 מינענווארפערס, 27 קוילנווארפערס, א סקלאד פון ברענשטאָף און שמיר־מאטעריאלן און 440 היטלעראָווצעס.

נאָכן 7.12. אין ארטיאָמאָווסק (וואָראָשילאָווגראדער געגנט) האָבן די אָקופּאנטן דערהארגעט די אײַנוווינער פונעם ייִשעוו ב. אילמאן און נ. שטיין.

ניט שפּעטער פונעם 7.14. אפן לענינגראדער פראָנט האָבן דער עלטערער לייטענאנט כײַט און דער לייטענאנט גודקאָוו, לופטאויסשפּירער, פארפיקסירט א פײַנטלעכע באטארייע, וועלכע איז דערנאָך פארניכטעט געוואָרן.

ניש שפּעטער פונעם 7.15. א גרופּע עראָפּלאנען פון צאָפן־פלאָט האָט דערטרונקען א דײַטשישן טראנספּאָרט. אינעם שלאכט־פלוג האָט אָנטיילגענומען דער שטורמאן זילבערג.

7.15. סאָווינפאָרמביוראָ טיילט מיט, אז 3 שיסער־אונטערטיילונגען, וואָס בעראָש פון איינער שטייט דער עלטערער לייטענאנט קולביט, האָבן פארניכטעט 2 פּעכאָטע־ראָטעס פונעם קעגנער און 3 דײַטשישע טאנקען. — ב. י. לעשטשינער איז באשטימט אלס קאָמי־

סאַר פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג פון קרים; ל. יע. ספּעקטאָר און פּ. ר. יאַמפּאָלסקי האָבן אויסגעפּאַרטיקט און צוגעשטעלט די פּאַרטיזאַנער 5.000 בוטלען מיט ברענשטאָף-פליסיקייט.

ביזן 7.16. אַף איינער אַ וויסנשאַפטלעכער קאָנפערענץ אין אַן אָפּערירנדיקער אַרמיי איז מיט אַ פאָרטראָג וועגן היילן גאַז-וווּנדן אַרויסגעטראָטן דער מיליטערישער דאָקטער פון 2-טן ראַנג לייצין.

7.16. אַפן קאַלינינער פראָנט „האָט דער קאָמאַנדיר פון אַן אָפּטיילונג דער עלטערער סערזשאַנט כאָוו. קושניר פאַר 14 טעג יול פאַרניכטעט 118 היטלעראָווצעס, און זײַן אָפּטיילונג אינגאַנצן גענומען — העכער 300 דײַטשישע סאָלדאַטן און אָפיצערן“ (סאָווינפאָרמביוראָ).

ביזן 7.18. אין קוואַשנינסקער מאַשין-טראַקטאָר-סטאַנציע (ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט) האָט דער אינזשעניער-מעכאַניקער פון אַ מיליטערישן זאָוואָר עפּשטיין „אַרײַנגעטראָגן אַ ווערטפולן ראַציאָנאַליזאַטאָרישן פאָרשלאָג, וואָס האָט געהאָלפן רעסטאַווּרירן די בלאָק-דעקלען“ („איזוועסטיאַ“, 7.18. 1942).

7.18. באַלוינט מיט אַ לענין-אָרדען דער שעף פונעם קאָנסטרוקטאָרן-אָפּטייל פונעם זאַוואָד נום. 126 פון דעם פאָלקס-קאָמיסאַריאַט פון אוויאַציע-אינדוסטריע אַ. מ. וואָלמאַן.

7.19. „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ“ טיילט מיט: „די אַרטילעריסטן פון דער אונטעראָפּטיילונג, וווּ קאָמאַנדיר איז כ׳ פישער, פירנדיק אַ טרעפלעכן פײַער איבערן פאָדערשטן ראַנד פונעם קעגנער, האָבן פאַרניכטעט 2 דײַטשישע קוילנוואַרפערס“.

ניט שפּעטער פונעם 7.20. דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד איז צוגעייגנט ל. כ. פּאַפּערניקן (נאָכן טויט).

7.22. צעשאָסן 300 ייִדן אין דאָרף פּעטראָוויטשי, סמאָלענסקער געגנט; די לערערן ל. פּ. איוואַנאָוואַ, וואָס האָט אויסבאַהאַלטן ייִדן, האָט מען אופגעהאַנגען.

7.24. „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ“ טיילט מיט: „לויט דער איניציאַטיוו פונעם הויפּטדאָקטער פון דער אַמבולאַטאָריע פון נ-ער זאַוואָד, דעפּוטאַט פון לענינסקער ראַיסאָוועט פּ. מ. טאַגער איז בײַ דער פּאָליקליניק נום. 24 געשאַפן אַ פאָרשערישע לאַבאָראַטאָריע, אויסגעשטאַטעט מיט דער נײַסטער אַפּאַראַטור“. — צעשאָסן 86 באַיאָרטע ייִדן פון ווילנער געטאָ.

7.25. „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ“ טיילט מיט, אַז אין שלאַכט פאַרן באַפעלקערטן פונקט פּ. „האָבן שלאַכטלײַט פון דער אונטערטיילונג פונעם לייטענאַנט ראַפּאָפּאָרט אונטער אַ פײַער פון קוילן און סנאַריאַדן געזיכערט, אַז די פאַרבינדונג זאָל אַרבעטן אָן איבערשלאָגן“.

7.26. באַלוינט די טוער פון דעם זאַוואָד נום. 292 פונעם פאָלקס-קאָמיסאַריאַט פון אוויאַציע-אינדוסטריע, דערונטער מיט אַ לענין-אָרדען — דעם דירעקטאָר י. ס. לעווין, דעם הויפּט-אינזשעניער ג. נ. פּיוואָוואַראָוו.

7.28. דער „פּערטער פּאָגראָם“ אין מינסקער געטאָ (עס זײַנען פאַרניכטעט, צווישן אַנדערע, די ייִדן, וואָס זײַנען געבראַכט געוואָרן פון דײַטשלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיע).

ניט שפּעטער פון 7.29. אַפן סטאַלינגראַדער פראָנט האָבן 12 גוואַרדייער, דערונטער דער סערזשאַנט יאַ. מ. טעוולין, אַ פּאַנצערברעכער, אויסגעהאַלטן אַ 5-שעהיקע שלאַכט מיט אַ דײַטשישן באַטאַליאָן און פאַרניכטעט 200 היטלעראָווצעס.

7.29. פּ. סאָינאָוו, וועלכער איז אַנטלאָפן פונעם לאַגער פאַר קריגס-געפאַנגענע אין בעלאַיאַ צערקאָוו, דערציילט אין „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“ וועגן דעם, אַז אַף די אויגן פון די קריגס-געפאַנגענע זײַנען דערהרגעט געוואָרן 15 ייִדן, דערונטער 70-יאָריקע זקיינים, קינדער פון 8—12 יאָר און פרויען מיט זויגקינדער.

7.31. אַפן לענינגראַדער פראָנט באַם אָפּשלאָגן אַ פײַנטלעכן אָנפאַל „האָבן די באַטאַרייעס פונעם עלטערן לייטענאַנט כ׳ לייבענזאָן און פונעם לייטענאַנט כ׳ פּעטראָוו אַראָפּגעקלאַפּט דרײַ „יונקערס-88“ און צוויי „מעסערשמיטן-109“ („לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ“).

סאָף יול. אַפן לענינגראַדער פראָנט איז געשטאָרבן אין שפּיטאָל דער שרײַבער ל. מ. ראַכמילעוויטש.

יול. אַ גרופּע געלערנטע, דערונטער דער אַקאַדעמיקער י. אַ. טראַכטענבערג, איז צוגעטראָטן צום דערלערנען די רעסורסן פון מיטלבײַוואָלגע. — אַ באַפעל פונעם אונגאַרישן קאָמענדאַנט פון נאָווי אָסקאָל (קורסקער געגנט) וועגן רעגיסטרירן די ייִדן. — „עוואַקואַציע“ פון דער צווייטער גרופּע ייִדן (3500 מענטשן) פון בוקאָווינע קיין טראַנסילוואַניע (סאַכאַקל איז פון בוקאָווינע אַרויסגעשיקט 56 טויזנט ייִדן, זיך אומגעקערט האָבן 6 טויזנט).— אַרעסטירט אַ גרופּע קיִעווער אונטערערדלער, דערונטער יע. ברעמער. — אַרעסטירט איינער פון די אָנפירער פון דער אונטערערד אין מינסקער געטאָ מ. געבעליעוו (אומגעקומען אין ערעך אין אויגוסט). — אין טאַגאַנראָג איז צעשאָסן דער דאָקטער אופּריאַמצעוו, וועלכער האָט געראַטעוועט פיל סאָוועטישע בירגער, דערונטער דעם אָפיצער — אַ ייִד ס. מאַזור. — אַן אופשטאַנד אין געטאָ פון דער שטאָט קלעצק, מינסקער געגנט.

ניט פריִער פון יול. אין אָקופּירטן סעוואַסטאָפּאָל איז דערמאָרדעט דער שרײַבער און זשורנאַליסט אַ. מ. כאַמאַדאַן (פײַנגאַר), וועלכער האָט אָרגאַניזירט אין לאַגער פון קריגס-געפאַנגענע אַ ווידערשטאַנד-גרופּע, ווי אויך די דאָקטוירים מ. בליאַכער, נ. מאַאַס, בעלענקאַיאַ און אַנדערע.

אָנהייב אויגוסט. ליקווידירט די סמאָלענס-

קער געטאָ (3 טויזנט יידן זײַנען צעשאָסן אין טאַנצאַוער וואַלד).

8.1. אין אויסבייג פונעם דאָן „האָבן די קאָמיוגישע הארמאטן־קאָמאנדעס פון דאָקין, יעגאָראָוו, פרידמאַן, קאָזלאָוו, לעוושענקאָ מיט א דירעקטן אָנציל צעשאָסן דײַטשישע מאשינען... פרידמאַנס און לעוושענקאָס הארמאטן־קאָמאנדעס האָבן צעגראָמירט צו דרײַ דײַטשישע טאַנקען" (סאָווינפאָרמביוראָ). — „איזוועסטיאַ" טיילט מיט פון איינעם א מיליטערישן זאָוואָד: „דער טעכנאָלאָג אײַזענבערג... און צענדליקער אַנדערע האָבן צוגעגרייט הונדערטער נײַע ארבעטער".

8.2. אפן לענינגראַדער פראָנט, בייסן פאַרסירן דעם טײַך איזשאָרא, איז העלדיש אומגעקומען דער יינגערער פּאָליטרוק כייפעץ. — „פּראַוודאַ" טיילט מיט: „עס צייכנט זיך אויס אפן פראָנט דער באַוווּסטער ספּאָרטסמען פון וועלט־קלאַס יסראָעל מעכאַניק. ער איז איצט עלטערער לייטענאַנט, קאָמאַנדיר פון א ראָטע און האָט א קאָלאָסאַלן שעם בא די שלאַכטלײַט". — „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ" טיילט מיט פונעם צאָפּן־מײַרעוודיקן פראָנט וועגן דער איניציאַטיוו פון א גרופּע שאָפערן, דערונטער קליימאַן, וואָס האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן א שנעלע צושטעלונג פון שלאַכט־מאַטעריאַלן.

8.5. אפן צאָפּן־מײַרעוודיקן פראָנט „האָבן זיבן שנעלע סאָוועטישע באָמבאַרדיר־אעראָפּלאַנען אונטער דער אָנפירונג פונעם כ' פערליק צערוּיִנירט די מיטלען אף צו איבערשיפן זיך איבערן טײַך" (סאָווינפאָרמביוראָ). — פיר סאָוועטישע פּילאָטן־פאַרניכטלער, דערונטער כאַצקעוויטש, האָבן אין א לופט־שלאַכט קעגן 14 פײַנטלעכע אעראָפּלאַנען פאַרניכטעט 3 פון זיי. — רעגיסטרירט די יידן אין יעסענטוקי.

8.10. דער גענעראַל־קאָסימאַר פון ווײַס־רוסלאַנד קובע טיילט מיט אין בערלין, אז „פאַר די לעצטע 10 וואָכן" זײַנען אומגעבראַכט בא 55 טויזנט יידן, פון זיי 10 טויזנט האָט פאַרניכטעט די ארמיי.

8.11. „איזוועסטיאַ" טיילט מיט פונעם ארטילערישן זאָוואָד אף סטאַלינס נאָמען, אז דער צעך, ווו שעף איז פּילשטיין, האָט אין יון באַדײַטנדיק פאַרגרעסערט די פּראָדוקטיווקײַט און געאַרבעט מיט אן איבערשטײַגונג פונעם גראַפיק.

11—8.20. די יידישע באַפעלקערונג פון ראָסטאָוו־אָפן־דאָן (בא 15 טויזנט מענטשן) איז צעשאָסן אין זמיִעווסקער באַלקע; צווישן די דערהאַרגעטע — די דאָקטוירים קירשמאַן, אינאַל, שערשעווסקאַיאַ, די מעדיצינישע שוועסטער סימאָנאָוויטש, דער יוריסט לוצקי און אנדערע.

12—8.15. פאַרניכטעט 4 טויזנט סטאַוראָפּאָליער יידן.

8.13. „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ" טיילט מיט: „בייס אן אויסשפּירונג אין א שלאַכט האָבן אייניקע אונטערטיילונגען פון דעם טייל, ווו קאָמאַנדיר איז כ' וויזער, פאַרניכטעט ניט ווינציקער פון 30 ווײַספינער, צעשעדיקט 5 קוילנוואַרפער־דזאָטן, דערשטיקט 2 מינען־וואַרפערס און 2 ארטילערישע באַטאַרייעס". — דערהאַרגעט 7 יידן אין דער סטאַניצע כאַנסקאַיאַ, מײַקאָפּער ראַיאָן, קראַסנאָדאַרער קאַנט.

8.14. ביז „דער שלאַכטמאַן עליע שנייער איז ביז דער מילכאָמע געווען אן איבערזוצער. ווען די דײַטשן האָבן אים ארומגערינגלט, האָט שנייער אויסגעשאָסן אלע פּאַטראָנען, מיט א גראַנאַטע אופגעריסן זיך און זיבן דײַטשן" (אי. ג. ערענבורג, „רוסלאַנד", „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ", 8.14. 1942).

8.14. אפן פראָנט איז אומגעקומען דער שרײַבער מ. א. גערשענזאָן. — „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ" טיילט מיט וועג די געניטע אָפּעראַציעס פון די מינענוואַרפלער אונטער דער קאָמאַנדשאַפט פון כאַזאַנאָוו, וועלכע האָבן אין איינער א שלאַכט פאַרניכטעט 2 דזאָטן און ניט ווינציקער פון 35 היטלעראָווצעס.

8.16. א באַפעל פון דעם מיליטערישן קאָמענדאַנט פון קיסלאָוואָדסק פּאַל און שעף פון געסטאַפּאָ וועלבען וועגן דעם, אז די יידישע באַפעלקערונג זאָל אָפּגעבן אלע ווערטן (דערונטער קאָסטיומען, וועש און שוכוואַרג) און 100 טויזנט רובל געלט.

8.18. סאָווינפאָרמביוראָ טיילט מיט, אז די אונטערטיילונג פונעם עלטערן לייטענאַנט ב. פּרעס (וואָלכאָווער פראָנט) האָט פאַרניכטעט א פײַנטלעכן דזאָט מיט די היטלעראָווצעס, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען. — וו. סטאַריקאָוו שרײַבט אין „איזוועסטיאַ" וועגן דער איניציאַטיוו פונעם מײַסטער פון איינעם אן ארטילערישן זאָוואָד גורעוויטש, וואָס זײַן פאָרשלאָג לויט אָרגאַניזירן די ארבעט האָט געהאָלפן ארויספירן דעם זאָוואָד פון א דורכרײַס. — צעשאָסן 2230 יידן אין געטאָ פונעם יישעוו ליובעשוו, וואָלינער געגנט (די לעצטע 300 יידן זײַנען צעשאָסן געוואָרן דעם 9.25). — רעגיסטרירט די יידן און אײַנגעפירט א „יידישן צייכן" אין קיסלאָוואָדסק (מיט דער רעגיסטראַציע איז ארומגעכאַפּט בא 2 טויזנט מענטשן) און אין פּיאַטיגאָרסק.

8.19. אפן לענינגראַדער פראָנט האָבן 4 ראַדיסטן אונטער דער קאָמאַנדשאַפט פונעם עלטערן סערזשאַנט ר. ספּרינצאַן, ארײַנפאַלנדיק אין אן ארומרינגלונג, זיך עטלעכע טעג אָפּגעשלאָגן פונעם סוינע און איבערגעגעבן אָנגאַבן וועגן אים, ארויסרופנדיק א פײַער אף זיך ניט איין מאָל (ר. ספּרינצאַן איז אומגעקומען אין שלאַכט הארבסט 1942).

19—8.23. ליקווידירט די לוצקער געטאָ (אין וואַלד־מאַסיוו פּאָלאָנקע זײַנען צעשאָסן בא 20 טויזנט יידן).

8.20. דער באַטאַליאָן־קאָמיסאַר ווערשינין (מײַרעוו־פראָנט) שרײַבט אין „פּראַוודאַ" וועגן דער מוטיקײַט פונעם סאַנינסטרוקטאָר בלווּרשטיין, וועלכער האָט ארויסגעטראָגן אונטער א פײַער 161 שלאַכטלײַט און א קאָמאַנדיר

מיט זייער געווער. — אין סטאַניצע איליינס־קאיא, קראַסנאָדאַרער קאַנט, האָבן די היטלע־ראַווצעס דערהאַרגעט 494 מענטשן — ייִדן און געפאַנגענע רויטאַרמייער.

21—8.22. אויסראָטונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג פון קראַסנאָדאַר.

8.22. אין אָדעסער געגנט האָט דער מי־ליטערישער פעלד־געריכט פאַרמישפּט צו 3 יאָר טפיסע „פאַר אויסבאַהאַלטן ייִדישע מיש־פּאָכעס" יע. קלינטשענקאָ און יע. יעוויצקאַיאַ.

22—8.26. פאַרניכטעט 6 טויזנט אײַנוווי־נער פון טורקאָווסקער ראַיאָן, לוואָווער געגנט, הויפּטזאַכלעך ייִדן.

8.25. „פּראַוודאַ" טיילט מיט, אַז די „אוויאַ־זאַוואָדן, ווו דירעקטאָרן זײַנען די כ'כ לעווין און שאַפּיראָ", האָבן איבערגעשטיגן דעם כוי־דעש־פּלאַן פון פּראָדוצירן שלאַכט־עראָפּלאַ־נען.

8.28. אויפן מײַרעוו־פראָנט האָבן דער כי־רורג פון א פעלד־שפּיטאָל מיליטערישער דאָק־טער פון 2־טן ראַנג יא. מאַסקאַוויטש און זײַן אַסיסטענטקע א. שוואַרץ דורכגעפירט אן אוני־קאַלע אָפּעראַציע, אומקערנדיק צום לעבן דעם ייִנגערן קאָמאַנדיר אַקמאַנינען, וועלכער האָט באַקומען א שווערע מאַרך־פאַרוווּנדונג.

8.30. בייסן פּלוג פון אן עראָפּלאַן־עקי־פּאַזש איז אומגעקומען דער זשורנאַליסט און דיכטער ל. כ. שערשער.

סאָף אויגוסט. ליקווידירט די ייִדישע באַ־פעלקערונג אין די שטעט לוצק, סאַרנע, ראַ־קיטנע, זדאָלבונאָוו, קאָסטאָפּאָל, בערעזנאָ (סאַכאַקל זײַנען צעשאָסן באַ 40 טויזנט ייִדן). — אויף דער סטאַנציע מינעראַלנײַע וואָדי זײַנען צעשאָסן און געטייט מיט גאַז 87 ייִדן פון זשעלעזנאָוואָדסק. — אין דער סטאַניצע אָטראַדנאַיע, קראַסנאָדאַרער קאַנט, האָט מען צעשאָסן 471 ייִדן, אין דער סטאַניצע קוזשאָר־סקאַיאַ — 36 ייִדן.

סאָף אויגוסט אָדער אָנהייב סעפּטעמבער. צעשאָסן 38 ייִדישע מישפּאָכעס אין דער סטאַניצע קאַגאַלניצקאַיאַ, ראָסטאָווער געגנט.

אויגוסט. ליקווידירט די געטאָ אין שטעטל גאָראָדישטשע, בערעסטער געגנט. — אין דער סטאַניצע אוסט־לאַבינסקאַיאַ, קראַסנאָדאַרער קאַנט, זײַנען צעשאָסן 400 ייִדן. אין כוטער בוזיליסני — 75 ייִדן, אין דער סטאַניצע סטאַראָ־דערעוויאַנסקאַיאַ זײַנען צעשאָסן 12 פרידלעכע אײַנוווינער, דערונטער די מישפּאָכע קאָגאַנס — די מוטער און צוויי טעכטער.

צווישן אויגוסט 1942 און יאַנואַר 1943. אין טיכאָרעצק זײַנען פאַרניכטעט 316 ייִדן. אין לאַדאָזשסקער ראַיאָן, קראַסנאָדאַרער קאַנט, זײַנען צעשאָסן און דערטרונקען אין קובאַן באַ 3 טויזנט ייִדן; בלויז אינעם ראַיאָן פונעם כוטער נעסטערענסקי זײַנען צעשאָסן 95 ייִדן.

זומער 1942. א גרופּע פאַרבינדלער, דע־רונטער י. יא. ביאַלער, איז געשיקט פון ווי־ניצע אין די ווײַסרוסישע וועלדער אויף צו אײַנ־שטעלן א פאַרבינדונג מיטן צענטראַלן שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. — דער ווילנער אונטערערדלער י. ראַטנער האָט צע־שעדיקט 14 דײַטשישע טאַנקען, ב. גאָלד־שטיין — 145 זעניטקעס און 90 קוילנוואַר־פּערס.

9.1. פאַרניכטעט העכער 70 ייִדן אין דער שטאָט מאַראָזאָווסקי, ראָסטאָווער געגנט.

9.5. אין שלאַכט אויף די צוטריטן צו דער שטאָט גראָזני האָבן די סאָוועטישע גוואַרדייער צעגראָמירט א רומענישן באַטאַליאָן; צווישן די, וואָס האָבן זיך באַזונדערס אויסגע־צייכנט, — דער לייטענאַנט וואָלפין. — אין אָוו־רוטש זײַנען דערמאָרדעט 45 אונטערערדלער, דערונטער יו. ז. איזראַילעוו.

9.6—11.24. אין די ראַיאָנען פון ברעסט, פּינסק, קאָברין, דיווין, מאַלאָריטאַ און בעריאָ־זאַ־קאַרטוסקאַיאַ האָט דער 3־טער באַטאַליאָן פונעם 15־טן פּאָליצײַ־פּאָלק צעשאָסן 44.837 סאָוועטישע בירגער, דערונטער 41.848 ייִדן.

9.8. ב. ריאַבינין שרײַבט אין „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ" וועגן דער שלאָגלערישער אַרבעט פון א גרופּע אַרבעטער פון אײנעם א מיליטערישן זאַוואָד פון סווערדלאָווסקער געגנט, וועלכע האָבן פאַר א קורצן טערמין אָרגאַניזירט דעם אַרויסלאָז פון א נײַער קעגנטאַנקען־גראַנאַטע; צווישן די אַרבעטער־שלאָגלער — דער בלע־כער ריטשקער און דער שלאָסער האַלפּע־רין. — „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ" טיילט מיט וועגן דער דערפינדונג פונעם אינזשעניער גליקלעך, וועלכע האָט געהאָלפן אין 6 מאָל גיכער דורכפירן איינע א פּראָדוציר־אָפּעראַציע.

9—9.10. אויף דער סטאַנציע מינעראַלנײַע וואָדי איז צעשאָסן די ייִדישע באַפעלקערונג פון יעסענטוקי, קיסלאָוואָדסק און פּיאַטיגאָרסק (6300 מענטשן); צווישן די דערהאַרגעטע און די, וואָס האָבן זיך גענומען דאָס לעבן, — דער פּראָפעסאָר באָומגאַלץ, דער שרײַבער ברעגמאַן, דער דאָקטער ווילענסקי מיט דעם ווײַב, דער דאָצענט פון לענינגראַדער מעלו־כע־אוניווערסיטעט גערצבערג, דער דאָקטער דריבינסקי, דער פּראָפעסאָר יעפּרוסי, דער דאָקטער מעריינעס, דער דאָקטער מיטשניק, די מעדשוועסטער פּאָקראָווסקאַיאַ, דער דאָק־טער סאָקאָלסקי, דער דאָקטער פּײַנבערג מיט דער פאַמיליע, דער דאָקטער טשאַצקי מיט דער פאַמיליע, דער דאָקטער שוואַרצמאַן.

9.10. אין טשערביאַני (וואָלינער געגנט) זײַנען צעשאָסן 60 ייִדן.

9.11. „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ" טיילט מיט וועגן די גענייטע אָפּעראַציעס פונעם סאַפּיאָרן־ווזוואָד פון דעם עלטערן לייטענאַנט דערבאַ־רעמדיקער (צאָפן־קאַווקאַז), וואָס האָט אויף א מעסלעס פאַרהאַלטן דעם אָנגריף פון די דײַטשישע טאַנקען.

9.12. „פּראַוודאַ" טיילט מיט אין א קאָ־רעספּאָנדענץ פון אײנעם א לענינגראַדער שיפּבוי־זאַוואָד: „איין טאָג אַרבעט בלויז פון אײן באַצירק פונעם טײַסטער קרעמער — דאָס

זײַנען צוויי מאָנטירטע הינטערבאַרט-טײלן פון א נײַער שיף״.

ביזן 9.13. די פּאָליט-פּאַרוואַלטונג פונעם רויטפּאַניקן באַלטישן פלאָט האָט אַרויסגע־לאָזט א פלוגבלעטל „רומפולער קאָמאַנדיר־אונטערוואַסערלער איסאַק סאַלאָמאַנאָוויטש קאַבאַ״ (די אונטערוואַסער-שיף פון אי. ס. קאַ־באַ האָט פאַר 4 אטאַקעס דערטרונקען 5 פײַנטלעכע שיפן).

9.16. אף א קאָנפערענץ פון טעראַפּעווטן, אינפעקציאָניסטן און עפּידעמיאָלאָגן פונעם אוראַלער מיליטערישן קרײַז איז מיט א פּאַר־טראַג וועגן די באַזונדערקײַטן פון קרענק אין דער קריגס-צײַט אַרויסגעטראָטן דער פּראָפע־סאָר מ. ס. וואָווסי.

9.17. אינעם וואַלד פון בעלענדינקא זײַ־נען צעשאָסן 1000 הײַסינער ייִדן (סאַכאַקל זײַנען אין הײַסין פאַרניכטעט ניט ווייניקער פון 6 טויזנט ייִדן). — אין סאָקאָל (לוואָווער געגנט) זײַנען געכאַפּט און פאַרניכטעט 2 טויזנט ייִדן (שפּעטער זײַנען אין סאָקאָל אויס־געראָטן געוואָרן נאָך 7 טויזנט ייִדן).

9.20. דער סנײַפּער-גרענעצלער י. עלקין (מײַרעוו-פראָנט) האָט פונעם 8.29 פּאַרניכ־טעט ניט ווינציקער פון 18 היטלעראָווצעס. — דער דירעקטאָר פונעם זאַוואָד נומ. 18 פון דער פאָלקס-קאָמיסאַריאַט פון דער אוויאַציע־אינדוסטריע א. בעליאַנסקי שרײַבט אין „פּראַוו־דא״ וועגן דער איניציאַטיוו פונעם צעך, ווו שעף איז דער אָרדענטרעגער פינקלער (דער צעך האָט מיט די אייגענע קויכעס אָנגעהויבן אויספּאַרטיקן טעקסטאָטראָפּ-רימענס). — „איז־וועסטיאַ״ טיילט מיט: „געטריקנטע אויבסן פאַרן פראָנט גרייטן די קאָמיוגיסטן פון די דערפער ביראָפּעלד און אלעקסייעווקע פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט... עס איז באַשטימט צו געבן די פּראָנטאָוויקעס צו 10 קילאָגראַם געטריקנטע אויבסן פון יעדן קאָל־ווירטישן הויף״.

9.22. פאַרניכטעט 4 טויזנט ייִדן אין מעד־זשיבאָזש (קאַמענעץ-פּאָדאָלסקער געגנט).

9.23. אין טוטשין (ראָוונער געגנט) האָבן די ייִדן בײַסן ליקווידירן די געטאָ אַרויסגע־וויזן א ווידערשטאַנד; עטלעכע הונדערט מענטשן זײַנען דערהאַרגעט, 2000 זײַנען אַנט־לאָפן אין די וועלדער.

9.26. די היטלעראָווצעס האָבן צעשאָסן 21 סאָוועטישע געפאַנגענע, דערונטער אַראָן מינשטיין, אין דער שטאָט פּראָכלאַדני.

סענטיאַבער. הינטער נאָוואָראָסיִיסק איז אומגעקומען דער דיכטער פּ. ד. קאָגאַן. — א מאַסן-פאַרניכטונג פון די ייִדן אין ראַוואַ-רוס־קאַיא (לוואָווער געגנט). — אין ראַיאָן פונעם באַרג קאַלצאַ לעבן קיסלאָוואָדסק זײַנען צע־שאָסן 322 מענטשן, מערסטנטייל ייִדן. — אין יישעוו אָסטער, ראַסלאַוולער ראַיאָן, סמאָ־לענסקער געגנט, איז צעשאָסן די ייִדישע מישפּאָכע שאַכינס (6 מענטשן, דערונטער פיר קינדער) און 300 ייִדן, וואָס זײַנען פאַרטריבן געוואָרן אף די טאָרף-אַרבעטן פונעם יישעוו פּעטראָוויטשי (ווײַסרוסישע ססר).

סענטיאַבער — נאָיאַבער. צווישן די פּאַר־טיידיקער פון „פּאַוולאָווס הויז״ אין סטאַלינגראַד איז געווען דער קולנוואַרפלער י. יא. כײַט.

ביזן 10.1. אפן צאָפן-מײַרעווודיקן פראָנט האָט די גרופּע פונעם ייִנגערן לייטענאַנט שטרײַכער פאַרכאַפּט 5 דײַטשישע דזאָטן און אָפּגעשלאָגן א קאָנטער-אַטאַקע, פאַרניכטנדיק עטלעכע צענדליק היטלעראָווצעס, דערונטער 3 אָפיצערן; דער ייִנגערער לייטענאַנט שטרײַ־כער איז אומגעקומען אין שלאַכט.

4 — 10.12. אין קרים האָט זיך געפונען דער סעקרעטאַר פון געגנטקאָם פון אלקפּ(ב) פּ. ר. יאַמפּאָלסקי, וואָס האָט קאָאָרדינירט די אָפּעראַציעס פון די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן.

10.5. א היטלערישער אָפיצער האָט דער־האַרגעט די 75-יאָריקע געשמאַדטע ייִדישקע טעקליע אַנדרוסישינאַ אין דאָרף אוגוסטאָוו־קאַ, לוואָווער געגנט. — פון אָנהייב מילכאָמע זײַנען פאַר שלאַכט-אויסצייכענונג באַלוינט מיט אָרדענס און מעדאַלן 5163 ייִדן, אָדער בא 2,8 פּראָצענט פון אלע באַלוינטע („קאָמ־סאָמאָלסקאַיא פּראַוודא״, 12.30. 1942).

10.6. בייס אן אָנפאַל אף א פײַנטלעכן אַעראָדראָם האָט א גרופּע באָמבאַרדיר-אַעראָ־פּלאַנען, וואָס עס האָט געפירט נאָך זיך דער לייטענאַנט יודקעוויטש, אָפּגעווענדט אף זיך דאָס פײַער פון די זעניטקעס.

10.8. מיט א לענין-אָרדען איז באַלויבט דער פּאָדפּאָלקאָווניק מ. יו. לערנער.

10.9. „קראַסנאַיאַ זוועזדא״ טיילט מיט פון דער אָפּערירנדיקער אַרמיי וועגן דעם, אַז צום ווינטער איז מוסטערהאַפט צוגעגרייט דער מאַטעריעלער טייל אין פּאָלק, ווו שעף פון דער אַרטילערישער באַזאָרגונג איז דער על־טערער טעכניקער-לייטענאַנט קאַופמאַן.

9 — 10.10. אף א קאָנפערענץ פון די כירורגן פון איינער אַן אַרמיי פון קאַלינינער פראָנט (שעף פון דער סאַניטאַרער דינסט — בריגאַדע-דאָקטער בוכמאַן) זײַנען מיט וויסנ־שאַפטלעכע פּאַרטראַגן אַרויסגעטראָטן דער מיליטערישער דאָקטער פון 2-טן ראַנג ראָכ־לינא, דער דאָקטער יאָפּע.

צווישן 10 און 10.12. די היטלעראָווצעס האָבן דערהאַרגעט 2 ייִדן אין דאָרף בעריאָ־זאָווקא, קיִעווער געגנט.

10.12. אפן אַנטיפאַשיסטישן מיטינג אין אלמא-אַטא זײַנען אַרויסגעטראָטן דער אַקאַ־דעמיקער ל. ס. שטערן און ס. יא. מאַרשאַק.

10.13. דירעקטיוון פון דער זיכערהײַט־פּאָליציי און SD וועגן דיסקאָנטירן געמיש־טע הייראַטן אין ליטע.

15 — 10.17. ליקווידירט די ברעסטער געטאָ, פאַרניכטעט ביז 18 טויזנט ייִדן, דע־רונטער די דאָקטוירים מײַזאָן, קאַלוואַרייסקי, קאָגאַן, זעליקסאָן, יאָפּע, דער אַגראָנאָם באַר־קינא, דער אינזשעניער בערעזאָווסקי, דער שוסטער ליכטענשטיין און אַנדערע.

ביזן 10.16. אין סטאַוראָפּאָל איז גע־
שאַפן אַן אונטערערדישע קאָמיוגישע גרופּע
פון 7 מענטשן, וואָס אין איר באַשטאַנד איז
אַרײַן די איינציק פאַרבליבענע אין שטאָט
ייִדישקע אַנאַ (די פאַמיליע איז אומבאַוווּסט,
דער אונטערערדישער נאָמען קלאַווואַ); די
גרופּע האָט פונקציאָנירט ביז דער באַפרײַונג
פון דער שטאָט.

10.17. באַם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון סאָ־
ציאַלער פאַרזיכערונג פון רספסר איז געשאַפן
אַ וויסנשאַפטלעכער ראַט אויף צו היילן די
מילכאָמע־אינוואַלידן, אין באַשטאַנד פונעם
ראַט איז אַרײַן דער פּראָפעסאָר א. י. פריד־
לאַנד.

10.21. „פּראַוודאַ" טיילט מיט וועגן דעם,
אַז די היטלעראָווצעס האָבן צעשאָסן 1860
סמאָלענסקער ייִדן.

10.22. „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ"
האָט פאַרעפנטלעכט אַן אָפענעם בריוו פון די
באַלטישע אונטערוואַסערלער; צווישן די, וואָס
האָבן אונטערגעשריבן דעם בריוו — דער רויט־
פלאָטלער ש. מעלאַמעד.

ביזן 10.23. די סאָוועטישע שלאַכטלײַט
טאַראַקול און נאַטשירנער האָבן אין פאַרלויף
פון עטלעכע מעסלעס אײַנגעהאַלטן דאָס הויז
אין סטאַלינגראַדער קוואַרטאַל, וואָס די דײַטשן
האָבן פולשטענדיק פאַרנומען (זע ב. פּאָלע־
וואָיס פאַרצייכענונג „טאַראַקולס רעדוט" אין
זײַן בוך „מיר — סאָוועטישע מענטשן", מאָסק־
ווע, 1948).

10.23. „איזוועסטיאַ" טיילט מיט פון לע־
נינגראַד: „אין טראַוומאַטאָלאָגישן אינסטיטוט
אויף וורעדענס נאָמען האָבן די דאָקטוירים־
טראַוומאַטאָלאָגן פאַרגעלייגט עטלעכע נײַע
מעדיצינישע אַפּאַראַטן, וואָס פאַרשנעלערן דעם
היילונגס־פּראָצעס. אַ גרויסע ווערט שטעלט
מיט זיך פאָר דער אַפּאַראַט פונעם דאָקטער
עדעלשטיין אויף צו היילן אַן אײַנברוך פון די
אונטעראָרעם־ביינער". — באַלוינט אַ גרופּע
שלאַכטלײַט פונעם מיליטערישן יאַם־פלאָט,
דערונטער מיט אַ לענין־אָרדען — דער פּאָלק־
קאָמיסאַר י. א. ריוווטשין.

10.24. אין דער ראַדיאָ־טראַנסלירונג פון
אַלמאַ־אַטאַ, געווידמעט די פאַרטיידיקער פון
סטאַלינגראַד, איז אַרויסגעטראָטן ס. יאַ. מאַר־
שאַק.

10.25. „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ" האָט
פאַרעפנטלעכט י. פיינבערגס פאַרצייכענונג
וועגן דער געוועזענער סטודענטקע פון דער
לענינגראַדער קאָנסערוואַטאָריע לאַריסאַ גינ־
טאַווא, בייס דער מילכאָמע — אַ פראָנט־מעד־
שוועסטער, און נאָך אַ שווערער פאַרווונדונג —
אַ סאַנינסטרוקטאָר אויף אַ שיף פון צאָפן־
פלאָט. — אַלס קאָמיסאַר פונעם פּאַרטיזאַנישן
אָטריאַד נומ. 1 (קרימער אססר) איז באַשטימט
ל. א. וויכמאַן (פון 1.29. 1944) — קאָמאַנדיר
פון דער 6־טער פּאַרטיזאַנישער בריגאַדע).

ניט שפּעטער פונעם 10.26. צאָפנדיקער
פון וואָראָניעזש האָבן די מיליטער־אינזשעניערן
פון 3־טן ראַנג סאַוועלזאָן און וואַסיאַנאָוו אונ־
טערן פײַער פונעם סוינע פאַרכאַפּט אַ דײַ־
טשישן טאַנק.

26 — 10.28. פון אַ ראַפּאָרט פונעם פּאָ־
ליציי־קאַפּיטאַן, שעף פון אַ ראָטע פונעם 15־טן
פּאָליציי־פּאָלק, וואָס האָט אָפּערירט אין מײַ־
רעוו־ווײַסרוסלאַנד: „1942.10.26. עקזעקוציע
פון אייִן ייִדן אין פּאָלעסיע... 1942.10.28.
צעשאָסן 6 ליידיקגייער — ייִדן, וועלכע האָבן
געפּרוּווט זיך באַהאַלטן".

10.27. הימלערס אַ באַפעל וועגן ליקווי־
דירן די פּינסקער געטאָ (ביזן 11.1 זײַנען
דערהאַרגעט ניט ווינציקער פון 16200 ייִדן).

10.29. „פּראַוודאַ" טיילט מיט: „אין מעלו־
כישן אָפּטאַלמאָלאָגישן אינסטיטוט אויף העלמ־
האָלצס נאָמען ווערט געפירט אין דער שפּיץ
פונעם אַקאַדעמיקער מ. י. אַווערבאַך אַ
גרויסע היילונגס־ און וויסנשאַפט־פאָרשערי־
שע אַרבעט אויף צו אויסזוכן נײַע מעטאָדן
צו היילן אויגן, וואָס זײַנען צעשעדיקט מיט
שפּליטערס פון סנאַריאַדן, מינעס, גראַנאַטעס
אאַוו.". — אין דעם זעלבן נומער „פּראַוודאַ"
שרײַבט מ. פּעטשערסקי וועגן דער העלדיש־
קייט פון וואָראָניקע פּאַקטער, וואָס איז פרײַ־
וויליק אוועק אין דער אַפּערירנדיקער אַרמיי.

סאָף אָקטיאַבער. אויף אַ קאָנפערענץ פון
טעראַפּעווטן פון צאָפן־מיזרעדיקן פראָנט איז
מיט אַ פּאַרטראַג אַרויסגעטראָטן דער דאָקטער
מייעראָוויטש; אין דער אַרבעט פון דער קאָנ־
פערענץ האָט אָנטיילגענומען דער פּראָפעסאָר
מ. ס. וואָווסי.

אָקטיאַבער. אויפן בריאַנסקער פראָנט איז
אומגעקומען דער ייִדישער דיכטער ה. שוועד־
דיק. — דער הויפּט־דאָקטער פון נ־ער לעני־
גראַדער שפּיטאָל פּערעלמאַן האָט אָרגאַניזירט
אין דער קינדער־פּאַלאַטע אַ רעגולערע לער
מיט די קינדער. — ליקווידירט די געטאָ אין
דער שטאָט גאָראָדאָק, וויטעבסקער געגנט (אַ
טייל ייִדישע באַפעלקערונג איז פאַרניכטעט
פריִער; סאַכאַקל זײַנען אין גאָראָדאָקער געטאָ
אומגעקומען באַ 4500 ייִדן).

11.1. אי. ג. ערענבורג שרײַבט אין אַר־
טיקל „ייִדן" („קראַסנאַיאַ זוועזדאַ") וועגן די
העלדנטאַטן פון די שלאַכטלײַט און קאָמאַנדירן
פון דער רויטער אַרמיי און מיליטערישן יאַם־
פלאָט: פּאַלקאָוויטש, וועלכער האָט פאַרניכ־
טעט אין איינער אַ שלאַכט 8 היטלעראָווצעס;
דיסקין (זע 11.18. 1941), פּאַפּערניק (זע
1.23. 1942), פּיסאַנאָוויטש (זע 4.3. 1942),
ספּרינצאַן (זע 8.19. 1942); ל. שפּײַער, וועל־
כער איז העלדיש אומגעקומען הינטער לעני־
גראַד; ד. קאַץ, וועלכער האָט אונטערגעקלאַפּט
2 דײַטשישע טאַנקען הינטער סטאַלינגראַד. —
„פּראַוודאַ" טיילט מיט, אַז אויפן מאָטאָר־זאַוואָד
פונעם פּאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון שווערער אינ־
דוסטריע „האָט באַזונדערס גוטע רעזולטאַטן
זיך דערשלאָגן דער קאָלעקטיוו פונעם צעך,
ווו שעף איז כאַווער קאַצנעלסאָן". — פאַרניכ־
טעט באַ 3 טויזנט ייִדן אין וואָראָשילאָוו־

גראַד. — אין מאַרצינקאַניס (ליטע) האָבן די ייִדן אַרויסגעוויזן אַ ווידערשטאַנד בײַסן ליקווידירן די געטאָ; 105 פון 370 ייִדן זײַנען דערהאַרגעט אפן אָרט, די איבעריקע זײַנען אַנטלאָפן אין וואַלד.

ניט שפּעטער פונעם 11.2. אַ גרופּע אויסשפּירער בעראָש מיטן ייִנגערן לייטענאַנט גאַך האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער אַרומרינגלונג, דערהאַרגענענדיק און פאַרוווּנדנדיק דערבײַ 15 פײַנער סאָלדאַטן און אָפיצערן.

ביזן 11.5. דער שיסער פון נ-ער דיוויזיע (פעלד-פּאָטשט 1670) לעווין האָט פאַר 29 טעג פאַרניכטעט 7 היטלעראָווצעס.

11.6. „אַ גרופּע אַרטילעריסטן-סנײַפּערס פון כ׳ בערקאָוויטשעס אונטערטיילונג האָט פאַר איין טאָג מיט פּערזענלעך געווער פאַרניכטעט 15 ווײַספינער" („לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ"). — אַ גרופּע אַרבעטער און אינזשעניר-טעכנישע טוער פון קיראָווער זאַוואָד, דערונטער קיזעלשטיין און לאַנסבערג, האָט אונטערגעשריבן אַ באַגריסונג די פאַרטיידיקער פון לענינגראַד.

11.11. דער צעך נומ. 2 פונעם מאָסקווער נ-ער זאַוואָד (שעף פון דעם צעך אַ. מ. סקליאַר) האָט געגעבן פאַר אַ טאָג העכער דעם פּלאַן 3400 קאַפּסולן-אופרײַסער.

11.13. געשטאָרבן דער הויפּט-אינזשעניר פון פאָלקס-קאָמיסאַריאַט פון דער אוויאַ-אינדוסטריע אַ. ד. שיך.

11.14. „פּראַוודאַ" האָט פאַרעפנטלעכט אַ באַגריסונג פון דער מאָסקווער ייִדישער קהילה י. וו. סטאַלינען. — „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ" מערקט אָפּ די גוטע אַרבעט פונעם דירעקטאָר פון דער רעמבוי-קאָנטאָר פון קראַסנאָגוואַרדייסקער ראַיאָנישער וווינונגס-פאַרוואַלטונג שיפּמאַן אין אָרגאַניזירן הילף די מישפּאָכעס פון די פראָנטאָוויקעס.

ניט שפּעטער פון 11.18. אפן סטאַלינגראַדער פראָנט איז אומגעקומען, אופרײַסנדיק מיט זיך אַ דײַטשישן טאַנק, דער בירעבידזשאַנער טוישעוו וו. רימסקי.

11.18. דער 18-טער אַרמייִשער אַרטילעריע-פּאָלק (קאָמאַנדיר — פּאָדפּאָלקאָווניק מ. נ. כאַסין) איז רעאָרגאַניזירט אין 75-טן גוואַרדייִשן אַרטילעריע-פּאָלק.

11.19. בײַס אַ טעראָריסטישער „אַקציע" פון געסטאַפּאָ אין דראָגאָביטשער געטאָ („שוואַרצער דאָנערשטיק") איז דערהאַרגעט דער פּוילישער שרײַבער ב. שולץ.

11.21. אין ווײַסרוסלאַנד איז אומגעקומען דער קאָמאַנדיר פונעם ייִדישן פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד יעכיעל אַטלאַס. — דער 700-טער אוויאַ-פּאָלק פון באַנאַכטיקע באָמבאַרדיר-אַעראָפּלאַנען (קאָמאַנדיר — מאַיאָר י. ס. יאַכניס) איז רעאָרגאַניזירט אין 24-טן גוואַרדייִשן פּאָלק.

11.23. אין מאָלאָטאָוו (פּערם) איז געשטאָרבן דער עוואַקוירטער פון לענינגראַד דיכטער ד. אַקטיל (אַ. אַ. פרענקעל).

11.27. צאַפּן-מײַרעווודיקער פון סטאַלינגראַד האָט מען אף איינעם אַ באַצירק פון דעם טייל, ווו קאָמאַנדירן זײַנען די כ׳כ שעכטמאַן און מערקולאָוו, פאַרניכטעט 1000 פײַנטלעכע סאָלדאַטן און אָפיצערן (סאָווינפאָרמביוראָ).

11.28. „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ" רופט אָן צווישן די שלאַכטלײַט און קאָמאַנדירן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין די שלאַכטן פאַר טואַפּסע, דעם אָפיצער פון דער יאַם-פּעכאָטע פּישער (אַ געוועזענער פּעדאַגאָג, „אַ העלדישער ראָטע-קאָמאַנדיר").

ביזן סאָף נאָיאַבער. אין ביאַליסטאָקער פּראָווינץ (אָן ביאַליסטאָק), וואָס איז אָנגעשלאָסן צו מיזרעך-פּרײַסן, זײַנען פון אָנהייב מילכאָמע פאַרניכטעט 200 טויזנט ייִדן.[1]

נאָיאַבער 1942. ענדגילטיק ליקווידירט די ייִדישע באַפעלקערונג אין וולאַדימיר-וואָלינסק. — אין בעלאָלוצק (וואָראָשילאָווגראַדער געגנט) האָבן די היטלעראָווצעס דערהאַרגעט דעם דאָקטער פּ. ג. דובינסקאַיאַ. — אין קאָוונער געטאָ איז דערמאָרדעט די מישפּאָכע פונעם זייגערמאַכער נ. מעק, וואָס האָט געפּרוּווט דורכטראָגן אין געטאָ אַ פּיסטויל; עס זײַנען אויך צעשאָסן 20 אָרוועסלײַט.

האַרבסט 1942. אף איינעם אַ דאָרעם-פראָנט (הינטער נאָוואָראָסייִסק?) האָט די מעד-שוועסטער ליזע וואַנסעווער אַ גאַנצן מעסלעס איינע אַליין זיך געראַנגלט מיט די דײַטשן, פאַרטיידיקנדיק „דעם פאָדערשטן פראָנט פון דער שויך" („פּראַוודאַ", 7.1. 1943).

12.1. „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ" מערקט אָפּ „די מעסירעסנעפעשדיקע אַרבעט... אין שווערסטע מעטעאָראָלאָגישע באַדינגונגען פון די סאָוועטישע פּילאָטן-שטורמאָוויקעס צאַפּן-מײַרעווודיקער פון סטאַלינגראַד, דערונטער פונעם קאָמאַנדיר פון אַן אונטערטיילונג איסענזאָן, וואָס איז באַלוינט מיט אַן אָרדען פון אַלעקסאַנדער נעווסקי".

12.2. צאַפּן-מײַרעווודיקער פון סטאַלינגראַד „האָבן דער קאַפּיטאַן מעלאַמענט און דער עלטערער לייטענאַנט דיניק אין אַן אָנגעשטרענגטן מאָמענט פון שלאַכט אַרויסגעפירט פאָרויס די אויטאָמאַטלער און פּאַנצערברעכער, אַרויסגעקײַקלט די האַרמאַטן און מיט אַ דירעקטן אָנציל געעפנט אַ פײַער איבער די פײַנטלעכע טאַנקען. עטלעכע טאַנקען זײַנען געווען אונטערגעקלאַפּט, די איבעריקע האָבן זיך אויסגעקערעוועט צוריק („קראַסנאַיאַ זוועזדאַ", 3.12).

12.5. אַ ראַפּאָרט פון די בויער פון מאַגניטאָבוי, דערונטער פונעם שטעלפאַרטרעטער פון פאָלקס-קאָמיסאַר פון דער שוואַרצער מעטאַלורגיע ד. ג. רײַזער, פאַרוואַלטער מיטן מאַגניטאָבוי דימשיץ און הויפּט-אינזשעניר

[1] די ביאַליסטאָקער געגנט אין די יאָרן 1939—1944 איז געוועזן אין באַשטאַנד פון פּססר. דעריבער זײַנען די פאַקטן, וואָס האָבן אַ שײַכעס צו ביאַליסטאָק, אײַנגעשלאָסן אין דער דאָזיקער כראָניק.

פון מאַגניטאָבוי גורעוויטש וועגן לאָזן אין גאַנג דעם פינפטן דאַמבע־אויוון.

12.7. „פּראַוודאַ" טיילט מיט, אַז אין כאַבאַראָווסק „האָבן דער מיליטערישער דאָקטער פון 2־טן ראַנג כאַוו. רודערמאַן, דער רענטגענאָטעכניקער כאַוו. סיליאַיעוו און דער אינזשעניער כאַוו. ראָסאָכאַצקי קאָנסטרויִרט אַן אָריגינעלן אַפּאַראַט־מעטאַלזוכער, וואָס דערלויבט שנעל און אָן אַ טאָעס אָפּזוכן און באַזײַטיקן פונעם אָרגאַניזם פון אַ פאַרווונדעטן די שפּליטערס פון סנאַריאַדן און מינעס, קוילן און אַנדערע פרעמדקערפּערדיקע קעגנשטאַנדן".

12.10. „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ" טיילט מיט פון דער אָפּעריִרנדיקער אַרמיי: אין נ־ער גוואַרדייִשן טייל, ווו קאָמאַנדיר איז שנייִדער, האָט זיך געעפנט אַן אָפּרו־הויז. ער געפינט זיך ניט ווײַט פונעם פאָדערשטן ראַנד".

12.11. אין דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט האָט מען לויט דער איניציִאַטיוו פון די קאָלווירטניקעס פון וואַלדהיים אָנגעהויבן צונויפזאַמלען מיטלען אויף אַ טאַנקען־קאָלאָנע. — „פּראַוודאַ" טיילט מיט וועגן אַ מאַסן־פאַרניכטונג פון די מינסקער ייִדן, באַזונדערס וועגן דערמאָרדן דעם פּראָפעסאָר סיטערמאַן און דעם דאָקטער־פּעדיִאַטער גורעוויטש. — „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ" האָט פאַרעפנטלעכט אַ בריוו פון די ווײַסרוסישע פּאַרטיזאַנער; אינעם בריוו ווערט דערמאָנט וועגן דעם, אַז אין באָברויסק זײַנען דערהאַרגעט 5 טויזנט ייִדן, רוסן און ווײַסרוסן.

12.12. אין לוצקער אַרבעטס־לאַגער האָבן די ייִדן אַרויסגעוויזן אַ ווידערשטאַנד די היטלעראָווצעס, וואָס זײַנען געקומען „ליקווידירן" די זעגמיל־פאַבריק; אין די שכייִנעסדיקע געבײַדעס האָבן מער פון 50 ייִדן זיך גענומען דאָס לעבן.

12 — 12.14. פאַרניכטעט 287 מענטשן, הויפּטזאַכלעך ייִדן, אויפן קוראָרט טעבערדאַ.

12.13. „פּראַוודאַ", פאַרופנדיק זיך אויפן מעמאָראַנדום פון די אַמעריקאַנער ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, טיילט מיט: „צוויי מיליאָן ייִדישע מאַנצבילן, פרויען און קינדער זײַנען דערהאַרגעט. נאָך פינף מיליאָן ייִדן לעבן אונטער דער געפאַר פון אַזאַ מין פאַרניכטונג". אין דעם זעלבן נומער ווערט מיטגעטיילט וועגן דעם, אַז עס איז ליקווידירט די וואַרשעווער געטאָ און פאַרניכטעט ניט ווייניקער פון 1 מיליאָן פּוילישע ייִדן.

12.14. אַ ראַפּאָרט פון די בויער פון טשעליאַבינסקער טערמאָ־עלעקטראָצענטראַל, דערונטער פון די שעפן פון צעכן קאַפּשיצער און גינזבורג, וועגן לאָזן אין גאַנג פאַרן טערמין אַ קעסל און אַ טורבאָגענעראַטאָר אויף 50 מיליאָן קילאָוואַט.

12.15. ליקווידירט די געטאָ אין איליניצי, וויניצער געגנט (לעבעדיקערהייט פאַרברענט באַ 300 מענטשן).

12.18. אַ דעקלאַראַציע פון 12 רעגירונגען, דערונטער פון דער רעגירונג פון פססר, וועגן דעם, אַז די היטלעראָווצעס פאַרניכטן מאַסנווײַז די ייִדישע באַפעלקערונג.

12.19. „פּראַוודאַ" האָט פאַרעפנטלעכט אַן אינפאָרמביוראָ־מיטיילונג פונעם פאָלקס־קאָמיסאַריִאַט פאַר אויסערן־איניאָנים „וועגן פאַרווירקלעכן מיצאַד די היטלערישע מאַכטן דעם פּלאַן פון פאַרניכטן די ייִדישע באַפעלקערונג פון אייראָפּע". — דער גראָסמייסטער ס. פלאָר האָט געגעבן עטלעכע סעאַנסן פון שאָך־שפּיל אויף די שיפן פון שוואַרציאַמישן פלאָט.

12.21. אויפן לענינגראַדער פראָנט איז אומגעקומען דער גענעראַל־מאַיאָר ג. ד. סטעלמאַך. — אויפן סטאַלינגראַדער פראָנט „האָט דער ייִנגערער סערזשאַנט גאַרמאַן אונטער אַ שטאַרקן פײַער פונעם סוינע אַרויסגערוקט זײַן האַרמאַט אויף אַן אָפענער פּאָזיציע. שיסנדיק פון אַ דיסטאַנץ פון 40 מעטער, האָט ער שנעל צערויִנירט איין בלינדאַזש און צעשעדיקט צוויי, פאַרניכטנדיק אַ קוילנוואַרפערנעסט פונעם קעגנער" („קראַסנאַיאַ זוועזדאַ", 12.23. 1942). — באַלוינט די טוער פון דער עלעקטראָ־אינדוסטריע, דערונטער מיט אַ לענין־אָרדען — דער דירעקטאָר פונעם זאַוואָד נומ. 465 פון דעם פאָלקס־קאָמיסאַריִאַט פון דער עלעקטראָ־אינדוסטריע א. א. פערשטער, דער הויפּט־אינזשעניער פונעם זאַוואָד נומ. 465 מ. ל. סליאָזבערג.

12.25. דאָרעם־מיזרעכדיקער פון נאַלטשיק „האָבן די סאַפּיאָרן אונטער דער קאָמאַנדשאַפט פונעם כאַוו. שוסטער, אָפּרייניקנדיק דעם וועג פאַר דער פּעכאָטע און טאַנקען, פאַר אַ טאָג אַנטשעדיקט העכער 1000 קעגנטאַנקען־מינעס" (סאָווינפאָרמביוראָ).

12.26. „פּראַוודאַ" האָט פאַרעפנטלעכט אַ דאַנקבאַרקייט פון י. וו. סטאַלינען דער פרוי פונעם פּאָדפּאָלקאָווניק נ. בראָכעס און דעם פאָרזיצער פון קאָלווירט אויף סטאַלינס נאָמען פון כאַקאַסער אויטאָנאָמער געגנט שינקעלמאַן, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייערע אָפּשפּאָרונגען אויף צו בויען טאַנקען; אין דעקאַבער 1942 — יאַנוואַר 1943 זײַנען פאַרעפנטלעכט דאַנקבאַרקייטן פון י. וו. סטאַלינען דער פרוי פונעם פּראָנטאָוויק וו. פײַנטוך (מאָסקווע), דעם דערפינדער ש. ג. ליפשיץ, די קאָלווירטניקעס פון וואַלדהיים, דער מאָסקווער שילערן בעלע וואַקסמאַן, ב. ד. זלאָטינען (באַקו), דעם רעזשיסער פונעם צענטראַלן טעאַטער פון דער רויטער אַרמיי א. שאַפּס, וועלכע האָבן אַרײַנגעטראָגן געלט אין שוץ־פאָנד.

12.31. אין שלאַכט איז אומגעקומען דער קאָמיסאַר פון פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד אויף לאַזאָס נאָמען (פּינסקער געגנט) ש. י. בערקאָוויטש. — באַלוינט די מיליטערלײַט פון דער אוויִאַציע, דערונטער מיט אַ לענין־אָרדען — דער קאַפּיטאַן י. וו. דובאָוויק.

דעקאַבער. אין ריגע זײַנען פאַרבליבן לעבן ניט מער פון 400 ייִדן.

1942. אויף די פראָנטן זײַנען אומגעקומען

די ייִדישע דיכטער ז. בארסוק, א. באַראַדיאַנסקי, ה. קויפּמאַן, ש. לאַפּאַטע, ר. רייזען, פּ. שטיינבערג. — געשטאָרבן דער עוואַקוירטער פון לענינגראַד דראַמאַטורג א. ס. פּריס. — אין טערנאָפּאָל איז דערהאַרגעט דער ייִדישער שרײַבער א. קאַציזנע. — אין טראַנסניסטריע (א געגנט צווישן דניעסטער און דאַרעם־בוג, וואָס רומעניע האָט אָקופּירט) „זײַנען איבערבאַוועצט 200 טויזנט רומענישע ייִדן". — אפן בײַנער־איבעראַרבעטנדיקן זאַוואָד אין מאַגיליאָוו איז געשאַפן אן אונטערערדישע גרופּע, אין וועלכער עס איז אַרײַנגעגאַנגען דער קאָמוניסט י. ק. לינקוס (ליפּשין).

# 1943

1.7 אין דער שטאָט סיטשעווקא (סמאָלענסקער געגנט) זײַנען צעשאָסן בא 100 ייִדן.

1.8 אינעם באַפרײַען די שטאָט זימאָווניקי האָט אָנטיילגענומען די 55־טע מעכאַניזירטע בריגאַדע פונעם פּאָדפּאָלקאָווניק מ. מ. גאָלדבערג. — אין קיסלאָוואָדסק האָט די געסטאַפּאָ אַרעסטירט און דערהאַרגעט צוזאַמען מיט דער פרוי, טאָכטער און א 5־יאָריק אייניקל דעם דאָקטער מ. י. קאַופמאַן.

1.9 אפן ראַנד־געביט פון נאָוואָגעאָרגיִעווסק (קיראָוואָגראַדער געגנט) זײַנען אין וואָלד פּוסטינקא צעשאָסן 470 ייִדן.

ביזן 1.10 אין געאָרגיִעווסק (סטאַווראָפּאָליער קאַנט) זײַנען צעשאָסן 250 ייִדן.

1.11 אינעם מאָסקווער שרײַבער־קלוב איז פאָרגעקומען א שעפערישער אָוונט פון אי. ג. ערענבורג, וועלכער האָט אָנגעשריבן פון אָנהייב מילכאָמע בא 1000 אַרטיקלען און נאָטיצן פאַר דער סאָוועטישער און אויסלענדישער פּרעסע.

1.12 אַף א קאָנפערענץ פון נייראָכירורגן פון לענינגראַדער פראָנט איז מיט א פּאַרטראַג וועגן דער קליניק און היילונג פון אַבסצעסן באַם ווערן פאַרוווּנדעט אין שאַרבן און קאָפּמאַרך פון פײַערשיסנדיקן געווער אַרויסגעטראָטן דער מיליטערישער דאָקטער פון 2־טן ראַנג גאָלדבערג.

1.15 באַלוינט די טוער פונעם טרעסט „מאַגניטאָסטראָי" און מאַגניטאָגאָרסקער מעטאַלורגישן קאָמבינאַט, דערונטער מיט א לענין־אָרדען — דער הויפּט־אינזשעניר פון טרעסט וו. ע. דימשיץ, דער שטעלפאַרטרעטער פונעם פאָלקס־קאָמיסאַר פון דער שוואַרצער מעטאַלורגיע ד. יאַ. רײַזער.

1.16 א ראַפּאָרט אין נאָמען פון די קאָלעקטיוון פון 8 טאַנקען־זאַוואָדן וועגן דעם, אַז אין 1942 איז פאַרגרעסערט געוואָרן די אויסאַרבעטונג פון טאַנקען אין עטלעכע מאָל אין פאַרגלײַך מיטן 1941 יאָר, האָבן אונטערגעשריבן, צווישן אַנדערע, דער דירעקטאָר פונעם זאַוואָד אַף סטאַלינס נאָמען רובינטשיק און דער דירעקטאָר פונעם זאַוואָד אַף מאָלאָטאָווס נאָמען ליפּשיץ.

1.17 באַלוינט די טוער פון דאַלסטראָי, דערונטער מיט א לענין־אָרדען — דער שעף פון גאָלד־גרוב י. מ. קול, דער הויפּט־געאָלאָג פון דער באַרג־אינדוסטריעלער פאַרוואַלטונג י. יע. דראַבקין.

1.20 באַלוינט די טוער פון דער טאַנקען־אינדוסטריע, דערונטער מיט א לענין־אָרדען — דער שעף פון א צעך א. י. גײַזער, דער הויפּט־אינזשעניר פון א זאַוואָד ל. י. קאַרדונער, דער שעף פון אן אָפּטייל מ. י. סאַיבעלמאַן, דער שעף פון א צעך ג. א. אורין.

1.22 אינעם באַפרײַען סאַלסק (ראָסטאָווער געגנט) האָט אָנטיילגענומען די 152־טע שיסער־בריגאַדע פונעם מאַיאָר י. ס. כאַדאַס.

1.23 באַלוינט די טוער פון דער צאַפּנלאַגער־אינדוסטריע פונעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון מיטעלער מאַשינבויונג, דערונטער מיט א לענין־אָרדען — דער שטעלפאַרטרעטער פונעם פאָלקס־קאָמיסאַר יו. ס. קאַגאַן, דער הויפּט־אינזשעניר פונעם זאַוואָד נומ. 4 ג. ב. לוריע, דער דירעקטאָר פונעם זאַוואָד נומ. 4 יאַ. ס. יוסים.

ביזן 1.24 אין אַרמאַוויר זײַנען צעשאָסן 200 ייִדישע מישפּאָכעס, וואָס האָבן זיך עוואַקוירט פון אוקראַינע, און 176 אָרטיקע ייִדן. — אין כוטער טורקין, אילינסקער ראַיאָן, קראַסנאָדאַרער קאַנט, זײַנען דערהאַרגעט 47 אָדעסער ייִדן. — אין דאָרף בעזאָפּאַסנאַיִע (סטאַווראָפּאָליער קאַנט) איז צעשאָסן די לערערן ר. יאַ. יאַפּע.

1.27 די פּאָלעסטינער צײַטונג „דאַוואַר" טיילט מיט וועגן דעם, אַז די פּאַרטיזאַנער האָבן עוואַקוירט 1500 ייִדן אַף א ניט קיין אָקופּירטער טעריטאָריע איבער דער פראָנט־ליניע צאָפּנדיקער פון וויטעבסק.

1.28 אינעם באַפרײַען נאָווי אָסקאָל (קורסקער, איצטער בעלגאָראָדער געגנט) האָט אָנטיילגענומען די 2־טע פאַרניכטונגס־בריגאַדע פונעם פּאָלקאָווניק ב. וו. לובמאַן.

1.29 אינעם באַפרײַען מײַקאָפּ האָט אָנטיילגענומען דער טולער פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד נומ. 3 „זא ראָדינו" (קאָמאַנדיר יאַ. ר. סווערדלאָוו).

ביזן 1.31 אין דער שטאָט סוואַטאָוואָ (וואָראָשילאָווגראַדער געגנט) זײַנען צעשאָסן 4 ייִדן.

ניט שפּעטער פון יאַנואַר. אַף צאָפּנ־

קאַווקאַז (קראַסנאָדאַרער און סטאַווראָפּאָליער קאַנט) אין דאָרף נאָוואָ-אַלעקסייעווקאַ זײַנען צעשאָסן 480 ייִדן, אין דאָרף באַגדאַנאָווקאַ — 450, אין סטאַראָשטשערבינאָווסקאַיאַ — 100, אין דאָרף נאָוואָסיאַלאָווקאַ — 65 ייִדן. אין ראַיאָן פונעם באַרג קאָלצאַ, ניט ווײַט פון קיסלאָוואָדסק, זײַנען צעשאָסן 322 מענטשן, דערונטער דער דאָקטער ל. א. גאָלדבערג, מ. ל. גוראָלניק פון בעלאַיאַ צערקאָוו, א. ג. וואַגנער פון פּאָוולאָגראַד און אַנדערע.

סאָף יאַנוואַר אָדער אָנהייב פעברואַר. אין פּאָנאַר איז צעשאָסן די ייִדישע זינגערן ל. לעוויצקאַיאַ.

יאַנוואַר — פעברואַר. אין גאַנג פון דער אָפּעראַציע קעגן די ווײַסרוסישע פּאַרטיזאַנער זײַנען פאַרניכטעט 13 טויזנט ייִדן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער אַרום פּינסק, און 6—7 טויזנט ייִדן אין סטאָלינאָ.

1.2. אין מינסק זײַנען גענומען און אין טראָסטיאַנעץ צעשאָסן 500 אַרויסלײַט — ייִדן און ניט-ייִדן.

2.2. אינעם ליקווידירן די סטאַלינגראַדער גרופּירונג פונעם סוינע האָט אָנטיילגענומען די 19-טע גוואַרדייִישע מינענוואַרפער-בריגאַדע פונעם פּאָדפּאָלקאָווניק ג. נ. גרינקרוג, דער סטאַלינגראַדער קאָרפּוס-ראַיאָן פון קעגנלופט-שוץ (שעף — פּאָלקאָווניק יע. א. רײַנין), די 16-טע אינזשעניערן-בריגאַדע פונעם פּאָדפּאָלקאָווניק מ. פּ. יאָפּע, דער 99-טער באָמבאַרדיר-אַוויאַ-פּאָלק פונעם מאַיאָר א. י. יאַקאָבסאָן. — אין סטאַלינגראַד האָט דער שלאַכטמאַן פון דער יאַם-פּעכאָטע מ. פּאָרטער גענומען אין געפאַנגענשאַפט 13 דײַטשישע סאָלדאַטן און אָפיצערן.

4.2. אַן אָטריאַד פון ספּעציעלער נאָמינירונג אונטער דער קאָמאַנדשאַפט פונעם מאַיאָר צ. ל. קוניקאָוו האָט זיך אַרויסגעזעצט אין ראַיאָן פונעם דאָרף מיסכאַקאָ, דאָרעמדיקער פון נאָוואָראָסיִיסק („מאַלאַיאַ זעמליאַ”) און פאַרנומען א פּלאַצדאַרם (דעם 13 אָדער 14.2 איז קוניקאָוו געשטאָרבן פון די וווּנדן).

5.2. אָנגעהויבן די דעפּאָרטאַציע פון דער ביאַליסטאָקער געטאָ: די ייִדן האָבן אַרויסגעוויזן א באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, אין רעזולטאַט איז די ליקווידאַציע פון דער געטאָ אָפּגעשטעלט געוואָרן. — אין פּאָנאַר זײַנען צעשאָסן 4 טויזנט ייִדן פונעם שטעטל מיכאַלישקי, פון די שטעט אָשמיאַני, שווענטשעניאַליאַי און אַנדערע, ווי אויך די קינדער פון געמישטע הייראַטן; 7 מענטשן האָבן זיך געראַטעוועט, נאָר אָנשטאָט די אַנטלאָפענע זײַנען צעשאָסן 7 ייִדן פון ווילנער געטאָ.

6.2. אינעם באַפרײַען די שטאָט באַרווענקאָוואָ (כאַרקאָווער געגנט) האָט אָנטיילגענומען די 113-טע אַרטילערישע האַוביצע-בריגאַדע פונעם פּאָלקאָווניק א. ס. זילבערבורג.

7.2. אינעם באַפרײַען באַטײַסק (ראָסטאָווער געגנט) האָט אָנטיילגענומען די 6-טע גוואַרדייִישע טאַנקען-בריגאַדע פונעם פּאָלקאָווניק מ. נ. קריטשמאַן. — אינעם באַפרײַען פּאַטעזש (קורסקער געגנט) האָט אָנטיילגענומען א טייל קויכעס פון דער 211-טער שיסער-דיוויזיע פונעם פּאָלקאָווניק וו. ל. מאַכלינאָווסקי.

ביז 8.2. פון 400 ייִדן פון קורסק האָט זיך געראַטעוועט נאָר דער אינזשעניער קיסעלמאַן; צווישן די, וועלכע די היטלעראָווצעס האָבן דערהאַרגעט, — די באַוווּסטע דאָקטוירים גילמאַן, שענדעלס, שאָקמאַן.

8.2. דער 58-טער פּאָלק פון באַנאַכטיקע באָמבאַרדיר-אַעראָפּלאַנען איז רעאָרגאַניזירט אין דער 46-טער גוואַרדייִשער (דער פליִערן פונעם פּאָלק פּ. וו. געלמאַן, וועלכע האָט געמאַכט 680 שלאַכט-פלוגן, איז דעם 15.5.1946, צוגעייגנט דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד). — באַלוינט מיט א לענין-אָרדען דער קאַפּיטאַן ס. יע. מאַרגוליס, דער קאַפּיטאַן מ. י. טאַמאַרקין, דער מיליטער-פעלדשער יאַ. מ. שאָר.

ביז 9.2. פאַרניכטעט די ייִדישע באַפעלקערונג פון בעלגאָראַד; צווישן די דערהאַרגעטע — די פרוי פונעם ייִדן ליפשיץ ט. סאַוויצקאַיאַ (א רוסישע) מיט איר 4-יאָריקן זון.

ביז 10.2. אין ערן-בוך פון די קאָמיוגיסטן פון נ-ער טייל איז פאַרשריבן דער קאָמאַנדיר פון א טאַנק ייִנגערער לייטענאַנט א. מ. רויטבערג.

12.2. אינעם באַפרײַען די שטאָט שאַכטי (ראָסטאָווער געגנט) האָט אָנטיילגענומען די 259-טע שיסער-דיוויזיע פונעם פּאָדפּאָלקאָווניק ס. ס. לעווין.

14.2. אינעם באַפרײַען ראָסטאָוו-אויפן-דאָן האָט אָנטיילגענומען די 152-טע שיסער-בריגאַדע פונעם מאַיאָר י. יע. כאַדאָס. — באַלוינט מיט א לענין-אָרדען דער עלטערער לייטענאַנט נ. א. פלאָמין.

15.2. די ראָטע פונעם עלטערן לייטענאַנט וו. א. כאַלאַ האָט מיט דערפאָלג אָפּגעשלאָגן די אַטאַקע פונעם סוינע אין ראַיאָן פונעם דאָרף קאָטליאַרי (כאַרקאָווער געגנט).

16.2. אינעם באַפרײַען כאַרקאָוו האָבן אָנטיילגענומען די 10-טע אַרטילערישע דיוויזיע פון דורכרײַס פונעם פּאָלקאָווניק ב. וו. כוסיד, די 180-טע שיסער-דיוויזיע פונעם פּאָלקאָווניק י. ד. מאַלאָשיצקי, די 2-טע פאַרניכטונגס-בריגאַדע פונעם פּאָלקאָווניק ב. וו. לובמאַן, די 10-טע פאַרניכטונגס-בריגאַדע פונעם פּאָלקאָווניק פּ. יאַ. פּאָליאַק, די 195-טע טאַנקען-בריגאַדע פונעם פּאָלקאָווניק ס. וו. לעווי.

17.2. אויפן פראָנט איז אומגעקומען דער ייִדישער דיכטער מ. י. כאַשטשעוואַצקי (לויט אַנדערע ידיעות איז כאַשטשעוואַצקי אומגעקומען אין אָקטיאַבער 1943).

18.2. „פּראַוודאַ” טיילט מיט, אַז דער העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד י. י. פיסאַנאָוויטש „האָט שוין דערטרונקען צען דײַטשישע טראַנספּאָרטן און שיפן מיט אַן אַלגעמיינעם וואַסער-אַרויסשטויס בא 50 טויזנט טאָן”. וועגן

דעם שרײַבט אויך דעם 2.19 אין „איזוועסטיאַ" וו. א. קאווערין.

18—2.20. II פּלענום פונעם ייִדישן אנטיפאשיסטישן קאָמיטעט; מיט פאָרטראָגן זײַנען ארויסגעטראָטן ס. מ. מיכאָעלס און ש. עפּשטיין.

2.22. אינעם באפרײַען ליובאָטין (כארקאָווער געגנט) האָט אָנטיילגענומען די 195־טע טאנקען־בריגאדע פֿינעם פּאָלקאָווניק ס. וו. לעווי. — באלוינט די שלאכטלײַט פונעם מיליטערישן יאם־פּלאָט, דערונטער מיט א לענין־אָרדען — דער קאפּיטאן פון 3־טן ראנג י. ס. קאבאָ.

2.25. „פּראווּדאַ" האָט פארעפנטלעכט א באגריסונג פונעם ייִדישן אנטיפאשיסטישן קאָמיטעט (אונטערגעשריבן האָבן מיכאָעלס און עפּשטיין) אין צוזאמענהאנג מיטן 25־טן יאָרטאָג פון דער רויטער ארמיי.

2.26. לעבן דאָרף ווזוואָד פון סטאראָרוסער ראיאָן איז געפונען געוואָרן א צעקאליעטשעטער מעס פונעם רויטארמייער מײַזעל. — „איזוועסטיאַ" האָט פארעפנטלעכט א בריוו פון דער ווײַסרוסישער פּארטיזאנערן ווערא, וואָס איז לעבעדיקערהייט באגראָבן געוואָרן בײַס א מאסן־פארניכטונג פון די ייִדן דעם 1941.10.6.

2.27. א ווזוואָד פונעם 2־טן גוואַרדייִשן קאוואלעריע־פּאָלק (דאָרעם־מײַרעוודיקער פראָנט) האָט אין ארומרינגלונג באם דאָרף קראסנאָפּאוולאָווקא (כארקאָווער געגנט) געפירט א 5־שאָיִקע שלאכט מיט טאנקען און פּעכאָטע פונעם סוינע. אין שלאכט איז אומגעקומען דער קאָמאנדיר פונעם ווזוואָד גוואַרדיע־לייטענאנט מ. יע. אזעוו.

2.28. „לענינגראדסקאיא פּראוודא" מערקט אָפּ די גוטע ארבעט פון די קאָמיוגיסטן — מיטגלידער פון די שטייגער־אָטריאדן, דערונטער סארע פייגינא. — „פּראוודא" טיילט מיט וועגן דער פארניכטונג פון די כארקאָווער ייִדן, דערונטער וועגן צעשיסן דעם פּראָפעסאָר עפּראָן, דעם דאָצענט מערענקעס און אנדערע.

ניט שפּעטער פון פעווראל. אינעם כוטער ביזשני פּאָפּאָוו (ראָסטאָווער געגנט) זײַנען צעשאָסן 5 ייִדן, דערונטער צוויי פרויען און א דרײַיאָריק קינד.

פעווראל. דער קאָמאנדיר פונעם רויט־פּאָניקן באלטישן פּלאָט וויצע־אדמיראל טריבוץ רופט אָן אין זשורנאל „פּראָפּאגאנדע און אגיטאציע" צווישן די יאמלײַט־פארטיידיקער פון לענינגראד, וועלכע האָבן זיך באזונדערס אויסגעצייכנט, דעם אָפיצער־ארטילעריסט שווארצבערג. — אָף דער אויסשטעלונג „דער קאָמיוג אין דער פּאָטערלענדישער מילכאָמע" איז עקספּאָנירט דער קאָמיוגישער בילעט פונעם דערהארגעטן אין שלאכט רויטארמייער ווײַנטרויב.

3.1. די אונטערוואסער־שיף „ЩЦ ־309 (קאָמאנדיר קאפּיטאן פון 3־טן ראנג י. ס. קאבאָ) איז באערט מיטן גוואַרדייִשן טיטל.

3.2. אין שלאכט פארן דאָרף טאראנאָווקא (כארקאָווער געגנט) האָט דער עלטערער לייטענאנט וו. א. כאלאָ צעשעדיקט א זעלבסטבאוועגלעכע ארטילערישע אײַנריכטונג, פארניכטעט ביז א ווזוואָד היטלעראָווצעס און, זײַענדיק פארוווּנדעט, 6 שאָ געפירט א שלאכט אין אן אונטערגעקלאפּטן טאנק. — באם אויספילן די אמט־פליכטן איז פלוצלינג געשטאָרבן דער שעף פון דער סאניטאר־פארוואלטונג פון טראנסקאווקאזער פראָנט בריגאדע־דאָקטער ל. מ. מאָיזשעס.

3.5. „לענינגראדסקאיא פּראוודא" מערקט אָפּ די מעסירעסנעפּעשדיקײַט און האמצאָעדיקײַט פונעם שלאכטמאן־ראדיסט מיזראכי, וועלכער האָט אין שווערע באדינגונגען קאָרעקטירט דאָס פײַער פון דער ארטילעריע. — צווישן די, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן דעם בריוו פונעם טאָטערישן פּאָלק צו די פראָנטאָוויקעס־טאָטערן — דער סעקרעטאר פון געגנטקאָם אלקיופ לוצקער.

3.7. באלוינט א גרופּע פּארטיזאנער און פּארטיזאנערנס, דערונטער מיט א לענין־אָרדען — ב. י. ערען־פּרײַס.

3.8. דער 1109־טער ארטילערישער האר־מאטן־פּאָלק (קאָמאנדיר — פּאָדפּאָלקאָווניק נ. י. בראָזגאָל) איז רעאָרגאניזירט אינעם 112־טן גוואַרדייִשן.

ניט שפּעטער פונעם 3.19. צעשאָסן 274 ייִדן אין דער שטאָט קאָזעלעץ, טשערניגאָווער געגנט.

3.25. בײַסן אָפּשלאָגן דעם לופט־אָנפאל אפן וואך־קאטער „MO ־065" (צווישן טואפּסע און געלענדזשיק) האָט זיך העלדיש געראנגלט, ניט געקוקט אָף דער פארוווּנדונג, דער געהילפס־קאָמאנדיר פונעם קאטער קאפּיטאן יא. א. מאזלער.

3.30. אין דער לופט־שלאכט קעגן עטלעכע דײַטשישע באָמבארדיר־עראָפּלאנען האָט דער גוואַרדיע ייִנגערער לייטענאנט ל. ליטוויאק, זײַענדיק פארוווּנדעט, פאָרגעזעצט דעם קאמף און אראָפּגעקלאפּט א פײַנטלעכן עראָפּלאן. — „לענינגראדסקאיא פּראוודא" האָט פארעפנטלעכט א בריוו פונעם העלד פון סאָוועטנפארבאנד גאָליטשענקאָוו און פונעם גוואַרדיע־לייטענאנט יע. אלפּעראָוויטש וועגן דער מוסטערהאפטער ארבעט פונעם נ־ער שפּיטאָל און פונעם מיליטער־דאָקטער ב. מ. גאָלשטיין.

3.31. „פּראוודא" טיילט מיט, אז אין די לופט־שלאכטן אָף דאָרעם האָט דער גוואַרדיע ייִנגערער לייטענאנט שאפּיראָ אראָפּגעקלאפּט איין דײַטשישן „יונקערס" און מיט פראָנטאלע אטאקעס געצוווּנגען אנטלויפן צוויי „מעסערשמיטן". — אפן פראָנט איז אומגעקומען דער שרײַבער ס. ס. לעוומאן. — דער טיטל העלד פון סאָוועטנפארבאנד איז צוגעייגנט דעם פּאָליטרוק ג. י. גארדעמאן (נאָכן טויט).

ביזן סאָף מארט. דער קאפּיטאן וו. יא. כאסין האָט געמאכט 659 שלאכט־פלוגן, אָנ־

טייל־גענומען אין 257 לופט־שלאַכטן, פאַרניכטעט 23 פײַנטלעכע עראָפּלאַנען.

מאַרטש. „דער אוויִאַ־זאַוואָד, וווּ דירעקטאָר איז כ׳ שאַפּיראָ, האָט אויסגעפילט אין מאַרט זײַנע פאַרפליכטונגען אין דער ערשטמײַיִקער פאַרמעסטונג" („פּראַוודאַ", 4.12. 1943).

4.1. די 16־טע באַזונדערע אינזשעניער־בריגאַדע (קאָמאַנדיר — פּאָדפּאָלקאָווניק מ. פּ. יאָפּע) און דער 119־טער באַזונדערער מאָטאָריזירטער אינזשעניער־באַטאַליאָן (קאָמאַנדיר — מאַיאָר א. מ. טראַכטענבערג) זײַנען רעאָרגאַניזירט אין דער 1־טער גוואַרדייִשער באַזונדערער אינזשעניער־בריגאַדע און 3־טן גוואַרדייִשן באַזונדערן מאָטאָריזירטן אינזשעניער־באַטאַליאָן. — „פּראַוודאַ" טיילט מיט, אַז „אויפן זאַוואָד „פּרעזער" (מאָסקווע) האָבן די לאַורעאַטן פון דער סטאַלין־פּרעמיע כ׳כ בורשטיין און סטײַעוו פאַנאַנדערגעאַרבעט און אײַנגעגלידערט אין דער פּראָדוקציע אַ נײַעם פּראָצעס, וואָס גיט אַ מעגלעכקײַט צו פאַרגרעסערן די אַרבעטס־פּראָדוקטיוויקײַט אין 60 מאָל". — באַלוינט מיט אַ לענין־אָרדען דער פּאָדפּאָלקאָווניק ל. א. ווינאָקור.

4.5. דער צק קפּ(ב) פון אוקראַיִנע האָט קאָמאַנדירט אין די אָקופּירטע ראַיאָנען פון דער רעכטברעגיקער אוקראַיִנע 13 פּאַרטיי־וואָרטלעכע טוער פון צק און פונעם אוקראַיִנישן שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג, דערונטער ס. יאַ. וואַקסמאַנען.

ניט שפּעטער פונעם 4.10. „די אונטערטיילונג, וווּ קאָמאַנדיר איז דער כאַוו. געצמאַן, אַקוראַט צוגרייטנדיק די פאָרשטייענדיקע אָפּעראַציעס, האָט די טעג מיט אַ האַסטיקער אַטאַקע אַרויסגעשלאָגן די דײַטשן פון אַ וויכטיקער הייכעניש" („קראַסנאַיאַ זוועזדאַ", 4.11.1943).

4.10. באַלוינט מיט אַ לענין־אָרדען דער הויפּט־אינזשעניער פונעם קוזנעצקער מעטאַלורגישן קאָמבינאַט ל. ע. ווײַסבערג.

4.12. „פּראַוודאַ" טיילט מיט: „אויפן ווערקשטעלבוי־זאַוואָד אויף אָרדזשאָניקידזעס נאָמען האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט די פאַרמעסטונג פאַר אָנרופן זיך „בעסטער מײַסטער". די בעסטע צײַגערס האָבן זיך דערשלאָגן די מײַסטערס פונעם צעך נומ. 2 גאָנטשאַראָוו, טימאָשין און גינדלין".

4.13. „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ" טיילט מיט וועגן דער מעסירעסנעפּעשדיקער אַרבעט פון די טימוראָווצעס פון דער 39־טער שול, דערונטער ראַכיל פּעווזנער, וועלכע האָט געראַטעוועט די פרוי פונעם פּראָנטאָוויק מאַקושין.

צווישן דעם 4.13 און 5.31. אין „געריכטטפּיסע" פון מינסק זײַנען צעשאָסן 516 ייִדן.

4.14. אויפן צוניפּלי פון טאַנקען־פאַרניכטלער פון דער נ־ער פאַרייניקונג (צענטראַלער פראָנט) איז מיט אַ פּאָרטראָג אַרויסגעטראָטן דער גענעראַל־מאַיאָר פון אַרטילעריע י. ס. בעסקין.

4.16. אויף צאָפּן־קאַווקאַז איז אומגעקומען דער דראַמאַטורג מ. יאַ. גערשענזאָן.

4.17. דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד איז צוגעייגנט דעם מאַיאָר צ. ל. קוניקאָוו (נאָכן טויט). — באַלוינט מיט אַ לענין־אָרדען דער פּאָלקאָווניק וו. ג. באַומשטיין.

4.21. באַלוינט מיט אַ לענין־אָרדען דער עלטערער לייטענאַנט א. יאַ. בראָדסקי.

4.24. „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ" מערקט אָפּ די מוסטערהאַפטע אַרבעט פון איינעם אַ פראָנט־שפּיטאָל, דערונטער פונעם שעף פון שפּיטאָל פּאָדפּאָלקאָווניק פון מעדיצינישער דינסט גילער און פּאָדפּאָלקאָווניק פון מעדיצינישער דינסט טרעסטער. — „איזוועסטיִאַ" טיילט מיט וועגן די ראַציאָנאַליזאַטאָרישע פאָרשלאָגן פון די אַרבעטער און אינזשעניער־טעכנישע טוער פונעם זאַוואָד פון אוויִאַציע־מאַכשירים, דערונטער פונעם אינסטרומענטאַל־שטשיק גאָלץ און פונעם אינזשעניער בלאָך.

4.28. באַלוינט מיט אַ לענין־אָרדען דער לייטענאַנט ר. ד. קאַליש, דער ייִנגערער לייטענאַנט מ. מ. פּאָרטער.

אַפּרעל. ליקווידירט דעם ייִדישן שפּיטאָל אין מינסק (דער מעדיצינישער פּערסאָנאַל איז אַרויסגעטריבן געוואָרן, די קראַנקע צעשאָסן).

ניט פריִער פון אַפּרעל. דער פּאַרטיזאַנער א. ק. אַראָנסקי (פּאָלטאַוושטשינע) האָט אַראָפּגעלאָזט פון די רעלסן אַ דײַטשישן מיליטערישן עשעלאָן.

5.1. דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד איז צוגעייגנט דעם קאַפּיטאַן וו. יאַ. כאַסין.

5.3. אויפן לענינגראַדער פראָנט האָבן די סנײַפּערס באָקסער און סאַביראָוו פאַר איין טאָג פאַרניכטעט 8 היטלעראָווצעס.

5.8. בייסן אויספילן אַ שלאַכט־פאַרגעבונג זײַנען אומגעקומען די פּילאָטן פון צאָפּן־פלאָט דער קאַפּיטאַן ג. א. סטערין און דער עלטערער טעכניקער־לייטענאַנט צ. פּ. ברייטמאַן. — באַלוינט, מיט אַ לענין־אָרדען דער הויפּט־אינזשעניער פון גלאַוואַזאָט יע. י. באָמשטיין.

5.13. אין סווערדלאָווסק איז געשטאָרבן דער דיכטער א. יאַ. קאָץ, דער איבערזעצער פונעם „אינטערנאַציאָנאַל" אויף רוסיש.

5.14. דער קאַפּיטאַן ק. קאָזלאָוו, וואָס איז אַנטלאָפן פון געפאַנגענשאַפט, טיילט מיט: „בייסן אַרויסזעצן פון דער שטאָט (נאָווגאָראָד. — צונויפשטעלער) האָט מען אויף אַ באַזונדער, ביז גאָר כײַיִשן אופן זיך אָפּגערעכנט מיט די ייִדן. מע האָט זיי פאַרטריבן אין קאָלמאָווער פּסיכיאַטרישן שפּיטאָל, אָנדערהאַלבן קילאָמעטער פון דער שטאָט, דערנאָך פאַרטייִעסווײַז צו 20—30 מענטשן אַרויסגעפירט אויפן גריגאָריעווער שאָסיי, געצוווּנגען גראָבן פאַר זיך קוואָרים און צעשאָסן" („קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ").

5.15. די צײַטונג „איינִיקײַט" האָט פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל פון ב. מאַרק „דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ" (די ערשטע

מיטיילונג אין דער סאָוועטישער פּרעסע וועגן אַט דעם אופשטאנד).

5.18. דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאנד איז צוגעייגנט דעם עלטערן לייטענאנט וו. א. כאלאָ.

5.19. „קראסנאיא זוועזדא” טיילט מיט: „דער דאָקטער ס. פּערסאָן האָט די טעג איבערגעגעבן די פראָנט-האָספּיטאלן בא 10 טויזנט ביכער פון קינסטלערישער און פּאָליטישער ליטעראטור”.

5.23. „מײַרעוודיקער פון ראָסטאָוו-אפן-דאָן האָט די ארטילערישע באטארייע אונטער דער קאָמאנדשאפט פונעם קאפּיטאן לײדערמאן רויִנירט 7 פײַנטלעכע דזאָטן און בלינדאזשן, 2 באָבאכטונגס-פּונקטן און אופגעריסן דעם סוינעס א סקלאַד מיט שיס-מאטעריאַלן” (סאָווינפאָרמביוראָ).

5.25. אין לענינגראד איז דערהארגעט מיט א שפּליטער פון א באָמבע דער פּראָפעסאָר פונעם 1-טן לענינגראדער מעדיצינישן אינסטיטוט ב. פּ. אבראמסאָן.

ניט שפּעטער פונעם 5.28. אפן פראָנט איז אומגעקומען דער קאָרעספּאָנדענט פון „קאָמסאָמאָלסקאיא פּראוודא” יא. גרינבערג.

ביזן סאָף מײַ. דער עלטערער לייטענאנט א. ד. פלײשמאן האָט געמאכט 306 שלאכטפלוגן און אין 57 לופט-שלאכטן אראָפּגעקלאפּט 25 עראָפּלאנען.

מײַ. אין נאָווגאָראָד-סעווערסקי איז געכאפּט און דערמאָרדעט דער אָנפירער פון דער אונטערערדישער קאָמיוג-אָרגאניזאציע י. ג. סמאָלענסקי. — אין סלוצק האָט די אונטערערדלערן פּ. ווײַנבערג אופגעריסן די עלעקטראָסטאנציע (די היטלעראָווצעס האָבן ווײַנבערג געכאפּט און דערהארגעט). — די סאניטארקע פונעם פּארטיזאנישן אָטריאד א. פּערלשטיין האָט בײס א שלאכט אין ראיאָן פון גאָראָדישטשע (ווײַסרוסלאנד) ארויסגעטראָגן פון אונטערן פײַער 12 פארוווּנדעטע פּארטיזאנער, דערונטער דעם קאָמאנדיר פונעם אָטריאד סטרעלקאָוו. — די ווילנער אײַזנבאן-ארבעטער האָבן אויסגעקויפט בא די דײַטשן עטלעכע הונדערט קינדער, דערונטער ייִדישע, וואָס זײַנען געבראכט געוואָרן קיין פּאָנאר פון סמאָלענסק.

פרילינג 1943. אין ווילנע האָט דער אונטערערדלער י. ראטנער אופגעריסן א סקלאד פון שיס-מאטעריאלן מיט 1,5 מיליאָן פּאטראָנען.

6.1. דערהארגעט 10 טויזנט ייִדן פון לוואָוו און לוואָווער געגנט אין ראווא-רוסקער געטאָ (סאכאקל זײַנען אין אָט דער געטאָ אומגעקומען בא 18 טויזנט ייִדן). — בא דער סטאנציע קאראוואנאיא (סטאלינער געגנט) זײַנען צעשאָסן 6 קאָמיוגיסטן-אונטערערדלער, דערונטער י. בריליאָוו.

6.2. סאָווינפאָרמביוראָ טיילט מיט וועגן דעם, אז דער סנײַפּער בערקאָ (מײַרעוו-פראָנט) האָט פארניכטעט 4 היטלעראָווצעס אין מעשעך פון 2 טעג.

6.6. אָנגעהויבן ליקווידירן די שפּורן פון יאנאָווער לאגער (לוואָוו).

6.7. אף א זיצונג פון דער וויסנשאפט-אקאדעמיע פון פּססר, געווידמעט דעם 400-טן יאָרטאָג פון קאָפּערניקס טויט, איז מיט א פאָרטראָג „קאָפּערניק און זײַן לערע” ארויסגעטראָטן דער פּראָפעסאָר נ. אידעלסאָן.

6.13. „פּראוודא” פּובליקירט א מיטיילונג פון דער צײַטונג “Aftonbladet” (שוועדן) וועגן דעם, אז אין ראיאָן פון טאטארקי הינטער אָדעס האָט מען געפונען קוואָרים מיט מייסים פון 5 טויזנט רומענישע ייִדן.

6.15. דער אקאדעמיקער ל. ס. שטערן שרײַבט אין „איזוועסטיא” וועגן נײַע מעטאָדן פון היילן סטאָלבניאק, אָפּמערקנדיק, צווישן אנדערס, די געלונגענע עקספּערימענטן פונעם פּראָפעסאָר ג. יא. כוואָלעס, דאָצענט נ. י. ליפשיץ, פון די דאָקטוירים ע. ס. לאָקשינא, נ. ג. בעלענקי.

6.16. די ערשטע זיצונג פונעם מיליטערישן האָספּיטאל-קאָמיטעט באם וויסנשאפטלעכן ראט פונעם פּאָלקס-קאָמיסאריאט פאר געזונט-פארהיטונג פון פּססר. אין באשטאנד פונעם קאָמיטעט זײַנען ארײַן די פּראָפעסאָרן ב. ע. לינבערג און מ. ס. מארגוליס.

6.17. דער 99-טער באָמבארדיר-פּאָלק (קאָמאנדיר — פּאָלקאָווניק א. יו. יאקאָבסאָן) איז רעאָרגאניזירט אינעם 96-טן גווארדייִשן. — באלוינט די מיליטערלײַט און דער פרײַגעדונגענער פּערסאָנאל פון די מיליטערישע לופט-קרעפטן, דערונטער מיט א לענין-אָרדען — דער קאפּיטאן פּ. י. צערקלעוויטש.

6.19. באלוינט מיט א לענין-אָרדען דער פּאָדפּאָלקאָווניק מ. י. גאָלדבערג. — באלוינט די מיליטערלײַט און טוער פון הידראָמעטעאָראָלאָגישער דינסט פון דער רויטער ארמיי, דערונטער מיט א לענין-אָרדען — י. ע. קיבעל.

ביזן 6.20. דער באקוער זאוואָד אף סטאלינס נאָמען האָט באקומען בא 1 מיליאָן רובל יאָר-עקאָנאָמיע פונעם ראציאָנאליזאטאָרישן פאָרשלאָג פון די אינזשעניערן גאָרעליק, ווײַנבערג און ספּעקטאָר.

6.20. דער 1115-טער ארטילערישער פארניכטלערישער קעגנטאנקען-פּאָלק (קאָמאנדיר — העלד פון סאָוועטנפארבאנד פּאָלקאָווניק ד. ל. מארגוליס) איז רעאָרגאניזירט אינעם 108-טן גווארדייִשן.

6.21. הימלערס א באפעל וועגן ליקווידירן אלע געטאָס און אריבערפירן אלע ארבעטספעיִקע ייִדן אין קאָנצלאגערן. — באלוינט די טוער פון די זאוואָדן נומ. 18, 19, 21 און 95 פונעם פּאָלקס-קאָמיסאריאט פון דער אוויאציע-אינדוסטריע, דערונטער מיט א לענין-אָרדען — דער שעף פון דער פּראָדוצירונג פונעם זאוואָד נומ. 18 א. ל. גאָדענקאָ, דער שעף פון א צעך פונעם זאוואָד נומ. 21 ס. יע. זײַטשיק, דער שעף פון דער הויפּט-

פאַרוואַלטונג פונעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון דער אוויִאַציע־אינדוסטריע ד. יע. קאַפּמאַן.

6.22. דער העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד קאַפּיטאַן פון 2־טן ראַנג י. י. פּיסאַנאָוויטש איז באַלויבט מיט אַן אַמעריקאַנער אָרדען „יאַם־ציילעם".

ביזן 6.24. אַף איינעם א פראָנט איז פאַרגעקומען א קאָנפערענץ פון כירורגן, אַף וועלכער עס זיינען אַרויסגעטראָטן מיט פאַרטראַגן דער פאָלקאָוויק פון מעדיצינישער דינסט פּראָפעסאָר גורעוויטש און דער מיליטערישער דאָקטער פון 2־טן ראַנג כאַנאַן.

6.25. די צייַטונג „איניקייַט" האָט פאַרעפנטלעכט א פאָטאָגראַפיע פונעם אַרטילעריסט איציק שניידער, וועלכער האָט אַראָפּגעקלאַפּט 12 פייַנטלעכע אַעראָפּלאַנען. — דער 168־טער אַרטילערישער האַוביצע־פאָלק פון גרויסער מעכטיקייַט (קאָמאַנדיר — פּאָלקאָווניק ל. ע. שטיין) איז רעאָרגאַניזירט אינעם 224־טן גוואַרדייִשן. — „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ" שרייַבט וועגן דער העלדישקייַט פון די טוער פון גיכער הילף, דערונטער פונעם הויפּט־דאָקטער מעסעל, דאָקטער מונין, מעדיצינישער שוועסטער קאַץ.

6.30. „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ" טיילט מיט וועגן דעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ: „די לעצטע מיטיילונגען האָבן דערציילט וועגן בלוטפאַרגיסנדיקע שלאַכטן צווישן די אָקופּאַנטן און דער ייִדישער יוגנט פון געטאָ".

ביזן סאָף יוני. דער גוואַרדיע־קאַפּיטאַן ב. מ. ריוווקין האָט געמאַכט 176 שלאַכטפלוגן און אין 95 לופט־שלאַכטן אַראָפּגעקלאַפּט 19 אַעראָפּלאַנען פונעם סוינע.

ניט שפּעטער פון יוני 1943. אַן אופשטאַנד אין געטאָ פון דער שטאָט לונינעץ (פּינסקער געגנט, ווייַסרוסישע ססר).

יוני. ליקווידירט די לוואָווער און סאַמבאָרסקער געטאָס. — דערהאַרגעט 60 פרידלעכע אייַנוווינער, דערונטער ייִדן, אין יִישעוו ליפּאָוועץ, וויניצער געגנט.

ביז יולי. אין קיִעוו איז געווען טעטיק אַן אונטערערדישע גרופּע פון וו. ס. קודריאַשאָוו; אין באַשטאַנד פון דער גרופּע איז אַרייַן ט. י. מאַרקוס.

7.1. „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ" מערקט אָפּ די אויסגעצייכנטע אָרגאַניזאַציע פון צונויפזאַמלען מעטאַלברוך אַפן שלאַכטפעלד אין דער אונטערטיילונג פונער קאַפּיטאַן פעדעלהאָלץ (קאַלינינער פראָנט).

3.7. באַלוינט די טוער פון אַעראָדראָם־בויונג, דערונטער מיט א לענין־אָרדען — דער שעף פון דער בויונג נומ. 118 ג. ל. זיסאָוויטש.

7.5. — 9.24. אין די שלאַכטן אַפן קורסקער בויגן און בייַסן פאַרסירן דער דניעפּער האָט דער זעניט־אַרטילערישער פּאָלק פונעם מאַיאָר ג. ב. דערנאָווסקי אַראָפּגעקלאַפּט 25 פייַנטלעכע אַעראָפּלאַנען.

ניט שפּעטער פונעם 7.6. אַפן קאַרעלישן פראָנט האָט די אונטערטיילונג פונעם קאַפּיטאַן קאַספּער, אַרייַנדרינגענדיק אין הינטערלאַנד פונעם סוינע, פאַרניכטעט העכער 60 היטלעראָווצעס, פאַרכאַפּט געפאַנגענע און טראָפייען.

7.6. „אַף דער אָרלאָווער־קורסקער ריכטונג... האָט דער לייטענאַנט מאַקלין פון א קעגנטאַנקען־ביקס פאַרברענט 4 טאַנקען" (סאָווינפאָרמביוראָ).

7.8. א מיטינג אין ניו־יאָרק אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס עס זיינען געקומען ס. מ. מיכאָעלס און אי. ס. פעפער.

7.11. אַפן צווייטן אַנטיפאַשיסטישן מיטינג פון די סאָוועטישע געלערנטע איז אַרויסגעטראָטן דער אַקאַדעמיקער אי. א. פאַרנאַס.

7.12. אין דער אַרבעט פון דער סעסיע פון דער פיזיש־מאַטעמאַטישער אָפּטיילונג פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון ססר האָבן אָנטיילגענומען דער אַקאַדעמיקער א. פ. יאָפע און דער פּראָפעסאָר שערמאַן.

7.15. אַרעסטירט דער אָנפירער פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע פון ווילנער געטאָ. אי. וויטענבערג (וויטענבערג איז אַנטלאָפן, נאָר דעם 7.16. האָבן די היטלעראָווצעס אים דאָס צווייטע מאָל אַרעסטירט און דערהאַרגעט).

7.22. באַלוינט מיט א לענין־אָרדען דער געוועזענער הויפּט־אינזשעניר פונעם זאַוואָד נומ. 204 פון דעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון שיס־מאַטעריאַלן מ. מ. טראָפּ.

22—7.23. פון ווילנער געטאָ זייַנען אוועק אין וואַלד 135 ייִדישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן דערנאָך אָרגאַניזירט א פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד „מסטיטעלי", וואָס האָט אָנגעציילט בא 400 מענטשן.

7.23. באַם פאַרסירן דעם טייַך נערוטש דאָרעם־מיזרעכדיקער פון אָריאָל איז אומגעקומען דער אַדיוטאַנט פונעם קאָמאַנדיר פון פּאָלק לייטענאַנט מ. ל. ספּיוואַק, וועלכער האָט אופגעהויבן די שלאַכטלייַט אין אַטאַקע און פערזענלעך פאַרניכטעט 20 היטלעראָווצעס. — אין שלאַכט באַם דאָרף זאַכאַריעווקאַ (?) איז אומגעקומען דער ייִדישער דיכטער ה. דיאַמאַנט. — „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ" מערקט אָפּ אַף דער זייַט, געווידמעט די פאַרוווּנדעטע שלאַכטלייַט, די גוטע אַרבעט פון די מיליטערישע דאָקטוירים — כירורגן גויכמאַן און גאַרעליק, פונעם אָפּטאָלמאָלאָג באַרבעל.

7.24. דער עקיפּאַזש פו דער רויטפאָניקער אונטערוואַסער־שיף „M-172" (קאָמאַנדיר — העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד קאַפּיטאַן פון 2־טן ראַנג י. י. פּיסאַנאָוויטש) איז באַערט מיטן גוואַרדייִשן טיטל.

7.27. דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד איז צוגעייגנט א גרופּע אָפּיצערן פון דער אוויִאַציע פון ווייַטער עפעקטיווקייַט,

דערונטער דער קאַפּיטאַן ב. ג. לונץ, וואָס האָט געמאַכט 323 שלאַכט־פֿלוגן (פון זיי 229 באַנאַכט).

ניט שפּעטער פונעם 7.28. „דער ייִנגערער לייטענאַנט נאָום פּלאָווניק איז געווען קאָמאַנדיר פון דעם ווזוואַד, וואָס האָט פאַרנומען א דאָרף, ווו די דײַטשן האָבן זיך פאַרפעסטיקט. עס האָבן זיך געוואַלגערט דרײַסיק מייסים. פּלאָווניק האָט דערהאַרגעט פינף. דערנאָך איז ער מיט פיר שלאַכטלײַט אַרײַנגעדרונגען אין הינטערלאַנד פונעם סוינע און אַרויסגעקלאַפּט די דײַטשן פון די נײַע פּאָזיציעס. די דײַטשן האָבן איבערגעלאָזט א דערהאַרגעטן אָפיצער און צוואַנציק סאָלדאַטן" (אי. ג. ערענבורג. „מילכאָמע". באַנד 3, זײַט 302).

סאָף יול. צעשאָסן 200 ייִדן פון דראָגאָביטש אינעם דאָרף גליניטשי, לוואָווער געגנט.

יול. אין 7 שיסער־דיוויזיעס פון דער 13־טער אַרמיי, וואָס האָט זיך געראַנגלט אַף דער אָרלאָווער־קורסקער ריכטונג, זײַנען געווען 750 ייִדן (בא 1,2 פּראָצענט פונעם באַשטאַנד). — בייס א לופט־שלאַכט אַף דער בעלגאָראָד־כאַרקאָווער ריכטונג האָט דער קאָמאַנדיר פון א רינג גוואַרדיע־לייטענאַנט יע. ס. בעליאַווין, אופנעמענדיק דאָס פײַער אַף זיך, געראַטעוועט דעם אַעראָפּלאַן פונעם קאָמאַנדיר פון דער עסקאַדריליע. — אַן אופשטאַנד אין געטאָ פון דער שטאָט גלובאָקאָיע, וויטעבסקער געגנט. — אַן אופרײַס אַפן מיליטערישן סקלאַד אינעם 5־טן פאָרט פון קאָוונע; דערבײַ זײַנען אומגעקומען די ייִדישע פּאַרטיזאַנער מ. לוריע און פּ. פּאַראַדאַס, פאַרוווּנדעט ל. שייניוק. — קאָווּפּאַקס פּאַרטיזאַנער האָבן באַפרײַט בא 100 ייִדן פון סקאַלאַטסקער לאַגער.

8.2. א מיטינג אין קליוולענד (פּשאַ) אין צוזאַמענהאַנג מיטן באַזוך פון מיכאָעלסן און פעפערן. — אין לענינגראַד איז געשטאָרבן דער מיטגליד פונעם ערשטן פּעטערבורגער סאָוועט פון 1905 יאָר מ. מ. שפּילער.

8.4. אין הינטערלאַנד פונעם סוינע (מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד) איז אַריבערגעוואָרפן א גרופּע פּרעסע־טוער, דערונטער דער געוועזענער טוער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד ד. ראָזענשיין (ביזן באַפרײַען ווײַסרוסלאַנד איז ער געווען דער שטעלפאַרטרעטער פונעם רעדאַקטאָר פון דער אונטערערדישער צײַטונג „בעלאָסטאָקסקאַיא פּראַוודאַ").

8.5. פון קאָוונער געטאָ זײַנען אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער י. מילטשין, צ. יאָפע, יאַ. דאַווידאָוו, מ. סליוויאַנסקי, מ. טייטעל (אַלע פינף זײַנען אומגעקומען אין די שלאַכטן).

8.6. די היטלעראָווצעס האָבן דערהאַרגעט בייסן אַרויסווײַזן א ווידערשטאַנד 300 ווילנער אַרבעטער ייִדן, עטלעכע הונדערט זײַנען אַרויסגעפירט אין די קאָנצלאַגערן פון עסטלאַנד (אין ערך 20 האָט זיך אײַנגעגעבן אַנטלויפן).

8.7. „לענינגראַדסקאַיא פּראַוודאַ" טיילט מיט וועגן די ראַציאָנאַליזאַטאָרישע פאָרשלאָגן פונעם אַרבעטער פון נ־ער זאַוואָד ליאַמפּערט און פונעם קאָנסטרוקטאָר שרענצעל.

8.8. „פּראַוודאַ" האָט פאַרעפנטלעכט א „ווענדונג פון שלאַכטלײַט־ווײַסרוסן צו די פּאַרטיזאַנער און פּאַרטיזאַנערנס צום ווײַסרוסישן פאָלק"; צווישן די, וואָס האָבן אונטערגעשריבן די ווענדונג, — דער עלטערער סערזשאַנט מ. פּ. קאַנצער, לייטענאַנט פון מעדיצינישער דינסט מ. מ. יאָפע, ייִנגערער לייטענאַנט פּ. ג. קושנער, ייִנגערער סערזשאַנט י. מ. ליוושיץ, פעלדשער מ. ס. פּינקינע.

8.11. אין ראַיאָן פונעם דאָרף באָלשאָיע זאַכאַראָווסקאָיע איז אומגעקומען דער ייִדישער שרײַבער מ. כ. גאָלדשטיין.

8.12. אין באַלטישן יאַם האָט דער גוואַרדיע עלטערער לייטענאַנט בונימאָוויטש דערטרונקען א וואַך־קאַטער פונעם סוינע.

8.16. זיך אָנגעהויבן א באַוואָפנטער אופשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ (דער אופשטאַנד אונטער דער אָנפירונג פונעם מיטגליד פון „האשומער האצאיר" מ. טענענבאַום האָט געדויערט ביז סאָף אויגוסט).

8.18. אַף דער בויונג פון א נײַעם מאַרטען־צעך אין זלאַטאָוסט „האָט מיט עכטע פראָנט־טעמפּן געאַרבעט דער קאָלעקטיוו פונעם שעף פון א באַצירק כ' גלוזמאַן" („איזוועסטיאַ"). — אָנגעהויבן ליקווידירן די מאַסן־קוואָרים אין באַבי יאַר (ביזן 9.29 זײַנען פאַרברענט בא 70 טויזנט מייסים).

8.19. „לענינגראַדסקאַיא פּראַוודאַ" טיילט מיט: „דער מיטאַרבעטער פונעם עקספּערט־טעכנישן אָפּטייל פון דער אַרכיטעקטור־פּלאַניר־פאַרוואַלטונג פונעם אויספּירקאָם פון דעם לענינגראַדער שטאָטסאָוועט אינזשעניער מ. יו. עלטערמאַן האָט פאַנאַנדערגעאַרבעט א פּראָיעקט פון א טריקן־קאַמער אַף צו טריקענען קלעצלעך מיט רויך־גאַזן".

ניט שפּעטער פונעם 8.24. אין אָדעס, אַפן פּריוואָז (אָדעסער הויפּט־מאַרק), האָבן די דײַטשישע סאָלדאַטן צעשאָסן צוויי פרויען מיט רוסישע פּאַספּאָרטן, וועלכע זײַנען אָנגענומען געוואָרן פאַר ייִדישקעס.

8.24. פּ. ר. יאַמפּאָלסקי איז באַשטימט אַלס סעקרעטאַר פונעם אונטערערדישן צענטער אַף צו אָנפירן מיט דער גאַנצער אונטערערדישער אַרבעט אַף דער טעריטאָריע פון קרים. — דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד איז צוגעייגנט א גרופּע שלאַכטלײַט פון די מיליטערישע לופט־קרעפטן, דערונטער דעם גוואַרדיע־קאַפּיטאַן ב. מ. ריווקין און דעם עלטערן לייטענאַנט א. ד. פליישמאַן.

8.27. אין קויבישעוו (?) איז פאָרגעקומען א מיטינג פון ייִדן — קאָמאַנדירן פון דער רויטער אַרמיי; עס האָבן אָנטיילגענומען בא 500 מענטשן. — דער טיטל העלד פון סאָ־

וועטנפאַרבאַנד איז צוגעייגנט דעם לייטענאַנט מ. ל. ספּיוואַק (נאָכן טויט).

8.28. „פּראַווּדאַ" טיילט מיט אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון דער אָפּערירנדיקער אַרמיי וועגן דער העלדישקײַט פון אַ גרופּע שלאַכטלײַט אונטער דער קאָמאַנדשאַפט פונעם לייטענאַנט פּאַנער, וואָס האָבן אַנטיילגענומען אינעם אײַנעמען דאָס דאָרף פּ.

8.29. אַ זיבנטויזנטקעפּיקער מיטינג אין לאָס־אַנדזשעלעס לעקאָוועד מיכאָעלסן און פעפערן; צונויפגעזאַמלט העכער 20 טויזנט דאָלאַר פאַר די לענינגראַדער האָספּיטאַלן.

8.30. אינעם באַפרײַען טאַגאַנראָג האָט אַנטיילגענומען אַ טייל קויכעס פון יעיסקער באַפעסטיקטן סעקטאָר פון דער ברעג־שוץ פונעם פּאָדפּאָלקאָווניק יו. י. ניימאַרק.

8.31. דאָס אַרויסגעבן די צײַטונג „אייניקײַט" איז איבערגעטראָגן געוואָרן קיין מאָסקווע.

ביזן סאָף אַווגוסט. דער גוואַרדיע עלטערער לייטענאַנט יע. ס. בעליאַווין האָט געמאַכט 153 דערפאָלגרײַכע שלאַכט־פלוגן אַף צו באָמבאַרדירן די אַעראָדראָמען, טײַך־איבערגענג, קאָנצענטראַציעס פון מיליטער פונעם סוינע. — די סנײַפּערן סאַרע ערענשטיין האָט פאַרניכטעט 56 פײַנטלעכע סאָלדאַטן און אָפיצערן.

אַווגוסט. אין דער אומגעגנט פון טערנאָפּאָל זײַנען צעשאָסן 2 טויזנט ייִדן, וועמען מע האָט געבראַכט צו פירן אין מײַ 1943 פון דײַטשלאַנד. — ראַדיאָנאָווס פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד האָט באַפרײַט אַ גרופּע ייִדן פונעם לאַגער לעבן גלובאָקאָיע. — אַן אופשטאַנד אין געטאָ פון דער שטאָט קרעמענעץ, טערנאָפּאָלער געגנט. — געשאַפן אַן אונטערערדישער ראָקיטניאַנסקער (ראָוונער געגנט) ראַיקאָם פון אַלקיופּ בעראָש מיט ב. פּערעלמוט (יאַנינאַ זשורקאָ).

זומער 1943. ליקווידירט די גלובאָקסקער געטאָ (פאַרניכטעט 5500 ייִדן; 2 טויזנט ייִדן זײַנען געווען פאַרניכטעט פרילינג 1942, 1 טויזנט — האַרבסט 1942).

9.1. די 51־טע אַרמיי פונעם גענעראַל־לייטענאַנט יאַ. ג. קרייזער האָט באַפרײַט קראַסני לוטש און שטעראָווקאַ (דאָנבאַס). — די היטלעראָווצעס זײַנען צוגעטראָטן צום ענדגילטיקן ליקווידירן די ווילנער געטאָ, וווּ עס זײַנען פאַרבליבן 16 טויזנט ייִדן; די באַפעלקערונג פון געטאָ האָט אַרויסגעוויזן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד; צווישן די דערהאַרגעטע אינעם ערשטן טאָג פון דער ליקווידאַציע — דער מאַטעמאַטיקער זאַלקינדסאָן.

9.2. פון דער ווענדונג פון די אַרבעטנדיקע פון טאַגאַנראָג צו י. וו. סטאַלינען: „פולשטענדיק כײַיש־אומראַכמאָנעסדיק איז פאַרניכטעט די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג".

9.3. דער אײַנוווינער פון ליסיטשאַנסק ס. פריגאָזשין האָט געגעבן באַווײַזן: „די ייִדישע באַפעלקערונג האָט מען פאַרניכטעט אָן ראַכמאָנעס". — „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַווּדאַ" טיילט מיט דאָס, וואָס עס האָבן געזאָגט די אַנטלאָפענע פון מינסק אַקאַדעמיקער נ. אַ. פרילעזשאַיעוו און פּראָפעסאָר אי. אַ. וועטאָכין: „עס איז ניט צו באַשרײַבן די כײַישע באַציִונג פון די דײַטשן צו דער ייִדישער באַפעלקערונג. עס זײַנען אויסגעראָטן טויזנטער און טויזנטער ייִדן פון ווײַסרוסלאַנד. אין מינסק, כוץ דער הויפּט־געטאָ, איז פאַראַן ניט ווײַט פון דער שטאָט אַ „האַמבורגער געטאָ", דה. אַן אָרט, וווּהין עס זײַנען צונויפגעטריבן די ייִדן פון דײַטשלאַנד און פּוילן".

9.4. אינעם באַפרײַען אילאָווײַסק (סטאַלינער געגנט) האָט אַנטיילגענומען די 96־טע גוואַרדייִשע שיסער־דיוויזיע פונעם פּאָלקאָווניק ס. ס. לעווין.

9.6. אינעם באַפרײַען מאַקייעווקע האָט אַנטיילגענומען די 96־טע גוואַרדייִשע שיסער־דיוויזיע פונעם פּאָלקאָווניק ס. ס. לעווין. — אַפן טשעליאַבינסקער אינסטרומענטאַל־זאַוואָד האָט „דער טאָקער פייגין... געגעבן אַ רעקאָרד־אויסאַרבעטונג — 537 פּראָצענט" („פּראַווּדאַ"). — באַלוינט די טוער פונעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון טײַך־פלאָט פון פססר, דערונטער מיט אַ לענין־אָרדען — דער שמיד י. י. סראַגאָוויטש.

9.8. אינעם באַפעל פון דער אויבער־הויפּטקאָמאַנדשאַפט זײַנען אין צוזאַמענהאַנג מיטן באַפרײַען דאָנבאַס אָפּגעמערקט די טיילן פונעם גענעראַל־לייטענאַנט יאַ. ג. קרייזער[1], וועלכע האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אין די שלאַכטן. — אין „טראַנסניסטריע" איז פאַרבאָטן אויספילן מוזיקאַלע ווערק „פון סאָ־

[1] ביזן סאָף פון דער מילכאָמע זײַנען אין די באַפעלן פון דער אויבער־הויפּטקאָמאַנדשאַפט אָפּגעמערקט געוואָרן העכער 100 ייִדן, קאָמאַנדירן פון טיילן און פאַרייניקונגען, וועלכע האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט (כוץ די, וועמענס נעמען זײַנען אָנגערופן אין אָט דער כראָניק צוזאַמען מיט די דאַטעס, ווען עס זײַנען אײַנגענומען געוואָרן די שטעט, — גענעראַל־מאַיאָר, שפּעטער גענעראַל־לייטענאַנט י. ס. בעסקין, פּאָלקאָווניק אַ. מ. באָטווינִיק, גענעראַל־מאַיאָר פון אַרטילעריע אַ. יע. ברײַדאָ, פּאָדפּאָלקאָווניק ד. י. ברוק, גענעראַל־מאַיאָר פון אַרטילעריע ג. מ. ברוסער, קאַפּיטאַן י. נ ווײַנרוב, גענעראַל־מאַיאָר פון טאַנקען־מיליטער מ. ג. ווײַנרוב, קאַפּיטאַן ל. י. ווילקער, פּאָדפּאָלקאָווניק ב. ד. געלער, פּאָלקאָווניק אַ. אַ. גלעזער, פּאָלקאָווניק ל. ל. דאַוויד, פּאָלקאָווניק ע. י. אידעלסאָן, פּאָדפּאָלקאָווניק מ. אַ. קאַץ, פּאָדפּאָלקאָווניק מ יאַ. קאַגאַן, פּאָלקאָווניק, שפּעטער גענעראַל־מאַיאָר פון אינזשעניר־מיליטער ז. אַ. קאַנצעוואַי, גענעראַל־לייטענאַנט פון אינזשעניר־מיליטער ל. ז. קאָטליאַר, פּאָדפּאָלקאָווניק י. ד. לייבמאַן, פּאָדפּאָלקאָווניק י. יע. ליוושיץ, פּאָלקאָווניק מ. מאַרקוס, פּאָלקאָווניק ל. ז. פּעווזנער, מאַיאָר ל. י. ראַבינאָוויטש, מאַיאָר ג. ד. ראַצבאַום, פּאָלקאָווניק מ. וו. ראַבינאָוויטש, פּאָדפּאָלקאָווניק, שפּעטער פּאָלקאָווניק י פּ. סימכאָוויטש, פּאָלקאָווניק י. ד. ספּיוואַק, פּאָדפּאָלקאָווניק ס. אַ. סרוליק, פּאָלקאָווניק י. יו. סטערין, פּאָלקאָווניק אַ. יו. פעלדמאַן, פּאָלקאָווניק יאַ. יע. פעלדמאַן, פּאָדפּאָלקאָווניק ס. ב. שוואַרצברויט און אַנדערע).

ווערטישע און ייִדישע אווטאָרן", דערונטער פון דונאַיעווסקין.

ניט שפּעטער פון 9.11. 8 באָמבאַרדיר־אעראָפּלאַנען פונעם רויטפּאַניקן באַלטישן פלאָט, דערונטער דער עקיפּאַזש פונעם פּילאָט אראָנסאָן, האָבן דערלאַנגט א ריי מאַסירטע קלעפּ איבער די באַטאַרייעס פונעם סוינע, וואָס האָבן באַשאָסן לענינגראַד. — די אעראָפּלאַנען — טאָרפּעדנטרעגער פונעם גוואַרדיע־קאַפּיטאַן שאַמאַנאָוו און גוואַרדיע עלטערן לייטענאַנט בונימאָוויטש האָבן פאַר 2 טעג דערטרונקען 2 פײַנטלעכע טראַנספּאָרטן מיט אַן אַלגעמיינעם וואַסער־אַרויסשטויס ביז 10 טויזנט טאָן.

9.11. אָנגעהויבן ליקווידירן די מינסקער געטאָ. — זיך פאַרענדיקט די קאָנפערענץ פון מיליטערישע כירורגן פונעם לענינגראַדער פראָנט. מיט וויסנשאַפטלעכע פאָרטראָגן זײַנען אַרויסגעטראָטן דער פּאָדפּאָלקאָווניק פון מעדיצינישער דינסט פּראָפעסאָר וו. ג. ווײַנשטיין, פּאָדפּאָלקאָווניק פון מעדיצינישער דינסט י. ס. לינדליבאַום, דאָצענט ג. א. עלבערג.

9.12. א 15־טויזנטקעפּיקער מיטינג אין מאָנטרעאַל אין צוזאַמענהאַנג מיטן באַזוך פון מיכאָעלסן, פעפערן און שאָלעם אַשן (א 12־טויזנטקעפּיקער מיטינג איז אויך פאָרגעקומען אין טאָראָנטאָ). — בײַס די שלאַכטן אַף די גאַסן פון ווילנער געטאָ האָט זיך א גרופּע ייִדן אײַנגעגעבן דורכרײַסן די אַרומרינגלונג און אַנטלויפן צו די פּאַרטיזאַנער; צווישן די אַנטלאָפענע — דער שרײַבער א. סוצקעווער.

9.13. באַלוינט מיט א לענין־אָרדען דער שטעלפאַרטרעטער פונעם שעף פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון די מיליטערישע אויפשטעל־אַרבעטן פונעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון פאַרקער־וועגן ב. י. לעווין. — באַלוינט מיט שלאַכט־אָרדענס א גרופּע אוקראַיִנישע שרײַבער, דערונטער מיט אַן אָרדען פון דער רויטער פאָן — ל. ס. פּערוואָמײַסקי (גורעוויטש).

9.14. צעשאָסן דעם פאָרזיצער פונעם ראַט פון דער ווילנער ייִדישער קעהילע גענס. — באַלוינט די טוער פון דער טאַנקען־אינדוסטריע, דערונטער מיט א לענין־אָרדען — דער שטעלפאַרטרעטער פונעם שעף פון א צעך ל. ס. טשערקאַסקי.

9.15. באַלוינט די בויער פון אײַזנבאַן־וועגן אַף דער וואָלגע, דערונטער מיט א לענין־אָרדען — דער שעף פון דער בוי־אָפּטיילונג ג. יע. מאָסקאָוויטש. — באַלוינט די בויער פון דער צאַפּן־פּעטשאָרער אײַזנבאַן, דערונטער מיט א לענין־אָרדען — דער הויפּט־אינזשעניער פון „וואָרקוטאַסטראָי" וו. ס. פּייגעלסאָן, דער שעף פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פונעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון אינערן־איניאָנים נ. א. פרענקעל.

9.16. אין דער באַפרײַונג פון נאָוואָראָסיִיסק האָט אָנטיילגענומען דער 6־טער באַזונדערער גוואַרדייִשער טאַנקען־פּאָלק פון דורכרײַס פונעם פּאָלקאָווניק מ. אָ. קאַנעווסקי. — אינעם באַפרײַען יאַרצעוואָ (סמאָלענסקער געגנט) האָט אָנטיילגענומען דער 72־טער אינזשעניר־באַטאַליאָן פונעם מאַיאָר א. י. מאָסענזאָן. — „דער קאָמאַנדיר פון א טאַנקען־וזוואָד גוואַרדיע עלטערער לייטענאַנט יאַקאָוו קאַראַטשקער האָט אין די לעצטע שלאַכטן פאַרניכטעט 8 טאַנקען, 2 קוילנוואַרפער־נעסטן און 170 סאָלדאַטן און אָפיצערן פונעם קעגנער" („אייניקײַט").

9.17. אין די שלאַכטן פאַר דער שטאָט דעמידאָוו, סמאָלענסקער געגנט, איז העלדיש אומגעקומען דער וזוואָד־קאָמאַנדיר ייִנגערער לייטענאַנט מ. ל. גורעוויטש, וועלכער האָט פאַרניכטעט 4 דזאָטן, 3 געשטעל־קוילנוואַרפערס און א סאַך לעבעדיקע קראַפט פונעם סוינע. — באַלוינט די מעדיצין־טוער, דערונטער מיט א לענין־אָרדען — דער שעף פון דער פאַרוואַלטונג פון קעגנעפּידעמישע אַנשטאַלטן פונעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר געזונט־פאַרהיטונג פון פססר י. י. ראָגאָזין, דער פּראָפעסאָר מ. י. סלאָנים.

9.18. ס. מ. מיכאָעלס און אי. ס. פעפער זײַנען בײַגעווען אַף דער פאַרזאַמלונג פון די שרײַבער און קינסטלער פון ניו־יאָרק. — פאַר באַזאָרגן די רויטע אַרמיי מיט גרינס און דערנערונגס־פוראַזש איז מיט א לענין־אָרדען באַלוינט דער קאַפּיטאַן פון אינטענדאַנטן־דינסט ד. ב. גיסען.

9.19. די 11־טע שיסער־דיוויזיע (קאָמאַנדיר — גענעראַל־מאַיאָר וו. ל. מאַכלינאָווסקי) האָט פאָרסירט דעם טײַך דעסנאַ 8 קילאָמעטער דאָרעמדיקער פון טשערניגאָוו. — אינעם באַפרײַען דוכאָווטשטשינאַ (סמאָלענסקער געגנט) האָט אָנטיילגענומען די 184־טע שיסער־דיוויזיע פונעם פּאָלקאָווניק ס. י. צוקאַרעוו.

9.20. „פינפטער פּאָגראָם" אין מינסקער געטאָ.

ביזן 9.21. דער גוואַרדיע עלטערער לייטענאַנט מ. פ. קראַוועץ האָט געקראָגן ווערטפולע אָנגאַבן וועגן די קויכעס און באַפעסטיקונגס־געבײַען פונעם סוינע אין ראַיאָן פונעם דאָרף גריגאָראָווקאַ אַפן רעכטן ברעג פון דעם דניעפּער, וואָס האָט געזיכערט דעם דערפאָלג פונעם טײַך־אַריבערגאַנג. — אינעם באַפרײַען טשערניגאָוו האָט אָנטיילגענומען די 211־טע שיסער־דיוויזיע פונעם גענעראַל־מאַיאָר וו. ל. מאַכלינאָווסקי; די פאָן איבער דער באַפרײַטער שטאָט האָבן אויפגעהויבן דער מאַיאָר ק. אי. קאַראַנדאַ, דער יעפרייטאָר וו. ג. דיאַגילעוו און דער סאָלדאַט מ. יאַ. באַרץ. — „אין צעך, וווּ שעף איז דער כ׳ בערענבערג, האָט מען איבערגעקוקט דעם טעכנאָלאָגישן פּראָצעס און פאַרמינערט דעם גוס־בראַק אין זעקס מאָל" („לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ").

9.22. באַם פאָרסירן דעם דניעפּער איז אומגעקומען, צודעקנדיק מיט א פײַער די כאַווײרים, דער אויסשפּירער פון א טאַנקען־

בריגאַדע רויטאַרמייער ג. ס. גאַרפּונקין. — די פּאַנצערברעכער־אַפּטיילונג אונטער דער קאָמאַנדשאַפט פונעם יינגערן סערזשאַנט ס. ג. געלפערג האָט איינע פון די ערשטע פאַרסירט דעם דניעפּער.

9.23 דער 4־טער גוואַרדייישער פּאָלק פונעם פּאָדפּאָלקאָווניק ב. ד. לעוו האָט פאַרסירט דעם דניעפּער אין ראַיאָן פונעם דאָרף טערעמצי (דעם 9.25 האָט דער זעלבער פּאָלק פאָרסירט דעם פּריפּיאַט באַם דאָרף אָסטאַשעוו). — די היטלעראָווצעס האָבן געכאַפּט און דערמאָרדעט די מיטגלידער פונעם שטאַב פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע פון ווילנער געטאָ יאַ. קאַפּלאַן, א. כוואָיניק און די פאַרבינדלערן א. ביטש.

9.24 די מינענוואַרפער־ראָטע פונעם עלטערן לייטענאַנט ס. ב. דריזאָוווסקי האָט פאַרסירט דעם דניעפּער און מיט פייער געזיכערט דעם טייך־אַריבערגאַנג אין ראַיאָן פונעם דאָרף יאַסנאָגאָראַדקאַ (קיִעווער געגנט). — באַם פאָרסירן דעם דניעפּער האָט זיך אויסגעצייכנט דער שטעלפאַרטרעטער פונעם פּאָליטרוק פון דער טאַנקען־בריגאַדע גוואַרדיע־פּאָלקאָווניק א. ל. קאַפּלונאָוו (דעם 10.22 איז קאַפּלונאָוו אומגעקומען אין שלאַכט פאַרן דאָרף כאַדאָראָוו (איצט טשערקאַסער געגנט), אופהייבנדיק די שלאַכטלייט אין א קאָנטער־אַטאַקע). — „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ" מערקט אָפּ די אויסגעצייכנטע אַרבעט פונעם מעדסאַנבאַט, ווו פירנדיקער טעראַפּעווט איז דער מאַיאָר פון מעדיצינישער דינסט אבעזגאַוז.

24—9.25 בייסן פאָרסירן דעם דניעפּער דאָרעמדיקער פון קרעמענטשוג האָט דער מינענוואַרפער־ווזוואָד פונעם סערזשאַנט יע. י. זלאַטין פאַרכאַפּט א פּלאַצדאַרם, אָפּגעשלאָגן עטלעכע אַטאַקעס פונעם סוינע, פאַרניכטעט 9 קוילנוואַרפער־ און 3 מינענוואַרפער־נעסטן און באַ א ראָטע היטלעראָווצעס.

9.25 די מאַטאַשיסער־ראָטע פונעם גוואַרדיע־לייטענאַנט ג. ס. קאַבאַקאָווסקי האָט איינע פון די ערשטע פאָרסירט דעם דניעפּער. — דער קאַפּיטאַן ז. ד. וויכנין בעראָש פון א צוזעק־גרופּע האָט פאַרסירט דעם דניעפּער אין קאַמאַרינסקער ראַיאָן, פּאָלעסיער געגנט, און געזיכערט דעם טייך־אַריבערגאַנג פאַר 2 פּעכאָטע־באַטאַליאָנען. — א גרופּע פאַרבינדלער בעראָש מיטן קאָמאַנדיר פונעם פאַרבינדונגס־ווזוואָד גוואַרדיע־לייטענאַנט ס. ש. גורעוויטש האָט זיך איבערגעשיפט איבערן דניעפּער און איינגעשטעלט א טעלעפאָן־פאַרבינדונג מיטן פּאָלק. — בייסן פאָרסירן דעם דניעפּער איז העלדיש אומגעקומען דער קאָמאַנדיר פון א סאַפּיאָר־אַפּטיילונג יינגערער סערזשאַנט ל. מ. מאַרגוליאַן.

25—9.26 דער פּאָנטאָן־בריק־באַטאַליאָן פונעם פּאָדפּאָלקאָווניק ג. מ. סקליאַר האָט אָרגאַניזירט דעם טייך־אַריבערגאַנג איבערן דניעפּער פאַר דער 60־טער אַרמיי (וואָראָניעזשער פראָנט).

ניט שפּעטער פונעם 9.26. דער גוואַרדיע עלטערער לייטענאַנט יו. מ. דאַלזשאַנסקי האָט איינער פון די ערשטע זיך איבערגעשיפט איבערן דניעפּער און צוזאַמען מיט די שלאַכטלייט איינגעהאַלטן א פּלאַצדאַרם ביז די הויפּט־קרעפטן פונעם פּאָלק זיינען ניט צוגעגאַנגען.

9.26 דער שיסער־פּאָלק פונעם פּאָדפּאָלקאָווניק וו. ב. כאַצקעוויטש האָט פאַרסירט דעם דניעפּער אינעם ראַיאָן פון דעם דאָרף סאָשינאָווקאַ (דניעפּראָפּעטראָווסקער געגנט), פאַרנומען דעם וועג סאָשינאָווקאַ—טשערוואָנאַיע און אָפּגעשלאָגן 11 קאָנטער־אַטאַקעס פונעם סוינע. — דער ווזוואָד פונעם גוואַרדיע־לייטענאַנט יע. י. סטערין האָט איינער פון די ערשטע זיך איבערגעשיפט אפן אינדזל פּושקאַרעווסקי (דניעפּראָפּעטראָווסקער געגנט) און געזיכערט, אַז די הויפּט־קויכעס פונעם פּאָלק זאָלן פאָרסירן דעם דניעפּער. — די שיסער־אָפּטיילונג פונעם עלטערן סערזשאַנט יע. אי. איסטאָמין, איבערשיפּלענדיק זיך איבערן דניעפּער, האָט פאַרכאַפּט 2 קעגנטאַנקען־האַרמאַטן, 3 האַנט־קוילנוואַרפערס און אין מעשעך פון א מעסלעס אָפּגעשלאָגן עטלעכע קאָנטער־אַטאַקעס פונעם סוינע. — בייסן פאָרסירן דעם דניעפּער אינעם ראַיאָן פון דעם דאָרף באָראָדייעווקאַ (דניעפּראָפּעטראָווסקער געגנט) איז אומגעקומען דער גוואַרדיע־לייטענאַנט ג. כ. יודאַשקין, וועלכער האָט פאַרביטן דעם פאַרוווּנדעטן קאָמאַנדיר פון א דעסאַנט־אָטריאַד.

26—9.27 די ראָטע פונעם עלטערן לייטענאַנט ר. פּ. לעוו האָט פאַרסירט דעם דניעפּער אין ווישגאָראָדסקער ראַיאָן, קיִעווער געגנט, און פאַרכאַפּט א פּלאַצדאַרם.

26—9.28 דער קאַפּיטאַן פּ. ג. טוריאַן האָט אָרגאַניזירט א טייך־אַריבערגאַנג פאַר די טיילן אף פאַראַמען איבערן דניעפּער אינעם ראַיאָן פון דעם דאָרף פּעטראָווקאַ־סוויסטונאָווקאַ (זאַפּאָראָזשיער געגנט) און זיך אויסגעצייכנט אין די שלאַכטן פאַרן פּלאַצדאַרם.

9.28 דער באַטאַליאָן פונעם מאַיאָר א. אי. טאַרנאָפּאָלסקי האָט פאַרסירט דעם דניעפּער אין בראַגינסקער ראַיאָן, פּאָלעסיער געגנט, און פאַרכאַפּט א פּלאַצדאַרם. — בייסן פאָרסירן דעם דניעפּער אינעם ראַיאָן פון דעם דאָרף ליוטעזש (קיִעווער געגנט) האָט די באַטאַרייע פונעם עלטערן לייטענאַנט יע. מ. בערעזאָווסקי אָפּגעשלאָגן 11 קאָנטער־אַטאַקעס.

9.29 אינעם באַפרייען קרעמענטשוג האָט אָנטיילגענומען דער 308־טער גוואַרדייישער מינענוואַרפער־פּאָלק פונעם פּאָדפּאָלקאָווניק ז. אַ. גאַלדין. — בייסן פאָרסירן דעם דניעפּער אין בראַגינסקער ראַיאָן, פּאָלעסיער געגנט, האָט זיך אויסגעצייכנט דער ראָטע־קאָמאַנדיר גוואַרדיע־לייטענאַנט ד. א. קודריאַוויצקי, וועלכער האָט, זייענדיק דריי מאָל

פאַרוואונדעט, פאַרגעזעצט זיך ראַנגלען (דעם 10.1 איז קודריאַוויצקי אומגעקומען אין שלאַכט). — דער גוואַרדיע ייִנגערער סערזשאַנט נ. אי. זשאַלודיעוו האָט בעראַש פון א מינענוואַרפער־קאָמאַנדע איינער פון די ערשטע פאַרסירט דעם דניעפּער. — אין שלאַכט פאַר א הייכעניש אַפן רעכטן ברעג פונעם דניעפּער איז אומגעקומען דער ייִנגערער סערזשאַנט ס. ג. געלפּערג, וועלכער האָט פאַרביטן דעם וואָזוואָד־קאָמאַנדיר. — ל. ס. לייבענזאָן איז אויסגעוויילט אַלס ווירקלעכער מיטגליד פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר, י. אַ. קיבעל, י. ק. קיקאָין, א. א. גרינבערג, יאַ. ק. סירקין, ס. ל. רובינשטיין — אַלס מיטגליד־קאָרעספּאָנדענטן.

9.30. באַלוינט מיט א לענין־אָרדען דער שעף פון א צעך פונעם מאַגניטאָגאָרסקער מעטאַלורגישן קאָמבינאַט יע. י. דיקשטיין.

סאָף סענטיאַבער. בייסן פאַרסירן דעם דניעפּער האָט די מינענוואַרפער־ראָטע פונעם גוואַרדיע עלטערן לייטענאַנט יע. ל. בירבריַער פאַרכאַפּט א פּלאַצדאַרם אַפן רעכטן ברעג און געזיכערט דעם טײַך־אַריבערגאַנג פון די הויפּט־קרעפטן פון דעם פּאָלק, אָפּשלאָגנדיק 12 קאָנטער־אַטאַקעס (בירבריַער איז אומגעקומען אין שלאַכט דעם 10.6).

ניט שפּעטער פון סענטיאַבער. אין ייִשעוו גראַנקי (רודניאַנסקער ראַיאָן, סמאָלענסקער געגנט) זײַנען צעשאָסן 17 סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע און 4 פרידלעכע אײַנוווינער, דערונטער די ייִדישקע ט. גורסקאַיאַ.

סענטיאַבער. אין דער 8־טער גוואַרדייִשער אַרמיי (דאָרעם־מײַרעווודיקער פראָנט) האָבן זיך געפונען 1320 ייִדן (בא 2,4 פּראָצ. פונעם באַשטאַנד). — אין די וועלדער פון צאָפן־מײַרעווודיקן ווײַסרוסלאַנד האָבן זיך אָרגאַניזירט 4 ייִדישע פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן: „קאַמף" (קאָמאַנדיר — ב. שערעשעווסקי), „טויט דעם פאַשיזם" (א. אַראָנאָוויטש), „נעקאָמענעמער" (א. קאָוונער), „פאַרן זיג" (ס. קאָפּלאַנסקי). — דער פּאַרטיזאַנער פון כערסאָנער אָטריאַד (קאָמאַנדיר — גירסקי) ס. מ. כאַזאַנאָוויטש איז אַריבערגעגאַנגען די פראָנט־ליניע מיט ווערטפולע אויסשפּיר־אָנגאַבן. — אין זאַפּאָראָזשיע איז צעשאָסן א גרופּע אונטערערדלער, דערונטער ל. ג. ווײַנער.

10.1. דער לופט־דעסאַנט־פּאָלק פונעם גוואַרדיע־פּאָלקאָווניק יאַ. א. בירענבוים האָט פאַרסירט דעם דניעפּער צאָפנדיקער פון קיִעוו און פאַרכאַפּט א פּלאַצדאַרם (דעם 10.7 איז בירענבוים געשטאָרבן פון וווּנדן).

10.2. די אָפּטיילונג פונעם סערזשאַנט מ. ז. כאַכלאָוו האָט זיך איבערגעשיפט איבערן דניעפּער אַפן אינדזל זשוקאָווקא און אין משך פון 4 מעסלעס אײַנגעהאַלטן דעם פּלאַצדאַרם.

10.3. אין שלאַכט אַפן דניעפּראָווער פּלאַצדאַרם בא קאַניעוו איז, אָפּשלאָגנדיק א פײַנטלעכע קאָנטער־אַטאַקע, אומגעקומען דער שטעלפאַרטרעטער פונעם פּאָליטרוק פון אַרטילעריִשן פּאָלק מאַיאָר א. יע. סמאָליאַקאָוו.

ביז 10.5. אַף א מעדיצין־קאָנפערענץ אין איינער אַן אַרמיי איז מיט א פּאַרטראָג וועגן דער פּראַקטישער היילונג פון א שאָק און כירורגישער באַאַרבעטונג פון וווּנדן אַרויסגעטראָטן דער פּאָדפּאָלקאָווניק פון מעדיצינישער דינסט בליומין.

10.5. די מינענוואַרפער־קאָמאַנדע פונעם גוואַרדיע ייִנגערן סערזשאַנט נ. אי. זשאַלודיעוו, אײַנהאַלטנדיק דעם פּלאַצדאַרם אַפן רעכטן ברעג פונעם דניעפּער, האָט דערשטיקט 3 פײַער־נעסטן און פאַרניכטעט ביז א ראָטע היטלעראָווצעס. — „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ" האָט פאַרעפנטלעכט א פאַרצייכענונג פון יע. סצעפּוראָ וועגן די העלדנטאַטן פונעם יאַם־פליִער גוואַרדיע־קאַפּיטאַן יו. ע. בונימאָוויטש. — „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ" טיילט מיט וועגן דער דערפאָלגרײַכער אָפּעראַציע, וואָס דער כירורג שנײַדער האָט דורכגעפירט אינעם מיליטערישן פעלד־שפּיטאָל. די אָפּעראַציע האָט פאַרהיט א פוס באַם עלטערן סערזשאַנט סערגייעוו, ווען אַנדערע דאָקטוירים האָבן געהאַלטן, אַז מע דאַרף אים אַמפּוטירן.

10.6. בייסן פאַרסירן דעם דניעפּער אין בראַגינסקער ראַיאָן, פּאָלעסיער געגנט, האָט דער שטעלפאַרטרעטער פונעם פּאָליטרוק פון א פּאָלק פּאָדפּאָלקאָווניק ר. י. אילנער אופגעהויבן אַפן פאַרכאַפּטן פּלאַצדאַרם די שלאַכטלײַט אין אַטאַקע. — „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ" האָט פאַרעפנטלעכט די פּאָרטרעטן פון די בעסטע קאָמיוגיסטן־אַגיטאַטאָרן, דערונטער פון אידע יאַסעם, דער אַרבעטערן פון דער מאָסקווער ניי־פאַבריק נומ. 1.

10.9. באַלוינט מיט א לענין־אָרדען דער גענעראַל־מאַיאָר פון אַרטילעריע י. ס. בעסקין.

10.10. אין שלאַכט פאַרן דאָרף פּושקאַריאָווקא (דניעפּראָפּעטראָווסקער געגנט) האָט דער וואָזוואָד פונעם גוואַרדיע־לייטענאַנט יע. סטערין אָפּגעשלאָגן עטלעכע קאָנטער־אַטאַקעס פונעם פײַנט און אים פאַרשאַפן גרויסע פאַרלוסטן. — „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ" מערקט אָפּ די דערפאָלגן פון דער באַטאַרייע פונעם אָפיצער ראָזענבערג אין קאַמף קעגן דער פײַנטלעכער אַרטילעריע.

10.11. באַלוינט די טוער פון ווערקשטעלבויונג, דערונטער מיט א לענין־אָרדען דער דירעקטאָר פונעם זאַוואָד אַף לענינס נאָמען אי. ל. עלצין.

10.14. אינעם באַפרײַען זאַפּאָראָזשיע האָט אָנטיילגענומען די 113־טע אַרטילעריִשע האַוביצע־בריגאַדע פונעם פּאָלקאָווניק א. ס. זילבערבורג. — דער סאָוועטישער ייִד, אָפיצער פון דער רויטער אַרמיי א. פּעטשערסקי האָט אָנגעפירט מיטן אופשטאַנד אינעם פאַרניכטונגס־לאַגער סאָביבאָר (פּוילן); צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם אופשטאַנד זײַנען אויך געווען די סאָוועטישע ייִדן ציבולסקי און שובאַיעוו.

10.15. אפֿן לענינגראַדער פראָנט האָט „בייסן פאַרפאָלגן דעם סוינע זיך אויסגעצייכנט דער לייטענאַנט כאַוו. קושניר. ער האָט פּערזענלעך פאַרניכטעט 5 דײַטשישע סאָלדאַטן און איין סאָלדאַט פאַרכאַפּט אין געפאַנגענשאַפט" („לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ").

10.16. די דעסאַנט-גרופּע פונעם עלטערן לייטענאַנט ז. ס. גאַרעליק האָט פאַרסירט דעם דניעפּער לעבן דאָרף שטשיצי (לאָיעווער ראַיאָן, האָמעלער געגנט). — „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ" טיילט מיט פון איינעם אַ מיליטערישן זאַוואָד: „אַף צונויפשטעלן די פּראָדוקציע מיט דער האַנט האָבן געאַרבעט 5 מענטשן. דער כאַוו. שענדער האָט פאַרגעלייגט אויסנוצן צוליב דעם ציל אַ ספּעציעלן ווערקשטעל. אין רעזולטאַט פאַרבײַט איצט איינער פינף צונויפלייגער". — דער ספּעצקאָר פון „איזוועסטיאַ" ב. יאַמפּאָלסקי שרײַבט: „שרעקלעך איז דער גורל פון די ייִדן אין ווײַסרוסלאַנד. איך האָב באַגעגנט אין די וועלדער פּליטים פון ברעסט, מינסק, גראָדנע, סלוצק, האָמעל, לעפּעל. זיי אַלע ריידן אין איין קאָל: „אין ערגעץ איז נישט פאַרבליבן אַ לעבעדיקער קיין איין ייִד — ניט קיין זאָקן, ניט קיין פּיצל קינד". — פאַר פאָרסירן דעם דניעפּער איז דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד צוגעייגנט דעם קאַפּיטאַן וויכנין (נאָכן טויט), דעם גוואַרדיע עלטערן לייטענאַנט יו. מ. דאַלזשאַנסקי, דעם גוואַרדיע-פּאָדפּאָלקאָווניק ב. ד. לעוו.

10.17. פאַר פאָרסירן דעם דניעפּער צאָפּנדיקער פון קיִעוו איז דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד צוגעייגנט דעם פּאָדפּאָלקאָווניק יאַ. אַ. בירענבוים (נאָכן טויט), דעם עלטערן לייטענאַנט ס. ב. דריזאָווסקי, דעם גוואַרדיע-לייטענאַנט ג. ס. קאַבאַקאָווסקי, דעם פּאָלקאָווניק ז. אַ. קאָנצעוואָי, דעם עלטערן לייטענאַנט ר. פּ. לעוו, דעם ייִנגערן סערזשאַנט ל. מ. מאַרגוליאַן (נאָכן טויט), דעם פּאָלקאָווניק ג. מ. סקליאַר, דעם סערזשאַנט פּ. אי. טאָוואַראָווסקי (נאָכן טויט).

10.18. הינטערן כוטער דמיטריִעווסקאָיע (קיִעווער געגנט) איז אומגעקומען דער העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד ר. פּ. לעוו. — אין שלאַכט פאַר מעליטאָפּאָל איז אומגעקומען, אופּפערנדיק זיך מיט אַ גראַנאַטע, דער ייִנגערער לייטענאַנט אַ. מ. זינדעלס.

10.19. אין ראַיאָן פון דניעפּראָפּעטראָווסק האָט דער סאַפּיאָרן-באַטאַליאָן פונעם קאַפּיטאַן וו. אַ. רווינסקי געזיכערט די פאָרסירונג פונעם דניעפּער פאַר די הויפּט-קרעפטן פון דער דיוויזיע.

10.21. ענדגילטיק ליקווידירט די מינסקער געטאָ (90 מענטשן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין שטאָט, פון יול 1941 זײַנען פון געטאָ אַנטלאָפן בא 20 טויזנט ייִדן, 5 טויזנט פון זיי זײַנען אומגעקומען אין די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן).

ביזן 10.23. אײַנעם באַפרײַען מעליטאָפּאָל האָט אַנטיילגענומען די 21-טע אַרמיי פונעם גענעראַל-לייטענאַנט יאַ. ג. קרייזער. — דער 3-טער מעכאַניזירטער קאָרפּוס (קאָמאַנדיר — גענעראַל-לייטענאַנט פון טאַנקען-מיליטער ס. מ. קריוואָשעין) איז רעאָרגאַניזירט אין 8-טן גוואַרדייִשן.

ניט שפּעטער פונעם 10.25. אַ גרופּע פּילאָטן פונעם רויטפאַניקן באַלטישן פלאָט, דערונטער אַראָנסאָן, האָט פאַרניכטעט אַ פײַנטלעכע וויִטשיסנדיקע באַטאַרייע און אַ סקלאַד פון שיס-מאַטעריאַלן.

10.26. 3 טויזנט ייִדן זײַנען אַרויסגעפירט פון קאָוונער געטאָ אין די קאָנצלאַגערן פון עסטלאַנד. — פאַר פאָרסירן דעם דניעפּער איז דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד צוגעייגנט דעם גוואַרדיע עלטערן לייטענאַנט בירברײַער (נאָכן טויט), דעם גוואַרדיע-לייטענאַנט ס. ש. גורעוויטש, דעם מאַיאָר ג. ב. דערנאָווסקי, דעם גוואַרדיע-סערזשאַנט יע. י. זלאָטין, דעם גוואַרדיע-לייטענאַנט ג. כ. יודאַשקין. — דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד איז צוגעייגנט דעם גוואַרדיע-לייטענאַנט מ. ב. אַזעוו.

10.27. „איזוועסטיאַ" טיילט מיט: „די גאַנצע שטאָט געפינט זיך ביז איצט אונטערן אײַנדרוק פון אומגעהערטער צערעכענונג פון די דײַטשן איבער די ייִדן — אײַנוווינער פון דניעפּראָפּעטראָווסק. העכער 20 טויזנט מענטשן האָבן די דײַטשן כײַיש פאַרניכטעט".

10.29. אי. ג. ערענבורג ברענגט אין „פּראַוודאַ" אויסצוגן פון דעם טאָגבוך פונעם שטאַבס-יעפרייטאָר בערגער, ווו עס ווערט דערמאָנט וועגן דער צעשיסונג פון 250 ייִדן אין סטאַרי ביכאָוו און וועגן דער פאַרניכטונג פון די ייִדן פון סמאָלענסק. — פאַר פאָרסירן דעם דניעפּער איז דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד צוגעייגנט דעם סערזשאַנט מ. ז. כאַכלאָוו.

10.30. פאַר פאָרסירן דעם דניעפּער איז דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד צוגעייגנט דעם עלטערן לייטענאַנט ז. ס. גאָרעליק.

10.30. דער 10-טער שיסער-קאָרפּוס פון דער 51-טער אַרמיי פונעם גענעראַל-לייטענאַנט יאַ. ג. קרייזער איז נאָכן אָפּרייניקן פונעם סוינע דעם צאָפּנדיקן ברעג פון סיוואַש, אַרויס אין ראַיאָן פון סטראָגאַנאָווקאַ און נאָוואָניקאָלײַעווקאַ (קרים).

ביזן סאָף אָקטיאַבער. אין שלאַכט פאַרן דאָרף סאַשינאָווקאַ אַפן מײַרעוו-ברעג פונעם דניעפּער האָט דער רויטאַרמייער ל. אַ. גיטמאַן, ניט געקוקט אַף דער פאַרוווּנדונג, פאַרניכטעט 8 היטלעראָווצעס. — דער גוואַרדיע-קאַפּיטאַן יע. ל. מעלאַך, קאָמאַנדיר פון אַ רינג פון דער אוויִאַציע פון ווײַטער עפעקטיווקײַט, געמאַכט 80 שלאַכט-פלוגן.

אָקטיאַבער. אין די שלאַכטן פאַר מעליטאָפּאָל האָט דער אינזשעניער-סאַפּיאָרישער באַטאַליאָן פונעם קאַפּיטאַן י. ל. סערפער פאַר-

ניכטעט 12 דײַטשישע טאנקען, איין פּאנצער־מאשין און 12 פײַער־נעסטן. — ענדגילטיק ליקווידירט די ריגער געטאָ. — אין שלאכט איז אומגעקומען דער קאָמאנדיר פון א באַזונדערן פארטיזאנישן אָטריאד אף מאָלאָטאָװוס נאָמען (מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד) וו. ל. גורע־וויטש.

אָקטיאבער—נאָיאבער. אין יאבלאָנאָװוס־קער און טאגאנטשאנסקער ראיאָנען, טשער־קאסער געגנט, האָט אָפּערירט צוזאמען מיט די פּארטיזאנער א דעסאנט־באטאליאָן פונעם מאיאָר א. א. בלוּושטיין.

11.1. פאר פאָרסירן דעם דניעפּער און אין באפרײַען מעליטאָפּאָל איז דער טיטל העלד פון סאָוועטנפארבאנד צוגעייגנט דעם רויטארמייער ל. א. גיטמאן, דעם ייִנגערן לייטענאנט א. מ. זינדעלס (נאָכן טויט), דעם קאפּיטאן וו. א. הורווינסקי, דעם קאפּיטאן י. ל. סערפער, דעם קאפּיטאן מ. ד. שאכנאָ־וויטש.

11.2. אין שלאכט אפן קערטשער האלב־אינדזל איז אומגעקומען, שטעלנדיק זיך בע־ראָש פון א קאָנטער־אטאקע פון דער שטורעם־גרופּע, דער ייִנגערער לייטענאנט י. ס. יאקו־באָװוסקי. — אין איינעם פון די באפעלקערטע פונקטן, וואָס דאָס מיליטער פונעם 4־טן אוּ־קראַיִנישן פראָנט האָט פארנומען, זײַנען גע־פונען געוואָרן צעקאליעטשעטע טויטע קער־פּערס פון 4 רויטארמייער, דערונטער פונעם אויסשפּירער, גווארדיע־סאָלדאט מ. י. פריי־שערמאן. — אף א מיטינג אין דניעפּראָפּעט־ראָװוסק איז ארויסגעטראָטן דער אָנטיילנעמער פון די שלאכטן פאר דער שטאָט מאיאָר בע־לאָסטאָצקי. — ענדגילטיק ליקווידירט די רי־גער געטאָ.

11.3. דערהארגעט 18 טויזנט ייִדן, דערונ־טער פיל סאָוועטישע בירגער, אין מײַדאנעק.

11.5. בייסן ארויסזעצן א דעסאנט אין ראיאָן פונעם ייִשעוו עלטיגען (קערטשער האלב־אינדזל) איז אומגעקומען דער הארמאט־אָנצילער סערזשאנט י. ש. דוווכבאבני, וועל־כער האָט פארניכטעט 3 פײַנטלעכע טאנקען, 2 הארמאטן, 2 קוילנווארפערס און א פראָזשעק־טאָר. — „לענינגראדסקאיא פראוודא" טיילט מיט: „צווי פײַנטלעכע ארטילערישע סנאריאדן האָבן געטראָפן אין הויז, ווו עס האָט געאר־בעט די טעלעפאָניסטקע כאוו. גאָרעליק, נאָר דאָס מיידל איז פארבליבן אף איר פּאָסטן ביזן סאָף פונעם אומבײַט". — דער טיטל העלד פון סאָציאליסטישער מי איז צוגעייגנט 127 ארבעטער און שלאכטלײַט פונעם אײַזנבאן־מיליטער, דערונטער דעם שעף פון דעם בריק־צוג נומ. 2 י. יו. בארענבוים, דעם אינזשע־ניער־מאיאָר ס. ג. ווייצמאן, דעם פאָלקס־קאָמיסאר פון פארקער־וועגן ל. מ. קאהאנאָ־וויטש, דעם מאיאָר א. מ. קירנארסקי, דעם לאָקאָמאָטיוולער, מאשיניסט פון דעפּאָ אָס־טאשקאָוו מ. י. קושנער.

ניט שפּעטער פונעם 11.6. דער גווארדיע־סערזשאנט מ. י. גראָבסקי, קאָמאנדיר פון א טאנק, האָט אין הינטערלאנד פונעם סוינע אפן וועג קיִעוו — זשמערינקע פארניכטעט א דײַטשישן טאנק, 2 זעלבסטבאוועגנדיקע האר־מאטן, 1 קעגנטאנקען־הארמאט און 30 סאָל־דאטן און אָפיצערן פונעם קעגנער.

11.6. אינעם באפרײַען קיִעוו האָבן אָנ־טיילגענומען דער 48־טער באזונדערער גוואר־דייִשער שווערער טאנקען־פּאָלק פונעם פּאָד־פּאָלקאָווניק ד. מ. גויזמאן, די 24־טע גוואר־דייִשע הארמאטן־ארטילערישע בריגאדע פו־נעם פּאָלקאָווניק נ. אי. בראָזגאָל, די 55־טע גווארדייִשע טאנקען־בריגאדע פונעם פּאָד־פּאָלקאָווניק ד. א. דראגונסקי (די לעצטע האָט אויך אָנטיילגענומען אינעם באפרײַען וואסיל־קאָוו). — צווישן די ווייניק פארבליבענע קיִע־ווער ייִדן — דער קינסטלער פּ. גיטערמאן, וועלכער האָט זיך צוויי יאָר אויסבאהאלטן.

11.7. דער טאנק פונעם גווארדיע־לייטע־נאנט י. ג. קופּערשטיין האָט זיך דער ערשטער ארײַנגעריסן אין פאסטאָוו.

11.11. דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאר־באנד איז צוגעייגנט דעם פּוילישן בירגער קא־פּיטאן יו. ס. היובנער, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט אין שלאכט דעם 12—10.13 הינטער לענינאָ (ווײַסרוסלאנד).

11.12. „פראוודא" האָט פארעפנטלעכט א באגריסונג פון די מאָסקווער ראבאָנים ס. ס. טשאָברוצקי (פאָרזיצער פון דער קהי־לע), מ. פּ. גראנדע און ש. ל. לעווי י. וו. סטא־לינען אין צוזאמענהאנג מיטן 26־טן יאָרטאָג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. — „קראס־נאיא זוועזדא" טיילט מיט פון נ־ער בריקבוי־טייל: „באזונדערס צייכנט זיך אויס מיט הויכע צײַגערס דער וזוואָד פונעם ייִנגערן לייטע־נאנט הירשהאָרן. אָט דער אָפיצער, וועלכער איז געקומען אין טייל אלס סאָלדאט, האָט אָרגאניזירט די ארבעט אזוי, אז זײַן וזוואָד קלאפּט ארײַן א רעקאָרד־צאָל סווײַעס".

ביזן 11.14. אף א בארא‎טונג פון אָפיצערן־מעכאניזאטאָרן פון וועג־ און בריק־טיילן פון דער רויטער ארמיי איז מיט א פאָרטראָג וועגן דער דערפארונג פון אָרגאניזירן מעכאניזירטע ארבעטן און די וועג־ און בריק־טיילן פון צאָפן־מײַרעווודיקן פראָנט ארויסגעטראָטן דער אינ־זשעניער־מאיאָר מ. עסטרין.

11.16. „איזוועסטיִא" האָט פארעפנטלעכט א גרויס־איידעס פונעם קיִעווער אײַנוווינער ד. אָרלאָוו וועגן די צעשיסונגען אין באבי יאר.

11.17. „איזוועסטיִא" טיילט מיט: „דער קאָלעקטיוו פון דער לאבאָראטאָריע פון אינ־סטרומענט און שנײַדונג פונעם עקספּערימענ־טאלן וויסנשאפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט פון מעטאל־שנײַדיקע ווערקשטעלן (אינזשעניערן בורשטיין, טשערניקאָוו, סלאָנים, מאנוילאָוו, ספּיוואק) ארבעט פאנאנדער א נײַעם טעכנאָ־לאָגישן פּראָצעס פון אויספּארטיקן פײַלן און פּראָיעקטירן נײַע אָריגינעלע מאשינען אף צו

פּראָדוציִרן זיי". — פאַר פאַרסירן דעם דניעפּער איז דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד צוגעייגט דעם יינגערן סערזשאַנט ס. ג. געלבבערג (נאָכן טויט), דעם גוואַרדיע-פּאָלקאָווניק א. ל. קאַפּלונאָוו (נאָכן טויט). — פאַר פאַרסירן דעם קערטשער דורכגוס איז דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד צוגעייגט דעם יינגערן לייטענאַנט מ. ל. פּעלזענשטיין. — מיט א לענין-אָרדען זיינען באַלוינט דער מאַיאָר א. א. מאַוושאַוויטש, דער מאַיאָר אי. אי. טרעסקונאָוו. — באַלוינט די טוער פון די זאַוואָדן, וואָס אַרבעטן אויס דורכזיכטיקע אוויאַפּאַנצערונג, דערונטער מיט א לענין-אָרדען — דער שטעלפאַרטרעטער פונעם פאָלקס-קאָמיסאַר פון דער אינדוסטריע פון בוי-מאַטעריאַלן ג. י. דיקערמאַן, דער שעף פון דער הויפּט-פאַרוואַלטונג פונעם פאָלקס-קאָמיסאַריאַט פון דער כימישער אינדוסטריע ס. יא. פיינשטיין.

11.18. דער מאַיאָר וו. זעמליאַנאַי שרייבט אין „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ" וועגן דער אויסגעצייכנטער אַרבעט פונעם אוויאַציע-פאַרשטייער אין איינער פון די יאַבאַשע-אַרמייען פּאָדפּאָלקאָווניק יאַפּע.

11.19. אין לענינגראַד האָט „אַפּן זאַוואָד, ווו דירעקטאָר איז וו. לאַקשין, דער שלאָסער פון א בריגאַדע כ' קאַגאַן אין פינף מאָל פאַרשנעלערט די אויסאַרבעטונג פון וויכטיקע דעטאַלן" („קראַסנאַיאַ זוועזדאַ", 11.20).

11.26. אין די שלאַכטן פאַרן דניעפּער אין ראַיאָן פון זאַפּאַראָזשיע האָט די באַטאַרייע פונעם עלטערן לייטענאַנט י. פ. וואַקסמאַן אָפּגעשלאָגן 10 קאָנטער-אַטאַקעס און פאַרניכטעט העכער 100 היטלעראָווצעס (וואַקסמאַן איז אומגעקומען אין שלאַכט דעם 12.19. 1943).

11.27 (לויט אַנדערע אַנגאַבן דעם 11.24). אומגעקומען אין שלאַכט דער העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד גוואַרדיע עלטערער לייטענאַנט יו. מ. דאַלזשאַנסקי (באַערדיקט אין קיִעוו אינעם פּאַרק פון אייביקן רום).

11.29. אין ראַיאָן פון זשלאָבין (ווייסרוסישע ססר) האָט א גרופּע אַעראָפּלאַנען אונטער דער קאָמאַנדשאַפט פונעם לייטענאַנט ס. י. גורעוויטש פאַרניכטעט א לאָקאָמאָטיוו, 30 וואַגאָנען, א סקלאַד פון שיס-מאַטעריאַלן, אָפּגעשלאָגן 7 אַטאַקעס פון פיינטלעכע אַעראָפּלאַנען-פאַרניכטלער.

12.1. הינטער טשערקאַס האָט די באַטאַרייע פונעם גוואַרדיע עלטערן לייטענאַנט ג. ד. מאַיק פאַרניכטעט 14 טאַנקען, 4 פּאַנצער-טראַנספּאָרטיאָרן, ביז א ראָטע סאָלדאַטן און אָפיצערן; מאַיק איז געווען שווער פאַרוווּנדעט. — צווישן די דערצויגלינגען פון דער אָפּסניי געעפנטער קאַלינינער סוּוואָראָווער שול — דער יונגער פּאַרטיזאַנער לייזער בורשטיין.

12.6. אינעם באַפרייען אַלעקסאַנדריע (קיראָוואָגראַדער געגנט) האָבן אָנטיילגענומען דער 8-טער מעכאַניזירטער קאָרפּוס פונעם גענעראַל-מאַיאָר פון טאַנקען-מיליטער א. מ. כאַסין און דער 308-טער גוואַרדייישער מינענוואַרפער-פּאָלק פונעם פּאָדפּאָלקאָווניק ז. א. גאָלדין.

12.10. אינעם באַפרייען זנאַמענקע (קיראָוואָגראַדער געגנט) האָט אָנטיילגענומען ז. א. גאָלדינס 308-טער גוואַרדייישער מינענוואַרפער-פּאָלק. — אין „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ" איז פאַרעפנטלעכט א פאָטאָגראַפיע פונעם יונגלינג יסראַעל גוטין, א געוועזענעם פּאַרטיזאַנער, באַם טאָקער-ווערקשטעל אין קאַסטיוקאָוויטשי (מאָגיליאָווער געגנט).

ביזן 12.14. אינעם אויטאָרעמאָנט-באַטאַליאָן פונעם מאַיאָר פּאַוולאָוו (צאָפן-קאַווקאַזער פראָנט) איז רעאַליזירט א ריי דערפינדונגען און ראַציאָנאַליזאַטאָרישע פאָרשלאָגן, וואָס עס האָבן אריינגעטראָגן די סאָלדאַטן און אָפיצערן, דערונטער דער אינזשעניער-קאַפּיטאַן זעלדעס.

12.15. אויפן פראָנט איז אומגעקומען דער שרייבער מ. ד. האַרצמאַן.

12.16. אין קאָוונער פאָרט נומ. 9 איז לעבעדיקערהייט פאַרברענט די מישפּאָכע פונעם דאָצענט שאַפּיראָ, וואָס איז באַשטאַנען פון 5 מענטשן.

12.20. אין שלאַכט פאַרן דאָרף טשאָפּאָוויטשי (זשיטאָמירער געגנט) איז אומגעקומען דער יינגערער לייטענאַנט וו. ז. ווייסער, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן מיט זיין עקיפּאַזש אין טאַנק. — פאַר פאַרסירן דעם דניעפּער איז דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד צוגעייגט דעם גוואַרדיע יינגערן סערזשאַנט ג. אי. זשאָלודיעוו, דעם גוואַרדיע-לייטענאַנט יע. י. סטערין, דעם גוואַרדיע-פּאָדפּאָלקאָווניק וו. ב. כאַצקעוויטש; מיט א לענין-אָרדען זיינען באַלוינט דער רויטאַרמייער פ. מ. קראַוועץ, דער מאַיאָר ס. א. ראַק, דער גוואַרדיע-מאַיאָר ש. מ. שאַפּיראָ.

12.24. אינעם באַפרייען האָראָדאָק (וויטעבסקער געגנט) האָבן אָנטיילגענומען דער 488-טער אַרטילערישער האַרמאַטן-פּאָלק פונעם פּאָלקאָווניק מ. יא. שטולבערג, די 35-טע אַרטילערישע האָוביצע-בריגאַדע פונעם פּאָלקאָווניק פ. ס. קושנער, די 64-טע לייכטע אַרטילערישע בריגאַדע פונעם פּאָדפּאָלקאָווניק א. ג. לעווין, די 10-טע אינזשעניר-סאַפּיאָרישע שטורעם-בריגאַדע פונעם פּאָלקאָווניק ס. ג. פּאָליאַקאָווסקי. — „איזוועסטיאַ" טיילט מיט וועגן דער שלאָגלערישער אַרבעט פון איינעם אַן אוויאַזאַוואָד, אָנרופנדיק צווישן די בעסטע סטאַכאַנאָווצעס דעם אַרבעטער שוואַרצבורג. — פאַר פאַרסירן דעם דניעפּער איז דער טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד צוגעייגט דעם מאַיאָר א. יע. סמאָליאַקאָוו (נאָכן טויט).

12.25. פון קאָוונער IX פאָרט זיינען אַנטלאָפן 64 אסירים, דערונטער א. פּיטעלסאָן,

א. דיסקאַנט, ט. פרידמאַן און אַנדערע; אין דער צוגרייטונג צום אַנטלויפן האָבן אָנטייל־גענומען די אונטערערדלער פון קאָוונער געטאָ, זיי האָבן אויך אויסבאַהאַלטן די אַנטלאָפענע און דערנאָך זיי איבערגעפירט צו די פּאַרטיזאַנער. — דער יידישער מעלוכע־טעאַטער, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון אוזבעקיסטאַן, האָט געעפנט דעם סעזאָן אין מאָסקווע מיטן ספּעקטאַקל „טעוויע דער מילכיקער". — באַלוינט די טוער פון די בוי־אַרגאַניזאַציעס פונעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון אינערן־איניאַנים און פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון בויונג פאַר דער בויונג פון א נאַפט־ליניע „אין אויסשליסלעך קורצע טערמינען", דערונטער מיט א לענין־אָרדען — דער שעף פון טרעסט ג. ל. שײנקין.

12.2. אינעם באַפרייטן קאַזאַטין (וויניצער געגנט) האָט אָנטיילגענומען דער 8־טער גוואַרדייישער מעכאַניזירטער קאָרפּוס פונעם גענעראַל־לייטענאַנט פון טאַנקען־מיליטער ס. מ. קריוואָשעין.

ניט שפּעטער פונעם 12.29. אַף א פּלענום פון דער היגיענע־סעקציע פונעם וויסנשאַפטלעך־מעדיצינישן ראַט פון דער הויפּטמיליטעריש־סאַניטאַרער פאַרוואַלטונג פון דער רויטער אַרמיי איז מיט א פּאַרטראַג וועגן דער דיאַגנאָסטיק און היילונג פון די דערנערונגס־צעשטערונגען אוויטאַמינאָזן אַרויסגעטראָטן דער גענעראַל־מאַיאָר פון מעדיצינישער דינסט פּראָפעסאָר מ. ס. וואָווסי.

12.29. „דערפאָלגרייך האָבן פאַרענדיקט די יאָר־פּראָגראַם און גיבן אַף העכער דעם פּלאַן מאַכשירים פאַרן פראָנט די זאַוואָדן פונעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון באַוואָפענונג, וווּ דירעקטאָרן זיינען די כ'כ סטאָפּעלמאַן, סאַפּראַנאָוו, טראַיאַנאָוו און מאַניך" („פּראַווּדע", 1943.12.31). — דער מאַיאָר פון מעדיצינישער דינסט י. מ. בערקאָווסקי, דער פּאָטער פונעם אומגעקומענעם הינטער סטאַלינגראַד אָפּיצער ד. בערקאָווסקי, האָט איבערגעגעבן דעם נ־ער טייל מינעוואַרפערס, וואָס ער האָט איינגעשאַפן אף זיינע אייגענע מיטלען.

12.30. אַפן „טעכנישן דאָנערשטיק" פון די עלטערע־ און אומבייט־מייסטערס פונעם גאָרקער אויטאָמאָביל־זאַוואָד אף מאָלאָטאָווס נאָמען איז אַרויסגעטראָטן מיט א מיטיילונג וועגן דער דערפאַרונג פון מעכאַניזירן די אַרבעט דער מעכאַניקער פון א צעך לייפער.

12.31. „קראַסנאַיא זוועזדאַ" מערקט אָפּ די מוסטערהאַפטע צוגרייטונג צום ווינטער פונעם פעלד־שפּיטאָל, וווּ שעף איז דער מאַיאָר פון מעדיצינישער דינסט לעוויטאַן (וואָלכאָווער פראָנט).

סאָף דעקאַבער. בייסן אויספּילן א שלאַכט־פאַרגעבונג זיינען אומגעקומען די פּאַרטיזאַנער פונעם יידישן אַטריאַד „פאַרן זיג" די ברידער ד. ב. לובאַצקי און י. ב. לובאַצקי.

דעקאַבער. אָנגעהויבן ליקווידירן די מאַסן־קוואָרים אין פּאָנאַר (ווילנע).

1943. אין די שלאַכטן זיינען אומגעקומען די יידישע דיכטער ש. אייזנוואַרג — א יאַם־מאַן־אונטערוואַסערלער און כ. דושאַצקי. — אינעם אָקופּירטן סטאַניסלאַוו איז אומגעקומען דער יידישער דיכטער ב. האָראַוויץ. — אין אוזבעקיסטאַן איז געשטאָרבן דער שרייבער ל. וואָלף (מעקלער). — אין געטאָ פון דער שטאָט האָראָדאָק (לוואָווער געגנט) זיינען פאַרניכטעט ניט ווייניקער פון 6 טויזנט יידן. — אין יאַוואָראָוו (לוואָווער געגנט) זיינען פאַרניכטעט 2 טויזנט יידן. — אין דאָרף בערעזדאָוו (קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער געגנט) האָבן די היטלעראָווצעס דערהאַרגעט 1200 מענטשן, דערונטער די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פונעם ראַיאָן. — אין אָווידיאָפּאָל (אָדעסער געגנט) זיינען צעשאָסן 12 יונגע אונטערערדלער, דערונטער י. י. באָדנער. — אין טשערניכאָווער ראַיאָן, זשיטאָמירער געגנט, איז אומגעקומען אין דער אַרומרינגלונג, אופּרייסנדיק זיך מיט א גראַנאַטע, דער 20־יאָריקער פּאַרט־זאַנער וו. ב. שענדעראָווסקי. — אף סמאָלענשטשינע איז אומגעקומען די פּאַרטיזאַנערן א. פּייפער. — אין קאַרדימאָווסקער ראַיאָן, סמאָלענסקער געגנט, איז טעטיק געווען אַן אונטערערדישע גרופּע, וואָס אין איר באַשטאַנד איז אַרייַן ג. ראָזענבערג. — דער איבערזעצער שאַפּיראָ, וועלכער האָט געדינט אונטער דער פאַמיליע פּיסאַרענקאָ אין דער פאַרוואַלטונג פונעם האָמעלער אייזנבאַן־קנופּ, האָט איבערגעגעבן די אונטערערדלער דורכלאָז־שיינען און אַנדערע דאָקומענטן, מיטגעטיילט זיי פּאַראָלן.

1943 — 1944. אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג אין פראַנקרייך און בעלגיע האָט אָנטיילגענומען די געבוירענע אין בוקאָווינער דאָרף סעקורעני יע. ס. קאַגאַן („די קליינע מאַרי").

(סאָף קומט)

מוישע פערעלמאַן

# וויַאזוי האָט מען געכאַפּט אדאָלף אייכמאַנען

דער ערשטער פרילינג־טאָג איז געוואָרן א פאטאלער אינעם לעבן פון אדאָלף אייכמאַנען. אין דעם דאָזיקן טאָג איז געשטעלט געוואָרן דער שטעמפּל אפן פּראָיעקט וועגן פארכאַפּן אייכמאַנען.

דעם 21 מאַרט 1960 האָט ער זיך אופגעכאַפּט גאַנצפרי אין זײַן מיערל פון זענעפּט־קאָליר, אין דער פאָרשטאָט פון בוענאָס־אײַרעס סאַן־פערנאנדאָ, וווּ ער האָט געלעבט מיטן ווײַב און מיט דרײַ זין. ער האָט זיך אָפּגעגאָלט, גענומען א דוש אין דעם פּרימיטיוון באָד־צימער אָן שטראָמיקן וואסער און זיך געזעצט פרישטיקן אין דײַטשישן סטיל. 6 אזייגער מיט 45 מינוט איז ער ארויסגעגאנגען פון שטוב, אף וועלכער ס'איז צוגעשלאָגן געווען א שילדל „קלעמענט", און האָט זיך געלאָזט גיין צום אווטאָבוס, וועלכער האָט אים יעדן טאָג געפירט אף דער ארבעט צו דער פאבריק מערסעדעס־בענץ אין סוארעס, וואָס געפינט זיך אפן אנדערן עק שטאָט. זײַן נאָמען איז איצט געווען ריקארדאָ קלעמענט.

פון דעם מאָמענט אָן האָט נאָך זײַן יעטווידן זשעסט, באַוועגונג און אויסדרוק פונעם פּאָנעם געשפּירט דורך א מעכטיקן בינאָקל א מענטש, אין צוויי מאָל ייִנגער פון אים, וועלכן מיר וועלן אָנרופן געד.

געד האָט געשפּירט נאָך אים דורך פארהאַנגענע שטאָרעס פון א הויז אינדערנאָענט. צוויי קליינינקע לעכלעך אין די שטאָרעס האָבן געגעבן דעם בינאָקל א פּרעכטיק זעפעלד. נאָך אייכמאַנס הויז האָט ער נאָכגעשפּירט שוין עטלעכע וואָכן. און ערשט נאָך דעם, ווי אייכמאַן האָט זיך געזעצט אין אווטאָבוס, האָט געד אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן. ער האָט געפרעגט: „ייִגאל?" און דערהערנדיק דעם באַשטענדיקן ענטפער, געזאָגט: „קאראגיל", וואָס עס באַטײַט אף איווריט: „ווי געוויינלעך".

אף יענעם עק טעלעפאָן־דראָט האָט ייִגאל נאָכן געשפּרעך אָנגעקלונגען דאָוון. ער האָט געזאָגט: „בעסעדער" — „אָקיי".

דאָוו האָט פארנומען א צימער ניט ווײַט פון דער פאבריק מערסעדעס־בענץ.

אף דעם, וואָס ער האָט איצט געדארפט אָפּטאָן, איז אים געבליבן גענוג צײַט. ער האָט אויסגעווארט 30 מינוט, דערנאָך גענומען א ספּעציעל טשעמאָדאנדל, וואָס האָט אפן ערשטן קוק ניט געהאט קיין אויסזען פון א ספּעציעלן, ארויסגעגאנגען צום אָרט, ווו עס שטעלט זיך אָפּ דער אווטאָבוס לעבן דער פאבריק. ער איז דאָרט געווען זיבן אזייגער מיט 20 מינוט. אין א פּאָר מינוט ארום האָט זיך באַוויזן דער אווטאָבוס. ווען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט דאָוו, מאכנדיק אַן אָנשטעל, אז ער ווארט גאָר אף אַן אנדער אווטאָבוס, קלוימערשט פוילבלעך באקוקט די ארויסגייענדיקע מענטשן פונעם אווטאָבוס, ווי מע טוט עס געוויינלעך, ווען א מענטשן איז לאנגווײַליק. כוץ אים, זײַנען באַם אווטאָבוס געשטאַנען נאָך דרײַען, ווארטנדיק ביז אלע וועלן פון דאָרט ארויסגיין. דאָוו האָט געהאַלטן דאָס טשעמאָדאנדל פאר זיך מיט ביידע הענט און אײַנגעהויקערט די פּלייצע, ווי א מענטש, וואָס איז אין מעשעך פון לאנגן ווארטן מיד געוואָרן אים האַלטן מיט איין האַנט. די פּאַסאַזשירן זײַנען ארויסגעגאנגען, קלעמענט אויך. דאָוו האָט געשפּירט נאָך אים, אָנדריקנדיק לײַכט מיטן שפּיץ פינגער אומבאַמערקט די קנאָפּקע אפן דנאָ פונעם טשעמאָדאנדל. ווען דער אווטאָבוס איז אָפּגעפאָרן, אוועקפירנדיק יענע דרײַ, וואָס האָבן געווארט אף אים, האָט דאָוו פאָרגעזעצט נאָכשפּירן קלעמענטן, וועלכער איז איבערגעגאנגען די גאַס, גייענדיק צו דעם פאבריק־טויער. דערבײַ האָט דאָוו די גאנצע צײַט זיך אומגעקערט אזוי, אז דער פּאָדערגרונט פונעם טשעמאָדאנדל זאָל זײַן געריכטעט אף קלעמענטן, און געהאַלטן דעם פינגער אף דער קנאָפּקע. קיינער האָט ניט געקאָנט באַמערקן דעם אָביעקטיוו פון דעם קינאָ־אפּאראט אינעם שלאָס פונעם טשעמאָדאַן. ווען מיסטער קלעמענט איז פארשוווּנדן געוואָרן אינעם טויער, איז דאָוו נאָך א ביסל

געשטאַנען אויפֿן אָרט, דערנאָך זיך אומגעקערט אין זײַן צימער און אָנגעקלונגען ייִגאַלן, אַז ס'איז „האַקאַל בעסעדער" — „אַלץ אין אָרדענונג".

ייִגאַל, דאָוו און געד זײַנען געווען ייִסרעילים. אַלע דרײַ זײַנען אַלט געווען בא די דרײַסיק. ייִגאַל — העכער פֿון די איבעריקע אין וווּקס, מיט שוואַרצע האָר אויפֿן לענגלעכן פּנים, קאַרע אויגן. ער איז געווען דער ראָש צווישן די דרײַ. אינעם אויסדרוק פֿון זײַן פּנים האָט מען אײַנגעזען אַן אויספֿילער, וואָס באַזיניקט די פֿליכטן, וועלכע זײַנען אויף אים אַרויפֿגעלייגט. דאָוו און געד זײַנען געווען פֿון מיטלען וווּקס, בלאָנדע, לעבנסלוסטיקע. געד איז געווען ברייטפּלייציק, זײַן פֿאַרברוינט קײַלעכדיק פּנים האָט באַרעמלט אַ קוטשמע געדיכטע געקרײַזלטע האָר. דאָוו איז געווען מאָגער, זײַן פּנים מיט אַ געזונטער פֿאַרברוינטקײַט האָט געטראָגן שפּורן פֿון אַ יונגאַטשל.

זיי זײַנען געקומען פֿון ייִסראַעל קיין בועַנאָס־אײַרעס, קעדיי אַרויסגאַנווענען אַדאָלף אייכמאַנען.

זיי זײַנען געווען קימאַט איבערצײַגט אין דעם, אַז דער מענטש, נאָך וועלכן זיי שפּירן שוין באַלד עטלעכע וואָכן, דער מענטש, וואָס טראָגט דעם נאָמען ריקאַרדאָ קלעמענט, איז אייכמאַן. נאָר זיי האָבן דאָס געדאַרפֿט וויסן אויף זיכער. „קלעמענט" איז געווען דער צווייטער מאַן פֿון אַ פֿרוי, וועלכע איז אַבסאָליוט פּינקטלעך געווען אייכמאַנס ווײַב. דרײַ פֿון די פֿיר זין פֿון דעם דאָזיקן געזינד זײַנען אַבסאָליוט פּינקטלעך געווען אייכמאַנס זין. ניט פּינקטלעך באַוווּסט איז געווען דאָס, צי ריקאַרדאָ איז טאַקע אייכמאַן, אָדער (ווי עס האָט באַשטעטיקט מיסיס קלעמענט און אויך ער אַליין) ער איז געוואָרן איר צווייטער מאַן, מיט וועלכן זי האָט כאַסענע געהאַט שוין נאָך אייכמאַנס טויט.

די דאָזיקע ספּייקעס האָבן זיך באַזירט אויף דעם, וואָס האַגאַם וועגן אייכמאַנס טעטיקײַט איז גענוג באַוווּסט געווען בײַס דער נאַציסטישער הערשאַפֿט, איז אָבער גאַרניט געווען וועגן אים באַוווּסט אַלס אַ פּערזענלעכקײַט, מאַכמעס ער האָט קעסיידער זיך געהאַלטן אין שאָטן, טוענדיק זײַנע געסטאַפּאָווסקע גרוילטאַטן. ער האָט זעלטן פּאָזירט פֿאַר פֿאָטאָאָביעקטיוון, יעדיִעס וועגן אים פּערזענלעך האָבן פֿיגורירט בלויז אין די געהיימע דאָקומענטן פֿון זײַן דאָסיע אין הימלערס שטאַב.

די דאָזיקע פּראַטים האָבן זיך געפֿונען אין דאָסיע, וואָס ייִגאַל האָט געבראַכט מיט זיך פֿון ייִסראַעל. ער האָט געוווּסט אייכמאַנס וווּקס, דעם קאָליר פֿון זײַנע האָר, פֿון די אויגן און די מאָס פֿונעם קעלנערל, פֿון די שיך, די דאַטעס פֿון דער העכערונג אין דער דינסט, די דאַטעס פֿון דער פֿאַרהייראַטונג און די געבורטסטעג פֿון זײַנע זין. ער האָט אויך געהאַט אַ פֿאָטאָגראַפֿיע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין אָנהייב פֿון די 30־ער יאָרן, עמעס, זינט דעמאָלט איז דורכגעגאַן אַ סאַך צײַט, ער האָט שוין געקאָנט ווערן פֿליכעוואַטע, זײַן געזיכט, ווען ער וואָלט אַפֿילע ניט געמאַכט קיין פּלאַסטישע אָפּעראַציעס, וואָלט זיך געקאָנט שטאַרק ענדערן. בלויז זײַן וווּקס איז געבליבן אָן ענדערונגען, דער אויגן־קאָליר איז אויך צונויפֿגעפֿאַלן מיט קלעמענטס. די מאָסן פֿון די שיך און פֿונעם קעלנערל איז אומעגלעך געווען צו אידענטיפֿיצירן פֿונדערווײַטנס.

די דרײַ ייִסרעילים האָט זיך אײַנגעגעבן אים פֿיל מאָל צו פֿאָטאָגראַפֿירן אומבאַמערקט, בײַס ער פֿלעג גיין צום אווטאָבוס און אַרויסגיין פֿון אים, נאָר דאָס זײַנען געווען ניט קיין בוילעטע פֿאָטאָגראַפֿיעס, מאַכמעס אין די געציילטע רעגעס איז אומעגלעך געווען אָנשטעלן דעם ריכטיקן פֿאָקוס. ס'איז, פֿאַרשטייט זיך, וויכטיק געווען צו האָבן אַ ריכטיקע פֿאָטאָגראַפֿיע. אָבער נאָך מער וויכטיק איז געווען צו טאָן אַלץ אַזוי פֿאָרזיכטיק, ער זאָל ניט פֿילן, אַז מע שפּירט אים נאָך. ער טאָר ניט האָבן דעם מינדסטן כשאַד.

און פֿונדעסטוועגן האָט זיך זיי אײַנגעגעבן צו באַקומען עטלעכע פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון זײַן געזיכט. זיי האָבן געהאַט אַן ענלעכקײַט צו אייכמאַנס אַלטער פֿאָטאָגראַפֿיע. עס זײַנען ניט געווען קיין שפּורן פֿון פּלאַסטישע אָפּעראַציעס. נאָר דער מיסטער קלעמענט איז געווען אַ סאַך עלטער, און זיי האָבן ניט געקאָנט מיט אַן אַבסאָליוטער זיכערקײַט פֿעסטשטעלן צי דער אָביעקט פֿון די פֿאָטאָגראַפֿיעס, געמאַכטע אין פֿאַרשיידענע צײַטן, איז איינער און דער זעלבער מענטש. און נאָך איין זאַך: צי באַטראַכטן זיי ניט די ענלעכקײַט, ווײַל זי איז פֿאַר זיי געווונטשן... קעדיי זיך איבערצײַגן, אַז קלעמענט איז ווירקלעך אייכמאַן, וואָס טראָגט אַן אַנדער פֿאַמיליע, פֿאָדערט זיך אַ מער קאָנקרעטער באַווײַז.

אין דעם דאָזיקן מאָנטיק פֿון 21־טן מאַרט איז אַלץ געגאַנגען ווי געוויינלעך. די ייִסרעילים האָבן פֿעסטגעשטעלט, אַז קלעמענט האָט פֿאַרלאָזט די פֿאַבריק 12.30 באַטאָג, אַרײַנגעגאַנגען אינעם נאָענטסטן רעסטאָראַן, באַשטעלט אַ לאַנטש, ווי שטענדיק. 1.30 איז ער אַרויסגעגאַנגען פֿונעם רעסטאָראַן, אַ ביסל שפּאַצירט און צו 2 אַזייגער זיך אומגעקערט אויף דער אַרבעט. 5.30 אין אָוונט איז ער אַוועקגעגאַן פֿון דער פֿאַבריק. נאָר הײַנט איז ער אָנשטאָט גיין גלײַך צום אווטאָבוס, אַרײַן אין אַ נאָענטער בלומען־קראָם און האָט פֿון דאָרט זיך אומגעקערט מיט אַ בוקעט בלומען, אײַנגעוויקלט אין צעלאָפֿאַן. דערנאָך האָט ער זיך אַרײַנגעזעצט אין אווטאָבוס.

וועגן דער דאָזיקער אײנצלהײַט האָט דאָוו מיטגעטיילט ייִגאַלן, ווי נאָר דער אווטאָבוס איז אָפּגעפֿאָרן. אָבער ייִגאַל האָט, איבערגעבנדיק געדן וועגן דעם, אַז קלעמענט איז אַוועק־



אייכמאַן שטייט
פאַרן געריכט אין
א בראָנירטער שטײַג

געגאַן פון דער ארבעט, די דאָזיקע דעטאַל דורכגעלאָזט.

אין א פערטל שאָ ארום האָט געד טעלע-פאָנירט ייִגאלן. אף איווריט האָט ער געזאָגט, אז קלעמענט איז צוגעפאָרן אהיים און אז ער האָט געהאלטן א בוקעט בלומען. אף דעם האָט ייִגאל געענטפערט מיט א געהיים וואָרט, וואָס האָט באטײַט א באגעגעניש. ער האָט זי אָפּגעשטעלט אף 9.30 אין זעלבן אָוונט און האָט אָנגעקלונגען דאָוון מיטן זעלבן באפעל. אזעלכע באגעגענישן פלעגן פאָרקומען אין א געדונגענעם צימער אין א פאָרשטאָט פון בוענאָס-איירעס, וואָס איז געווען ווײַט פון קלעמענטס הויז און פון דער פאבריק מער-סעדעס-בענץ.

ווען געד און נאָך אים דאָוו זײַנען אהין געקומען, איז ייִגאל שוין געווען אפן אָרט. אין זײַנע אויגן האָט מען געזען אן אינערלעכע אופרעגונג, כאָטש אויסערלעך איז ער געווען רויִק, ווי שטענדיק. זײַן ערשטע פראגע איז געווען: „וואָס טראכט איר וועגן דעם בוקעט?" דערנאָך האָט ער צוגעגעבן: „וואָס פאר א דאטע איז היינט?"

— 21-טער מארץ.

— וואָס איז מיט אים פאָרגעקומען דעם 21-טן מארץ?

קיין רעגע האָט ניט געדויערט, ווי ביידע האָבן האסטיק געענטפערט:

— ער האָט כאסענע געהאט!

— אָט דאָס טאַקע מיין איך, — האָט גע-זאָגט ייִגאל. — אלזאָ, הײַנט איז דער יאָרטאָג פון זײַן כאסענע. דער 25-טער יאָרטאָג. דאָס זאָגט אײַך גאָרניט?

— אָ, גאָט מײַנער, נו אוודע! — האָט אויסגעשריִען געד. — וואָס עפּעס דארף דער צווייטער מאן פון דער מיסיס אייכמאַן זיך פלוצעם דערמאָנען אינעם טאָג פון איר כא-סענע מיטן ערשטן מאן? און אויב אפילע ער האָט זיך דערמאָנט, איז ניט שוין זשע וואָלט ער די דאָזיקע געשעעניש אָפּגעמערקט מיט א בוקעט בלומען?

דאָוו האָט זיך צעשמייכלט — קומט אויס, אז קלעמענט איז אדאָלף אייכמאַן. דאָס איז גראָד יענע לאנגדערוואַרטע דערוויסונג.

— כעוורע, — האָט געזאָגט ייִגאל, — איצט פאָדערט זיך אָפּטאָן צוויי וויכטיקע זאכן: אויסטרינקען און געבן א טעלעגראם אהיים. אויסטרינקען וועלן מיר טאַקע באלד און א טעלעגראם וועל איך שיקן אפן וועג צוריק.

מיט 40 מינוט שפּעטער איז די פאָלגנ-דיקע טעלעגראם אָפּגעשיקט געווען קיין ייִסראַעל פון דער פּאָטשט, וואָס איז געשטאנען

אפן האלבן וועג צווישן דעם אָרט פאר די באַגעגענישן און יִיגאַלס דירע: „האיש הו האיש״. די סאמע פּינקטלעכע איבערזעצונג פון דעם טעקסט קאָן הייסן דאָס פאַלגנדיקע: „ער איז ער״ („דער מענטש איז דער מענטש״).

## דאָס נירנבערגער געשפּענסט

ווער זשע איז געווען אדאָלף אייכמאַן?

צום ערשטן מאָל האָט זײַן נאָמען ארויסגעשפּעטשעט איינער פון די אידעס אפן נירנבערגער פּראָצעס אין 1945 יאָר. איצט איז דער דאָזיקער נאָמען געוואָרן א סינאָנים פון גרויל. בייסן פּראָצעס זײַנען אפּגעשווומען שרעקלעכע פּראַטים פון דער פארניכטונג פון 6 מיליאָן ייִדן. דער איידעס האָט באוויזן, אז פאראנטוואָרטלעך פאר זייער פארניכטונג איז אדאָלף אייכמאַן. פאר דעם מישפּעט האָבן זיך געשטעלט אזעלכע „שטערן״ אפן שווארצן הימל-ראנד פונעם נאציזם, ווי גערינג און קייטעל, ריבענטראָפּ און זייס-אינקווארט, קאַלטענברונער און פראנק, זאוקעל און יאָדל און אַנד. אין מעשעך פון 12 יאָר האָבן זיי געהערשט איבער דײַטשלאַנד און אין מעשעך פון 5 יאָר (פון די 12) האָבן זיי געהערשט קימאט איבער א האלב אייראָפּע אלס באַפולמעכטיקטע פון היטלערן. פאר דעם קורצן פּעריאָד האָבן זיי געבראכט דער וועלט באדײַטנדיק מער אומגליק און פּײַן איידער גאנצע עפּאָכעס אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט. זיי האָבן צעצינדן א וועלט-מילכאָמע, אין וועלכער עס זײַנען אומגעקומען מיליאָנען סאָלדאטן און ציווילע בירגער. די דאָזיקע מענטשן זײַנען באשולדיקט געוואָרן אין בייזוויליקער פארניכטונג פון א גאנץ פאָלק. דאָס איז געווען א שולד קעגן דער מענטשלעכקײַט.

אַלע זײַנען זיי געשטעלט געוואָרן פארן געריכט.

סענסאציאָנעל זײַנען געווען אפן נירנבערגער פּראָצעס די באוויַזן — דעם 3 יאַנוואר 1946 יאָר — פונעם האופּטשטורמפירער דיטער וויסליצעני, איינעם פון אייכמאַנס הויפּט-געהילפן אין סלאָוואקיע, גריכנלאַנד און אונגארן. אים האָט מען געבראכט צו פירן אלס איידעס פון בראטיסלאַווע, ווו ער האָט געדארפט זיך שטעלן פארן געריכט איבער קריגס-פארברעכער. אין אונטערשייד צו די איבעריקע באשולדיקטע איז ער געווען זיכער, אז אייכמאַן לעבט. ער האָט גוט געקענט אייכמאַנען, געוווּסט, אז יענער האָט באזארגט זײַן צוקונפט און וואָלט קיינמאָל זיך ניט אנטשלאָסן אף זעלבסטמאָרד. ער איז געווען זיכער, אז אייכמאַנען וועט מען סאָפקאָלסאָף כאַפּן. וויסליצעני איז געווען א הויכער מאַן, א בלאָנדער, אויסגעמאָגערט נאָך עטלעכע כאַדאָשים טפיסע. אין זײַנע באוויַזן האָט ער דערציילט ווי ער האָט געבעטן אייכמאַנען, ער זאָל אים דערקלערן דעם באדײַט פונעם פּלאַן „ענדגילטיקע לייזונג״ פון דער ייִדישער פראַגע. אייכמאַן האָט געענטפערט, אז מיט „ענדגילטיקע לייזונג״ איז פארמאסקירט די ביאָלאָגישע פארניכטונג פון דער ייִדישער ראַסע אף די מיזרעכדיקע טעריטאָריעס. פאר דורכפירן דעם דאָזיקן פּלאַן אין לעבן איז געווען פאראנטוואָרטלעך פּערזענלעך אייכמאַן. ערשט אין 1944, אין אָקטיאבער, האָט הימלער ארויסגעגעבן א קאָנטער-פאראָרדענונג, וואָס האָט פארווערט צו פארניכטן ייִדן. לויט דער „ענדגילטיקער לייזונג״, האָט דערציילט וויסליצעני, זײַנען פארניכטעט געוואָרן 66.000 ייִדן אין סלאָוואקיע, בא 64.000 אין גריכנלאַנד, קימאט א האלבער מיליאָן אין אונגארן. בעסאכאקל זײַנען לויטן פּלאַן „ענדגילטיקע לייזונג״ אומגעבראכט געוואָרן אן ערעך 4 מיליאָן ייִדן. אייכמאַן האָט איינציקע מאָל גערעדט וועגן 5 מיליאָן.

נאָך אין באשולדיקטער האָט געגעבן געוויע באוויַזן וועגן אייכמאַנס טעטיקײַט. זײַנע באוויַזן זײַנען געווען אפּילע גענויער, ווײַל ער איז פונעם 1 מײַ 1940 ביזן 1 דעקאבער 1943 געווען דער קאָמענדאנט פון אַשווענטשים. דאָס איז געווען רודאָלף פראנץ פערדינאנד העס. ער האָט געזאָגט:

— איך בין אלט 46 יאָר. איך האָב באשטענדיק מיטגעארבעט אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן. פון 1934 ביז 1938 — אין דאכאו, פון 1938 ביז 1940 — אין זאקסענהאוזען, דערנאָך ביזן 1943 בין איך געווען קאָמענדאנט אין אַשווענטשים. אן ערעך 2 מיליאָן מיט 500 טויזנט מענטשן זײַנען געטייט געוואָרן אין די גאז-קאמערן און קרעמאטאָריעס, בא א האלבן מיליאָן זײַנען אומגעקומען פון דיסטראָפיע און קראַנקהײַטן, בעסאכאקל ארום דרײַ מיליאָן מענטשן. די דאָזיקע צאָל באטרעפט 70—80 פּראָצ. פון אַלע אַשווענטשימער אסירים, די איבעריקע זײַנען געשטעלט געוואָרן אף ארבעט אין די אונטערנעמונגען פונעם לאַגער. צווישן די פארניכטעטע זײַנען געווען הונדערט טויזנט דײַטשישע ייִדן און א קאָלאָסאַלע צאָל, קימאט אַלע ייִדן פון האָלאַנד, פראנקרײַך, בעלגיע, פּוילן, אונגארן, טשעכאָסלאָוואקיע, גריכנלאַנד און פון אנדערע לענדער. בלויז אונגארישע ייִדן האָט מען פארניכטעט 400 טויזנט אין מעשעך פון זומער 1944. די „ענדגילטיקע לייזונג״ פון דער „ייִדישער פראַגע״ האָט באטײַט די פולע פארניכטונג פון די ייִדן אין אייראָפּע. צי האָט אייכמאַן געוווּסט דעם ווײַטערדיקן גוירל פון די, וועלכע ער האָט געשיקט אין די קאָנצלאַגערן? אוודע, ער האָט ניט נאָר געוווּסט, נאָר אפּילע באהאנדלט מיט מיר די פּראָצעדור פון פארניכטונג.

וועגן אייכמאַנס ראָליע אין דער פארניכטונג-פּראָגראַם האָט אפן נירנבערגער פּראָצעס

אויך באַווײַזן דער שטורמבאַנפירער עסעס, דאָקטאָר ווילהעלם געטל.

אייכמאַנס אַמט איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פאַרניכטונג בלויז פון יענע מיליאָנען ייִדן, וואָס זײַנען אומגעקומען אין די קאָנצלאַגערן. אז אויף אייכמאַנס געוויסן ליגט דער טויט פון אַלע איבעריקע ייִדן, זײַנען קיין באַווײַזן ניט געווען. אייכמאַן איז ניט געזעסן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק אין נירנבערג. ערשט אין 15 יאָר אַרום זײַנען צונויפגענומען געווען די פולע באַשולדיקונגען קעגן אים.

ייִגאַל, געד און דאָוו האָבן פלײַסיק דערלערנט די מאַטעריאַלן, וועלכע האָבן א שײַכעס צו אייכמאַנס איניען. זיי האָבן אים אומבאַדינגט געדאַרפט געפינען און צווינגען אים ענטפערן פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט — פאַר אַלץ. צוליב דעם זײַנען זיי געווען דאָ, אין בוענאָס־איירעס. און אָט, ענדלעך האָבן זיי אים געפונען.

אויף וויפל וועגן אייכמאַנען, ווי וועגן א מענטשן, איז קימאַט גאָרניט נישט געווען באַוווּסט, פלעגן וועגן אים גיין פאַרשיידענע אויסטראַכטענישן. ווער עס האָט געזאָגט, אז ער איז געבוירן געוואָרן אין דײַטשלאַנד, ווער — אין עסטרײַך און אפילע אין פּאַלעסטינע. אייניקע האָבן געטײַנעט, אז זײַן ספּעציאַליזאַציע אויף „ענדגילטיק לייזן" די ייִדן־פראַגע באַזירט זיך אויף דעם, וואָס אין דער קינדהײַט האָט מען אים אָנגענומען פאַר א ייִדן און אָפּט אים געשלאָגן. אייניקע האָבן אים צוגעשריבן, אז ער קען ייִדיש און העברעיִש. און אַזוי ווײַטער.

אין דער ווירקלעכקײַט זײַנען די פאַקטן פון זײַן ביִאָגראַפיע גאַנץ פּראָזאַיִשע. די דאָזיקע פאַקטן זײַנען באַוווּסט געוואָרן פון זײַנע אייגענע באַווײַזן אויפן געריכט, פון זײַן פּערזענלעכער דאָסיע, וואָס האָט זיך געפונען אין די אַרכיוון פון עסעס, וועלכע זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון די ייִסראַעלדיקע מאַכט־אָרגאַנען, פון זײַן דינסט־צעטל, פון זײַנע שריפטלעכע ביטעס וועגן פאָרויסבאַוועגונג אין דער דינסט, פון די אייגנהאַנטיקע בריוו מיט דער ביטע וועגן סאַנקציאָנירן זײַן כאַסענע.

קריכן אויף אַלע פיר פאַר זײַנע שעפן און אונטערטרעטן די סובאָרדינירטע, ווי אויך אַנדערע שטריכן פון זײַן כאַראַקטער, האָבן זיך אַנטפּלעקט, ווײַזט אויס, אונטער דער ווירקונג פון צוויי געשעענישן אין זײַן לעבן: אײַנמיטן פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע איז זײַן מישפּאָכע איבערגעפאָרן פון דײַטשלאַנד קיין עסטרײַך, און אין רעזולטאַט פון דער נאָכמילכאָמעדיקער אינפלאַציע האָט דער טאַטע ניט געקאָנט מער צאָלן פאַר דער לער פונעם זון.

אַדאָלף אייכמאַן איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1906 אין דײַטשלאַנד אין סאָלינגען, וואָס געפינט זיך אין ריינלאַנד. צו 9 יאָר איז זײַן מישפּאָכע איבערגעפאָרן קיין עסטרײַך און זיך באַזעצט אין לינץ, וועלכן אייכמאַן האָט אָנגערופן לינץ־אויף־דאַנוב. דאָרט איז ער געגאַנגען אין שול און אין מעשעך פון צוויי יאָר באַזוכט דעם אינסטיטוט פאַר עלעקטראָטעכנישער מאַשינבויונג, וועלכן ער האָט געמוזט פאַרלאָזן, ווײַל דער פאָטער האָט ניט געקאָנט צאָלן פאַר אים קיין לערנגעלט. ווײַטער האָט ער, לויט זײַנע אייגענע ווערטער, 8 יאָר געאַרבעט. גראָד אין יענער צײַט איז זײַן דערשלאָגנקײַט איבערגעוואַקסן אין א נעוראָז. זײַענדיק א דײַטשישער עקס־פּאַטריאָט, האָט ער שאַרף איבערגעלעבט די מאַפּאָלע פון דײַטשלאַנד אין דער מילכאָמע און האָט באַשולדיקט זיך אַליין און די מישפּאָכע, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזט דײַטשלאַנד אין אַן אייסצאָרע. דאָס, וואָס ער איז געצוווּנגען געווען איבעררײַסן דאָס לערנען און גיין אַרבעטן, האָט אים קעסיידער דערמאָנט אין דעם, אז דײַטשלאַנד האָט פאַרשפּילט די מילכאָמע, און אַזעלכע געדאַנקען האָבן געוויינלעך געשאָטן זאַלץ אויף זײַנע ווונדן. ווען ער איז אַלט געוואָרן 24—25 יאָר, איז ער שוין פולקום רײַף געוואָרן פאַרן אָנטייל אינעם נאַציזם.

אין דער נאַציסטישער פּאַרטיי איז ער אַרײַנגעטראָטן אין עסטרײַך דעם 1 אַפּרעל 1932. זײַן פּאַרטייִשער נומער איז געווען 899895. עסטרײַך איז דעמאָלט געווען אַן אומאָפּהענגיקע מעלוכע, דעריבער האָבן די נאַציסטן דאָרט פונקציאָנירט אַלס דײַטשישע שפּיאָנען.

דעם 1 אַפּרעל איז ער אַרײַנגעטראָטן אין די אָטריאַדן פון עסעס. זײַן נומער אַלס עסעסאָוועץ איז געווען 45326.

אינעם קורצן ראַפּאָרט, וואָס עס האָט געשריבן אַליין אייכמאַן, לייענען מיר: „אין אויגוסט 1933 בין איך אוועקגעפאָרן פון עסטרײַך אין דעם עסטרײַכישן לאַגער (א טרענירלאַגער פאַר נאַציסטן) קיין לעכפעלד (דײַטשלאַנד). פון סעפּטיאַבער 1933 ביז יאַנוואַר 1934 האָב איך געאַרבעט אין עסטרײַכישן אָפּיס אין פּאַסאַו. אין יאַנוואַר בין איך איבערגעגאַנגען אויף אַרבעט אין עסטרײַכישן צענטער פון עסעס אין דאַכאַו. פון אָקטיאַבער 1934 האָב איך געדינט אין דער שטאַבקוואַרטיר פון עסדע אין בערלין, ווילהעלמשטראַסע, 102" (עסדע איז די געהיים־דינסט, וואָס האָט אָנגעפירט מיט אַלע אָפּעראַציעס קעגן ייִדן).

אין דער אויטאָביִאָגראַפיע שרײַבט ער, אז זײַן פאָטער איז געווען דירעקטאָר פון א טראַמווײַ־קאָמפּאַניע אין לינץ, ווו ער איז אינדערעמעסן געווען גאָר א פּאָשעטער אָנגעשטעלטער. דער דאָזיקער כאַראַקטער־שטריך איבערצוטרײַבן די הייך פון ראַנגען און פאַרדינסטן מערקט זיך בײַ אייכמאַנען זייער אָפּט אין זײַנע פּערזענלעכע דאָקומענטן.

דעם 21 מאַרט 1935 האָט ער כאַסענע געהאַט פאַר ווערא ליבל, געבוירן אין 1909

יאָר אין דעם סודעטישן טייל פון טשעכאָ־סלאָוואַקיע. אין אייניקע דאָקומענטן רופט מען זי וועראָניקאַ. קעדיי כאַסענע האָבן, האָט מען באַדאַרפט באַקומען א דערלויבעניש פון דער נאַציסטישער פּאַרטיי. דעם 21 אָקטיאַבער 1934 האָט ער זיך געווענדט נאָך א דערלויבעניש אין דער שטאַב־קוואַרטיר פון עס.דע. צו דער באַקאַשע איז צוגעלייגט געוואָרן א דערקלער־צעטל. אָט וואָס ער שרייבט דאָרט:

„דעם 15 אויגוסט 1931 איז פאַרגעקומען מיין פאַרלאָבונג (קנאַסמאָל) מיט דער טאָכטער פון דעם באַהעמיש־דייטשישן גוט־באַזיצער אין מלאַד, לעבן באָם. איך האָב בעדייע געהאַט כאַסענע האָבן זומער אין 1933 יאָר, נאָר ניט געהאַט די מעגלעכקייט, מאַכמעס איך בין דאַן געווען אין לאַגער אין לעכפעלד אויף די טרענירונגען. אונדזערע מאַטרימאָניאַלע פּלענער האָבן מיר אָפּגעלייגט פון איין כוידעש אויף אנדערן. כאָטש בא מיר פּערזענלעך זיינען ניט אויפגעקומען קיין שום שוועריקייטן מיט די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען בעשאַס מיינע אָפּטע באַזוכן אין טשעכאָסלאָוואַקיע, זיינען זיי אנטשטאַנען בא מיין קאַלע און איר מישפּאָכע, מאַכמעס ס׳איז געווען באַוווּסט, אַז זי איז פאַרלאָבט (פאַרקנאַסט) מיט אַן עססעסאָווּעץ. איך בעט נעמען אין אכט, אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּאָליטישער סיטואַציע קאָן איך ניט צושטעלן די נייטיקע דאָקומענטן אין דעם ראַסע־דעפּאַרטאַמענט:

„1. די אַטעסטאַציע פונעם דאָקטער וועגן מיין קאַלע. קעדיי ניט שאַפן קיין וויטערדיקע שוועריקייטן פאַר מיין מישפּאָכע, קאָן מיין קאַלע איצט ניט קומען קיין דייטשלאַנד צום דאָקטער און דערנאָך זיך אומקערן צוריק. די טשעכאָסלאָוואַקישע מאַכט־אָרגאַנען קוקן שוין מיט כשאַד אויף איר מישפּאָכע.

2. די אַטעסטאַציע פון צוויי אידעס וועגן מיין קאַלע — בלויז מיינע עלטערן קענען זי. נאָר זיי זיינען איצט אין עסטרייך. איך בעט אייַך זיך איצט אָפּהאַלטן מיט דער אָנפרעגע צו מיינע עלטערן מאַכמעס זייער קאָרעספּאָנדענץ געפינט זיך אונטער א צענזור, און דאָס קאָן ברענגען פאַר זיי אומאָנגענעמלעכקייטן מיצאַד די עסטרייכישע מאַכט־אָרגאַנען, פאַר וועלכע ס׳איז שוין באַוווּסט מיין טעטיקייט אין לינץ־אויף־דאַנוב, ווי אויך אין פּאַסאַו״. וויטער שווערט אייכמאַן, אַז זיין קאַלע איז א ריינע אַריערן לויט איר אָפּשטאַמונג. ער שטאָלצירט זייער מיטן אָפּשטאַם פון זיין קאַלע, שרייבט וועגן דעם, אַז די פאַמיליע ליבל קומט אַרויס פון אַן אַלטער גערמאַנישער מישפּאָכע, וואָס איז גוט באַקאַנט אין דאָרעם־באָהעמיע.

אָט איז די כאַראַקטעריסטיק, וואָס עס האָט אַמאָל אָפּיציעל אָנגעגעבן אויף אייכמאַנען דיטער וויסליצעני:

„דער ראַסן־אויסזען: אַרישער נאָרדישער.
כאַראַקטער: פאַראַנטוואָרטלעך אין דער אַרבעט, א גוטער כאַווער. צילגעווענדטקייט.
בילדונג: גוטע אַלגעמיינע בילדונג.
נאַציסטישע וועלט־אָנשויונג: אַן איבערצייגטער נאַציסט.
אויפירונג: אין פּערזענלעכן לעבן אויסגעצייכנט.
פיזישע צוגרייטונג: באַלוינט מיט ספּאָרט־מעדאַלן פון ס.א.; ספּאָרט־מעדאַלן פון עסעס האָט ער באַקומען ערשט אין 1938, מאַכמעס ער האָט צעבראָכן א האַנט אויפן שלאַכט־פּאָסטן.
צי פאַרדינט ער א פּאָרויסבאַוועגונג? יאָ״.

אייניקע שרייבער וווּנדערן זיך, וואָס אַזאַ פיגור, ווי אייכמאַן, איז געווען צום סאָף פון זיין דינסט בלויז א לייטענאַנט־פּאָלקאָווניק. די זאַך איז דאָ אין דעם, וואָס פון אָנהייב אָן איז זיין פּאָרויסבאַוועגונג פאַרגעקומען צו האַסטיק פאַר א מענטשן, וואָס האָט ניט קיין ערנסטע מיליטערישע צוגרייטונג און געפינט זיך ניט אויפן פראָנט, נאָר אין צווייטן עשעלאָן.

עטלעכע ווערטער וועגן די קלאַנגען, אַז ער איז קלוימערשט געבוירן געוואָרן אין פּאַלעסטינע און קען יידיש און העברעיש. ניט דאָס און ניט יענץ איז ניט עמעס. דאָס ערשטע באַזירט זיך אויף דעם, וואָס ער האָט איין מאָל באַזוכט פּאַלעסטינע, פּינקטלעכער א פאַרשטאָט פון טעל־אָוויוו. אין די פאַרמילכאָמע־יאָרן זיינען די מופטיסטן געשטאַנען בעראָש פון דער אַראַבישער גרופּע, וועלכע האָט געפירט אַן אָפּגענעם קריג קעגן די יידן און האָבן געהאַט אַן ענגע פאַרבינדונג מיט די נאַציסטן. ס׳איז באַוווּסט, אַז אייכמאַן איז געווען א געוויסע צייט אין פּאַלעסטינע בייס דעם אַראַביש־יידישן קאָנפליקט אַלס פאַרשטייער פון דער דייטשישער געהיימער אויסשפּירונג צוליב דעם, קעדיי קאָאָרדינירן די אָפּעראַציעס קעגן יידן. נאָר בלויז דעמלט, ווען מע האָט אים געכאַפּט און אויסגעפאָרשט אנדערע אויפגעשוווּמענע דאָקומענטן, האָט מען אויסגעקלאָרט, אַז געפונען האָט ער זיך אין פּאַלעסטינע אינגאַנצן 48 שאָ. ער האָט, פאַרשטייט זיך, בעדייע געהאַט זיין דאָרטן לענגער, נאָר די בריטאַנישע אַדמיניסטראַציע האָט אים אַרויסגעמעשאַלייעכט אַלס א דייטשישן געהיימען אַגענט. דאָס איז פאַרגעקומען דעם 2־טן — 3־טן אָקטיאַבער 1937.

וועגן דעם, אַז ער באַהערשט יידיש און העברעיש, האָט מען אָנגעהויבן ריידן נאָכן „אַנשלויס״ אין 1938, ווען ער האָט זיך געשטעלט בעראָש פונעם יידישן אימיגראַציאָנעלן אָפּיס אין ווין. ער פלעג זיך דאַן באַגעגענען מיט פאַרשטייער פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס אין עסטרייך, דורך וועלכע ער פלעג איבערגעבן זיינע באַפעלן. ער האָט אַזוי לייכט און פליסיק אָנגערופן די עקזאָטישע נעמען פון יידישע און ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, אַז ער פלעג שאַפן אַן איינדרוק (און אַזוי האָט ער טאַקע געוואָלט), אַז דאָס איז בלויז א טייל פון זיינע וואָקאַבולאַריע קענטעניש. אויף יידיש האָט ער פאַקטיש געקענט בלויז יענע ווער־

טער, וואָס זײַנען ענלעך צו דײַטש, העברעיש האָט ער אינגאַנצן ניט געקענט.

זײַן דעוויז איז געוואָרן דער אויסדרוק: „דערלערן דעם סוינע", און דער סוינע איז פֿאַר אים געווען די ייִדישע נאַציע. האָט ער אָנגע־הויבן דערלערנען די ייִדן, אים האָט ווייניק אינטערעסירט די ייִדישע געשיכטע, ער האָט קאָנצענטרירט זײַן אויפֿמערקזאַמקייט אויף די ייִדישע געמיינדעס אין דײַטשלאַנד, רעליגיעזע און ציוניסטישע באַוועגונגען. מיט דעם ציל האָט ער דערלערנט זייערע צײַטונגען און זשור־נאַלן. ער האָט געוווּסט די צאָל ייִדן אין יעדער שטאָט און שטעטל, האָט געוווּסט די נעמען פֿון די אָנפֿירער פֿון די געמיינדעס און די טעטיקײַט פֿון די ייִדישע קלובן. ער איז פּראַקטיש געוואָרן אַן עקספּערט אין דאָזיקן געביט. זײַן לאַגע האָט זיך סטאַביליזירט.

## די פֿאַרפֿאָלגונג הייבט זיך אָן

„אַדאָלף אייכמאַנען דאַרף מען כאַפּן און אים שטעלן פֿאַרן געריכט", — אַזוי האָט גע־מאָלדן דער קינפֿטיקער פּרעמיער־מיניסטער פֿון ייִשׂראל דאַוויד בען גוריאָן. דאָס איז געווען באַלד נאָך דער מילכאָמע אין 1945.

די דאָזיקע ווערטער האָבן געלייגט דעם אָנהייב פֿונעם גײַיִק נאָך אייכמאַנען, וואָס האָט געדויערט 15 יאָר און האָט זיך געענדיקט אין דאָרעם־אַמעריקע.

ווען די מענטשהײַט האָט זיך באַפֿרײַט פֿו־נעם נאַציזם, האָט די וועלט זיך דערוווּסט אין דער פֿולער מאָס די טראַגעדיע פֿונעם ייִדישן פֿאָלק. דאָס הײַפֿל לעבנגעבליבענע האָבן גע־שטרעבט קיין פּאַלעסטינע, אין לאַנד פֿון זייער האָפֿענונג, נאָר די טיר אַהין האָט פֿאַרבאַריקאַ־דירט די רעגירונג פֿון גרויסבריטאַניע, וועלכע האָט געהאַט אַ מאַנדאַט אויף פּאַלעסטינע.

בען גוריאָן האָט גערופֿן צו אָרגאַניזירן אַ געזעלשאַפֿט פֿון איבערגעגעבענע עמיסאַרן, וועלכע זאָלן געהיים אַריבערפֿירן ייִדן קיין פּאַלעסטינע. זיי האָבן געדאַרפֿט זיך פֿאַנאַנ־דערפֿאָרן איבער אַלע לענדער, ווו עס זײַנען פֿאַראַן לעבנגעבליבענע ייִדן.

בען גוריאָן האָט אין זײַן רעדע פֿאַר די אָפּפֿאָרנדיקע עמיסאַרן אויך געזאָגט, אַז אַ סך נאַציסטישע פֿאַרברעכער וועלן אױנגיכן זיך שטעלן פֿאַרן געריכט אין נירנבערג, נאָר ניט ווייניק פֿון זיי האָט זיך אײַנגעגעבן צו באַהאַלטן זיך, און אייכמאַן איז איינער פֿון זיי. אים דאַרף מען אומבאַדינגט געפֿינען. די עמי־סאַרן פֿון האַגאַנאַ זײַנען זיך צעפֿאָרן איבער פֿאַרשיידענע לענדער, אײַנגעשלאָסן דײַטש־לאַנד, עסטרײַך, טשעכאָסלאָוואַקיע, פּוילן, פֿראַנקרײַך, איטאַליע, רומעניע, אונגאַרן.

קיין עסטרײַך איז געווען געשיקט אַ מענטש, וועלכן מע האָט געקענט מיטן נאָמען אַרטור פּײַער. דאָס איז געווען בען נאַטאַן, די־רעקטאָר־גענעראַל פֿון דעם ייִשׂראלדיקן שוץ־מיניסטעריום.

ער האָט געהאַט די האָפֿענונג אַרויפֿקומען אויף די שפּורן פֿון אייכמאַנען, מאַכמעס די מיט־גלידער פֿון אייכמאַנס מישפּאָכע האָבן געלעבט אין עסטרײַך. פּײַער האָט געאַרבעט אויף „צוויי פֿראָנטן": פֿון איין זײַט, האָט ער מיטגעאַרבעט מיט דער בריטאַנישער און אַמעריקאַנער אויס־שפּירונג, קעדיי אויסזוכן קריגס־פֿאַרברעכער, און פֿון דער צווייטער זײַט — קעגן דער ברי־טאַנישער אויסשפּירונג, אָרגאַניזירנדיק דאָס אַרויספֿאָרן פֿון די לעבנגעבליבענע ייִדן קיין פּאַלעסטינע. מיט ביידע אופֿגאַבעס האָט ער זיך ספּראַוועט אויסגעצייכנט. ער האָט איבער־געשיקט טויזנטער טשעכישע און אונגאַרישע ייִדן, און אים האָט זיך אויך אײַנגעגעבן צו געפֿינען די ערטער, ווו עס האָבן זיך באַהאַלטן אייניקע קריגס־פֿאַרברעכער און זיי איבערגעבן אין די הענט פֿון די פֿאַרבינדעטע מעלוכעס, מע זאָל זיי שטעלן פֿאַרן רעכט־טעטיקן מיש־פּעט. אויך ער האָט אָפּגעזוכט די ערשטע שפּורן פֿון אַדאָלף אייכמאַנען. פֿאַרלײַכטערט זײַן אַרבעט האָט דאָס, וואָס די עסטרײַכישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אים פֿאַרגעלייגט זייער הילף, קעדיי מע זאָל זיי ניט כוישעד זײַן אין מיטאַרבעט מיט די נאַציסטן.

נאָר קיינער האָט ניט געוווּסט צי אייכמאַן איז געבליבן לעבן, צי מע האָט אים ניט דער־מאָרדעט, צי ער האָט זיך אַליין ניט דערשאָסן. אויב ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ לאַגער פֿאַר קריגס־געפֿאַנגענע, האָט ער אויף געוויס פֿאַר זיך צוגעטראַכט אַן אַנדער נאָמען, אָנגעטאָן אַן אַנדער אוניפֿאָרם און זיך געמאַכט פֿאַלשע דאָקומענטן.

אַרטור פּײַער האָט אין זײַן רעשוס געהאַט בלויז באַשרײַבונגען פֿון אייכמאַנס אויסערלעכן אויסזען, ייִדיעס וועגן זײַן עלטער און טעטי־קײַט. מיט דעם האָבן אים באַזאָרגט די ייִדישע לידערס אין ווין (זיי האָבן געזען אייכמאַנען אין 1938—1939) און אין בודאַפּעשט (זיי האָבן אים געזען אין 1944). קיין איין פֿאָטאָגראַפֿיע אייכמאַנס איז ניט געווען.

אַרויסבאַקומען אַזאַ פֿאָטאָגראַפֿיע איז גע־ווען די ערשטע אויפֿגאַבע, פֿון וועלכער עס האָט זיך אָנגעהויבן די פֿאַרפֿאָלגונג. אַרטור פּײַער האָט זיך געווענדעט צו דער עסטרײַכי־שער פּאָליציי מיט אַ באַקאָשע „דורכקעמען" די טפּיסעס מיטן ציל צו געפֿינען נאַציסטן, וועלכע האָבן געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט אייכ־מאַנען. די פּאָליציי האָט אָנגערופֿן אייניקע פֿון זיי, און אַרטור האָט זיך מיט זיי געזען אין טפּיסע, נאָר דאָס האָט גאָרניט געגעבן. עס זײַנען דורכגעגאַנגען לאַנגע כאָדאָשים. דערבײַ האָבן צו יענער צײַט אין נירנבערגער פּראָ־צעס שוין געגעבן באַווײַזן פֿיל געוועזענע נאַ־ציסטן, דערונטער אויך וויסליצעני, וועלכער

איז נאָכדעם ווידער אומגעקערט געוואָרן אין בראַטיסלאַוואַער טפיסע.

ארטור האָט באַשלאָסן, אַז גראַד וויסליצעני וועט אים ארופירן אַף די שפּורן פון אייכמאַנען. ער האָט זיך אוועקגעלאָזט קיין בראַטיסלאַווע און זיך דערשלאָגן אַ טרעפונג מיט וויסליצעני.

גאַרניט קיין אינטערעסאַנטס האָט יענער ניט געוווּסט, נאָר ער איז געווען זיכער, אַז אייכמאַן געפינט זיך ערגעץ אין עסטרייך. ער האָט אָנגערופן עטלעכע נעמען פון נאַציסטן, וואָס האָבן געאַרבעט מיט אייכמאַנען און וואָס געפינען זיך איצט אין עסטרייך. צווישן זיי איז געווען איינער אַן אָפיצער פון עסעס ווייזל, וואָס איז געווען אינײנעם מיט אייכמאַנען ביזן סאָף פון דער מילכאָמע. עפּשער ווייסט יענער, וואָס מיט אים איז געשען.

וויסליצעני האָט זיך דערמאָנט, אַז אין זײַן ווינער קוואַרטיר האָט ער איבערגעלאָזט עטלעכע פאָטאָגראַפיעס און צווישן זיי איינע אַ גרופּן-פאָטאָגראַפיע פונעם 1937, אַף וועלכע מע קאָן זען אייכמאַנען, וויסליצענין און נאָך צוויי מענטשן. ווײַטער האָט ער געזאָגט, אַז בא אייכמאַנען זײַנען געווען אינטימע באַציִונגען מיט איינער אַ דאַמע, זי לעבט אין דאָרף דאַפּעל, איר פאַמיליע איז, דוכט זיך, מעסענבאַכער. אייכמאַן האָט געזאָגט, אַז ער האָט זי געקענט נאָך אין לינץ. איינע פון אייכמאַנס אונגאַרישע געליבטע האָט געהייסן מאַרגיט קוטשערא. ארטור האָט זיך אומגעקערט צוריק קיין עסטרייך.

אַן ערך צו יענער צײַט איז געקומען קיין ווין פון אַ קאָנצלאַגער אין פּוילן אַ ייִד טוווי פרידמאַן. וועגן אים רעדט מען איצט, אַז ער האָט 15 יאָר געזוכט אייכמאַנען און דערנאָך אָנטיילגענומען אין פאַרכאַפּן אים. דער עמעס אָבער איז אין דעם, אַז ער האָט ניט געכאַפּט אייכמאַנען און ניט אָנטיילגענומען דירעקט אין פּלאַנירן די אָפּעראַציע. ער האָט אַפילע ניט געוווּסט וועגן דעם אויסגאַנג פון דער אָפּעראַציע, ביז אַ צײַטונג-רעפּאָרטיאָר האָט אים אָנגעקלונגען גלײַך נאָך דעם, ווי דער פּרעמיער-מיניסטער האָט מיטגעטיילט וועגן דער פאַרכאַפּונג. טוווי פרידמאַנס פאַרדינסט איז אַ גאַנץ באַשיידענער: ער האָט געפונען און אָפּגעגעבן אַ געוויסע צאָל דאָקומענטן וועגן אייכמאַנס טעטיקייט.

ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיט ארטורן אין ווין, האָט ער וועגן אייכמאַנען גאַרנישט ניט געוווּסט. ס'האָט אים געמאַטערט אַ ווילן אויסצוזוכן די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער פאַרניכטונג פון די ייִדן אין זײַן אייגענער שטאָט ראַדאָם. מיט דעם ציל האָט ער געוואָלט באַקומען ארטורס הילף צו גרינדן אַ ייִדישן דאָקומענטאַלן צענטער אין ווין. ארטור איז מאַסקים געווען סובסידירן אים, נאָר מיטן טנאַי, אַז דער צענטער זאָל פאַרשפּרייטן זײַן טעטיקײַט אויך אַף אַנדערע נאַציסטישע פאַרברעכער, וועלכע געפינען זיך אין עסטרייך (שפּעטער האָט פרידמאַן איבערגעפירט דעם צענטער קיין כײַפע).

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט מען אָנגעקלונגען פון דער אַרטיקער פּאָליציי וועגן דעם, אַז אין דער צענטראַלער טפיסע זיצט אַ געוועזענער עסעסאָווער יאָזעף ווייזל. ארטור האָט זיך גלײַך אוועקגעלאָזט אין דער דאָזיקער טפיסע. יאָ, ווייזל איז געווען מיט אייכמאַנען אין פּראַג ביזן סאָף פון דער מילכאָמע. ווען די דײַטשישע מאַפּאָלע איז געוואָרן אומפאַרמײַדלעך, האָבן זיי אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דער צוקונפט. נאָר אייכמאַן האָט פּלוצעם פאַרלאָזט פּראַג איינער אַליין און איז ערגעץ נעלעם געוואָרן...

דעם ווײַטערדיקן גורל פון אייכמאַנען האָבן, לויט ווייזלס ווערטער, געקאָנט וויסן זײַנע צוויי געליבטע — מאַרגיט קוטשערא, וועלכע האָט זיך געפונען אין בודאַפּעשט מיט אייכמאַנען ביזן 1947 און לעבט איצט, קאָן זײַן, אין דײַטשלאַנד (די דאָזיקע דאַמע האָט מען ניט געפונען), און מאַריאַ מאָזענבאַכער פון דאַפּעל, וועמען אייכמאַן האָט באַזוכט זייער אָפט. זי האָט געהאַט אַן אייגענע פאַבריק אין דאַפּעל, און אייכמאַן האָט זיך דערשלאָגן, אַז די עסעסאָווצעס האָבן זי אָפּגעקויפט און פאַרוואַנדלט אין אַ צענטער אַף „איבערדערציִען" ייִדן. אין רעזולטאַט פון דעם האָט מיסיס מאָזענבאַכער אָפּגעכאַפּט אַ היפּשע פּויטעקע. גראַד זי, די דאָזיקע מאָזענבאַכער, האָט געהאַט אין זינען וויסליצעני. ווייזל האָט געזאָגט, אַז זי געפינט זיך נאָך, ווײַזט אויס, אין דאַפּעל, און האָט אָנגעצייכנט פאַר ארטורן אַ מאַפּע, וויאַזוי צו קומען קיין דאַפּעל פון לעמבאַך, אָפּמערקנדיק אַף איר מאָזענבאַכערס הויז.

אָבער פאָרן קיין דאַפּעל האָט ארטור ניט געקאָנט, ווײַל דאָס וואָלט פאַרנומען אַ סאַך צײַט. דערבײַ איז זײַן גרונטיקע אויפגאַבע איצט געווען — ראַטעווען וואָס מער ייִדן.

צווישן ארטורס געהילפן אין ווין איז געווען מאַנוס דיִאַמאַנט, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט פון אַ פּוילישן קאָנצלאַגער. דאָס איז געווען אַ שיינער בלאָנדער יונגערמאַן פון מיטעלן וווּקס, וואָס האָט גוט גערעדט דײַטש און וואָלט לײַכט דורכגעגאַנגען פאַר אַ פאָלקסדויטש. צו דעם אַלעמען איז ער געווען גענוג קלוג. אים האָט מען געקאָנט שיקן קיין דאַפּעל, ער זאָל דעראָבערן פרײַנטשאַפט און צוטרוי בא מיסיס מאָזענבאַכער. אייכמאַנס פאָטאָגראַפיע איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע זאַכן, וואָס האָבן אינטערעסירט ארטורן. כוץ דעם, האָט דיִאַמאַנט געדאַרפט זיך דערוויסן בא מאָזענבאַכער, צי לעבט אייכמאַן, אויב יאָ, איז ווו איז ער איצט.

אַף וויפל דיִאַמאַנטס דײַטשישע שפּראַך האָט געהאַט אייניקע כעסרוינעס, האָט ער באַשלאָסן זיך אויסגעבן פאַר אַ דענעמאַרקער דײַטש, וואָס האָט מיטגעאַרבעט מיט די נאַציסטן און האָט געמוזט פאַרלאָזן דענעמאַרק. ער איז געקומען קיין דאַפּעל און מע האָט אים

זייער גוט אופגענומען, נאָר מאַריאַ מאַזענבאַכער איז דאָרט ניט געווען. יאָ, אין דעם ארום האָט מען זי געקענט, נאָר שוין א לאַנגע צײַט, אַז זי איז ארויסגעפאָרן.

פון איינער א באַאָרטער דאַמע האָט ער זיך דערוווּסט, אַז מיסיס מאַזענבאַכער האָט איצט געלעבט אינעם דערפֿל אורפאַכר, 5 מײַל פון דאַפּעל, און אין עטלעכע טעג ארום איז ער שוין געזעסן לעבן א 35־יאָריקער טונקל־האָריקער נאַיווער (אפן ערשטן בליק) פרוי. דאָס איז געווען מאַזענבאַכער. ער האָט איר געזאָגט, אַז אייכמאַן איז געווען א פרײַנט פון זײַן מישפּאָכע, האָט עטלעכע מאָל זי דערמאָנט אין געשפּרעך און אַז בא זיי זײַנען פון אים געבליבן אייניקע ווערטפולע זאַכן. ווּהין זיי אָפּשיקן, וועמען איבערגעבן, ווייסט ער ניט, און דעריבער בעט ער, זי זאָל מיט עפּעס באַהילפיק זײַן.

מיסיס מאַזענבאַכער האָט זיך פאַרינטערעסירט מיטן איניען. האַגאַם, ריידנדיק וועגן אייכמאַנען, האָט זי פאָרזיכטיק אונטערגעקליבן ווערטער, איז אָבער בא איר קיין כשאַד ניט אופגעקומען. מיטן מאַן, וועלכער איז געווען עלטער פון איר אָף 15 יאָר, האָט זי זיך געגעט און געלעבט איינזאַם, אַזוי אַז די נײַע באַקאַנטשאַפט איז איר געווען צום האַרצן. אין עטלעכע וואָכן ארום האָט זי ארויסגענומען אן אַלבאָם מיט אַלטע פאָטאָגראַפיעס, און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן דערמאָנונגען. בלעטערנדיק די זײַטלעך און אָנווײַזנדיק אָף איינער א פאָטאָגראַפיע, האָט זי געפרעגט: „נו, ווי געפעלט אײַך מײַן אַדאָלף?” די פאָטאָגראַפיע איז געמאַכט געוואָרן אין דער מיט פון די 30־ער יאָרן.

אין עטלעכע טעג ארום האָט דיאַמאַנט זיך אומגעריכט געיאַוועט צו איר אין דער באַגלייטונג פון דער אָרטיקער פּאָליציי, קלוימערשט צו זוכן פאַלשע פּראָדוקטן־קאַרטלעך. בײַס דער אונטערזוכונג האָט ער ארויסגעריסן פונעם אַלבאָם דאָס בלעטל מיט אייכמאַנס פאָטאָגראַפיע.

אין ווין האָבן דיאַמאַנט און אַרטור פאַרמערט די פאָטאָגראַפיע, אָפּגעשיקט קאָפּיעס אין אן אַמעריקאַנער ספּעציעלער דינסט פאַר אויסזוכן קריגס־פאַרברעכער און אין דער עסטרײַכישער מעלוכע־פּאָליציי. יענע האָבן זיי ווײַטער צעשיקט איבער אַלע טפיסעס און פּאָליציי־פאַרוואַלטונגען, ווּ עס האָט זיך געקאָנט אויסבאַהאַלטן אייכמאַן. איצט איז שוין געקומען די צײַט, ווען מע קאָן ווירקלעך אָנהייבן די פאָרשונג.

דערווײַל האָט דיאַמאַנט זיך דערוווּסט, ווּ עס לעבט אייכמאַנס מישפּאָכע. מיסיס אייכמאַן מיט דרײַ זין האָבן זיך געפונען אין עסטרײַכישן דאָרף אַלט אַאוּזי. זייער אַדרעס האָבן דיאַמאַנטן געגעבן אייכמאַנס פאָטער און זײַנע ברידער, מיט וועלכע ער האָט זיך באַפרײַנדעט, ניט ארויסרופנדיק בא זיי קיין שום כשאַד. און דיאַמאַנט האָט זיך געלאָזט קיין אַלט אַאוּזי.

מיט מיסיס אייכמאַן האָט ער אָנגעווענדט די זעלבע טאַקטיק, וואָס מיט דער געליבטער פון איר מאַן, און אין עטלעכע טעג ארום איז ער אײַנגעלאַדן געוואָרן אַלס א מישפּאָכע־פרײַנט, נאָר דאָס האָט אים גאָרניט געגעבן, מיסיס אייכמאַן איז געווען זיכער, אַז אַדאָלף אייכמאַן איז געשטאָרבן.

אין 15 יאָר ארום איז באַוווּסט געוואָרן פון אייכמאַנען אַליין, אַז זײַן פרוי האָט ווירקלעך ניט געצווייפלט אין זײַן טויט, מאַכמעס ווען ער זאָל לעבן, וואָלט ער שוין ווי־ניט־איז געגעבן וועגן זיך צו וויסן. אַזוי האָט זי געטראַכט. און אייכמאַן האָט געוווּסט, אַז ס'איז בעסער פאַר אים, זי זאָל זײַן זיכער אין זײַן טויט — ווייניקער שאַנסן, מע זאָל אים אָפּזוכן, ביז ער וועט זיך ניט איבערפּעקלען אָף יענער זײַט אָקעאַן. זעענדיק, ווי זיכער עס איז די פרוי אין אייכמאַנס טויט, האָט דיאַמאַנט אָנגעהויבן צווייפלען, צי יענער לעבט. געצווייפלט האָבן אויך אַנדערע פון דער גרופּע פאַרפאָלגער.

אַרטור און דיאַמאַנט האָבן, פאַרשטייט זיך, פאָרגעזעצט די זוכונגען, נאָר אָן א באַזונדערער באַגײַסטערונג. אַוודע וואָלט געווען ניט ריכטיק צו טראַכטן, אַז דאָס געיעג האָט זיך אָן אופהער געפירט אַלע וואָכן. אַלע טעג אין מעשעך פון די 15 יאָר פון דעם מאָמענט, ווען אייכמאַן איז פאַרשווּנדן געוואָרן. אָנהייבנדיק פון דער צײַט, ווען אַרטור איז געווען אין ווין און אַנדערע עמיסאַרן פון האַגאַנאַ — אין אַנדערע אייראָפּעיִשע שטעט, האָט מען פאָרגעזעצט די באַמיִונגען צו אָפּזוכן דעם פאַרברעכער. דאָס זײַנען געווען, אַזוי צו זאָגן, האַלבערנסטע, ניט גענוג פּראָפעסיאָנעלע אָפּעראַציעס, ווײַל אַלע זוכונגען, כויץ דער דירעקטער פאַרכאַפּונג־אָפּעראַציע, האָבן געהאַט אויך אַנדערע אופגאַבן. פיל פון זיי זײַנען דורכגעפירט געוואָרן ניט אויסגעשפּראָכן פּראָפעסיאָנעל, אויב ניט רעכענען דיאַמאַנטס דורכגעמאַכטע אַרבעט. ווײַטער וועט קומען א פּעריאָד פון שטורמישע אַקטיווע זוכונגען און גלײַך נאָך דעם — א דויערנדיקע אַנטוישונג. דערפאַר טאַקע האָט געמאַכט אַזאַ שטאַרקן אײַנדרוק דער ענדגילטיקער רעזולטאַט — די פאַרכאַפּונג פון אייכמאַנען. אָנהייבנדיק פונעם מאָמענט, ווען ס'איז געוואָרן פעסטגעשטעלט, אַז דער מענטש, וואָס לעבט אין אַרגענטינע אונטערן נאָמען ריקאַרדאָ קלעמענט, איז פאַקטיש אַדאָלף אייכמאַן, האָט די אָפּעראַציע זיך באַפרײַט פון צופעליקע, ניט־קאָמפּעטענטע גענג.

נו, און אין יענער צײַט, וועלכע איך באַשרײַב, האָט מען בלויז געזוכט די מעגלעכע שפּורן און זיך נאָר אָנגעשטויסן, צו וועלכע רעזולטאַטן זיי קאָנען ברענגען.

אין סאָף 1947 האָט מען אַרטורן אָפּגערופן פון ווין, כאָטש בא אים האָט נאָך געטליעט די האָפענונג צו געפינען אייכמאַנען. ס'איז אָבער דרינגענד נייטיק געווען אויסצובילדן און אויספורעמען די נײַע מעלוכע — מעדינאַס־יִסראָעל, — אין וועלכער ער האָט פאַרנומען א זייער הויכן פּאָסטן, און אין דעם

פינאל־קאפיטל פון כאפן אייכמאנען האָט ער שוין קיין אַנטייל ניט גענומען, ווי, אגעוו, אויך דיאמאנט, וועלכער איז נאָך דער עסטרײַכישער עפּאָפּיי אוועקגעפאָרן קיין ייִסראָעל. איצט איז ער א כאָשעווער ביזנעסמען און לעבט אין א פרעכטיקער פאָרשטאָט פון טעל־אוויוו.

דאָס באטײַט ניט, אז אייכמאנס דאָסיע איז פארמאכט געוואָרן. ארטור פײַער האָט איבערגעגעבן אלע דאָקומענטן, וועלכע ער האָט געהאט, קיין ייִסראָעל. נאָר צו יענער צײַט האָט מעדינאס־ייִסראָעל שוין עקזיסטירט, דערבײַ אָפּגעשלאָגן אלע אטאקעס פון די אראבישע שכיינים און אויסגעשפּילט די מילכאָמע פאר אומאָפּהענגיקײַט. אין אזא אומגעבונג איז אומעגלעך געווען אויסטיילן מענטשן און געלט־מיטלען אף אן אנדער איניען, כוץ אף פארפעסטיקן די ייִסראָעלדיקע געפארלאָזיקײַט. פונדעסטוועגן זײַנען געווען מענטשן, וואָס האָבן אופמערקזאם דערלערנט די יעדיעס ארום אייכמאנען.

די, וואָס האָבן געארבעט מיט ארטורן אין עסטרײַך, האָבן זיך געכאפּט פאר יעדער פּעדעמל, וואָס קאָן ברענגען צום געווונטשענעם רעזולטאט. איינער פון זיי האָט געמאָלדן, אז ער האָט געזען אייכמאנען אף א מעהאלעך פון 500 יארדן אין ווײַנאכט 1947 יאָר אין לינץ. איך, פּערזענלעך, צווייפל, צי קאָן מען אין ווײַנאכטיקן האמוין אף אזא מעהאלעך ווער־מען־ניט־איז דערקענען, אויב נאָר דער דאָזיקער איינער זאָל ניט זײַן אף א קאָפּ העכער פון די ארומיקע, אָדער ער זאָל ניט פארמאָגן קיין באזונדערע געזיכט־שטריכן — און אייכמאן האָט ניט געהאט ניט דאָס און ניט יענץ. דערבײַ האָט יענער מענטש געהאט צום פארגלײַכן בלויז איין פאָטאָגראפיע. און ניט געקוקט אף דעם, האָט זיך אים אײַנגעגעבן איבערצײַגן סײַ זײַנע כאווײרים, סײַ די אָרטיקע פּאָליציי, אז אייכמאן האָט זיך געפונען אין יענע ערטער, און אין עטלעכע טעג ארום איז אָרגאניזירט געוואָרן א לאָקערונג בא מיסיס אייכמאנס הויז, נאָר אָן דערפאָלג. ניט געקוקט אפן נעגאטיוון רעזולטאט, האָט מען אויך שפּעטער נאָכגעשפּירט די וווינונגען פון אייכמאנס פאָטער אין לינץ און אויך אין אלט אאוזי, ווו ס'האָבן געלעבט מיסיס אייכמאן מיט די זין.

קיין שום מערקווירדיקע געשעענישן זײַנען ניט פאָרגעקומען ביזן 1952 יאָר. אין איינעם א טאָג האָט אן אגענט פון דער עסטרײַכישער פּאָליציי מיטגעטיילט, אז מיסיס אייכמאן מיט אירע דרײַ זין האָבן פארלאָזט אלט אאוזי, נאָר וווּהין זיי זײַנען אוועק, האָט קיינער ניט געוווּסט. פּאָשעט נעלעם געוואָרן, און שוין. איצט איז געווען א גרונט צו טראכטן, אז אייכמאן לעבט און האָט געגעבן צו וויסן וועגן זיך זײַן מישפּאָכע. עס זײַנען גלײַך אופגעקומען פארשיידענע קלאנגען, וועלכע זײַנען זאָרגזאם דורכקאָנטראָלירט געוואָרן.

ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 1959 האָט א גרופּע אין ייִסראָעל באקומען א יעדיִע, אז אייכמאן געפינט זיך אין ארגענטינע, און דאָס איז שוין געווען ניט קיין קלאנג. גראָד אין דער צײַט, ווען די גרופּע האָט דורכקאָנטראָלירט דעם דאָזיקן פאקט, איז אָנגעקומען נאָך איין יעדיע, א מיטיילונג פון טוווי פרידמאן, וועלכע איז גלײַך פּובליקירט געוואָרן אין דער גאנצער וועלט־פּרעסע, וועגן דעם, אז אייכמאן געפינט זיך אין קוווייט. די גרופּע, וואָס האָט זיך פארנומען מיט די זוכונגען, האָט פונדעסטוועגן מוירע געהאט, אז דער מענטש אין ארגענטינע זאָל ניט בלײַבן אין שאָטן.

## נוע גייט נאָך די שפּורן

ווו זשע ווירקלעך האָט זיך געפונען אייכמאן? מיר וויסן, אז קורץ פארן סאָף פון דער מילכאָמע איז ער געווען אין פּראָג און האָט זיך אוועקגעלאָזט קיין עסטרײַך. אין מײַ 1945 האָט ער זיך געיאוועט קיין אלט אאוזי, קעדיי זיך באגעגענען מיט קאלטענברונערן.

דאָס איז צונויפגעפאלן מיט די באווײַזן פון וויסליצעני. ער האָט זיך געזען מיטן דאָקטאָר ווילהעלם געטל, וועלכער האָט אים דערציילט, אז אין אָנהייב מײַ איז אייכמאן געקומען קיין אלט אאוזי זיך צו באגעגענען מיט קאלטענברונערן. קאלטענברונער האָט דאן געזאָגט געטלען, ער זאָל איבערגעבן אייכמאנען, אז יענער זאָל זיך האלטן, ווי נאָר מעגלעך, ווײַטער פון אים. אייכמאן האָט אף דעם געענטפערט: „איך וועל זיך באהאלטן אין וואלד און וועל אין א נויט שטעלן א ווידערשטאנד ביז דער לעצטער קויל”.

איצט איז שווער צו פעסטשטעלן, וועלכע פּלענער האָט געהאט אייכמאן, אָפּפאָרנדיק פון אלט אאוזי. אליין האָט ער געזאָגט, אז ער וויל אינאיינעם מיט זײַן מישפּאָכע געפינען א מאָקעם־מיקלעט אין די בערג און וועלדער פון עסטרײַך, וועלכע זײַנען אים געווען גוט באקאנט. די מיטיילונגען פון זײַנע קאָלעגן, וואָס האָבן אים געזען אין אָט דער צײַט, פאלן ניט צונויף. אייניקע האָט ער געזאָגט, אז איצט בלײַבט אים בלויז איינס — ענדיקן מיט זעלבסטמאָרד. פאר אנדערע האָט ער זיך באַרימט, אז אים וועט קיינער קיינמאָל ניט געפינען. די דריטע דערציילן, אז ער האָט באשטימט זיך פארייניקן מיט זײַן מישפּאָכע און ערגעץ לעבן אונטער א פרעמדן נאָמען; ער האָט פאר זיך אויסגעפּארטיקט א פאלשן פּאספּאָרט, און אלע דאָקומענטן, וואָס האָבן א שײַכעס צו אים, האָט ער פארניכטעט.

ווען אייכמאן מיט זײַן אדיוטאנט זײַנען ארויס פון קאלטענברונערס קאנצעליאריע, האָט זיי אָפּגעשטעלט אן אמעריקאנער פּאטרול, זיי האָבן אים אָפּגענארט, אז זיי זײַנען פּאָשעטע קאפּראלן, און מע האָט זיי אָפּגעלאָזט. נאָר באלד נאָך דעם האָט זיי פארהאלטן אן אנדער

פאַטרול, וואָס האָט זיי אָן שום פּראָגעס אָפּגעפירט אין א לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע. אייכמאַן האָט אַף דער פראַגע וויאַזוי ער הייסט, זיך אָנגערופן באַרטש, דערמאָנענדיק זיך דעם נאָמען פון א דײַטשישן געשעפטסמאַן, מיט וועלכן ער האָט זיך אַמאָל באַגעגנט. דער אַדיוטאַנט האָט אָנגערופן זײַן ווירקלעכן נאָמען — יאַניש.

אינעם לאַגער האָט מען אים עטלעכע וואָכן ניט געטשעפּעט. נאָר שפּעטער האָט מען בײַ א מעדיצינישער באַטראַכטונג בא אים באַמערקט אונטער דער פּאַכווע א טאַטויִרונג פון זײַן בלוט־גרופּע, א דערקען־צייכן פון אַן עס־עסאָווער. דעם אַמעריקאַנער לייטענאַנט, צו וועלכן מע האָט אים באַלד אָפּגעפירט, האָט ער זיך „מודה געווען", אַז ער איז ווירקלעך אַן אָפיצער פון עס־עס, נאָר מאַכמעס ער איז געווען אין דער אָפּערירנדיקער אַרמיי, איז אים גאָרניט באַוווּסט וועגן דער פּאָליטישער טעטיקײַט פון עס־עס. נאָכדעם האָט מען אים מיט יאַנישן אָפּגעשיקט אין לאַגער פאַר אָפיצערן־עסעסאָוועצעס אין ווײַדען. אייכמאַן האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ וועט מען זיך מיט אים פאַרנעמען ערנסט און האָט אַף דעם פאַל צוגעגרייט זײַן ווערסיע. אַפן ערשטן פאַרהער האָט ער געמאָלדן, אַז זײַן עמעסער נאָמען איז עקמאַן. ער איז א לייטענאַנט פון דער 22־טער קאַוואַלעריע־דיוויזיע און געבוירן איז ער אין ברעסלאַו. מע האָט אים געגלייבט. ער האָט גוט געוווּסט, אַז די רעגיסטראַציע־דינסט אין ברעסלאַו איז פאַרניכטעט געוואָרן בײַס א באָמבאַרדירונג און דורכקאָנטראָלירן זײַנע באַווײַזן איז אוממעגלעך, דעריבער האָט ער אָנגעוויזן די דאָזיקע שטאָט אַלס זײַן געבורט־אָרט.

אין יול 1945 האָט מען אים אינאיינעם מיט יאַנישן איבערגעפירט אין אַן אַנדער לאַגער, אויך פאַר עסעסאָוועצעס, ווו מע האָט בא אים גענומען דעם פינגער־אָפּדרוק און אים פאַרעגיסטרירט מיטן נאָמען עקמאַן. דאָ איז ער געבליבן ביז יאַנוואַר 1946. אין משך פון דער צײַט האָט מען אים געפירט קיין אַנסבאַך צוליב א גענויער אויספאָרשונג וועגן זײַן דינסט אין דער קאַוואַלעריע. דעם פאַרהער האָט געפירט די אַמעריקאַנער קאָנטר־אויסשפּירונג. מע האָט אים אָבער ניט געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט צוערשט אָנגערופן זײַן נאָמען באַרטש און פאַרוואָס האָט מען אים פאַרהאַלטן אין אַן אוניפאָרם פון א פליִער. די אָפּוועזנהייט פון דאָקומענטן האָט ער דערקלערט מיט דעם, וואָס ער האָט זיי פאַרניכטעט אין הסכּם מיט דער מיליטערישער פאָרשריפט. די אויסשפּירונג האָט באַשטימט, אַז ער איז „אומשעדלעך" און אים אָפּגעלאָזט צוריק אין לאַגער, ווו די געפאַנגענע און די וואַך האָבן גוט געוווּסט, אַז אינגיכן וועלן די לאַגערן ליקווידירט ווערן און מע וועט אַלעמען אָפּלאָזן אַהיים.

אייכמאַן האָט זיך אָבער ניט באַרויִקט, מאַכמעס אין 1945 האָט זיך אָנגעהויבן דער נירנבערגער פּראָצעס, אַף וועלכן דער נאָמען אייכמאַן האָט געקלונגען צווישן די וויכטיקסטע פאַרברעכער, וואָס זײַנען געשטאַנען בעראָש פון דער פּראָגראַם וועגן אויסראָטן די ייִדן. דערבײַ האָט זײַן געוועזענער פרײַנט און מיטאַרבעטער וויסליצעני בעקויל־ראָם געמאָלדן, אַז אייכמאַן איז געווען איינער פון די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן פון דער דאָזיקער פּראָגראַם. אַנדערע הוּיכע באַאַמטע האָבן אויך געגעבן באַווײַזן וועגן אייכמאַנס ראָליע אין דער פאַרניכטונג פון די ייִדן. דערבײַ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ניט אַלע דאָקומענטן האָט זיך אים אײַנגעגעבן צו פאַרניכטן און אייניקע פון זיי האָבן געהאַט אַפילע זײַן אונטערשריפט.

עמעס, ער איז געווען פאָרויסזעעוודיק — קיינמאָל ניט פּאָזירט פאַר די אָביעקטיוון. די פאָטאָגראַפיעס, וואָס זײַנען געווען, האָט ער פאַרניכטעט. עס קאָן דאָך אָבער טרעפן, אַז ערגעץ־ווּ, בא עמעצן זײַנען פּאָרט געבליבן זײַנע פאָטאָגראַפיעס. דאָס קאָן זייער זײַן... און ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַנטלויפן.

מיט דער הילף פונעם לאַגער־קאָמאַנדיר צווישן די עסעסאָווצעס, דעם שטורמבאַנפירער, וועלכער איז געווען דער אייציקער מענטש אין לאַגער, וואָס האָט, כוץ אייכמאַנס אַדיוטאַנט, געוווּסט, ווער עקמאַן איז אינדערעמעסן, האָט ער זיך געווענדט צום סאַמע עלטסטן לויטן טיטל, א געפאַנגענעם, וועלכער האָט מיטגעהאָלפן אייניקע „דריבנע פּערזאָנען" אַנטלויפן פונעם לאַגער. ס'איז געוואָרן אויסגעאַרבעט א פּלאַן. פאַר דעם סאַמע געפערלאָזן אָרט, ווו מע קאָן זיך אַף לאַנג באַהאַלטן, איז באַשטימט געוואָרן א קליין דערפל לעבן צעלע אין צאָפן־דײַטשלאַנד, אין וועלכן עס האָט געלעבט א ברודער פון איינעם א געפאַנגענעם, א וואַלד־וועכטער. אַף מאָרגן האָט מען אייכמאַנען געמאַכט פאַלשע דאָקומענטן אַפן נאָמען פון אָטאָ כעניגער. אין זעלבן טאָג האָט זיך אים אײַנגעגעבן פאַרניכטן די טאַטויִרונג אונטער דער פּאַכווע, כאָטש א שראַם איז פונדעסטוועגן געבליבן.

די לאַגערן זײַנען דעמלט באַוואַכט געוואָרן שוואַך. די סאָלדאַטן פונעם אָקופּאַציע־מיליטער האָבן געלעכצט וואָס גיכער זיך אומקערן אַהיים. אין צוויי טעג אַרום נאָך וויסליצעניס איידעס־זאָגן אין נירנבערג האָט אייכמאַן געמאַכט פּלייטע.

א האַלב יאָר האָט אייכמאַן אונטערן נאָמען כעניגער געלעבט אין דערפל פּרין, און אין אָנהייב מאַרט איז ער געקומען קיין צעלע, וואָס האָט זיך געפונען 50 מײַל דאָרעמדיקער פון האַמבורג און בא 121 מײַל מײַרעוודיקער פון בערלין, אין נידער־סאַקסאָניע. דער וואַלד־וועכטער האָט אים געהאָלפן מיט אַרבעט און געפונען אים א וווינונג אין א שכיינעסדיק דערפל.

אַזויאַרום, האָט אייכמאַן, איצט אָטאָ כעניגער, אָפּגעלעבט 3 יאָר אומלעגאַל. א נאָמען־

לאָז בלעטל אויף דער איבערפלאַך פון דער דאָרפישער סאַזשלקע.

ער האָט געלייענט צײַטונגען. פון זיי האָט ער זיך דערוווּסט, אַז ער איז איינער פון די דרײַ סאַמע העכסטע נאַציסטישע באַאַמטע, וואָס געפינען זיך אויף דער פרײַ. די צוויי אַנדערע זײַנען געווען מאַרטין באָרמאַן און הענריך מיולער.

ער האָט געהאַט גענוג צײַט אַלץ צו באַקלערן. ער האָט גוט געוווּסט די „מײַסים־טויווים", וואָס ער האָט אויפגעטאָן. צומאָל, ווען ער האָט געאַרבעט אין וואַלד, האָבן זיך אים אין דער צווישטשרײַ פון פייגל, אינעם פּאַטשן פון זייערע פליגל געדוכט, אַז דאָס זײַנען קוילעס פון די קאַראַבינעס, וואָס שרײַען וועגן נעקאָמע. נאָר געטראַכט האָט ער וועגן יענער פּראַקטיקער צײַט, ווען ער וועט זיך קאָנען פאַראייניקן מיט זײַן פרוי און מיט די זין. זײַן האָפענונג האָט אונטערגעפּעסטיקט דאָס, וואָס עס האָט אים ביז איצט אויסערגעוויינלעך געגליקט.

צום סוף 1949 האָט ער אָנגעהויבן פּלאַנירן דעם ענדגילטיקן טראָט צו דער לאַנג־געגאַרטער פרײַהײַט, צו דער פאַראייניקונג מיט דער מישפּאָכע. ער וועט אוועקפאָרן קיין דאָרעם־אַמעריקע. דאָס לעבן וועט דאָרט זײַן שווערער, איידער אויפן נאָענטן מיזרעך. נאָר דאָרט קען אים קיינער ניט. ער וועט זײַן צווישן פרײַנט, ווײַל קיין דאָרעם־אַמעריקע זײַנען אַנטלאָפן אַ סאַך נאַציסטן. קיינער וועט ניט וויסן, ווּ ער איז, און דער זיקאָרן וועגן אים וועט מיט דער צײַט אָפּגעשוואַכט ווערן. און דאָס וויכטיקסטע איז דאָס, וואָס אים וועלן אָפּשיידן פון די מעגלעכע פאַרפאָלגער טויזנטער מײַלן און דער אָקעאַן. אַ נאָדל אין אַ וואָגן היי.

ער האָט געוווּסט, אַז עס האָבן זיך געשאַפן אונטערערדישע נאַציסטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געהאָלפן די געוועזענע אָפּיצערן פון געסטאַפּאָ אַנטלויפן קיין דאָרעם־אַמעריקע אָדער אויפן נאָענטן מיזרעך. דער אָפּפאָר־פּונקט איז געווען איטאַליע — פון באַרי איז מען געפאָרן אויפן נאָענטן מיזרעך און פון גענויע פלעג מען זיך איבערפּעקלען קיין אַרגענטינע.

די סאַמע טעטיקסטע פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס איז געווען אָדעסאַ, וועלכע איז אין איינקלאַנג מיטן נאָמען פון דער רוסישער שטאָט.

אייכמאַן האָט פאַרבונדן אַ קאָנטאַקט מיט די מיטגלידער פון אָדעסאַ אין אָנהייב 1950. אין מײַ כוידעש פון דעם זעלבן יאָר האָט ער פאַרלאָזט צעלע, דערנאָך האָט מען אים דורך עסטרײַך איבערגעפירט קיין איטאַליע, אין רוים. צו יענער צײַט איז דורכגיין די גרענעצן נאָך געווען גאַנץ לײַכט.

אין גענויע האָט אייכמאַנען אויפגענומען זייער וואַרעם אַ מאָנאַך־פראַנציסקאַנער, וועלכער האָט געהיים סימפּאַטיזירט די נאַציסטן. דורכן וואַטיקאַן האָט ער אים אויסגעפּאַרטיקט אַ פּאַספּאָרט אויפן נאָמען פון ריטשאַרד קלעמענט. אין וואַטיקאַן האָט קיינער ניט געוווּסט, אַז זיי מאַכן אַ פּאַספּאָרט פאַר אַ נאַציסט, ביפּראַט נאָך פאַר אייכמאַנען. אָבער אָט דער פראַנציסקאַנער מאָנאַך, און דאָס איז איצט פּינקטלעך פעסטגעשטעלט, האָט גוט געוווּסט, אַז ער העלפט אַדאָלף אייכמאַנען, וועלכער האָט דורכגעפירט די פּראָגראַם פון ייִדן־פאַרניכטונג.

דער פּאַספּאָרט, אין וועלכן ס'איז, אַגעוו, געווען אָנגעוויזן אין דער רובריק „עמונע" — אַ רוימישער קאַטאָליק, איז פאַרטיק געווען אין אָנהייב יוני. אין אַ וואָך אַרום איז שוין געווען די אַרגענטינער וויזע און אין יולי איז אייכמאַן געקומען קיין בוענאָס־אײַרעס.

ערשט איצט האָט ער געקאָנט פרײַ אָפּעטעמען: אייראָפּע איז געבליבן ווײַט אויף יענער זײַט אָקעאַן. אין דער וועלט, ווּ ער געפינט זיך, זײַנען ניטאָ קיין קרעמאַטאָריעס, קיין טויטעשלאָנען, קיין קאָנצלאַגערן.

איצט דאַרף מען געפינען אַרבעט און זיך אײַנאָרדענען ערגעץ אין אַ וווינונג. ער האָט נאָך געדאַרפט באַקומען אַן אידענטיפיקאַציעקאַרטע, וואָס דאָ הייסט זי צעדולאַ. דעם נאָמען ריטשאַרד האָט ער געענדערט אויף ריקאַרדאָ און האָט אַפילו זײַן עלטער פאַרקלענערט אויף 7 יאָר. די עמונע האָט ער געלאָזט אומגעענדערט, אָנגעשריבן, אַז ער האָט ניט קיין היימלאַנד, איז אַ באָכער, די בילדונג — אַ מיטעלע, באַהערשט דײַטש און ענגליש. זײַנע אַרגענטינער דאָקומענטן זײַנען פאַרטיק געווען אין אָנהייב אָקטיאַבער.

אין מעשעך פון דער צײַט האָט ער אָנגעשריבן אייגנהאַנטיק אַ בריוו צו זײַן ווײַב (דאָס ווײַב זאָל דערקענען זײַן האַנטשריפט), אַז „דער פעטער פון אירע קינדער", וועלכן מע האָט געהאַלטן פאַר אַן אומגעקומענעם, לעבט און געפינט זיך איצט אין אַרגענטינע, און ווי נאָר ער וועט זיך אײַנאָרדענען, וועט ער זיי אַרויסרופן צו זיך.

אין דעם צווייטן בריוו האָט ער דרינגלעך געבעטן האַלטן דאָס אַלץ בעסאָד און קיינעם ניט ווײַזן דעם בריוו. ער האָט איר פאָרגעלייגט, זי זאָל באַזאָרגן אַ דאָקומענט וועגן זײַן טויט. ער האָט ניט געוווּסט, אַז נאָך פרילינג 1947 האָט זי זיך געווענדט מיט אַ ביטע פאַרעגיסטרירן דעם טויט פון איר מאַן אַדאָלף אייכמאַן. אַלס איידעס איז געווען אַ דײַטשישער סאָלדאַט קאַרל לוקאַס, וועלכער איז קלוימערשט געווען אינאיינעם מיט אייכמאַנען, ווען יענער האָט באַגעגנט זײַן טויט אין 1945 אין פּראָג. די מאַכטאָרגאַנען האָבן אָבער אויסגעקלאָרט, אַז לוקאַס איז דער מאַן פון איר שוועסטער און מיסיס אייכמאַן האָט זיך ניט מאַטריזשעט געווען וועגן דעם צו מעלדן. דערצו האָבן אייניקע נאַציסטן אויפן נירנבערגער פּראָצעס באַווייזן, אַז אין אַפּרעל 1945 האָט אייכמאַן געלעבט. אייכמאַנס פרוי איז געווען געצוווּנגען נעמען צוריק איר מעלדונג.

קיין פינאַנסיעלע שוועריקייטן האָט זי ניט געהאַט — אין מעשעך פון דער גאַנצער צײַט האָבן איר געהאָלפן אייכמאַנס פאַרמעגלעכע קרויווים. אין צוויי יאָר אַרום וועט זי פאָרן צום מאַן. אין א געוויסן זין האָט זי די צוויי יאָר איבערגעלעבט שווערער, איידער דעם פאַריקן פאַריאָר, — איבער דער מוירע אויסגעבן איר סאָד.

די ערשטע כאַדאָשים אין אַרגענטינע האָט אייכמאַן פאַרבראַכט אין בוענאָס-אײַרעס, זיך געהאַלטן באַזונדער, באַגעגענענדיק זיך בלויז מיט עטלעכע פרײַנט פון דער קאָלאָניע פון דײַטשישע נאַציסטן, אַף וועלכע ער האָט זיך געקאָנט פאַרלאָזן. זיי האָבן אים געהאָלפן צונויפשטעלן די דאָקומענטן און צומאָל אונטערגעוואָרפן אים אַרבעט. א שטיקל צײַט האָט ער געלעבט אין א דײַטשישן פאַנסיאָן אין ראַיאָן פאַרטידאָ וויסענטאָ לאָפעז, ווו ס'האָבן זיך אופגעהאַלטן פיל נאַציסטן. ער האָט אָבער מוירע געהאַט, אַז עמעצער פון די, וואָס האָבן אים געזען אין דײַטשלאַנד אָדער אין עסטרײַך, זאָלן אים דערקענען. דאַן האָט זײַן פרײַנט קאַרלאָס פולדנער אים אײַנגעאָרדנט בא א דײַטשישן אימיגראַנט פערנאַנדאָ ריפלער, ווו ער האָט געוווינט 4 כאַדאָשים.

צו יענער צײַט איז זײַן צעדולאָ שוין געווען פאַרטיק, און ער האָט באַקומען א מעגלעכקײַט זיך אײַנאָרדענען אַף א באַשטענדיקער אַרבעט. פולדנער איז געשטאַנען בעראָש פון אַן אַרגענטיניש-דײַטשישער קאָמפאַניע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „קאַפרי“ און האָט אויסגעפילט אייניקע אַרבעטן פאַר דער רעגירונג אין א קליין שטעטל טוקומאַן. דאָס שטעטל איז געשטאַנען 700 מײַל ווײַט פון בוענאָס-אײַרעס און 200 מײַל פון דער באָרגגרענעץ מיט טשילי. פונדלער האָט אײַנגעאָרדנט אייכמאַנען אַהין אַף אַרבעט, און יענער איז באַלד אוועקגעפאָרן קיין טוקומאַן.

אייכמאַן האָט באַשלאָסן, אַז גראַד דאָ וועט ער זיך באַזעצן און אַהער אַריבערפירן זײַן מישפאָכע. ער האָט וועגן דעם געגעבן צו וויסן דער פרוי, דערמאָנענדיק, זי זאָל דערווײַל גאָרניט דערציילן די קינדער.

טראָץ די פיל האַשאָרעס, האָט זי זיך ניט באַניצט מיט פאַלשע דאָקומענטן, קעדיי פאַרלאָזן עסטרײַך. בא א יאָר צײַט האָט זי זיך פאַרנומען מיט באַקומען א פאַספאָרט אַף איר אייגענעם נאָמען. אין יאָר 1952 איז זי געפאָרן קיין ווין, קעדיי אויספאָדערן פאַר זיך און פאַר די קינדער א דײַטשישן (ניט קיין עסטרײַכישן) פאַספאָרט אַף איר מיידלשער פאַמיליע וועראָניקאַ ליבל. זי האָט, הייסט עס, געהייראַטעט מיט אַן עסטרײַכער אייכמאַן און זיך מיט אים געגעט, דעריבער איז בא די קינדער געבליבן די פאַמיליע אייכמאַן. זי האָט זיך דערוווּסט, אַז אין ציריך איז פאַראַן א קאָנטאָר, וואָס גיט אַרויס פאַספאָרטן יענע דײַטשן, וועלכע לעבן אויסער די גרענעצן פון דײַטשלאַנד. אַהין איז זי געפאָרן און האָט באַקומען א פאַספאָרט אַף דער פאַמיליע ליבל און פאַר די קינדער — אייכמאַן (אַגעוו, מיט עטלעכע יאָר שפעטער האָבן די אַנטינאַציסטישע אויספאָרשער געפונען די דאָסיע פון ליבל אין דער דאָזיקער ציריכער קאָנטאָר. אָבער דאָרט האָבן זיך אָפגעפונען בלויז די טעוועלער מיטן נאָמען ליבל, און אַלע פאַפירן זײַנען געהיימניספול פאַרשוווּנדן).

אין די יאָמטעוו-טעג פון דער קאַטוילישער פאַסכע פון 1952 האָט מיסיס אייכמאַן מיט די קינדער פאַרלאָזט עסטרײַך און זיך געלאָזט פאָרן גלײַך קיין איטאַליע, ווו זי האָט אין גענויע באַקומען די אַרגענטינער וויזע. אָנהייב יול האָט זי זיך אופגעזעצט אַף דער שיף אינײַנעם מיט די זין קלאַוס, כאָרסט און דיטער (דיטער איז געוווען אָנגערופן לעקאָוועד וויסליצעני). סאָף כוידעש איז זי שוין געוווען אין בוענאָס-אײַרעס. אין עטלעכע טעג אַרום איז זי אַרויסגעפאָרן קיין טוקומאַן, און פאַר די אויגן איז איר געשטאַנען איר מאַן, א נאַציסטישער אָפיצער, וועלכן ס'האָט זייער געפאַסט די אַקוראַטע אוניפאָרם. אָבער באַגעגנט האָט זי א ציווילער מענטש אין די מיטעלע יאָרן, באַשיידן געקליידט, מיט א צעקנייטשט פאָנעם און באַוועגט האָט ער זיך פאַמעלעך. דאָס איז געווען אין אַווגוסט 1952. זינט זייער לעצטער באַגעגעניש איז דורכגעגאַנגען מער פון זיבן יאָר.

טוקומאַן איז געוואָרן א היים פאַר איר מיט די קינדער און פאַרן „פעטער ריקאַרדאָ“ ניט אַף לאַנג, ווײַל אין 1953 האָט די פירמע „קאַפרי“ זיך געמוזט ליקווידירן. עס זײַנען געווען יעדיעס, אַז, זוכנדיק אַרבעט, האָט אייכמאַן געוואַנדערט פון איין לאַנד אין אַנדערן, נאָר אינדערעמעסן האָט ער ניט פאַרלאָזט אַרגענטינע. אויסער די 9 כאַדאָשים, וואָס ער האָט געאַרבעט אַף א קראָליק-ציכטלערישער פערמע הינטער דער שטאָט, האָט ער די גאַנצע צײַט נאָכן פאַרלאָזן טוקומאַן געלעבט אין בוענאָס-אײַרעס.

ניט עמעס איז אויך, אַז זײַן פרוי איז אין 1958 געפאָרן קיין עסטרײַך צו פאַרלענגערן דעם פאַספאָרט און אַז דאָס האָט קלוימערשט געדינט אַלס אָנהייב פון פאַרפאָלגן און ענדלעך כאַפן אייכמאַנען — אויך זי האָט ניט פאַרלאָזט אַרגענטינע.

די קראָליק-ציכטלערישע פערמע האָט געהערט צו א דײַטש, א ווײַטן קאָרעוו פון אייכמאַנס ווײַב, וועלכער האָט עמיגרירט קיין אַרגענטינע נאָך פאַר דער מילכאָמע. אָבער ניט וועגן אַזאַ לעבן האָט אייכמאַן געטרוימט. די אַרבעט איז געוווען א שווערע, ער איז ייִנגער ניט געוואָרן, און כוץ דעם, איז ער ווידער געווען ווײַט פון דער פאַמיליע. מע האָט געקאָנט זיך אײַנאָרדענען אַף א בעסערער אַרבעט אין בוענאָס-אײַרעס, האַגאַם דאָרט קאָנען זיך טרעפן נאַציסטן, וואָס האָבן אים אַמאָל געקענט. ער האָט די דאָזיקע געפאַר אָפגעוואָרפן:

אזויפיל יאָרן זײַנען דורכגעגאַנגען נאָך דער מיל־
כאָמע, אַז די, וואָס האָבן אים געקענט, האָבן
אים גיכער געקאָנט העלפן, איידער אויסגעבן.
אומגעקערט זיך קיין בוענאָס־אײַרעס, האָט
ער איבערגערעדט מיט זײַנע פרײַנט, און מע
האָט אים אײַנגעאָרדנט אין א דײַטשיש־אַרגענ־
טינישער פאַבריק מערסעדעס־בענץ אין סואַ־
רעס, א פאַרשטאָט פון בוענאָס־אײַרעס. די פאַ־
מיליע האָט ער אײַנגעאָרדנט אין קוואַרטיר אין
פאַרטידאָ וויסענטאָ לאַפּעז אין דער טשאקאבו־
קאָ־גאַס. אירע פרײַנט האָט מיסיס אייכמאַן
דערציילט, אַז זי האָט געמאַכט א סאַך צו איר
געגעט לעבן און האָט שטיל כאַסענע געהאַט
פאַר א נאָענטן פרײַנט. אין 1955 איז בא זיי
געבוירן געוואָרן דער פערטער זון, וואָס האָט
באַקומען דעם נאָמען ריקאַרדאָ פראַנסיסקאָ
(אַזויאַרום, איז אין דעם דאָזיקן געזינד לעכאַל־
האַפּאַכעס איין ריקאַרדאָ געווען אין עמעסדי־
קער). אים האָט מען פאַרעגיסטרירט אונטער
דער פאַמיליע קלעמענט. איצט איז דאָס גע־
זינד באַשטאַנען פון מיסטער און מיסיס קלע־
מענט, איין אַלגעמיינעם זון און דרײַ שטיפקינ־
דער, וואָס טראָגן די פאַמיליע אייכמאַן.

אין אָנהייב 1960 זײַנען זיי איבערגעפאָרן
אין אַן אייגן הויז, א פרימיטיוו איינשטאָקיק
מויערל אין דער גאַריבאַלדי־גאַס אין סאַן־פער־
נאַנדאָ, אויפן ראַנד פון דער שטאָט. די באַקוועמ־
לעכקייטן זײַנען דאָרט געווען מינימאַלע, קיין
עלעקטרע און קיין וואַסערלייטונג זײַנען ניט
געווען, נאָר אייכמאַנען האָט דאָס אַלץ באַפרי־
דיקט. אין דער דאָזיקער גאַס שטייט יעדע
שטוב אָפּגעזונדערט, ווײַט פון נײַגעריקע אויגן.
דאָרט האָבן זיך אַלע פאַרבאַהאַלטן אונטער
פאַרהענגלעך, אונטער שווערע טירן. און אויך
די פרײַז פאַרן הויז איז געווען ניט גרויס.
אייכמאַן האָט געקאָנט פאַרבעסערן זײַן מאַטע־
ריעלע לאַגע, אויפשטעלן אויף די פיס די גאַנצע
דײַטשישע קאָלאָניע, מעלדנדיק, אַז ער איז דאָ
דער העכסטער אָפיצערישער טשין פון געסטאַ־
פאָ. נאָר אפילו די גרעסטע געלטער זײַנען
ניט בעקויעך געווען צו קאָמפּענסירן די געפאַר
פון זיך דעמאַסקירן. אַזוי אַז בעסער פון אַלץ
איז פאַר אים פירן א לעבן, וואָס זאָל אַנט־
שפּרעכן זײַן באַשיידענע שטעלע, וואָס ער
פאַרנעמט אויף דער פאַבריק.

גראָד אין סאַן־פערנאַנדאָ האָט מען אים
געכאַפּט.

## וויאַזוי איז געפירט געוואָרן דאָס געיעג

די טעלעגראַם „דאָס איז סאַמע יענער
מענטש", וואָס יִגאַל האָט געשיקט דעם 21
מאַרט, האָט אין זעלבן אָוונט באַקומען דאַן,
זייער פאַרבינדלער אין טעל־אוויוו אין דער
„אָפּעראַציע אייכמאַן".

אין אויגוסט 1959 האָט מען אין יִשׂראל
זיך דערוווּסט, אַז אייכמאַן לעבט אין אַרגענ־
טינע אונטערן נאָמען ריקאַרדאָ קלעמענט. די
גרופּע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אייכמאַ־
נען, האָט ניט אויפגעהערט צו האָפן, אַז זי וועט
אים כאַפּן און נעקאָמע נעמען פאַר אַלע זײַנע
פאַרברעכנס. זיי האָבן ניט פאַרמאַכט די דאָסיע
אויף אים. דאָרט זײַנען פאַרשריבן געוואָרן אַלע
ידיעס, וואָס פלעגן אָנקומען פון פאַרשיידענע
קוואַלן.

די לעצטע ידיעס האָט געגעבן א ייִד,
וואָס האָט געלעבט אין דאָרעם־אַמעריקע און
פלעגט אָפט פאָרן קיין אַרגענטינע. זײַנע נאָענט־
סטע קרויווים זײַנען אומגעקומען אין די גאַז־
קאַמערן. וועגן דעם, אַז ער איז א ייִד, האָט
קיינער ניט געוווּסט. אים האָט זיך אײַנגעגעבן
צו פאַרפירן א באַקאַנטשאַפט מיט מיטגלידער
פון דער דײַטשישער קאָלאָניע אין בוענאָס־
אײַרעס. איינער פון זיי האָט אים געזאָגט, אַז
א געוויסער ריקאַרדאָ קלעמענט איז פאַרהיי־
ראַט מיט דער געוועזענער פרוי פון אייכמאַנען.
ער האָט זיך דערוווּסט, ווו קלעמענט אַרבעט
און ווו ער לעבט און אַז דרײַ זײַנע שטיפזין
טראָגן די פאַמיליע אייכמאַן. ס'איז גלײַך בא
אים אויפגעקומען א כשאַד, אַז קלעמענט דאָס
איז אייכמאַן און ער האָט וועגן דעם צו וויסן
געגעבן דער גרופּע אין יִשׂראל.

אין סעפּטעמבער איז יִגאַל אַוועקגעפאָרן
קיין דאָרעם־אַמעריקע און האָט דאָרט פאַר־
בראַכט צוויי כאָדאָשים. אויסער די גרענעצן
פון אַרגענטינע האָט ער זיך באַגעגנט מיט דעם
מענטשן, וואָס האָט צוגעשיקט די אינפאָרמאַ־
ציע און האָט אָרגאַניזירט אינאיינעם מיט אים
א גרופּע יונגע ייִדן־פרײַוויליקע, אַלע האָבן
גערעדט שפּאַניש און זײַנען געווען פון איראָ־
פּעיִשער אָדער באַלקאַנער אָפּשטאַמונג. בא
זיי אַלעמען האָבן די מישפּאָכעס געליטן פון
די נאַציסטן. זיי האָבן זיך איינציקווײַז אַוועק־
געלאָזט קיין בוענאָס־אײַרעס, דאָרט זיך באַ־
געגנט און אָנגעהויבן די אויספאָרשונגען.

אינגיכן האָט זיך בא זיי אָנגעקליבן א גע־
נוגנדיקער מאַטעריאַל, וואָס האָט פאַרשטאַרקט
דעם כשאַד, אַז קלעמענט און אייכמאַן איז
איינע און די זעלבע פּערזאָן. יִגאַל האָט גע־
הייסן זײַנע געהילפן פאָרזעצן די פאָרשונגען.
אַליין איז ער אָפּגעפאָרן קיין יִשׂראל און וועגן
אַלץ אָפּגעגעבן א באַריכט זײַן גרופּע.

זיי האָבן זיך באַגעגנט בא דאַנען אין
שטוב. צום שלוס פון זײַן באַריכט האָט יִגאַל
אַרויסגעזאָגט קימאַט די פולע איבערצײַגונג,
אַז זיי האָבן געפונען דעם מענטשן, וואָס האָט
אין מעשעך פון פופצן יאָר זיך אויסבאַהאַלטן
פון דעם גערעכטן מישפּעט. ס'איז באַשלאָסן
געווען פאַרכאַפּן אייכמאַנען און אים ברענגען
קיין יִשׂראל.

אויב ס'וועט ווערן פעסטגעשטעלט, אַז
קלעמענט איז אייכמאַן, קאָן מען אין דעם
איבערצײַגן די אַרגענטינער רעגירונג, אַז ער
איז א קריגס־פאַרברעכער, אָבער די פּראָצעדור

פון ארויסגעבן אים וועט זיך פארציִען אף לאנג, און אייכמאן וועט ווידער פארשווינדן. אים וועלן געוויס העלפן זײַנע נאציסטישע פרײַנט.

— פריִער, — האָט געזאָגט ייִגאל, — דארף מען כאפן אייכמאנען. איך וועל נעמען מיט זיך געדן און דאָוון און זיך אומקערן קיין בוענאָס-אײַרעס. מיט דער הילף פון אונדזערע דאָרטיקע כעוורע וועלן מיר אים פארכאפן און אים ארויסגאנווענען אָן שוועריקײַטן.

אין דרײַ וואָכן ארום איז ייִגאל אָפּגעפאָרן קיין ארגענטינע, „קעדיי באזוכן זײַן ווײַטן קאָרעוו". געד איז נאָכגעפאָרן מיט פינף טעג שפּעטער און דאָוו אין צוויי טעג ארום נאָך געדן. געפאָרן איז מען מיט פארשיידענע מארשרוטן.

איצט איז געקומען די צײַט פאר א דעטאַלער נאָכשפּירונג. ס'איז נייטיק צו דערלערנען דאָס לעבן פון דעם דאָזיקן מענטשן און זײַן מישפּאָכע, אזוי צו זאָגן, לויט די מינוטן, ניט געבנדיק בעשום-אויפן קיין סיבע כוישעד צו זײַן א נאָכשפּירונג. און דעריקער דארף מען פעסטשטעלן, אז דער מענטש איז אייכמאן.

אין פעווראל האָט געטראָפן דאָס נישט פאָרויסגעזעענע, וואָס שלאָגט שטענדיק אראָפּ פונעם וועג דעם יעגער, ווען ער גייט נאָכן שפּור פון דער כײַע: די כײַע האָט פארלאָזט די נאָרע. די פאמיליע פון די קלעמענטס האָבן געביטן דאָס ווינאָרט. זיי זײַנען אריבערגעפאָרן אף דער גאריבאלדי-גאס אין דער פאָרשטאָט סאן-פערנאנדאָ.

זייער נײַ הויז האָט זיך געפונען נאָך אין א גרעסערער איזאָליאציע פון די שכיינים. נאָכשפּירן נאָך די קלעמענטס האָט מען געקאָנט בלויז פונדערווײַטן. אין דרײַ טעג ארום האָט מען געפּטען א צימער, פון וועלכן ס'איז באקוועם געווען נאָכצושפּירן.

אין מעשעך פון דער גאנצער צײַט האָט קלעמענט זיך געהאלטן פעדאנטיש בא דער אײַנגעשטעלטער טאָג-אָרדענונג. און בלויז אין פאטאלן אָוונט פונעם 21 מארט, ווען ער האָט פאראטן זײַן אײַזערנעם רעזשים, קויפנדיק א בוקעט בלומען, האָט ער געגעבן זײַנע פאָרפאָלגער אן אומבאשטרײַטלעכע דערווײַזונג, אז ער איז אייכמאן.

אָפּגעשיקט די טעלעגראם קיין טעל-אוויוו, האָבן ייִגאל, געד און דאָוו אָנגעהויבן באהאנדלען, וויִאזוי צו כאפן אייכמאנען און וויִאזוי אים אריבערפירן קיין ייִסראָעל.

כאפן אים — אין דעם האָבן זיי ניט געזען קיין באזונדער שוועריקײַט: זיי האָבן געוווּסט אלע זײַנע וועגן אף אויסווייניק. נאָכדעם האָט מען באדארפט געפינען אן אָרט, ווו אים צו האלטן ביזן מאָמענט, ווען זיי וועלן אינאיינעם מיט אים אריבערפאָרן קיין ייִסראָעל. בעסער וואָלט געווען אָפּדינגען א הויז אין א דערווײַטערטער פאָרשטאָט.

איבערפירן קאָן מען אים בלויז אף אן עראָפּלאן אָדער אף א שיף. בעסער, פאָרשטייט זיך, איז ברענגען אים מיטן עראָפּלאן.

האגאם ס'איז אויך געפערלעכער, מאכמעס פליִען מוז מען מיט א טראנזיט-אָפּשטעלונג. דערפאר אָבער וואָלט אייכמאן אין פיר און צוואנציק שאָ ארום שוין געווען אין ייִסראָעל, און א יאם-רײַזע קאָן פארנעמען 3—4 וואָכן. ייִגאל האָט זיך קאָנסולטירט מיט דאנען, און יענער האָט אים צו וויסן געגעבן, אז „דעם מענטשן" דארף מען ברענגען אף אן עראָפּלאן. זיי האָבן באשלאָסן דינגען א ספּעציִעלן עראָפּלאן, ווײַל זיך באניצן מיט א פאסאזשיר-רייס, וואָס מאכט עטלעכע אָפּשטעלן, וואָלט געווען שווער און געפערלעך. באם דינגען דעם עראָפּלאן האָבן זיי באשטימט צו זאָגן, אז „זייער א רײַכער עקסצענטרישער קראנקער מענטש באשטעלט אן עראָפּלאן קיין מײַרעוו-אפריקע, קעדיי זיך דאָרט באגעגענען מיט א דאָקטער, וואָס באווײַזט פּאָשעט מויפסים". ווײַטער וועט שוין זײַן לײַכט זיך דערקלײַבן קיין ייִסראָעל.

אָבער ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דינגען אזא עראָפּלאן איז ניט גאָר פּאָשעט. דעם נייטיקן אוויִאָן האָבן זיי געקאָנט באקומען ערשט אין אָנהייב מײַ.

דאָס האָט געהייסן, אז די „פארכאפּונג-אָפּעראציע" מוז מען אָפּלייגן אף עטלעכע וואָכן. דערבײַ האָט די לופט-קאָמפּאניע ניט געקאָנט אָנרופן די פּינקטלעכע דאטע.

פאר זײַנע געהילפן האָט ייִגאל אָנגערופן די אָנגעמערקטע דאטע — דעם 11 מײַ.

## וויִאזוי מע האָט אים געכאפט

ס'איז געווען אָפּגערעדט דאָס אָרט און די צײַט — דער אווטאָבוס-אָפּשטעל לעבן אייכמאנס הויז אין סאן-פערנאנדאָ, ווען ער וועט זיך אומקערן פון דער ארבעט. מע דארף דינגען א מאשין און איבערבײַטן אף איר דעם נומער. ביזן אָפּפאָרן פונעם לאנד וועט מען אים האלטן אין הויז אפן ראנד פון בוענאָס-אײַרעס, צוואנציק מײַל ווײַטער פון סאן-פערנאנדאָ. זײַן צימער וועט זײַן אויסגעשטאט ווי א טפיסע-קאמער, אין צימער וועט שטיין בלויז דאָס נייטיקסטע מעבל. ערעוו דער אָפּעראציע וועט געמאכט ווערן א רעפּעטיציע אפן אָרט.

אין דער ערשטער וואָך פון מײַ איז אלץ געווען פארטיק. צו יענער צײַט האָט די לופט-קאָמפּאניע מיטגעטיילט די באשטעלער, אז דער עראָפּלאן וועט זײַן אין זייער רעשוס ערשט דעם 17 מײַ. פונדעסטוועגן האָט מען באשלאָסן דורכפירן די אָפּעראציע אינעם אָנגעמערקטן טערמין.

דער 11 מײַ איז געווען מיטוואָך. דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן ווי קעסיידער פון דעם, וואָס „מיסטער קלעמענט" איז געפאָרן אף דער

אַרבעט, געגעסן מיטיק אין זעלבן רעסטאָראַן. דאָוו און געד האָבן, ווי שטענדיק, געקלונגען ייִגאַלן וועגן אַלע זײַנע מאַרשרוטן. 2 אַזייגער באַטאָג האָבן זיי זיך באַגעגנט אינדרײַען אין אַ שטאָטישער קאַפע און באַהאַנדלט די לעצטע דעטאַלן. די אָפּעראַציע איז געווען אָנגעמערקט אויף 7 אַזייגער מיט 30 מינוט אין אָוונט אין דעם זעלבן טאָג.

די סיסטעם פֿון באַגעגענישן האָבן זיי אויסגעאַרבעט מיט עטלעכע טעג פֿריִער. אויף דער דאָזיקער סטאַדיע זײַנען נייטיק געווען אָפֿטע קאָנסולטאַציעס. קעדיי ניט דערוועקן קיין נײַגעריקײַט בײַ קיינעם, האָט ייִגאַל געדאַרפֿט אין פֿאַרשיידענע שאָען זיך באַווײַזן אין פֿאַרשיידענע קאַפֿעען. דאָוו, געד און די זעקס געהילפֿן האָבן געוווּסט די רעשימע אויף אויסווייניק. אויב עמעצער פֿון זיי האָט באַדאַרפֿט עפּעס וויכטיקס מיטיילן ייִגאַלן, האָט ער געוווּסט, וווּ אים צו געפֿינען לויט דער רעשימע.

אין אָט דעם טאָג האָבן זיך די דרײַ ייִסרעײלים באַגעגנט 2 אַזייגער באַטאָג צו באַהאַנדלען דאָס, וואָס וועט פֿאָרקומען מיט פֿיר און אַ האַלבער שאָ שפּעטער.

דאָוו וועט מיטיילן וועגן דעם, אַז אייכמאַן איז אוועקגעגאַנגען פֿון דער אַרבעט און ער וועט אויף אַ מאַשין נאָכפֿאָרן נאָך אים.

געדן וועט פֿאַרבײַטן אויף זײַן אָבסערווירפּונקט אין סאַן־פֿערנאַנדאָ איינער פֿון די געהילפֿן, וועלכער וועט נאָכקוקן נאָך אייכמאַנס הויז. נאָכדעם, ווי מע וועט אייכמאַנען פֿאַרכאַפּן, דאַרף דער געהילף בלײַבן און זען, וואָס פֿאַר אַ שריט עס וועט אָנעמען זײַן מישפּאָכע.

מיט דעם דאָזיקן געהילף וועט זײַן נאָך איין פֿרײַוויליקער אויף דעם פֿאַל, אויב עמעצער פֿון אייכמאַנס מישפּאָכע וועט פֿאַרלאָזן די שטוב. מע דאַרף דורכקאָנטראָלירן, צי ער וועט ניט גיין אין פּאָליציי.

אין דער מאַשין וועלן זיצן ייִגאַל און געד, דערנאָך, פֿאַרן אָנקומען פֿון אייכמאַנען, וועט צו זיי צושטיין דאָוו, באַם רול וועט זיצן איינער פֿון די געהילפֿן, נאָר דירעקט פֿאַרכאַפּן אייכמאַנען האָבן געדאַרפֿט די דרײַ ייִסרעײלים. דער פֿערטער געהילף וועט אָפּשטעלן דאָווס מאַשין אין עטלעכע יאַרדן ווײַטער און זיך אומקערן צום אָרט, וווּ מע וועט כאַפּן אייכמאַנען. ער וועט שטיין אויף דער צווייטער זײַט גאַס, וואַרטנדיק קלוימערשט אויף זײַן געליבטער. ער וועט דאָ שפּילן אַ פּאַסיווע ראָל און פֿאַרזיכערונג געבן, צי קיינער ווענדט ניט אויף דעם געשעענעם קיין אויפֿמערקזאַמקײַט.

אויב אַזעלכס וואָלט געטראָפֿן, אויב עמעצער וואָלט עפּעס כוישעד געווען, האָט ער געדאַרפֿט אויף דאָווס מאַשין מיט אַ קירצערן וועג אָניאָגן די מאַשין מיט אייכמאַנען און זיך בײַטן מיט די מאַשינען, קעדיי פֿאַרפּלאָנטערן די שפּורן. אין פֿאַל, ווען אַלץ וועט זײַן אין אָרדענונג, דאַרף ער גלײַך נאָכפֿאָרן נאָך זיי.

אויף יעדן פֿאַל איז געווען צוגעגרייט אַ דריטע מאַשין.

די איבעריקע צוויי פֿאַרפֿאָלגער האָבן געדאַרפֿט באַגעגענען אַלעמען אינעם געדונגענעם הויז.

6 אַזייגער מיט 15 מינוט איז דער הויפּט־אויטאָמאָביל צוגעפֿאָרן שטילערהייט צום אָפּגערעדטן אָרט צווישן דער גאַריבאַלדי־גאַס און דעם אויטאָבוס־אָפּשטעל. אויפֿן וועג אַהיים מוז אייכמאַן דורכגיין פֿאַרבײַ דער מאַשין. אין איר האָבן זיך געפֿונען ייִגאַל און דאָוו, באַם רול — איינער פֿון די געהילפֿן.

לעם דער מאַשין זײַנען געווען ווייניק דורכגייער, מאַכמעס קיין טראָטואַר איז דאָ פּראַקטיש ניט געווען: מיט עטלעכע טעג צוריק האָט דער מוניציפּאַליטעט אָנגעהויבן רעמאָנטירן דעם וועג. געווען איז דאָ בלויז אַ שמאָל פּאַסיקל, וווּ מע האָט געקאָנט דורכגיין.

6 אַזייגער מיט 20 מינוט איז געד אַרויסגעגאַנגען פֿון דער מאַשין און אויפֿגעהויבן דעם אויבערדעק, קעדיי שאַפֿן אַן אײַנדרוק, אַז אין דער מאַשין איז עפּעס קאַליע. דאָס האָט פֿולקום געקאָנט באַרעכטיקן, וואָס די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַזאַ אָרט, וווּ עס ענדיקט זיך די שטאָט און עס הייבט זיך אָן די פֿאַרשטאָט און וווּ די אויטאָמאָבילן גייען מיט אַ שנעלקײַט פֿון 60 מײַל אַ שאָ.

ייִגאַל און דער שאָפֿער זײַנען געבליבן אין דער מאַשין. דאָווס אויפֿגאַבע איז באַשטאַנען אין דעם, ער זאָל אַרויסגיין פֿון דער מאַשין עטעמען מיט פֿרישער לופֿט, ביז מע וועט אײַנשליסן דעם מאָטאָר פּונקט דאַן, ווען ס'וועט זיך באַווײַזן אייכמאַן. דאָוו איז שוואַך געווען אין שפּראַכקענטעניש, נאָר אים איז געקומען אין קאָפּ אָפּשטעלן אייכמאַנען מיט אַ גאַנצער פֿראַזע אויף אַ ריינער שפּאַנישער שפּראַך. אַ גאַנצע פֿראַזע איז צופֿיל, גענוג צו זאָגן איין וואָרט, נו, לאָמיר זאָגן, „מיסטער".

— ווי וועט זײַן מיסטער אויף שפּאַניש?

— סעניאָר.

נאָר דאָוון איז ניט געפֿעלן געווען, וויאַזוי עס קלינגט דאָס וואָרט.

— און ווי זאָגט מען „וואַרט צו אַ מינוט"?

— מאָמענטאָ, — האָט געזאָגט דער שאָפֿער, וואָס האָט געקענט שפּאַניש.

— הייסט עס, מאָמענטיסימאָ. דאָס געפֿעלט מיר, אַזוי וועל איך אים זאָגן.

6 אַזייגער מיט 29 מינוט האָט זיך באַוויזן דער אויטאָבוס. ער איז דורכגעפֿאָרן פֿאַרבײַ זיי אַ ביסל ווײַטער און זיך אָפּגעשטעלט. אייכמאַן איז געווען דער איינציקער אַראָפּשטײַגנדיקער פּאַסאַזשיר. דער אויטאָבוס האָט זיך גערירט פֿון אָרט, און אייכמאַן האָט זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג צו זײַן הויז. אַרומגייענדיק פֿאַרזיכטיק דאָס צעגראָבענע אָרט, האָט ער גלײַכגילטיק אַ קוק געטאָן אויף דער מאַשין און פֿאָרגעזעצט זײַן וועג. ווײַזט אויס, אַז דער אויפֿגעהויבענער קאַפּאָט האָט בײַ אים קיין כשאַד ניט אַרויסגערופֿן.

דאָוו איז שוין גרייט געווען אויסשרײַען זײַן „מאָמענטיסימאָ".

געד האָט זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צום דורכגייענדיקן און זיך געפּאַרעט באַם מאָטאָר.

ייִגאַל איז געזעסן אין דער מאשין און ניט אראָפּגעלאָזט קיין אויג פון אייכמאַנען.

פּלוצעם איז אים פארקילט געוואָרן דאָס האַרץ. דערנעענטערנדיק זיך צו דאָוון, האָט אייכמאַן אראָפּגעלאָזט די האַנט אין קעשענע.

„גאָט מײַנער, — האָט א טראַכט געטאָן ייִגאַל, — דאָס האָבן מיר ניט פּאַרויסגעזען. א רעוואָלווער! ער האָט זיך אָנגעשטויסן”.

דער ערשטער געדאַנק — וואָרענען דאָוון. נאָר ווי מאַכט מען דאָס אומבאַמערקט?

בלּיצשנעל, האַגאַם זײַנע באַוועגונגען זײַנען געוועזן רויִקע, איז ער אַרויס פון דער מאַשין און צוגעגאַנגען צו געדן, מאַכנדיק אַן אָנשטעל, אַז ער העלפט אים באַם מאָטאָר, און האָט אויסגעשעפּטשעט אַף איווריט: „א רעוואָלווער. די רעכטע האַנט. אין דער קעשענע”.

דאָס, וואָס ייִגאַל איז אַרויסגעגאַנגען, האָט איבעראַשט דאָוון, ער האָט דערהערט, אַז ייִגאַל זאָגט עפּעס, נאָר וואָס ער זאָגט, האָט ער ניט פאַרשטאַנען. ווען ייִגאַל האָט דאָס אַלץ איבערגעכאַזערט, איז צו דאָוון דערגאַנגען דער זין פונעם געזאָגטן, אייכמאַן איז שוין געווען אַף א דיסטאַנץ פון איין שפּאַן. דאָוו איז גרייט געווען צו זאָגן „מאָמענטיסימאָ”.

נאָר דאָס דאָזיקע וואָרט האָט ער ניט באַוויזן אַרויסברענגען, די האַנדלונג האָט איבערגעיאָגט דאָס וואָרט און געלאָזט אין גאַנג א מיטל פון דזיודאָ. ער האָט מיט דער רעכטער האַנט שנעל און פעסט אַרומגעכאַפּט אייכמאַנס רעכטע האַנט און טיפער זי אַרײַנגערוקט אין קעשענע און מיט דער לינקער האַנט שטאַרק אָפּגעשטויסן זײַן קאָפּ אַף צוריק. אין דאָווס שרויפקלעם האָט שוין אייכמאַן ניט געקאָנט לאָזן אין גאַנג דעם פּיסטאָלעט.

נאָר ראַנגלען זיך האָט ער געקאָנט, און איידער ייִגאַל מיט געדן זײַנען צוגעלאָפן, האָט ער אומגעוואַלגערט דאָוון, און זיי האָבן זיך שוין געקײַקלט אַף דער ערד. דאָוו האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אייכמאַנס רעכטע האַנט, נאָר באַם אומפאַלן האָט ער אָפּגעשוואַכט די לינקע אַרום האַלדז, און אייכמאַן האָט אויפגעהויבן א געשריי. דאָוון האָט זיך געדוכט, אַז דאָס האָט געדויערט א מינוט פינף און אַז די גאַנצע וועלט האָט אים דערהערט. נאָר אינדערעמעסן האָט ער געשריִען איגאַנצן 4 סעקונדעס. און האַגאַם ס'האָבן זיך די גאַנצע צײַט דורכגעטראָגן מאַשינען, האָט זיי קיינער ניט געזען.

ייִגאַל און געד האָבן אים געכאַפּט פאַר די פיס. אין איינעם א פיבערהאַפטן מאָמענט האָבן זיי אים געשלעפּט אין איין זײַט, בײַס דאָוו האָט געשלעפּט אים פאַרן האַלדז אין דער אַנדערער. דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל פאַר דער גאַנצער צײַט פון דער אָפּעראַציע, ווען מע האָט אים פאַרשאַפט פיזישן ווייטיק. אין א מינוט אַרום האָט דער דרײַלינג שוין געאַרבעט אין אוניסאָן.

גלײַך איז דער שאָפער אַרויסגעגאַנגען פון דער מאַשין, אַראָפּגעלאָזט דעם קאַפּאָט, געעפנט דאָס הינטערשטע טירל און אײַנגעשלאָסן דעם מאָטאָר. זיי האָבן אַרײַנגעטראָגן אייכמאַנען אינווייניק און אוועקגעלייגט אַפן דעק. דאָוו האָט אונטערגעהאַלטן דעם קאָפּ, געד האָט געהאַלטן די הענט און ייִגאַל האָט מיט זײַנע פיס צוגעדריקט אייכמאַנס פיס. דאָס טירל האָט זיך פאַרהאַקט און די מאַשין איז אוועק פאָרויס.

די גאַנצע אָפּעראַציע האָט געדויערט 27 סעקונדעס.

ייִגאַל, דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט פרײַע הענט, איז אַרײַנגעקראָכן צו אייכמאַנען אין קעשענע אַרויסצונעמען דעם פּיסטאָלעט, ער האָט אָנגעטאַפּט עפּעס א האַרטע זאַך. א קעשענע-לעמפּל!

און ער האָט זיך צעלאַכט, נאָר ניט געקאָנט עס דערקלערן זײַנע פרײַנט, מאַכמעס זיי האָבן זיך צונויפגערעדט, אַז בײַסן פאָרן זאָל מען גאָרנישט ניט ריידן, קעדיי דער געפאַנגענער זאָל ביזן לעצטן מאָמענט ניט פאַרשטיין, ווער עס האָט אים געכאַפּט. די איינציקע פראַזע האָט געזאָגט דער שאָפער אַף דײַטש: „איין ריר, און איר באַקומט א קויל”.

דאָס פאָרן איז געווען אָן אָנגעשטרענגטס, נאָר די גיכקײַט האָט מען ניט געהעכערט. ס'האָט זיי ניט געטויגט, אַז די וועג-פּאָליציי זאָל זיי אָפּשטעלן.

אַף א מעהאַלעך פון 2 מײַל הינטער זיי האָט זיך אין שפּיגל באַוויזן דאָווס מאַשין, אין וועלכער ס'איז געפאָרן זייער געהילף. דאָס האָט באַטײַט, אַז די אָפּעראַציע איז דורכגעגאַן אומבאַמערקט.

אין צוויי ערטער האָבן זיי געקאָנט פאַרהאַלטן די שלאַגבאַומען אַף די אײַזנבאַן-איבערפאָרן. דאָס איז געווען ריזיקאַליש, מאַכמעס אין דער ריי פון די וואַרטנדיקע האָט עמעצער געקאָנט באַמערקן, אַז אין דער מאַשין איז עפּעס ניט קעשורע.

אין ערשטן פאַל האָט זיי אָפּגעגליקט, און זיי האָבן באַוויזן דורכפאָרן, נאָר אין צווייטן האָבן זיי זיך געמוזט פאַרהאַלטן. ייִגאַל האָט פאַרשטאָפּט אייכמאַנען דאָס מויל מיט א קליאַפּ. נאָר באַמרויִקט האָבן זיי זיך אומזיסט — אַפן אײַזנבאַן-איבערפאָר זײַנען זיי געווען די איינציקע.

צופאָרנדיק צו דער שטוב, האָבן זיי אייכמאַנען פאַרבונדן די אויגן.

זיי האָבן זיך ניט באַניצט מיט קיין נאַרקאָטיק, מיט שטריק און מיט האַנטקייטלעך. קיינער האָט ניט אויסגערעדט קיין איין וואָרט.

אין צימער האָבן זיי אים אויסגעטאָן ביזן לײַב, קעדיי ניט איבערלאָזן אַף אים קיין זאַך, מיט וועלכער ער זאָל זיך קאָנען באַניצן צו באַגיין זעלבסטמאָרד.

נאָכדעם האָבן זיי אַרויסגענומען דעם קליאַפּ און באַקוקט זײַנע ציין, זוכנדיק אַן אַמפּול מיט סאַם. אין אָט דעם מאָמענט האָט

אייכמאַן צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן ריידן. זײַן שטים האָט געקלונגען מיד, נאָר פון זײַנע רייד איז קלאָר געוואָרן: ער פאַרשטייט, אַז ער געפינט זיך אין די הענט פון פּראָפעסיאָנאַלן. אָנפאַנגער וואָלטן אים געשלאָגן, און די זײַנען געווען מיט אים קאָרעקט, און דאָס, וויאַזוי זיי האָבן באַטראַכט זײַן קליידונג און די צײַן, האָט באַשטעטיקט, אַז זיי זײַנען טאַקע פּראָפעסיאָנאַלן.

— פאַר 15 יאָר האָב איך פאַרלאָרן די וואַכזאַמקײַט. אין די צײַן איז בײַ מיר גאָרנישט ניטאָ.

נאָר זיי האָבן פאַרגעזעצט אים באַקוקן. זיי האָבן אופגעהויבן זײַן רעכטע האַנט און האָבן געפונען אונטער דער פּאַכווע אַן אַלטן שראַם אַף יענעם אָרט, ווו ס'איז געווען די טאַטויִרונג פון אַן עסעסאָווּעץ.

יִגאַל האָט אים געשטעלט די איינציקע פראַגע:

— ווער זײַט איר?

— איך בין אַדאָלף אייכמאַן, — איז געקומען אומגעזאַמט דער ענטפער.

מע האָט אים ניט געבעטן באַשטעטיקן, אַז ער איז ווירקלעך אייכמאַן. מע האָט אים פּאַשעט געפרעגט, וויאַזוי ער הייסט. און ער האָט געענטפערט: אַדאָלף אייכמאַן.

דערנאָך האָט ער צוגעגעבן:

— איך ווייס, אַז איך בין אין די הענט בײַ יִסרעיילים.

דאָס האָט אַרויסגערופן אַ כידעש. אַף איוּריט האָט קיינער ניט גערעדט. יִגאַלס וואָרענונג וועגן דעם פּיסטאָלעט האָט ער ניט געקאָנט דערהערן, און אַפילע ווען ער זאָל עס דערהערן, וואָלט ער פון יענע פיר ווערטער ניט געקאָנט מאַכן אַן אויספיר, אַז דאָס איז איוּריט.

נאָר אייכמאַן האָט געטראָפן ריכטיק.

דאָס פופצניאָריקע געיעג נאָך אים איז געענדיקט.

איצט האָט אייכמאַן אַליין אָנגערופן זײַן נאָמען, און די יִסרעיילים האָבן געעפנט פאַר אים זייערע פּלענער.

זיי האָבן ניט געזאָגט, ווער זיי זײַנען. יִגאַל האָט אים פּאַשעט געמאָלדן, אַז מע וועט אים איבערפירן קיין יִסראָעל, ער זאָל דאָרט זיך שטעלן פאַרן געריכט. ער וועט זיך קאָנען באַניצן מיט דער פאַרטיידיקונג פון אַן אַדוואָקאַט, און דער מישפּעט וועט פאַרקומען אין פולן העסקעם מיט דער געזעצגעבונג פון יִסראָעל. נאָכדעם האָט יִגאַל בײַ אים געפרעגט, צי האָט ער וועלכע־ניט־איז דערווידערונגען, און ער האָט געענטפערט, אַז ניין. יִגאַל האָט געפרעגט, צי וויל ער ניט מאַכן קיין שריפטלעכע מעלדונג. אייכמאַן האָט אַ טראַכט געטאָן און געפרעגט, צי קאָן ער געבן דעם ענטפער אַפן אַנדערן טאָג. יִגאַל האָט מיטגעשטימט. אַף דעם האָט זיך דער אָוונטיקער דיאַלאָג פאַרענדיקט.

דאָס אָנטאָן האָט מען אים אומגעקערט, כוץ דעם, וואָס עס האָבן אנטהאַלטן די קעשענעס. געלאָזט האָט מען אים בלויז אַ נאָזטיכעלע. מע האָט אים געגעבן עסן און געזאָגט, אַז ער קאָן זיך לייגן שלאָפן. די באַלײַכטונג איז געווען אײַנגעשלאָסן אַ גאַנצע נאַכט. באַוואַכט האָבן אים צוויי. אַף קיין רעגע ניט אָפּגעלאָזט פון אים קיין אויג. בלײַבנדיק איינס אַף איינס מיט דער וואַך, האָט אייכמאַן געפּרוּווט שטעלן פראַגעס, פאַרפירן מיט זיי אַ געשפּרעך, נאָר זיי זײַנען געווען שטום.

אַפן אַנדערן טאָג האָט ער געזאָגט, אַז ער איז גרייט מאַכן אַ מעלדונג.

יִגאַל איז צו אים צוגעגאַן.

— אַלזאָ?

— איך וויל אָנשרײַבן, אַז איך בין מאַסקים, מע זאָל מיך אַרויספירן קיין יִסראָעל.

יִגאַל האָט אים דערלאַנגט אַ געדרוקטן טעקסט אַף דײַטש וועגן זײַן האסקאָמע און פאַרגעלייגט אונטערשרײַבן. אייכמאַן האָט אַף דעם בלעטל אַפילע קיין קוק ניט געטאָן.

— אויב איר האָט ניט קעגן, וואָלט איך עס אָנגעשריבן אַליין. איך האָב אַלץ באַטראַכט, כ'ווייס וואָס צו שרײַבן.

יִגאַל האָט אים אַרײַנגעבראַכט אין צימער אַ ריינעם בויגן פּאַפּיר מיט אַ הענטל־פּען און אויך זײַנע ברילן. אייכמאַן האָט זיך צוגעזעצט צום טיש און אָנגעשריבן אַף דײַטש פאָלגנדיקס:

„איך, דער אונטן־געכאַסמעטער אַדאָלף אייכמאַן, מעלדע מיט מײַן אייגענעם ווילן: אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס מײַן פּערזענלעכקײַט איז איצט פעסטגעשטעלט, זע איך ניט קיין זין אויסצומײַדן דעם גערעכטן מישפּעט. איך דריק אויס מײַן האסקאָמע אַרויספאָרן קיין יִסראָעל און זיך שטעלן פאַרן געריכט.

איך פאַרשטיי, אַז איך וועל האָבן די מעגלעכקײַט צו האָבן אַ פאַרטיידיקער. כ'וועל זיך סטאַרען געבן עמעסדיקע און לאַקאָנישע ענטפערס וועגן מײַן טעטיקײַט אין דײַטשלאַנד צוליב דעם, אַז די קומענדיקע דורעס זאָלן האָבן אַ פאַרשטעלונג וועגן דער פאַרגאַנגענהײַט. די דאָזיקע מעלדונג מאַך איך מיטן אייגענעם ווילן. מע האָט מיר ניט געדראָט און גאָרנישט ניט צוגעזאָגט. איך וויל סאָפּקאָלסאָף געפינען אַ רויִק געמיט.

קעדיי איך זאָל עפּעס־וואָס ניט פאַרגעסן אָדער זיך ניט דערמאָנען אַלע דעטאַלן און געניויִקײַטן, בעט איך איבערגעבן אין מײַן רעשוס די פאַראַנענע דאָקומענטן און גווייִעס־איידעס, קעדיי מײַנע באַווײַזן זאָלן זײַן עמעסדיקע.

אַדאָלף אייכמאַן

בוענאָס־אײַרעס, 1960".

יִגאַל האָט איבערגעלייענט דעם דאָקומענט מיט אַ גלײַכגילטיקער מינע, גענומען דאָס הענטל און די ברילן און איז אַרויסגעגאַן.

ער האָט א רוף געטאָן דאַוון און געדן, און זײַן געזיכט האָט איצט אופגעלויכטן אין א ברייטן שמייכל. קיינער האָט אפילע זיך פאָרשטעלן ניט געקאָנט, אז אייכמאן זאָל אָנשרײַבן אזעלכס. ער האָט איבערגעשטיגן אלע זייערע דערוואַרטונגען. זיי זײַנען געווען איבעראשט, וואָס ער האָט דאָס אלץ אָנגעשריבן בלויז נאָך דעם, ווי ער האָט עס גוט באקלערט און ניט זיך אונטערגעוואָרפן דעם מאָמענטאלן אימפּולס גלײַך נאָכן ארעסט. זיי האָבן דערוואַרט, אז אף דער פראגע, צי ער איז מאסקים ארויספאָרן קיין יִשׂראָעל, וועט ער ענטפערן: „איך האָב קיין אנדער ברייַרע ניט". ניין! ער האָט טייקעף געגעבן די האסקאָמע און שפּעטער געגעבן די האסקאָמע שריפטלעך.

יִגאל און זײַנע פרײַנט זײַנען געקומען צום אויספיר, אז דער שליסל צו זײַן גרייטקײַט זיך שטעלן פארן געריכט אנטהאלט זיך אין זײַן מעלדונג גופע, אין די ווערטער: „איך וויל סאָפקאָלסאָף געפינען א רויִק געמיט". דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געהייסן, אז ער האָט כאראָטע אף זײַנע פארברעכנס און אז ער וויל אָפרייניקן זײַן געוויסן. דאָס איז געווען פאָשעט אן אויסדרוק פון א מענטשן, א מידן פון דעם, וואָס טאָג ווי נאכט פארפאָלגט אים דער פּאכעד צו ווערן אנטפּלעקט און וואָס האָט זיך אײַנגעבויגן אונטער דער לאסט פון זײַן שווערער שולד. איצט איז געקומען די אנטשפּאנונג.

אין אָוונט פארן אָפּפאָרן האָט מען אייכמאַנען דערלאנגט קאווע און ארײַנגעטאָן שלאָףגעטראנק. א שלאָפנדיקן האָט מען אים אָנגעטאָן א פּיזשאמע און אים ארײַנגעזעצט אין א גרויסן שווארצן אווטאָמאָביל, ווי עס פּאסט פאר א קראנקן, נאָר זייער פארמעגלעכן רײַזנדער. באם רול איז געזעסן איינער פון די געהילפן, איבערגעטאָן אין א ליוורײ.

די יִסרעיילים האָבן זיך ווארעם געזעגנט מיט זייערע פרײַוויליקע געהילפן, וואָס האָבן זיך געזאָלט אומקערן אין זייערע לענדער, און די מאשין איז אוועקגעפאָרן צום אעראָפּאָרט.

דער פאָרמעלער טייל האָט אָפּגענומען ווייניק צײַט. אלע פּאפּירן זײַנען געווען אין אָרדענונג. דער „פּאציִענט" איז אף א טראָגבעטל ארײַנגעבראכט געוואָרן אין אעראָפּלאן. פון ביידע זײַטן בא דעם טראָגבעטל זײַנען געגאנגען די „סאניטארן" געד און דאָוו. יִגאל איז געווען דער נאָענטער קאָרעוו פונעם קראנקן.

דער אעראָפּלאן איז אָן פּאסירונגען דערפלויגן קיין אפריקע. אייכמאַן איז קימאט די גאנצע צײַט געשלאָפן. ווי נאָר עס פלעג זיך ענדיקן די ווירקונג פון דעם שלאָף־מיטל, איז איינער פון די סאניטארן קעסיידער גרייט געווען אים אײַנגעבן נאָך איין פּאָרציע קאווע פון אן אָנגעגרייטן טערמאָס. דער איבערפלי פון אפריקע קיין יִסראָעל איז אויך דורכגעגאן אָן געשעענישן.

אין טעל־אוויוו האָט דאן מיטגעטיילט דער ספּעציִעלער קאָמיסיע, וואָס פאר א פּאסאזשיר עס קומט אָן פון אפריקע אין 4 שאָ ארום. גלײַך זײַנען געמאכט געוואָרן די צוגרייטונגען צו באגעגענען אים אין אעראָפּאָרט לאָד.

פונעם קאָנטראָל־טורעם האָט מען דעם פּילאָט אָנגעוויזן דאָס אָרט, ווו צו זעצן זיך אין א געוויסער דערווײַטערונג פון דער געוויינלעכער דעמארקאציע־ליניע. בײַס דער אראָפּנידערונג פונעם אעראָפּלאן איז צוגעפאָרן א מאשין פון גיכער הילף, און אין דער באגלייטונג פון צוויי פּאָליציייִשע מאשינען האָט מען איבערגעפירט אייכמאנען צום אָרט פון דער געפענקעניש.

מאָנטיק, דעם 23 מײַ, זײַנען אלע ערטער אין קנעסעט ביז לעצט געווען פארפולט, מאכמעס עס האָט זיך פארשפּרייט א קלאנג, אז דער פּרעמיער־מיניסטער בען גוריִאָן וועט מאכן א וויכטיקע מעלדונג. קיינער האָט ניט געוווּסט, וואָס די מעלדונג וועט אנטהאלטן, נאָר, ווײַזט אויס, זי איז זייער א וויכטיקע, ווײַל האלב פיר באטאָג האָט מען דרינגענד צונויפגערופן דעם קאַבינעט.

פונקט 4 אזייגער האָט דער ספּיקער געעפנט די קנעסעט און האָט געגעבן א וואָרט בען גוריִאָנען. דער פּרעמיער־מיניסטער האָט געמאָלדן:

— ניט לאנג צוריק איז אָפּגעזוכט געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע קריגס־פארברעכער פונעם נאציזם אדאָלף אייכמאַן, וועלכער איז פאראנטוואָרטלעך פאר דער „ענדגילטיקער לייזונג פון דער יִדישער פראגע", דאָס הייסט, פאר דער פארניכטונג פון 6 מיליאָן יִדן אין אייראָפּע... דער דאָזיקער נאציסט איז ארעסטירט און געפינט זיך אין יִסראָעל. אינגיכן וועט ער זיך שטעלן פארן געריכט אין העסקעם מיטן געזעץ וועגן קריגס־פארברעכער און זייערע באהעלפער.

עטלעכע רעגעס האָט געהערשט א פולקומע שטילקײַט. און מיטאמאָל האָט זיך צעדונערט אן אָוואציע. זעלטן איז די קנעסעט געווען אזוי איינמוטיק. דער מערדער פונעם יִדישן פאָלק איז אנטפּלעקט, מע וועט אים מישפּעטן.

ווו? ווען? די דאָזיקע פראגן וועלן זיי שטעלן שפּעטער. איצט האָט בלויז טריִומפירט די גערעכטיקײַט.

# דאָס דיפּלאָמאטישע געפּעכט

אין עטלעכע מינוט ארום האָט די מעלדונג פונעם פּרעמיער בען גוריִאָן זיך פארוואנדלט אין קעפּלעך פון די צײַטונגען אין די לענדער פון גאָר דער וועלט. דער דאָזיקער געשעעניש האָבן צוגעגעבן א באזונדערן דראמאטיזם די שווערע שולד פונעם פארברעכער און דאָס גע־

היימניש, וואָס האָט אײַנגעהילט די פאַרפאַל־גונג און דעם אַרעסט. אין משך פון א גע־וויסער צײַט איז עס געווען די הויפּט־סענסאַ־ציע פון די צײַטונגען, ראַדיאָ און טעלעוויזיע איבער דער וועלט. מיט דער צײַט האָט זיך בלויז פאַרטיפט דאָס געהיימניש, — ווי האָט מען געכאַפּט אייכמאַנען?

יִשׂראל האָט אָפּגעהיט אין אָפיציעלן שטילשווײַגן. דאָס האָט נאָך זיך מער פאַרשטאַרקט די קלאַנגען, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן א מין שפּיל אַרום טרעפן דאָס לאַנד, ווו עס האָט געלעבט און זיך באַהאַלטן אייכמאַן. מע האָט אים געכאַפּט ערגעץ אין נאָענטן מיזרח, מע האָט אים געפונען אין דאָרעם־אַמעריקע. ניין, אין אייראָפּע. אייניקע האָבן אפילו געטײַנעט, אַז ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין יִשׂראל גופא. נאָר קיינער האָט וועגן דעם ניט גע־שריבן אַף זיכער.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס געהיימניש וואָלט געקאָנט אויפגעדעקט ווערן דורך דעם, וואָס וועגן דעם אַרעסט האָבן זיך דערוווּסט די מיש־פּאָכע און די פרײַנט פון אייכמאַנען. צו וואָס זשע דאַרפן זיי שווײַגן? נאָכדעם, ווי ער איז אַנטרונען געוואָרן, האָבן זיי ניט געוווּסט, וואָס עס איז געשען. דאַן האָבן די מישפּאָכע און זייערע פרײַנט זיך אָנגעפרעגט אין די שפּי־טאָלן און אין די מאָרגן פון דער שטאָט. דער־נאָך האָט מען געמאָלדן דער פּאָליציי, וועלכע האָט פירגענומען א זוכונג פונעם פאַרפאַלע־נעם, נאָר אָן דערפאָלג. איצט האָבן זײַנע פרײַנט זיך דערוווּסט וועגן דעם אַרעסט, און דאָס, וואָס מ'האָט אייכמאַנען געכאַפּט, איז הייס באַהאַנדלט געוואָרן אין די פּריוואַטע הײַ־זער, ווו עס האָבן זיך באַגעגנט די געוועזענע נאַציסטן.

אין 72 שאָ אַרום האָט א באַטאַגיקע צײַ־טונג אין בוענאָס־אײַרעס פאַרעפנטלעכט א מיטיילונג, אַז אייכמאַנען האָט מען געכאַפּט אַף א ראַנד־גאַס פון דער הויפּט־שטאָט. אין גע־ציילטע מינוטן אַרום האָט די נײַס אונטערגע־כאַפּט די גאַנצע וועלט־פּרעסע. די אַרטיקע און אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן אין בוענאָס־אײַרעס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צו די אַרטיקע דײַטשן, זוכנדיק אינפאָרמאַציע. אפן פערטן טאָג איז באַוווּסט געוואָרן, אַז אייכמאַן האָט זיך אויפגעהאַלטן און איז געכאַפּט געוואָרן אין אַרגענטינע.

אָבער אָט די אַלע ידיעות האָבן נאָך ניט געהאַט קיין אָפיציעלן גרונט. אַף די אָנפרא־געס אין דער יִשׂראלדיקער אַמבאַסאַדע, אין דעם אַרגענטינער מיניסטעריום פאַר אויסער־לעכע ענינים, אין ירושלים איז דער ענטפער געווען איינער: „אָן קאָמענטאַרן". די יִשׂראלדיקע רעגירונג האָט ניט געהאַלטן פאַר נייטיק צו קאָמפּראָמעטירן אַרגענטינע אַלס א לאַנד, וואָס האָט באַהאַלטן אייכמאַנען. וואָס איז שייך דער אַרגענטינער רעגירונג, האָט זי ניט פאַרמאָגט קיין שום אָפיציעלע אינפאָרמאַציע.

ביידע רעגירונגען האָבן געהאַלטן פאַר גלײַכער, אַז די אומבאַוווּסטקייט זאָל דויערן וואָס לענגער. ירושלים און בוענאָס־אײַרעס האָבן אָפיציעל גאָרנישט ניט געמאָלדן, ווײַל סײַ די, סײַ יענע האָבן געוואָלט אויסמײַדן א פּאָליטישן דעמאַרש. די באַציִונגען צווישן ביי־דע לענדער זײַנען געווען פרײַנטלעכע און זיי האָבן ניט געוואָלט איבערײַסן די פרײַנטשאַפט.

יִשׂראל האָט ניט געוואָלט פאַרשאַפן אומאַנגענעמלעכקײַט פאַר אַרגענטינע, און אַר־גענטינע, פון איר זײַט, האָט ניט באַדויערט, וואָס אייכמאַנען האָט מען סאָפּקאָלסאָף גע־פּאַקט און ער וועט זיך שטעלן פאַרן יִשׂראל־דיקן געריכט.

ווי נאָר די נײַס איז זיך צעקראָכן איבער דער וועלט, האָט די אַרגענטינער רעגירונג זיך געשטעלט פאַר א דילעם. קיין איין לאַנד האָט ניט געקאָנט רויִק רעאַגירן אַף דעם, וואָס אירן א בירגער אַרעסטירט מען און מע שלעפּט אים אַוועק אויסער די גרענעצן. דאָס איז, פאַר־שטייט זיך, אומדערלאָזבאַר. פון דער צווייטער זײַט, אויב אייכמאַן איז געכאַפּט געוואָרן אַף דער אַרגענטינער טעריטאָריע, הייסט עס, אַז ער איז געקומען אהער אומלעגאַל אונטער אן אויסגעטראַכטן נאָמען מיט פאַלשע דאָקומענטן. מיט דעם האָבן די מאַכט־אָרגאַנען ניט געקאָנט שטאָלצירן. דערצו איז פאַר דער אַרגענטינער רעגירונג געווען קלאָר, אַז דער טומל אַרום אייכמאַנען וועט צוציִען די אויפמערקזאַמקײַט צו די אַנדערע נאַציסטן, וואָס האָבן געפונען א מאָקעם־מיקלעט אין דאָזיקן לאַנד.

דעם 1 יוני האָט דער אויסערן־מיניסטער פון אַרגענטינע דיִעגאָ טאַבאַדאַ אָנגעקלונ־גען דעם יִשׂראלדיקן אַמבאַסאַדאָר לעוואווי און געבעטן אים „אָפיציעל אינפאָרמירן, צי מע האָט אייכמאַנען געכאַפּט אין אַרגענטינע". ער האָט צוגעגעבן: „אויב עס וועט ווערן באַשטע־טיקט, אַז אין די גרענעצן פון דער אַרגענטי־נער טעריטאָריע האָט מען געבראָכן דעם צווישנפעלקערלעכן געזעץ, וועט מײַן רעגירונג געצוווּנגען זײַן אָנעמען מיטלען אין העסקעם מיט דער סיטואַציע".

די פּאָליטישע לײַדנשאַפטן אין אַרגענטינע האָבן זיך אַלץ מער און מער אָנגעגליט. די קרײַזן, וואָס זײַנען נאָענט צו דער רעגירונג, האָבן געפּרוּווט דערווײַזן, אַז זיי טראָגן ניט קיין פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר דעם, וואָס אין לאַנד האָבן זיך באַהאַלטן אייכמאַן און אַנדערע נאַציסטן, מאַכמעס זיי זײַנען געקומען און זיך דאָ באַזעצט אין דער צײַט פונעם פּעראָן־רע־זשים. די אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטייען האָבן גע־טײַנעט, אַז דאָס איז ניט קיין דערקלערונג, מאַכמעס נאָכדעם, ווי מע האָט פאַרשיקט פּע־ראָנען אין 1955, איז גאָרניט געטאָן געוואָרן, קעדיי אָפּרייניקן דאָס לאַנד פון דײַטשישע און אונגאַרישע נאַציסטן, וועגן וועלכע ס'איז אַלע־מען געווען באַוווּסט.

דעם 3 יוני האָט די יִשׂראלדיקע רעגירונג אַרויסגעשיקט אן ענטפער אַף דער אָנפראַגע

פונעם ארגענטינער אויסערן־מיניסטער. אינעם ענטפער האָט מען ניט אָפּגעלייקנט, אז פרײַוויליקע נאָכשפּירער האָבן געכאַפּט אייכמאנען, נעמלעך אין ארגענטינע. ס'איז דערבײַ געווען אָפּגעמערקט, אז איבערגעפירט אייכמאנען קיין יִסראָעל האָט מען לויט זײַן אייגענעם ווילן. ווײַטער איז געווען אָנגעוויזן, אז די יִסראָעלדיקע רעגירונג באַדויערט, וואָס דערבײַ איז געבראָכן געווען דער ארגענטינער געזעץ. ס'איז אויך געווען ארויסגעזאָגט א האָפענונג, אז די ארגענטינער רעגירונג פארשטייט גוט, „ווי וויכטיק עס איז, אז דער מענטש, וואָס טראָגט די שולד פאר די אומגעקומענע 6 מיליאָן יִדן, זאָל געשטעלט ווערן פארן געריכט".

בײַסן געשפּרעך מיטן אויסערן־מיניסטער האָט דער אמבאסאדאָר לעוואווי געמאָלדן, אז די פרײַוויליקע דעטעקטיוון, יִדן לויט דער אָפּשטאמונג, צווישן וועלכע עס זײַנען אויך געווען יִסרעיילים, האָבן אָנגעהויבן זוכן אייכמאנען גלײַך נאָכן סאָף פון דער מילכאָמע. זיי האָבן באַקומען אַן אינפאָרמאציע, אז אייכמאַן געפינט זיך, מעגלעך, אין ארגענטינע אונטער א פרעמדן נאָמען, נאָר דער ארגענטינער רעגירונג איז דאָס ניט באַוווּסט, ווײַל אים העלפן אנדערע נאציסטן, וועלכע האָבן זיך דאָרט באַזעצט. שפּעטער האָבן די נאָכשפּירער זיך טאַקע דערוווּסט, אז אין ארגענטינע באהאלטן זיך ווידקלעך אויס פיל קריגס־פארברעכער.

ווײַטער האָט לעוואווי געזאָגט, אז בײַס די פארפאָלגער האָבן זיך באַגעגנט מיט אייכמאנען, האָבן זיי אים געפרעגט, צי ער איז גרייט ארויספאָרן קיין יִסראָעל און זיך שטעלן פארן געריכט. אייכמאַן האָט געבעטן א מעסלעס אַף צו באטראַכטן דעם ענטפער און דערנאָך האָט ער געגעבן א בריוו, אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט א פארלאַנג „דערציילן אַלץ וועגן זײַן טעטיקײַט אין דײַטשלאַנד, קעדיי עס זאָלן וועגן דעם וויסן די קומענדיקע דורות". און לעוואווי האָט דערלאַנגט דעם מיניסטער דעם אָריגינעלן טעקסט פון אייכמאנס בריוו.

דערווײַל האָבן די דיפּלאָמאטישע פאָרהאנדלונגען געטראָגן א פרײַנטלעכן כאראַקטער. אַף דעם האָט מען, דוכט זיך, געדאַרפט זיך אָפּשטעלן. נאָר דער דרוק פון דער אָרטיקער רעאַקציע איז געוואָרן שטארקער. די פּובליקאַציע פון די אונטערהאנדלונגען האָט ארויסגערופן א טאַראַראַם אין דער פּרעסע. אייניקע צײַטונגען האָבן געלייגט דעם טראָפּ אַפן פאַקט פון צוגאנוועגען אַן ארגענטינער בירגער, די אנדערע האָבן אונטערגעשטראָכן די ווערטער פון די יִסרעיילים וועגן די „פיל קריגס־פארברעכער, וואָס באהאלטן זיך אויס אין ארגענטינע".

דער אמבאסאדאָר האָט מיטגעטיילט קיין יערושאָלאַיִם וועגן די שטימונגען, וואָס הערשן אין ארגענטינע. דער פּרעמיער־מיניסטער בען גוריאָן האָט באַשלאָסן פאַנאַנדערקוקן דעם דאָזיקן איניען פונעם היסטאָרישן און מאָראַלישן שטאַנדפּונקט, קעדיי אויסמײַדן א דיפּלאָמאטישן דעמאַרש. דעם 8 יוני האָט ער אָפּגעשיקט דעם פאָלגנדיקן בריוו:

„טײַערער מיסטער פּרעזידענט,

אין רעזולטאַט פון דעם, וואָס ס'איז ארעסטירט געוואָרן דער קריגס־פארברעכער אדאָלף אייכמאַן און ער איז איבערגעפירט געוואָרן קיין יִסראָעל צוליב א מישפּעט, קאָנען אויפקומען אומקלאָרקײַטן צווישן דער רעפּובליק ארגענטינע און מעדינאַס־יִסראָעל. דעריבער האַלט איך פאַר מײַן כויוו צו שיקן אײַך די דאָזיקע ווענדונג... ווײַל די באַציִונגען צווישן אונדזערע רעגירונגען און צווישן אונדזערע פעלקער זײַנען טײַער אונדזערע הערצער, און ס'וואָלט געווען א גרויסער אומגליק, זיי זאָלן געשעדיקט ווערן איבער דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין צוזאַמענהאַנג מיט אדאָלף אייכמאנען.

איך מיין, אז איר האָט זיך פּערזענלעך באַקאַנט מיט דער דיפּלאָמאטישער נאָטע, וואָס אונדזער אמבאסאדאָר האָט איבערגעגעבן אין בוענאָס־אײַרעס אײַער אויסערן־מיניסטער פרײַטיק דעם 3 יוני. אין דער דאָזיקער נאָטע וועט איר געפינען אַלע דעטאַלן פון דעם איניען. אָבער עס זײַנען פאַראַן נאָך עטלעכע מאָמענטן, וואָס באַרירן דעם סאַמע טאָך.

בײַס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע איז דער דאָזיקער מענטש, אייכמאַן, געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דורכפירן אין לעבן היטלערס באַפעל וועגן דער „ענדגילטיקער לייזונג" פון דער יִדישער פראַגע אין אייראָפּע, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אויסראָטן אַלע יִדן ביז איינעם אין די אייראָפּעִישע לענדער, וועלכע די נאַציסטן האָבן פאַרכאַפּט צו יענער צײַט. אין אייראָפּע זײַנען דערמאָרדעט געוואָרן 6 מיליאָן יִדן, און אָרגאַניזירט דעם מאַסן־מאָרד האָט אייכמאַן. איך דאַרף ניט דערקלערן אײַך, מיסטער פּרעזידענט, וואָס עס באַטײַט פאַר א באַליביק פאָלק צו פאַרוואַנדלט ווערן אין א קאָרבן פון אַזאַ טײַוולאָנישער קאָמפּאַניע מערדער און וואָס פאַר א שראַמען דאָס לאָזט איבער אין די הערצער פונעם פאָלק.

עס זײַנען ניט בלויז דערמאָרדעט געוואָרן מיליאָנען מענטשן — דערונטער א מיליאָן קינדער, — עס זײַנען אויך פאַרניכטעט געוואָרן די קולטורעלע און גײַסטיקע ווערטן פון אונדזער פאָלק, וועלכע זײַנען פאַר דער מילכאָמע געווען קאָנצענטרירט אין אייראָפּע. ס'איז ניט געבליבן קיין איין יִד אין דער וועלט, פון וועמענס מישפּאָכע עס איז עמעצער ניט געפאַלן קיין קאָרבן פון די נאַציסטן... טויזנטער מענטשן אין יִסראָעל און אויסער זײַנע גרענעצן וואָלטן ניט געקאָנט רויִק לעבן, ביז עס וואָלט ניט געכאַפּט געוואָרן דער מענטש, וועלכער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער דאָזיקער גרוילִיקער פאַרניכטונגס־קאַמפּאַניע. שטעלן אים אונטערן גערעכטן מישפּעט פאַר זײַן שולד, וועלכע האָט ניט קיין גלײַכן אין דער געשיכטע, — אין דעם זעען זיי דעם ציל פון זייער

לעבן. אַזאַ מישפּעט קאָן פֿאָרקומען בלויז אין ייִשׂראל.

איך קאָן נישט ניט דערשאַצן די ערנסטקייט פֿון פֿאָרמעלן אויוועט זײַן אויף דער אַרגענטינער געזעצגעבונג, וואָס עס זײַנען באַגאַנגען יענע, וואָס האָבן געפֿונען אייכמאַנען. איך בין אָבער זיכער, אַז בלויז ווייניק מענטשן וועלן ניט פֿאַרשטיין זייערע געפֿילן און ניט אָפּשאַצן די גײַסטיקע וויכטיקייט פֿון זייער האַנדלונג. מיסטער פּרעזידענט, מע טאָר ניט באַטראַכטן די דאָזיקע געשעעניש בלויז פֿון דעם פֿאָרמעלן שטאַנדפּונקט...

איך בין זיכער, אַז אײַער עקסעלענץ וועט געהעריק אָפּשאַצן די דאָזיקע מאָטיוון, ווײַל איר אַליין האָט מילכאָמע געהאַלטן קעגן דער טיראַניע און האָט באַוויזן אײַער טיפֿע אַכטונג צו דער מענטשלעכער ווירדע. איך האָף, אַז איר וועט פֿאַרשטיין אונדזערע געפֿילן, וועט אויפֿנעמען דעם אויסדרוק פֿון אונדזער אויפֿריכטיקער באַדויערונג וועגן דעם אויוועט זײַן אויפֿן געזעץ פֿון אײַער לאַנד, און איר וועט זיך אָנשליסן צו די קעמפֿער פֿאַר גערעכטיקייט, וועלכע באַטראַכטן דעם מישפּעט איבער אַדאָלף אייכמאַנען אין ייִשׂראל אַלס אַן אַקט פֿון אויסשליסלעכער היסטאָרישער גערעכטיקייט, און אַז די פֿרײַנטלעכע באַציִונגען צווישן אונדזערע לענדער וועלן ניט ווערן צעשטערט".

לויט דער איראָניע פֿונעם שיקזאַל האָט געטראָפֿן אַזוי, אַז בײַם דער בריוו פֿונעם ייִשׂראלדיקן פּרעמיער האָט נאָך דורכגעמאַכט זײַן וועג איבערן אָקעאַן, האָט דער אויסערן־מיניסטער פֿון אַרגענטינע דערלאַנגט דעם ייִשׂראלדיקן אַמבאַסאַדאָר זײַן ענטפֿער. לויט דער נאָטע האָט די אַרגענטינער רעגירונג פֿאַרנומען אַ זייער האַרטע פּאָזיציע, וועלכע האָט ניט איבערגעלאָזט קיין אָרט פֿאַר אַ קאָמפּראָמיס.

אָנגעהויבן האָט ער פֿון דעם, וואָס די אַרגענטינער נאַציע קאָן נישט ניט אויסדריקן איר טיפֿן גרימצאָרן בנוגע צו די היטלערישע רעציכעס, וואָס האָבן אָפּגענומען דאָס לעבן בײַ מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן, אָנגעהעריקע צום ייִדישן פֿאָלק. נאָר דער פֿאַקט, וואָס איינער פֿון די היטלערישע באַדינער, נעמלעך דער מענטש, וואָס איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דער פֿאַרניכטונג פֿון די ייִדן, האָט זיך דורכגעשמוגלט אויף דער אַרגענטינער טעריטאָריע און זיך דאָ באַזעצט אונטער אַן אויסגעטראַכטן נאָמען און לויט פֿאַלשע דאָקומענטן, באַטײַט נאָך, אַז אין אַרגענטינע האָבן געפֿונען אַ באַהעלטעניש פֿיל נאַציסטן. וואָס איז שײַך דעם פֿאַקט צי אייכמאַנען האָבן אַרויסגעפֿירט בירגער פֿון ייִשׂראל, צי פֿרײַוויליקע פֿון אַנדערע לענדער, האָט טאַבאַאַדאַ געזאָגט, אַז „מעדינאַס־ייִשׂראל האָט אויסגעדריקט זײַן סאָלידאַריטעט און, נאָך מער, באַגריסט די אויספֿירער פֿון דער אַקציע", פּונקט ווי די מעלוכע וואָלט זי באַגײַסטערט און סטימולירט. דאָס אַלץ שטרײַכט אונטער די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿון ייִשׂראל.

טאַבאַאַדאַ האָט פֿאַרענדיקט מיט דעם, וואָס ער דריקט אויס אַ פֿאָרמעלן פּראָטעסט קעגן אויוועט זײַן אויף „איינעם פֿון די גרונטרעכט פֿון דער אַרגענטינער מעלוכע..." און אַלס רעפּאַראַציע האָט ער געפֿאָדערט ניט מער און ניט ווייניקער — אומקערן אין משך פֿון אַ וואָך צײַט אייכמאַנען און באַשטראָפֿן די שולדיקע. אויב מע וועט אייכמאַנען ניט אומקערן, „וועט אַרגענטינע איבערגעבן דעם איניען אין דער אונאָ".

אין זעלבן טאָג איז באַפֿוילן געוואָרן דעם אַרגענטינער אַמבאַסאַדאָר אין ייִשׂראל זיך אומקערן אַהיים, אָבער דעם באַפֿעל האָט מען ניט פֿאַרבונדן מיטן איניען פֿון אייכמאַנען.

טאַבאַאַדאַס נאָטע האָט געמאַכט אַ סאָף צו דער האָפֿענונג, אַז אַרגענטינע וועט זיך באַגרענעצן מיט אַ דיפּלאָמאַטישן פּראָטעסט. ביידע מעלוכעס זײַנען איצט געשטאַנען אויפֿן ראַנד פֿון אַ צווישנפֿעלקערלעכן קריזיס.

אַרויסגעהאָלפֿן האָט אַ גינסטיקער צופֿאַל. צו יענער צײַט האָבן די לידערס פֿון ביידע מעלוכעס געדאַרפֿט אַרויספֿאָרן קיין אייראָפּע. בען גוריאָן האָט בעדייע געהאַט זיך באַגעגענען מיטן גענעראַל דע גאָל און דערנאָך באַזוכן בעלגיע און האָלאַנד. פֿראָנדיזי איז אויך געפֿאָרן מיט אַ מעלוכישן וויזיט קיין מיזרעך־אייראָפּע, פֿאַרוואָס זשע זאָלן זיי זיך ניט באַגעגענען פּערזענלעך, קעדיי געפֿינען אַ קעגנזײַטיק אָנגענומבאַרן אויסגאַנג פֿון דער דאָזיקער סיטואַציע?

דעם 13 יוני איז בען גוריאָן אַרויסגעפֿלויגן קיין פּאַריזש, אין זעלבן אָוונט איז דער פּרע־



דער מיניסטער פֿון אויסערן־איניאָנים גאָלדע מעיר ווישט די טרערן

זידענט פראַנדיזי אָפּגעפאָרן קיין רוים. דער ארגענטינער אמבאסאדאָר אין ייִסראָעל האָט, נאָכדעם ווי ער האָט פארלאָזט די מעדינע, געדאַרפט זיך באַגעגענען מיט זײַן פּרעזידענט אין רוים צוליב א גענויעם באריכט.

לויט די געזעצן פון דער אָרגאניזאציע פון די פאריייניקטע נאציעס דארף מען, איידער מע שליסט אײַן אין טאָג־סיידער אן איניען, זיך באגעגענען מיטן צווייטן צאד צוליב אומדירעקטע פאָרהאנדלונגען. דאָס בײַזײַן פון ביידע לידערס אין אייראָפּע האָט מעגלעך געמאכט אזא באגעגעניש, און די רעשימע פון די מארשרוטן האָט אונטערגעזאָגט דאָס אָרט, וווּ זי קאָן צו שטאנד קומען — בריסעל.

בייס פּראַנדיזיס אָפּפאָרן פון בוענאָס־אײַרעס האָט אים שיר ניט אָפּגעהאלטן די ניטגעלונגענע מיליטערישע איבערקערעניש, נאָר אין מעשעך פון 6 שאָ מיט 47 מינוט האָט ער זי דערשטיקט און אָף מאָרגן איז ער שוין געקומען קיין רוים. אייכמאן איז געווען ניט די איינציקע פיגור, וואָס האָט פארנומען זײַנע געדאנקען. נאָך צוויי פּראָבלעמען האָבן אים געעגבערט — דער אָקאָרשט דערשטיקטער בונט און דאָס אויסזוכן פאר ארגענטינע ברייטע מערק אין אייראָפּע.

פאראלעל איז געגאנגען די צוגרייטונגסארבעט אין דער אָרגאניזאציע פון די פארייניקטע נאציעס. דעם 14 יון האָט דער פאָרשטייער פון אורוגווײַ ענריקע ראָדריגעס פאברעגאט אײַנגעלאדן צו זיך אהיים דעם ארגענטינער פאָרשטייער דאָקטאָר מאריִאָ אמאדעאָ, דעם פאָרשטייער פון ייִסראָעל מײַקל קאָמע און דעם אויסערן־מיניסטער פון ייִסראָעל גאָלדע מעיִר, וועלכע איז דאן געקומען מיט א וויזיט קיין אמעריקע. פאברעגאט האָט צונויפגעפירט ביידע צדאָדים, מאכמעס, לויט זײַנע רייד, זײַנען „סײַ ארגענטינע, סײַ ייִסראָעל זײַנע ברידער".

די דיפּלאָמאטן האָבן געשמועסט צוויי שאָ, נאָר זיך ניט געקאָנט דעריידן. ייִסראָעל האָט זיך אָפּגעזאָגט אומקערן דעם קריגס־פארברעכער, און ארגענטינע האָט געפאָדערט אים ארויסגעבן.

אפן אנדערן טאָג האָט דאָקטאָר אמאדעאָ זיך דערשלאָגן, אז די ארגענטינער רעגירונג זאָל אָנגעבן א ביטע וועגן צונויפרופן אן עקסטרע זיצונג פונעם זיכערהײַט־ראט צו „פאנאנדערקלײַבן די רעכטברעכונג פונעם סוווערעניטעט".

פיל מיטגלידער פון דער אָרגאניזאציע פון די פארייניקטע נאציעס האָבן ניט אײַנגעזען, מיט וואָס דער איניען פון אייכמאנען קאָן דראָען דעם שאָלעם און דער געפארלאָזיקײַט, ביפראט, אז ייִסראָעל האָט אויסגעדריקט זײַן באדויערונג. נאָר אמאדעאָ איז געשטאנען אָף זײַנעם, און די זיצונג פונעם זיכערהײַט־ראט איז אָנגעמערקט געוואָרן אפן 22 יון.

מיט א טאָג שפּעטער האָט דער אויסערן־מיניסטער פון ייִסראָעל באקומען דעם ענטפער פון פּראַנדיזין אָף בען גוריִאָנס בריוו. דער ענטפער איז געווען אָנגעשריבן ערעוו דעם פּרעזידענטס אָפּפאָרן, נאָר אָפּגעגעבן האָט מען אים ערשט דעם 16 יון: מע האָט אים ספּעציעל „צוגעהאלטן" ביז ס'איז געלייזט געוואָרן די פראגע וועגן צונויפרופן די זיצונג פונעם זיכערהײַט־ראט.

דער פּרעזידענט האָט געשריבן:

„בוענאָס־אײַרעס, 13 יון 1960

מיסטער פּרעמיער־מיניסטער,

כ'האָב באקומען דעם בריוו פון אײַער עקסעלענץ און איך ענטפער אָף אים אין די לעצטע מינוטן פאר מײַן אָפּפאָרן קיין אייראָפּע.

איך וויל אונטערשטרײַכן, אז איך פארשטיי די געפילן פונעם ייִדישן פאָלק. איך רעכן, אז ס'איז איבעריק צו דערמאָנען אײַער עקסעלענץ וועגן דעם, אז די ארגענטינער רעפּובליק האָט פיל מאָל פארורטיילט דעם פארברעכן פון גענאָציד... נאָר איר דארפט פונדעסטוועגן אויך פארשטיין די מאָטיוון, וואָס האָבן גוירעם געווען, אז מײַן רעגירונג זאָל אויסדריקן א פּראָטעסט קעגן דעם ברעכן אונדזער סוווערעניטעט..." און אזוי ווײַטער.

דער דאָזיקער בריוו, וואָס איז אָנגעקומען נאָך דער פאָדערונג, וועלכע עס האָט ארויסגעזאָגט אין דער אָרגאניזאציע פון די פארייניקטע נאציעס דאָקטאָר אמאדעאָ, האָט איבערגעשטראָכן די מעגלעכקײַט פון וועלכע־ניט־איז אונטערהאנדלונגען. פונדעסטוועגן האָבן אייניקע מיטגלידער פונעם זיכערהײַט־ראט געפּרוווט אײַנרעגולירן דעם איניען. ייִסראָעל האָט אין די דאָזיקע פּרוּוון ניט אָנטיילגענומען, גרייטנדיק זיך צו פארטיידיקן זײַנע רעכט אפן צווישנפעלקערלעכן פאָרום. ניט געקוקט אָף דעם, האָט ער געמאָלדן, אז ער איז גרייט צו פירן אומיטלבארע אונטערהאנדלונגען. האגאם עס זײַנען געגאנגען קלאנגען וועגן די פאָרשטייענדיקע אונטערהאנדלונגען פון פּראַנדיזין מיט בען גוריִאָנען, האָט ארגענטינע געפאָדערט, מע זאָל צונויפרופן די זיצונג.

פון איין זײַט, האָבן די מיטגלידער פונעם ראט ניט געקאָנט פארבײַגיין דאָס ברעכן די סוווערענע רעכט, פון דער צווייטער, האָבן זיי געקאָנט באשולדיקט ווערן אין גלײַכגילטיקײַט צו דער פארניכטונג פון מיליאָנען ייִדן און צום אויסבאהאלטן א נאציסטישן קריגס־פארברעכער. דעריבער האָבן זיי זיך באמיט אָפּצולייגן די באראטונג, און דאָס איז זיי קימאט שוין געלונגען. דעם 21 יון (א טאָג פאר דער זיצונג) האָט דער ארגענטינער אמבאסאדאָר אין בריסעל געמאָלדן דעם ייִסראָעלדיקן אמבאסאדאָר, אז „דער פּרעזידענט וועט גערן זיך באגעגענען מיטן מיסטער בען גוריִאָן", און אז די באגעגעניש וועט פאָרקומען דעם קומענדיקן זונטיק. אין ניו־יאָרק איז די נײַס אופגענומען געוואָרן מיט באפרידיקונג.

נאָר צו דער אלגעמיינער פארוווּנדערונג, האָט דאָקטאָר אמאדעאָ לאכלוטן גאָרנישט ניט פירגענומען אָף אָפּלייגן די זיצונג ביז עס וועט

דער מעלוכע־באַשולדיקער גידעאָן
האוזנער האלט די אַרײַנפיר־רעדע



פאַרקומען די באַגעגעניש. אין זײַן רעדע אַף דער זיצונג דעם 22 יון האָט אַמאַדעאָ דערקלערט די סיבע מיט דעם, וואָס ענטפערנדיק דעם פּרעסע־קאָרעספּאָנדענט, האָט בען גוריאָן געמאָלדן, אַז ישׂראָעל קלײַבט זיך ניט אַרויסגעבן אייכמאַנען. דעריבער זעט ניט די אַרגענטינער רעגירונג קיין „מינימאַלן גרונט פאַר אונטערהאַנדלונגען".

די דאָזיקע דערקלערונג האָט קיינעם ניט באַפרידיקט. זי האָט געשאַפן אַ מיינונג, אַז די ליבעראַלע עלעמענטן אין דער אַרגענטינער רעגירונג האָבן מיט דער האַסקאָמע פונעם פּרעזידענט פאַרגעלייגט זיך באַגעגענען מיטן ישׂראָעלדיקן לידער, נאָר דער רעכטער פליגל האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר די ווערטער פון בען גוריאָנען, קעדיי די באַהאַנדלונג אין דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס זאָל פאַרקומען.

אָט די מיינונג האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט, ווען אַמאַדעאָ האָט אין זײַן רעדע געפאָדערט פונעם ראַט אָנעמען אַ רעזאָלוציע וועגן דעם, אַז דער איניען פון אייכמאַנען האָט אַרויסגערופן צווישנפעלקערלעכע רײַבונגען און אַז דער איניען דראָט דעם שאָלעם און דער געפאַרלאָזיקײַט. דער פּראָיעקט פון דער רעזאָליוציע האָט אויך געפאָדערט „אַ רעפּאַראַציע פאַר דעם, וואָס ישׂראָעל האָט געבראָכן דעם סוווערעניטעט פון אַרגענטינע". אונטער דער „רעפּאַראַציע" האָט אַמאַדעאָ געמיינט, ווי ער האָט דערקלערט, אומקערן אייכמאַנען און באַשטראָפן די, וואָס האָבן אים אַרויסגעפירט.

נאָכן אויסדריקן מיטגעפיל דעם ייִדישן פאָלק פאַר די גרויסע פאַרלוסטן האָט ער דערקלערט, אַז „ניט בלויז אייכמאַן איז געלאָפן קיין אַרגענטינע מיט פאַלשע דאָקומענטן, נאָר אויך פיל אַנדערע פליטים, אײַנגעשלאָסן ייִדן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פונעם נאַציזם".

אין איר ענטפער האָט גאָלדע מעיִר געמאָלדן, אַז ס'איז איבעראַשנדיק דער פאַקט, וואָס דאָקטאָר אַמאַדעאָ האַלט פאַר מעגלעך און פּאַסיק צו ריידן אַלציינס וועגן אייכמאַנען און וועגן זײַנע קאָרבאָנעס. אַזאַ גלײַכקײַט קאָן זי ניט אָנעמען.

איר גרונט־טענות איז באַשטאַנען אין דעם, אַז ישׂראָעל האָט ניט געבראָכן די סוווערעניטעט פון אַרגענטינע. זי האָט געשטעלט אַ פראַגע, צי דער איניען אייכמאַן איז אַ פּראָבלעם צו באַהאַנדלען אין זיכערהײַט־ראַט. „די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע באַהאַנדלט איניאָנים, וואָס דראָען דעם שאָלעם. צי איז פאַראַן אַ דראָונג דעם שאָלעם אין דעם, וואָס אייכמאַנען וועט מישפּעטן גראָד דאָס פאָלק, וועמענס טאָטאַלער פאַרניכטונג ער האָט זיך געווידמעט? צי עפּשער ליגט די געפאַר קעגן דעם שאָלעם אין אייכמאַנען גופע, אין אייכמאַנען אַף דער פרײַ, אַן אומבאַשטראָפטן, וועמען עס זאָל דערלויבט זײַן פאַרסאַמען נײַע דורעס מיטן גיפט פון זײַן נעשאָמע?"

דער סאָוועטישער דעלעגאַט אַרקאַדי סאָ־
באָלעוו, וואָס איז מאסקים געווען מיטן אַרגענ־
טינער דעלעגאַט אין דער פראַגע פון סוווערע־
ניטעט, האָט אָבער צאַרנדיק קריטיקירט דאָס
אויסבאַהאַלטן נאַציסטישע לידערס, וואָס דאָס
איז אומווירדיק פאַר א מעלוכע.

העגרי קאַבאָט לאָדזש, דער דעלעגאַט פון
פּשא, איז מאסקים געווען מיט די אַרויסגע־
בראַכטע אין דער אַרגענטינער רעזאָליוציע
טײַנעס, נאָר ער האָט געמאַכט צוויי ענדערונ־
גען. די ערשטע איז באַשטאַנען אין דעם, אַז
דער ראַט דאַרף אַנערקענען די רעכט פון
פאָלק צו מישפּטן אייכמאַנען, וועלכער האָט
אָנטיילגענומען אין דער פאַרניכטונג פון 6
מיליאָן יידן. ער האָט אויסגעדריקט א האָפע־
נונג, אַז „די טראַדיציאָנעלע פרײַנטלעכע באַ־
ציִונגען צווישן די צוויי לענדער וועלן ווידער
אויפגעשטעלט ווערן.

דער ענגלענדער סער פּירסאָן דיקסאָן האָט
אונטערגעהאַלטן די מיינונג פונעם מיסטער
לאָדזש, נאָר אויסגעדריקט, פונדעסטוועגן, אַן
איבערצײַגונג, אַז קעדיי לייזן דעם קאָנפליקט,
וועט זײַן בעסער, עס זאָלן זיך אָנהייבן אונ־
טערהאַנדלונגען צווישן יִשׂראל און אַרגענ־
טינע.

די רעזאָליוציע, וואָס איז פאָרגעלייגט גע־
וואָרן דעם ראַט, איז געווען א פאַרווייכערטער
וואַריאַנט פון דעם ערשטן אַרגענטינער
פּראָיעקט. זי האָט אַנטהאַלטן די צוויי ווייכטי־
קע ענדערונגען, וועלכע עס האָט אַרײַנגע־
טראָגן דער אַמעריקאַנער דעלעגאַט. 8 לענ־
דער האָבן געשטימט „פאַר", דער סאָוועטנ־
פאַרבאַנד און פּוילן האָבן זיך אָפּגעהאַלטן,
אַרגענטינע אַלס איינע פון די שטרײַטנדיקע
צדדים האָט ניט אָנטיילגענומען אין דער
אָפּשטימונג.

אַרגענטינע האָט נאָכאַמאָל אָנגענומען די
אַנטשולדיקונג, און יִשׂראל האָט געקאָנט
מישפּטן אייכמאַנען אויף זײַן טעריטאָריע. איצט
האָבן ביידע לענדער געדאַרפט זיך דערריידן,
אין וואָס עס באַשטייט די אַנטשפּרעכיקע רע־
פּאַראַציע, האָגאַם אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז
אייכמאַן וועט בלײַבן אין יִשׂראל. אין אַרגענ־
טינע האָבן אָבער געבושעוועט די עקסטרעמיס־
טישע קרײַזן, ס'האָט זיך געפּאָדערט עפּעס מער
באַדײַטנדיקס, איידער א פּראָסטע אַנטשולדי־
קונג.

די דאָזיקע פראַגע האָט ניט געמוזט באַ־
האַנדלט ווערן אויפן ניוואָ פון די מעלוכע־לי־
דערס. בען גוריאָן און פראָנדיזי זײַנען זיך צע־
פאָרן אין זייערע לענדער אָן א באַגעגעניש.

דער שטאַנדפּונקט פון דער יִשׂראלדיקער
רעגירונג איז באַשטאַנען אין דעם, אַז „די אַנט־
שולדיקונג, וואָס איז געגעבן געוואָרן אומיטל־
באַר דער אַרגענטינער רעגירונג, איז פולקום
גענוג פאַר א רעפּאַראַציע".

אין מעשעך פון די שפּעטערדיקע צוויי
וואָכן האָט דער רעכטער פליגל אין בוענאָס־
אײַרעס געשטויסן די רעגירונג אָנצונעמען
אַנטשיידענע שריט קעגן יִשׂראל, און די מע־
סיקע האָבן געטײַנעט, אַז ס'איז שוין גענוג
שטויב אופגעהויבן געוואָרן אויף דער צווישנ־
פעלקערלעכער אַרענע. געענדיקט האָט זיך
דאָס אַלץ מיט א קאָמפּראָמיס־לייזונג: די רע־
גירונג האָט פירגענומען א האַרטן דיפּלאָמאַ־
טישן שריט, וועלכער האָט געדאַרפט באַפרי־
דיקן די עקסטרעמיסטן און דערבײַ דערמעג־
לעכן, אַז ביידע לענדער זאָלן באַנײַען די
פרײַנטלעכע באַציִונגען. אַרגענטינע האָט גע־
מאָלדן דעם יִשׂראלדיקן אַמבאַסאַדאָר לעוואַ־
ווי פאַר א „פּערסאָנאַ נאָן גראַטאַ". קעדיי פאַר־
ווייכערן די אָפיציִעלע מעלדונג, האָט מען אין
די דיפּלאָמאַטישע קרײַזן אין בוענאָס־אײַרעס
געמאָלדן, אַז דאָס באַטײַט ניט קיין איבערײַ־
סונג פון די דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען און אַז
איצט קאָן מען אָנהייבן אונטערהאַנדלונגען
צווישן ביידע לענדער וועגן נאָרמאַלע באַציִונ־
גען.

דעם 3 אויגוסט איז פּובליקירט געוואָרן א
געמיינזאַמע מעלדונג איינצײַטיק אין בוענאָס־
אײַרעס און אין ירושלאַיִם, אין וועלכער
ס'איז געמאָלדן געוואָרן, אַז אין העסקעם מיטן
באַשלוס פונעם זיכערהײַט־ראַט פאַרן 23 יוני
1960 יאָר האָבן די רעגירונגען פון אַרגענ־
טינע און יִשׂראל באַשטימט, אַז דער אינצי־
דענט איז אויסגעשעפּט.

## די ביוראָ 06

אייכמאַנען האָט מען איבערגעפירט אין
לאַגער אײַאַר. דאָרט האָט מען אים גלײַך גע־
נומען אויפן פאַרהער. כוץ דעם, איז ער צוגע־
טראָטן צו שרײַבן זײַן אויטאָביאָגראַפיע.

צי האָט ער דערציילט דעם עמעס?

וועגן דעם האָבן בעסער געקאָנט אורטיילן
די מיטאַרבעטער פון דער ביוראָ 06 בעראָש
מיט אווראָם סעלינדזשערן, וועלכע זײַנען צו־
ליב דעם געקומען אין לאַגער. אין יִשׂראל,
פּונקט ווי אין אַנדערע דעמאָקראַטישע לענ־
דער, רעכנט זיך דער מענטש, וואָס איז גע־
שטעלט פאַרן געריכט, אומשולדיק, און זײַן
שולד קאָן מען פעסטשטעלן, בלויז מיט דער
הילף פון די סאַמע איבערצײַגעוודיקע דער־
ווײַזונגען.

ניט געקוקט אויף די פולע באַווײַזן וועגן
דעם אָנטייל פון אייכמאַנען אין דער פּראָגראַם
פון פאַרניכטן די יידן, האָט מען יעדן קוואַל
געדאַרפט דורכקאָנטראָלירן.

אין די צוגרייטונגען צום איניען קעגן
אייכמאַנען זײַנען די ווייכטיקסטע קוואַלן גע־
ווען פאָלגנדיקע: די באַשטעטיקונגען מיצאַד
איידעס, דאָס הייסט די באַווײַזן אויפן נירנבער־
גער פּראָצעס, אויף די צוועלף פּראָצעסן נאָכן
נירנבערגער (איבער די מער נידעריקע טשי־
נען), וועלכע די אַמעריקאַנער האָבן דורכגע־

פירט, און אַף די פּראָצעסן אין די לענדער, וואָס די היטלעראָווצעס האָבן אָקופּירט; די דאָקומענטן פון די ארכיוון אין מעלוכישן דע־פּאַרטאַמענט פון פשא, אין די אויסערן־מיניס־טעריומס פון גרויסבריטאַניע, פראַנקרײַך און אין די לענדער, וואָס זײַנען געווען אָקופּירט; אַנדערע פאַרכאַפּטע נאַציסטישע דאָקומענטן. די אַלע מאַטעריאַלן האָט מען באַדאַרפט געַנוי דורכקאָנטראָלירן און געפינען אין זיי דירעקטע באַווײַזן קעגן אייכמאַנען. סעלינדזשער האָט אַפילע געמוזט באַזוכן די הויפּט־שטעט פון פאַרשיידענע לענדער.

כוץ דעם, זײַנען אין זײַן רעשוס געווען אייניקע נײַע קוואַלן: די גוויעס־איידעס פון אסירים אין די טויט־לאַגערן און פון אייכמאַ־נען אַליין.

די פאַרהערן האָבן געפירט אויסשליסלעך מיטאַרבעטער פון דער ביוראָ 06 און בלויז אין דער דײַטשישער שפּראַך. אַפּן טיש איז געשטאַנען א מאַגנעטאָפאָן מיט צוויי מיקראָ־פאָנען — פאַר אייכמאַנען און פאַרן אויספאָר־שער. נאָך יעדן פאַרהער האָט מען אַלץ פון די מאַגנעטאָפאָן־לענטעס איבערגעשריבן אַף פּאַפּיר און געגעבן כאַסמענען אייכמאַנען. צו־מאָל פלעג ער עפּעס פאַריכטן אָדער צושרײַבן מיט זײַן אייגענער האַנט און שטעלן זײַנע איני־ציאַלן. נאָכדעם האָט מען אַלץ איבערגעזעצט אַף איוורית, און עס פלעג באַשטעטיקן מיט זײַן כסימע א מיטאַרבעטער אין אַן אָפיצערישן ראַנג.

כוץ די פאַרהערן וועגן דער דירעקטער טעטיקײַט פון אייכמאַנען, פלעג מען אים אָפּט ווײַזן דאָקומענטן, וועלכע די ביוראָ האָט געפו־נען אין פאַרשיידענע ארכיוון. זײַנע קאָמענ־טאַרן צו אַזעלכע דאָקומענטן פלעג ער אויך אונטערשרײַבן און זיי האָבן געדינט אַלס זאַך־באַווײַזן אַפּן פּראָצעס.

אַלס באַווײַז האָט אויך געקאָנט דינען זײַן אויטאָביאָגראַפיע, וועלכע ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן. צי האָט ער דערציילט דעם עמעס?

אין ענלעכע סיטואַציעס, ווען מע האָט פאַרהערט די נאַציסטן, האָבן זיי וועגן זייער פאַרגאַנגענהײַט אָדער גערעדט א סאַך און געליגנערט, אָדער געזאָגט דעם עמעס, אָדער גאָר געשוויגן.

אייניקע האָבן שטאָלצירט מיט זייער נאַ־ציסטישער דיסציפּלין, געטײַנעט, אַז אַלץ, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן, האָט זיי אונטערגעזאָגט דער פּאַטריאָטישער כויוו און אַז זיי האָבן אַף גאָרנישט ניט כאַראָטע, מע קאָן מיט זיי טאָן, וואָס מע וויל, נאָר זיי וועלן ניט העלפן אַנט־פּלעקן זייערע פאַרגאַנגענע מײַסים, ביפראַט נאָך פאַר די מענטשן, וועמען זיי פאַראַכטן, וועמען זיי האָבן זיך געקליבן אָפּווישן פון דער ערד, און ווער עס האָט, אַדאַנק דער שפּיל פונעם גוירל, געַנומען איבער זיי די איבער־האַנט. אַזאַ פּאָזיציע האָט אויסגעדריקט א גע־וויסע ווירדע.

אַנדערע האָבן אונטער דער לאַסט פון זייער שווערער שולד געזאָגט דעם עמעס. אין דעם האָט אויך געשטעקט א געוויסע מענטש־לעכע ווירדע.

מע קאָן ניט זאָגן, אַז אייכמאַן האָט גע־הערט צו איינער פון די צוויי קאַטעגאָריעס. מע קאָן מיט זיכערקײַט זאָגן, אַז ער האָט זיך געפּרוּווט אויסדרייען. באַמיִענדיק זיך שאַפן אַן אײַנדרוק פון אָפנהאַרציקײַט, האָט ער, אין די פאַלן, ווען ער האָט געהאָפט ראַטעווען זײַן לעבן, געלײַגט. מיינענדיק, אַז ער פאַרפירט די אויספאָרשער, פלעג ער אַרײַנפאַלן אין א פּאַסטקע, אומבאַמערקט אַפילע פאַר זיך אַליין.

זײַן אויטאָביאָגראַפיע שטעלט מיט זיך פאָר א צווייענדיקן פּרוּוו זיך ריינוואַשן און פאַר־קלענערן זײַן ראָל, ווי ער וואָלט זײַן א פּאַשע־טער אויספילער פון באַפעלן, וועלכע ס׳פלעגן אַרויסגעבן די העכערע אינסטאַנצן. בא דער דאָזיקער ליניע האָט ער זיך געהאַלטן אויך אַף די פאַרהערן. ווען מע האָט אים באַוויזן באַפעלן מיט זײַן פאַרזענלעכער כסימע, פלעג ער זיי באַשטעטיקן בלויז דאַן, ווען זיי האָבן ניט געשטערט דער ליניע פון זײַן פאַרטיידי־קונג, אין קעגנפאַל פלעג ער זיך באַקלאָגן אַף דער פאַרטונקלונג פון זיקאָרן.

אין דער ביוראָ 06 פלעג מען די ארכיוו־דאָקומענטן באַטראַכטן באַזונדער לויט די לענ־דער, אין וועלכע עס זײַנען באַגאַנגען געוואָרן די פאַרברעכנס. מיט יעדער לאַנד האָט זיך פאַרנומען א באַזונדערע גרופּע, מיט וועלכער ס׳האָט אָנגעפירט, אַלס קלאַל, אַן אָפּשטאַמי־קער פון דעם דאָזיקן לאַנד. יעדער דאָקומענט איז באַטראַכט געוואָרן פונעם שטאַנדפּונקט, אַף וויפל ער איז פאַרבונדן מיט אייכמאַנען און בלויז דאַן פלעג מען אים נומערירן און אונטערנייען צום באַשולדיקונגס־איניען.

איינמאָל האָט אַן אויספאָרשער פאַנאַנדער־געקוקט א דאָקומענטאַציע, אין וועלכער ס׳איז באַצייכנט געוואָרן די דאַטע, ווען מע האָט די ייִדן לויט אייכמאַנס באַפעל אָפּגעשיקט קיין אָשווענטשים, און די נומערן, וואָס זײַנען אָפּ־געשטעמפּלט געווען אַף זייערע הענט אין טאָג פונעם אָנקום אַהין. דאַן האָט ער געזאָגט צו מיקי גאָלדבערגן, וועלכער איז געווען דער אינספּעקטאָר פון דער פּוילישער „סעקציע": „הער נאָר, עפּשער געפינען זיך דאָ אין ייִס־ראָעל מענטשן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון אָשווענטשים. לאָמיר זיי אויסזוכן און א קוק טאָן, צי ס׳פאַלן צונויף זייערע נומערן מיט די דאָזיקע". מיקי האָט גאָרנישט ניט געענט־פערט, ער האָט בלויז פאַרקאַטשעט דעם אַרבל פונעם העמדל. זײַן האַנט איז געווען גע־שטעמפּלט מיטן נומער 161.135. אַף דער פראַגע, צי געדענקט ער, ווען מ׳האָט אים אָפּ־געשיקט קיין אָשווענטשים, האָט ער געענט־פערט:

— צי קאָן מען דען אַזעלכס פאַרגעסן? דעם 3 דעקאַבער 1943.

מע האָט דורכגעקוקט די דאָקומענטאַציע, און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דעם 3 דעקאַ־

בער 1943 יאָר זײַנען אין לאַגער אָנגעקומען 1870 אסירים, זייערע נומערן — פון 161.000 ביז 162.870. מיקי איז געווען איינער פון די זײַן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון דער גאַנצער גרופּע.

אייכמאַנען האָט מען געמאָלדן, אַז ער קאָן אין העסקעם מיטן געזעץ זיך אויסקלײַבן אַ פאַרטיידיקער — אַן אַדוואָקאַט פון אַ באַליביק לאַנד, וועמען ער וועט וועלן, באַ איין באַדינג — דער אַדוואָקאַט טאָר ניט זײַן קיין געוועזענער נאַציסט.

אייכמאַנס קרויווים (זײַנע ברידער אין דײַטשלאַנד און אין עסטרײַך) האָבן געזוכט אַן אַדוואָקאַט. פאַרן איניען האָט זיך געוואָלט נעמען אייכמאַנס ברודער, אויך אַן אַדוואָקאַט, אָבער נאָכדעם איז געווען באַשטימט זיך ווענדן צום דײַטשישן אַדוואָקאַט ראָבערט סערוואַציוס, וועלכער האָט אַפן נירנבערגער פּראָצעס פאַרטיידיקט זאַוקעלן. דאָקטאָר סערוואַציוס איז מאַסקים געווען, און די יִשׂראלדיקע פאַרשטייערשאַפט האָט אויך געגעבן די האַסקאָמע אַף זײַן קאַנדידאַטור.

קיין איין לאַנד אין דער וועלט דערלויבט ניט, אַז אַן אויסלענדער זאָל פאַרטיידיקן אַ באַשולדיקטן, נאָר די יִשׂראלדיקע רעגירונג האָט אַרײַנגעטראָגן אין פאַרלאַמענט צו באַשטעטיקן אַ ספּעציעלן ביל וועגן סערוואַציוסן, וועלכער באַהערשט אַפילע ניט די שפּראַך פונעם לאַנד. דער דאָזיקער ביל, וואָס דער פאַרלאַמענט האָט באַשטעטיקט, האָט אָפּיציעל געהייסן „און ענדערונג צו דער אַדוואָקאַטור־פּראַקטיק". גלײַכצײַטיק האָט מען פאַרן אַדוואָקאַט און זײַן קליענט געפונען איבערזעצערס־סינכראָניסטן.

דאָקטאָר סערוואַציוס איז געקומען קיין יִשׂראל אין אָקטיאַבער 1960, און האַגאַם צו יענער צײַט איז דער ביל נאָך ניט דורכגעגאַן אין פאַרלאַמענט אין דער דריטער פאַרלעזונג, איז אים דערלויבט געווען זיך זען מיט זײַן פאַרטיידיקטן.

## בײַלאַגע

אייכמאַן איז געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט לויט דעם „געזעץ וועגן נאַציסטן און מיטאַרבעטנדיקע מיט די נאַציסטן, 1950", וועלכן עס האָט אָנגענומען די קנעסעט דעם 18 אויגוסט 1950 — 5710 (לויט דער ייִדישער צײַט־רעכענונג). דער געזעץ באַשטייט פון 17 אַרטיקלען, פון וועלכע דאָס אַרטיקל 1, דאָס סאַמע וויכטיקסטע, זאָגט:

„1 (א) אַ מענטש, וואָס איז באַגאַנגען איינעם פון די אונטן־איבערגערעכנטע פאַרברעכנס —

(1) איז באַגאַנגען אין דער צײַט פון נאַציסטישן רעזשים אין אַ פײַנטלעכן לאַנד אַ טאַט, וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַ פאַרברעכן קעגן דעם ייִדישן פאָלק;

(2) איז באַגאַנגען אין דער צײַט פונעם נאַציסטישן רעזשים אין אַ פײַנטלעכן לאַנד אַ טאַט, וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַ פאַרברעכן קעגן דער מענטשלעכקײַט;

(3) איז באַגאַנגען אין דער צײַט פונעם נאַציסטישן רעזשים אַ טאַט, וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַ קריגס־פאַרברעכן,

ווערט פאַרמישפּעט צו טויט־שטראָף.

(ב) אין פאַרבינדונג מיט דעם —

„אַ פאַרברעכן קעגן דעם ייִדישן פאָלק" באַטײַט יעטווידער פון די פאָלגנדיקע טאַטן מיטן ציל צו פאַרניכטן די ייִדן פולשטענדיק אָדער טיילווײַז:

(1) דערמאָרדן ייִדן;

(2) מאַכן ערנסטע קערפּערלעכע אָדער מענטאַלע צעשעדיקונגען די ייִדן;

(3) דאָס באַזעצן ייִדן אין באַדינגונגען, אויסגערעכנטע אַף זייער פיזישער צעשטערונג;

(4) דאָס אָנעמען מיטלען צוליב איבערײַסן די געבורטיקײַט צווישן ייִדן;

(5) מיט געוואַלט איבערפירן קינדער פון ייִדישער נאַציאָנאַליטעט אין אַן אַנדער נאַציאָנאַלער אָדער רעליגיעזער סוויווע;

(6) דאָס פאַרניכטן ייִדישע רעליגיעזע אָדער קולטורעלע ווערטן;

(7) דאָס אײַנפלאַנצן האַס צו דער ייִדישער נאַציע;

„אַ פאַרברעכן קעגן מענטשלעכקײַט" באַטײַט פאָלגנדיקע טאַטן: „מאָרד, פאַרניכטונג, פאַרשקלאַפונג, דעפּאָרטאַציע, מאַטערן מיט הונגער און אַנדערע אומענטשלעכע טאַטן, אָנגעווענדטע צו אַ באַליביקער ציווילער באַפעלקערונג, פאַרפאָלגונגען אַף נאַציאָנאַלע, ראַסעווע, רעליגיעזע אָדער פּאָליטישע יעסוידעס;

„קריגס־פאַרברעכן" באַטײַט יעדערער פון די פאָלגנדיקע טאַטן: מאָרד, דאָס באַגיין זיך שלעכט מיט דער ציווילער באַפעלקערונג פון אַן אָקופּירט לאַנד, אָדער דאָס שיקן זי אַף צוואַנגס־אַרבעט; מאָרד אָדער דאָס באַגיין זיך שלעכט מיט קריגס־געפאַנגענע; צערויבן אָדער פאַרניכטן פּריוואַט אייגנטום; צעשטערן שטעט, דערפער, יִשובֿים, וואָס עס איז ניט אַרויסגערופן דורך מיליטערישער נויטווענדיקײַט".



# נײַע לידער

• • •

מיר איז בעסער, ווי דער נאַכט:
כ'קען זיך שפּיגלען אין איר פּראַכט
אין די שטערן אירע.
כ'גאַף: ס'איז יעדער שטערן שיין,
ס'זעט זיך ניט די נאַכט אַליין,
אינעם קראַנץ קאַלירן.

מיר איז בעסער, ווי דעם ווינט:
כ'פיל, ווי ער איז צאַרט און לינד,
ווי א טויב א שטילע.
און זײַן צערטלעכקײַט דער ווינט,
דאָס ארומפליִען געשווינד
קען אליין ניט פילן.

מיר איז בעסער, ווי דער בייט:
כ'קוק זיך אײַן אין יעדער קווייט,
וואָס איר איז געפעלן.
ס'זעט זיך ניט די שענסטע בלום,
מעג אפילע זײַן ארום
ליכט — פון העלסטער העלער.

מיר איז בעסער — הייסט נאָך ניט,
אז צום גליק מיך פירן טריט,
בלויז צו זיך זיי פירן.
אָבער בעסער, ווי דער נאַכט
איז איר, ווײַל איך זע איר פּראַכט
אינעם קראַנץ קאַלירן.

• • •

ס'האָט מיר אפן שפּיצמעסער איינמאָל דאָס לעבן
א טײַערע, גרויסע מאַטאַנע געגעבן.
זאָל זײַן ניט קיין שײנקײַט, וואָס צויבערט און קישעפט —
געגעבן מיר יוגנט — א העלע, א פרישע.
די גאָב אָבער נעמען האָב איך ניט געקענט —
כ'האָב מוירע געהאט זיך צעשנײַדן די הענט.
דערנאָך אפן זעלביקן שאַרפן שפּיצמעסער
געבראַכט א געשאַנק מיר — נאָך שענער און בעסער:
א צניִעסדיק־ריינע, א וואַרעמע ליבע...
איז זי אפן שפּיצמעסער איבערגעבליבן.
פון שפּיצמעסער נעמען כ'האָב זי ניט געקענט —
כ'האָב מוירע געהאט זיך צעשנײַדן די הענט.
דאָס לעבן האָט אָבער געוואָלט מיך באַגליקן.
ניט אופגעהערט פײַנע מאַטאַנעס מיר שיקן.
געבראַכט אפן שפּיצמעסער פרייד, פאַרגעניגן, —
האָב איך זיי געלאָזט אפן שפּיצמעסער ליגן.
פון שפּיצמעסער נעמען כ'האָב זיי ניט געקענט —
כ'האָב מוירע געהאט זיך צעשנײַדן די הענט.
איך טײַנע זיך אויס מיט מײַן ליבן איצט ווידער:
וואָס איז עס געווען בא אים פאַר א מידע —
מיר לאָזן גראָד אפן שפּיצמעסער געשאַנקען,
און דו — זײַ א דרייסטע און פּרוּוו זיי דערלאַנגען.
קיין דרייסטע, אפּאָנעם, בין איך ניט געווען.
פון שפּיצמעסער נעמען זיי פלינק ניט געקענט —
כ'האָב מוירע געהאט זיך צעשנײַדן די הענט.

• • •

נאָך פריִער פון מיר אַף דער לאָנקע געקומען —
דער שטילער פרימאָרגן, די גראָזן, די בלומען,
דער לויטערער הימל, די זוניקע בליטן,
און מוראשקעס — בויער און טרעגער געניטע,
בעהיימעס — דערזוויַל נאָך אָן מילך אין די אייַטערס,
און פריילעכע ביקלעך, און קעלבלעך פאַרשייַטע,
אין ראַם פון די ברעגן — אַ טייַך, ווי אַ שפּיגל,
אַף וועלכן די כמאַרעס, ווי שיפלעך, זיך וויגן.
און כאָטש איך בין שפּעטער געקומען אַ ביסל,
עס האָט דער קאַיאָר מיר געגעבן זייַן שליסל,
כ'זאָל היימיש זיך פילן אין ליכט פון באַגינען...
און שפּעטער אין וואַלד אין געדיכטן און גרינעם
אַוועק מיך באַגלייטן. אַליין שטיין געבליבן
באַם וואַלד-ראַנד. זייַן שוועל כ'בין אַליין שוין אַריבער.
אין וואַלד האָט אַ טייַערער טאָג מיך באַגעגנט,
געהייסן די וועווערקעס פון מייַנעטוועגן
פון צווייַגל אַף צווייַגל סייַ שפּרינגען, סייַ פליִען.
באַפוילן די וואַלד-קווייטן בונט זיך צעבליִען.
געבעטן די פּאָזעמקעס — יאַגעדעס זיסע,
עס זאָל זייער פּורפּור מיר געבן צו וויסן —
ס'באַהאַלטן זיי אויס וועלכע גראָזן און בלעטער.
כ'האָב פּלוצעם אין ווייַטן דערזען: שאָען שפּעטע
פאַרהילט ביינהאַשמאָשעסדיק האָבן די לאָנקע,
פאַרלאָשן אין טונקל איר בונטקייַט, און בלאָנקען...
אין וואַלד איז נאָך ליכטיק. די זוניקע שטראַלן
אַף קרוינען פון ביימער באַגילדעטע פאַלן,
פון צווישן די שטאַמען דעם כוישעך צעטרייַבן.
איך וויל נאָך דאָ זייַן, כ'וויל אין ליכטיקייַט בלייַבן,
כ'וויל פּאָשעט נאָך איצט ניט אַרייַן אינעם אָוונט,
וויַל כ'ווייס דאָך: עס איז שוין די נאַכט דערמלט נאָענט.

• • •

וואָס עס קען אַ כאָלעם — קען עס ניט די וואָר.
זייַן אין כאָלעם כ'קען אין דורכגעלעבטן יאָר,
אין מייַן כאָלעם האָט די צייַט פון יאָר קיין ווערט:
זומער קומט צו כאָלעם אַ פאַרשנייטע ערד,
און, פאַרקערט, אין כאָלעם כ'זע אַ ראָזן צוויט,
ווען אַ שניי אין דרויסן שיט, און שיט, און שיט.
ס'ערשטע מאָל אין כאָלעם וויגן כ'קען אַ וויג,
וווּ מייַן נייַ-געבוירן טעכטערל שוין ליגט
(איצט איז זי אַ באָבע. ס'איז אַ רעכטער שפּרונג!),
הערן אין מייַן שול-היים כ'קען דעם ערשטן קלונג,
אַף מייַן ערשטן לימעד, אין מייַן ערשטן קלאַס...
באָרוועס נאָך אַ רעגן אומלויפן אין גאַס,
טראָגן אַ פּאַפּירן פענדל כ'קען אין מייַ,
שטיין אין צעך צעטומלט נאָכאַמאָל, אַפּסנייַ,
אַף אַ בריוו פון פראָנט אין כאָלעם וואַרטן כ'קען,
ציטערן אַפּסנייַ, קיין שלעכטס זאָל ניט געשען
מיט מייַן מאַן, וואָס איז אינעם מילכאָמע-פלאַם...
שווימען כ'קען אין כאָלעם אינעם שוואַרצן יאַם
(ווען ס'איז שווער אַצינדער מאַכן מיר אַ טראָט,
און קיין יאַם ניטאָ איז אין מייַן קיִעוו-שטאָט).
...אָבער איינס איז זיכער קלאָרער מיר פון קלאָר:
ס'וואָלט ניט זייַן קיין כאָלעם — ס'זאָל ניט זייַן די וואָר.

# אנערקען זיך אַלס שולדיקער...

פון דער זײַט זעט אויס די באַן ווי א געוויינלעכער פראכטצוג. דאָס, וואָס איז באַגלייטן באוואָפנטע סאָלדאטן, רופט ניט ארויס קיין באוווּנדערונג: עס הייבט זיך אָן דאָס דריטע יאָר פונעם קריג מיט די פאשיסטן, און די אײַזנבאַן ווערט באשיצט וואכזאם. בלויז די גראטעס אף די ווענטיליאציע-פענצטערלעך שפּיצן אָן. נאָר אפילע זיי פירן ניט ארויף אפן געדאנק, אז דער עשעלאָן איז אן אייגנארטיקער — א טפיסע אף רעדער, און יעדער וואגאָן איז דאָ א טורמע-קאמער.

די פארמישפּעטע שטופּט מען ארײַן אין אָט דעם צוג אָן נארעס אינדערפרי בייס א לופט-אליארם, מע פארהאקט האסטיק די טירן, און דער עשעלאָן, גרילצנדיק מיט די בופערן, אנטרינט פון דער סטאנציע קראסנאָדאר.

די אסירים אין דער קאמער, ווּהין ס'איז ארײַנגעפאלן דאָוויד, שטייען די ערשטע מינוטן נאָכן אָפּפאָר צוגעטוליעט איינער צום אנדערן, שאָקלענדיק זיך אלע מיטאמאָל הין און הער בעשאס די שארפע שטויסן, אָדער ווען עס פארקערעווען אומגעריכט די רעלסן.

דאָוויד דערהערט פּלוצלינג דאָס אומצופרידענע קאָל פונעם געוועזענעם סערזשאנט גושטשין, מיט וועמען ער האָט א פּאָר מאָל אינצווייען ארויסגעטראָגן פון דער דושנער קאמער אין דער קראסנאָדארער עטאפּ-טורמע דעם צעבער מיט האשטאַנע — די אזויגערופענע פּאראשע. ניט זעענדיק אים, שטעלט זיך פאָר דאָוויד, ווי אָט דאָס מאָגער מאַנצבעלע מיט אן אָפּגעצויגן, באוואָנצלט פּיקסלש פּענעמל זשמורעט די ביטרעוואטע אייגעלעך, ווען ער זאָגט:

— ס'איז גאָר ניט אזוי זיס צו שטיין אף די פיס. ערגעץ וואָלט מען געדארפט אהינטאָן דעם הינטן.

און לייגט פאָר:

— ווייסט איר וואָס? לאָמיר מאכן א בײַט ניט קוקנדיק, ווי מע זאָגט אפן פראָנט. דעם דאָס — אפן דיל, אינדערשטיל. די שמאטעס אונטער די פּיאטעס. זאָלן אונדזערע פּאָדפּארקעס א ביסל אָפּרוען...

מע פרוּווט. און עס ווערט טאקע א מעכײַע.

מיסטאם דער איין-און-איינציקער צווישן די רעפּרעסירטע דײַגעט ניט דאָוויד וועגן אן אָרט פאר זיך. אין דער שינעל אָן א רימען, דאָס צעקנייטשט אויערהיטל — פּארוקט אפן נאקן, דאָס לײדיקע רוקזעקל — אף דער פּלייצע, שטייט ער, ווי צוגעקלעפּט צום פענצטערל, האלטנדיק די פינגער אף די גראטעס און אָנשפּארנדיק זיך מיט די פּאָדעשוועס פון די ענגע סאָלדאטישע שיך אף א לײַסטל, וואָס איז צוגעקלאפּט צום ווענטל פון וואגאָן. דאָוויד קוקט אף דעם סטעפּ, וואָס לויפט נאָכן צוג, און קאָן אים בעשום-אופן ניט דעריאָגן, שטייט אָפּ, א פארסאָפּעטער.

בעשאס מע האָט האיאָר, גאָר ניט אזוי לאַנג צוריק, דוכט זיך, ערשט נעכטן, אין אָט די ראכוועסן אָנגעגריפן אף די דײַטשן, איז נאָך ווו-ניט-ווו געלעגן דער שניי, און די וועגן פלעגן זיך צומאָל טרעפן אזעלכע צעבראָכענע, אז די פארמאטערטע, אײַנגעהילטע אין פּארע פערד פונעם הארמאטן-געשפּאַן, פלעגן אויסגעשעפּט זיך אָפּשטעלן אינמיטן די טיפע קאַלייעס, און די פארהריזנעטע געוואָרענע קאנאָנען איז אויסגעקומען צו שלעפּן מיט די הענט. דאָוויד האָט פיל מאָל אָנגעשפּארט דעם אקסל אין די שווארצע, קלעפּיקע מאכמעס דער בלאָטע שפּיצעס, אין די גרויסע, העכער פונעם קאָפּ, רעדער, העלפנדיק די שלאכטלײַט אין זײַן באטארייע ארויסלייזן דעם הארמאט פון דער זומפּיקער געפאנגענשאפט.

איצט כוואליעט זיך ארום און ארום דער רײַפנדיקער ווייץ. און קוקנדיק אף אים, פרעסט דאָוויד שטארק צונויף די ציין. אף זײַן ברוינלעך, מיט אלע פישטשעווקעס יידיש פּאָנעם, אין די פײַכטע גרויע אויגן אנטשטייט און ווערט גלײַך פארשטארט אן אויסדרוק פון פארלוירנקײַט און פּאָרוואורף, אײַנגעטוקטע אין בענקשאפט. אָבער ניט די אָנגעשטרענגט־קײַט, וועלכע פילט זיך אין די מוסקולן פון די באקביינער, ניט די געדיכטע געלבלעכע שטשעטינע אף זיי און אף דער קין זײַנען נישט אימשטאנד אויסבאהאלטן, אז דאָס איז א פּאָנעם פון א נאָך ביז גאָר יונגן באָכער.

ער פלעג אָפּשלאָגן מיט דירעקטן אָנציל טאנקען־אטאקעס. ניט איין מאָל איז ער געגאנגען אף געפערלעכע בארג־שטעגן — אפן ראנד פונעם טהאָם — אין הינטערלאנד צום פײַנט און פון דאָרטן קאָרעגירט דאָס פײַער פון זײַן דיוויזיאָן. ער האָט זיך געראנגלט מיט פײַנטלעכע אווטאָמאטשיקעס, וועלכע האָבן ארומגערינגלט זײַן באָאבאכטונג־פונקט. אלפּי נעס האָט ער אויסגעמיטן געפאנגענשאפט — זיך געשלאָגן ביז דער לעצטער גראַ־נאטע און, פויזענדיק אף אלע פיר אינעם יאָר, א פארהילטער אין הויכן ווילדגראָז, זיך ארויסגעגליטשט פון דער עסעסישער רייף. צוויי מאָל האָט מען אים אָפּגעפירט פון דער פאָ־דערשטער פראָנט־ליניע אין שפּיטאָל. ער האָט געוווּסט, אז אף דער מילכאָמע קאָן אלץ פּאסירן, ער איז גרייט געווען אופנעמען א באליביקע סאקאָנע, אפילע דעם טויט. ער וואָלט אים באגעגנט ווירדיק. נאָר די אינויִם, וועלכע דער גוירל האָט אים אונטערגעשטופּט לעסאָף, האָבן אים אף טויט איבערגעשראָקן. די לעצטע ליידן איז אומעגלעך געווען צו באזיניקן, פארשטיין, צוליב וואָס האָט דער אויספאָרשער פונעם ספּעציִעלן אָפּטייל אומבאדינגט גע־דארפט דערווײַזן, אז ער, דאָוויד, איז לאכלוטן ניט דער מענטש, וואָס ער איז אינדערעמעסן, ניט קיין שלאכטמאַן, נאָר א סוינע, וועלכער פארשטעלט זיך פאר אן ערלעכן סאָלדאט. גיי קלײַב זיך פאנאנדער, פארוואָס מע האָט זיך איבער אים איזדיעקעוועט, לעטויוועס ווע־מען מע האָט אים דערנידעריקט.

ער האָט זיך פארטיידיקט אײַנשטעלעריש, פיל איבערגעליטן, נאָר פארשטאנען בלויז איינס: די טעמפּע אקשאָנעס פונעם אויספאָרשער, זײַן ווילדע הארבקײַט דרינגען ארויס פון דעם, וואָס ער זוכט ניט דעם עמעס, נאָר די גערעכטיקײַט, און דאָס הייסט, אז ער איז ניט פּאָשעט א טויגעניכץ, נאָר א שעדלעכער מענטש, א פרעמדער און א פארעטער.

דאָוויד האָט אים וועגן דעם געזאָגט אָפן, גלײַך אין די אויגן, ווײַל אנדערש האָט ער ניט געקאָנט. ער האָט אומגעדולדיק געוואַרט אף דער זיצונג פונעם טריבונאל, געגלייבט: דער געריכט וועט פאנאנדערשטעלן אלץ אף זײַן אָרט און וועט אים פרײַשפּרעכן.

דער מיליטער־טריבונאל אָבער האָט אײַלנדיק, אין גאלאָפּ, דורכגעלייענט די שריפט־לעכע באווײַזן פון דרײַ איידעס — דאָווידס אונטערגעאָרדנטע, אף וועמען ער, דאָוויד, פלעג צומאָל ארופלייגן באשטראָפונגען מאכמעס זייערע דיסציפּלינארע כאטאָיִם.

דער ראָש פונעם טריבונאל — מיט רויטע אויגנלעפּלעך און א שווייסיקער נאָז, שווער בײַקומענדיק די מידקײַט, האָט געפירט דעם איניען אזוי, אז דאָוויד האָט ניט באוויזן זיך ארומקוקן און קומען צו־זיך נאָך דעם אויספאָרשערס יאָדאִים: מע האָט אים געגעבן און ער האָט געמוזט זאָגן דאָס לעצטע וואָרט.

ער האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן דעם ווילקיר פונעם אויספאָרשער, נאָר דער טרי־בונאל־ראָש האָט שארף איבערגעהאקט זײַנע רייד:

— פלוידערזאק! פארטיידיק זיך, ביזוואנען מיר דערלויבן עס דיר.

דאָוויד האָט אין אים אײַנגעגראָבן די אויגן:

— כ'בין גרייט מאקריוו זײַן דאָס לעבן פאר דער היים, פאר סטאלינען.

די טריבונאל־מיטגלידער האָבן צושטימיק צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

דערנאָך איז פאָרגעלייענט געוואָרן דער אורטייל: געפירט געשפּרעכן פון אן אנטיסאָ־וועטישן כאראקטער. געטריבן רעכילעס אף דעם קאָמאנדירן־באשטאנד פון דער רויטער ארמיי. אָפּגעהיט קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע ליטעראטור. אפן סמאך פון אן ארטיקל אין קרי־מינעלן קאָדעקס, וועלכן דאָוויד האָט ניט פארגעדענקט, אָפּנעמען דעם מיליטערישן ראנג און אפן סמאך פונעם ארטיקל פופציק אכט, צענטער פונקט, צווייטער טייל פארמישפּעטן צו צען יאָר אויסבעסערונגס־ארבעטס־לאגערן און צו דרײַ יאָר אָפּנעמען די רעכט.

דאָס איז געווען גראָד יענץ ארטיקל פונעם קרימינעלן קאָדעקס, לויט וועלכן מע האָט אין זיבן־און־דרײַסיקסטן, ווען דאָוויד האָט זיך נאָך געלערנט אינעם צענטן קלאס, באשול־דיקט די פײַנט פונעם פאָלק. הייסט עס, אז ער איז איצט געשטעלט געוואָרן אין איין ריי מיט זיי. אָבער דאָוויד ווייסט דאָך זייער גוט, אז ער איז אן אומשולדיקער! בא אים האָט געשווִיבלט א געדאנק, אז יענע, אין זיבן־און־דרײַסיקסטן, זײַנען אויך אומשולדיק באשטראָפט

געוואָרן, באַזונדערס די כעוורע, וועלכע ער האָט געקענט פּערזענלעך, די קאָמיוגישע רעדלפירער אינעם אוראַלטן אוקראַיִנישן שטעטל אויף דעם טײַך אוזש. זיי, די פלאַמיקע, לײַדנשאַפטלעכע, האָט ער מיט לײַב און לעבן נאָכגעפאָלגט, זיך געסטאַרעט זײַן ענלעך אויף זיי אין אַלץ. און וויאַזוי — נאָכדעם — האָט ער זיך געריסן אויף שטיקער פאַר זײַן פאַרטרוילעכקײַט. צי דען האָבן אויך יענע, דעמאָלט, געליטן אומזיסט און אומנישט, ווי ער, דאָוויד, אַצינד? דאָס איז אומעגלעך! ניין! דאָוויד האָט טייקעף אויסגעלאָשן אָט די האַשאָרע — אַזעלכס וואָלט געווען ווילד, מעשונעדיק.

דער קובאַנער סטעפּ, מיט וועלכן דאָוויד האָט זיך אַזוי נאָענט באַפרײַנדעט, מיט וועלכן ער האָט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אַפילע ניט געטרוימט זיך מיסכאַטן זײַן, לויפט מיט אַ מעשוגענער שנעלקײַט פאַרבײַ. דעם געלווערנדיקן ווייץ פאַרבײַטן ענגע שטרויך-געדיכטענישן פון זונרויזן, פילפאַרביק צוויטענדיקע קאַרטאָפל-פעלדער, פּאַסמעס קוקורוזע, באַשטאַנעס מיט קאַווענעס און דיניעס, פאַרהילטע דערוויַל נאָך אין ברייטבלעטעריקער היטשקע. עס יאָגן אַנטקעגן און ווערן טייקעף נעלעם שלאַגבוימען, ראַזיעזדן, הײַזקעס פון די אײַזנבאַן-אופזעער, אַרומגעקלעפּט מיט סטויגן היי און האָלץ-שײַטלעך. דאָס לעבן, וועלכן ער האָט פונדעסטוועגן באַוויזן אָפּצושאַצן עמעסדיק, צו וועלכן ער האָט מענטשלעך זיך צוגעבונדן, שווימט גלײַכגילטיק אַוועק פון אים.

די רעדער פון אונטן טײַנען דערבײַ אומופהערלעך און מיט שאָדנפרייד:

— אַ מיצווע אויף דיר, אַ מיצווע אויף דיר, אַ מיצווע אויף דיר...

— אָט האָסטו דיר, ברודערקע, — זאָגט עמעצער הייזעריק הינטער דער פּלייצע. — געמאַכט פון אונדז קרעפּלעך און וואַרעניקעס, אין לעבעדיקע מייסים פאַרוואַנדלט.

דאָוויד טוט זיך אַ קער אויף אָט דעם קאָל, אײַנקלאַמערנדיק זיך מיט די פינגער אין די גראַטעס פונעם פענצטערל, ביכדיי ער זאָל מאַכמעס אָט דער שאַרפער באַוועגונג ניט אַראָפּגליטשן זיך פונעם לײַסטל, אויף וועלכן ער שטייט אָנגעשטרענגט. אויף אָט דעם לײַסטל האָט פריִער, ווען דער וואַגאָן איז נאָך געווען אַן עכטע טעפּלושקע, זיך אָנשפּאַרנדיק געהאַלטן איין ראַנד הוילע בלעטער פון אירע אונטערשטע נאַרעס. איבערנעמענדיק דעם וואַגאָן, האָט די וואַך, זעט אויס, ניט געלייגט קיין אַכט אויפן לײַסטל, ניט אַראָפּגעריסן עס. צופעליק האָט דאָווידן אָפּגעגליקט, וואָס ער שטייט אויף דעם, זאָל זײַן געשפּאַנט, מיט צוגעטוליעטע צום ווענטל קני. אַרופגעקראָכן איז ער אויף דעם מיט זײַנע ענגע סאָלדאַטישע שיך, ווײַל אַנדערש וואָלט ער זיך ניט דערקליבן צום פאַרגראַטעטע פענצטערל: גאָט האָט אים געשטראָפט — אויסגעטיילט אַ קליינעם וווּקס.

אויף דאָווידן קוקט פאַרומערט דער געוועזענער אויסשפּירער סערגייעוו, אַ הויכער מענטש מיט אַ מאָגער פאַרשטיינערט פּאָנעם.

— דערקענסט מיך ניט, — טוט ער אַ זאָג, ענטפערנדיק אויף דאָווידס שטומער פראַגע. — די צורע באַ מיר איז אַ געוויינלעכע, ניטאָ צו וואָס זיך צוטשעפּען. אַזאַ מײַסע. אָט דיך, זעסטו, ברודערקע, וועסטו מיט קיינעם ניט איבערפּלאָנטערן. ביסט אַן אייגנאַרטיקער. כ'האָב דיך בלויז איין מאָל געזען, האַלבנאַכט איז דאָס געווען, אָבער כ'האָב דיך פאַרגעדענקט.

דאָוויד שווײַגט אָפּגעפרעמדט. נאָר עפּעס איז אין אָט דעם באַיאָרטן מענטשן מיט גראָוע שלייפן פאַרבאָרגן אומדערקלערלעכס, עפּעס גוואַלדיקס, מעכטיקס, צוציִענדיקס. אָפּפירן פון אים דעם בליק איז דאָוויד ניט בעקויעך.

— באַקום, טײַערינקער, די קאָאָרדינאַטן און טו אַ ריר מיט די מויכעס, — זעצט פּאָר סערגייעוו ניט הויך. — די סטאַניצע סאַמבעק האָסטו ניט פאַרגעסן? און דײַן פּאָדערשטן באַאָבאַכטונג-פּונקט באַם ראַנד פונעם כוטער קורלאַצקי? דערמאָן זיך איצט די כעוורע פון דער יאַם-פּעכאָטע, און וויאַזוי דו האָסט אונדז באַגעגנט, בייס מיר האָבן זיך אומגעקערט פון הינטער טאַגאַנראָג. עס איז נאָך אַ נעס, וואָס דו האָסט אונדז ניט אויסגעהאַרגעט מיט דײַנע האַרמאַט-קוילן.

דאָוויד טוט שאַרף אַ קוק אויפן אויסשפּירער. דאָווידס ליפּן הייבן אָן ציטערן. יאָ, אַוואַדע געדענקט ער. דאָס האָט אָבער פּאַסירט, דוכט זיך, ניט פאַראַיאָרן, דאָס איז געשען מיט הונדערט יאָר צוריק. איצט איז שוין ניט קלאָר, צי איז דאָס ביכלאַל געווען. אַזוי קלערט ער, כמורענדיק זיך.

— לאָז ניט אַראָפּ די נאָז, כאַווער. די סיטואַציע איז אינדערעמעסן טאַקע אַן אויסגאַנגלאָזע. נאָר שרײַען קאַפּוט איז נאָך פריצײַטיק. עפּשער וועלן מיר נאָך צוניץ קומען, האַ? איצט האַלט זיך, טײַערינקער, שטאַרק זיך!

„ווער ווייסט, צי מיר וועלן אופשטיין טכיִעס-האַמייסים. אויף אייביק האָט מען אונדז

אומגעבראכט״, — ענטפערט שוויַגנדיק דאַוויד, ניט סערגייעוון זאָגט ער עס, זיך אַליין שטעלט ער ארויס א קאַשע.

— אזא מיַסע, — זאָגט, זיפצנדיק, סערגייעוו, — אף אומקום האָבן זיי אונדז פאַקטיש פארמישפּעט, און ווער? די פריַנט — ניט קיין סאָנים פארביסענע. ספּירט פון איין קוואַרט געזשליאַקעט. איין און דעם זעלבן פולווער געשמעקט. ניט־ווילנדיק וועסטו אָנהייבן גלייבן, אז מוירע האָבן דארף מען ניט פארן סוינע, נאָר פאר א פריַנט. די זאך באשטייט אייגנט־לעך אין דעם, וואָס פון די פריַנט דערוואַרטסטו ניט קיין שלעכטס, באשיצסט זיך ניט פון זיי.

— וויפל האָט מען דיר אריַנגעשמיסן? — פרעגט זיך אָן גושטשין, וועלכער זיצט ניט וויַט פון זיי, ארומנעמענדיק מיט די ביינערדיקע הענט די קני. — א טשערוואָנעץ? א גאַנצן צענדליק?

— האָסט געטראָפן.

— אצינד איז פון דער אייבערשטער קעשענע בא די טריבונאַלן דאָס גאַנצע מינץ אויסגעגאַנגען, — רופט זיך אָפּ גושטשין. — אין די אונטערשטע איז עס נאָך פאראן, אָבער די ריכטער זיַנען פויל צו קריכן אהין און דערלאַנגען, סע שטייט זיי ניט אָן זיך צעבייַטן אף קליינגעלט. גיט מען אַלעמען צו צענערלעך.

— ניין, ניט אַלעמען, — דערווידערט פונעם וויַטן ווינקל אין וואַגאָן זעמסקאָוו, א יאָדערדיקער, קליינשטערנדיקער באַלקויעך. — מיר האָט מען געשענקט בלויז פינף יאָר.

— א וויַיך שטיקל פונעם קוילעטש אָפּגעביסן, — זאָגט מיט אופריכטיקער קינע גושטשין. די וואָנצעס בא אים הענגען אראָפּ, ווי צוויי שווארצע ציצעס. ער ציט אויס די ליפּן און ווערט נאָך מער געגליכן צו א פיקסל.

זעמסקאָוו טוט א האַקע:

— אייסעך־ווייסעך, אָנשטאָט רעטעך אָנגעריבן כריין. גאָרניט זיסער.

— האָסט ניט קיין טשיַניק. איצט איז בא דיר אלציינס — בלאָטע צי קויט. קומסטו אָבער אָפּ דיַן פינפערל — ביסטו שוין א פריַער פויגל. פלי, וווהין דו ווילסט. וועסט מיר פונדערוויַטנס א פאַכע טאָן מיט דער האַנט. אף ווידערזען! זיַי זיך, טיַערינקער, געזונט זאָלסטו זיַן, נאָך א האַלבן יאָרצענדליק. הא, ווי געפעלט עס דיר? דו האָסט, א סוואָרע, ניט איבעריק געזינדיקט, אויב מע האָט געמאכט אזא פארמילדערונג. וואָס פאר אן ארטיקל פונעם קרימינעלן קאָדעקס איז בא דיר?

— טעראָר, — רופט זיך אָפּ זעמסקאָוו.

— וואָס איז נאָך דאָס פאר אן אָנשיקעניש?

— א געוויינלעכע. פּאָליטישע.

גושטשין טוט זיך אפילע א הייב אוף — מאכמעס אינטערעס און פארכידעשטקיַט.

— וואָס האָסטו דיַנע לאַמטערנס אָנגעצילט? — ברענגט ארויס בייז זעמסקאָוו. — אף מיר זיַנען קיין אוזאָרן ניטאָ.

— טשיקאַווע, וויַאזוי דו האָסט זיך אויסגעפּיַנט.

— ע, אייסעך־ווייסעך, גאַנץ פּאָשעט, — מאכט אוועק מיט דער האַנט זעמסקאָוו. — כ׳האָב געוואָלט א גלעט טאָן דעם פּיסק באם סטאַרשינא, ער זאָל ערלעך טיילן דאָס פלייש. שטעלט ער אָן אף מיר דעם אווטאָמאַט. כאַפּ איך, פארשטייט זיך, אויך דאָס געווער. אויג אף אויג האָבן מיר זיך א ביסל געטאָפּטשעט, ווי די הענער, און זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. און שוין. כ׳האָב זיך אָנגעפּרעסן מיט קאַשע און בין איך מויכל געווען. ער אָבער מיך — ניט. מע איז נאָך מיר געקומען אפגיך, כ׳האָב אפילע ניט באוויזן זיך אויסהונגערן. און מיַן פראָנט־ביאָגראַפיע האָט געפּלאַצט. אין באזונדערן אָפּטייל איז דער וועג א ברייטער. פון דאָרטן, לאָזט זיך אויס, איז קיין צוריקגאַנג ניטאָ. האָסטו זיך אריַנגעפּאַקט — איז פאַר־פאַלן. מיר איז נאָך דאָס געווען אומבאַוווּסט. האָב איך אין פולן גאַנג באקומען קיבעד — א בענץ אין מאָרדע, און מע האָט מיך גליַך, נאָך אין מארש, געגומען מושטערווען, אָנגע־הויבן מיט מיר קנעלן. איך, פארשטייט זיך, האָב קיין אויסגאָב ניט געקארגט — קויכעס האָב איך געהאט גענוג. סאָפּקאָלסאָף פארלייגט מען בא מיר די הענט הינטער דער פּלייצע און מע נעמט מיר ברעכן די ביינער. געקומען צו־זיך בין איך אין א קעלער. איך קאָן זיך ניט רירן פון אָרט — אלץ טוט וויי. עהע, קלער איך, טיפּעש איינער, מע וועט דאָך דיך אזוי דערהארגענען. פאר א שמעק טאַבעק וועסטו אף יענער־וועלט אוועק. אומקומען, זאָל זיַן, קאָן מען אויך אין אַקאָפּ אפן פּאָדערשטן ראַנד, אָדער בייס אן אטאַקע. אָבער דאָרטן דערלאַנגען דיר דעם בענץ די פּאַשיסטן. ניט אזוי פארדריסלעך. און דאָ זיַנען די מאַלכאַמאָוועסן אייגענע. עהע, קלער איך, א פּיַג. מאך א סאָף מיטן יאַריד. נו, און אפן

צווייטן פאַרהער בין איך זיך מיטואדע: אזוי און אזוי, האָט ניט קיין פאַריבל, מער וועל איך זיך קיינמאָל מיטן סטאַרשינא ניט אַמפּערן. א יאָלעפּ בין איך, א גרויסער נאַר. זײַט מיר מויכל. פאַר דײַנע קולעקעס, ענטפערט מען מיר, פאַרדינסטו, בוהײַ, די העכסטע מאָס. נאָר מיילע, שעדלעכקײַט פאַרמאָגסטו ווייניקלעך, ביסט ניט מעסוקן געפערלעך — א באַל־וואַן ביסטו, מער גאָרניט, האָסט באַצײַטנס פאַרטאַרמאָזירט...

— דו, באַכערעץ, ביסט אין א העמדל געבוירן געוואָרן, — זאָגט מיט איבערצײַגונג גושטשין. — מע וואָלט דיך גאַנץ פּאַשעט געקאָנט באַלוינען מיט נײַן גראַם בלײַ. פאַרן סטראַי. און געלעגן וואָלסטו אצינד אין א וואַסער־ניט־איז גריבל און וואָלסט זיך ניט גע־מאַטערט אָן מאַכאָרקע.

— איך שפּײַ זיך אויס אויף דײַן מאַכאָרקע פון א הויכן פּאַרקן, — רופט זיך אָפּ זעמ־סקאָוו. — מיר גיב באַלאַנדע וואָס מערער. און זאָל דערנאָך קיין טאַבעק ניט וואַקסן. כ׳וועל קיינעם קיין טײַנעס ניט אַרויסשטעלן.

— וואָס זשע פאַר א מאַנצבל ביסטו נאָך דעם אַלעמען? — שטילט זיך ניט אײַן גו־שטשין. — טרינקען טרינקסטו ניט, רייכערן רייכערסטו ניט, ווײַבלעך טאַפּסטו ניט...

— עהע־היי, זײַ געהיט: דער וועג פאַרקערוועט — וועסט אַרויספאַלן פונעם וואָגן, הער זיך אײַן. וואָס שײַעך יענץ — האָסטו א טאָעס.

— אָך, צווייפל איך, באַכערעץ.

— אומזיסט. די קאַכאַנקעס אַכטן מיך. קלאָגן זיך ניט, אַלנפאַלס. פאַרקערט, מע בעט נאָך.

גושטשין טוט א שמאָרע מיט דער נאָז:

— קאָנסטו ניט לײַגן, איז בעסער שוין שווײַגן. וואָס פאַר א נאַרישע בעהיימע וועט צולאָזן צו זיך א צעקראַכענעם בוהײַ: דער בראָנפן־רייער שלאָגט ניט פון אים, מיט טאַבעק שמעקט ניט, בלויז מיט שוויס שטינקט...

— און פון דיר וואָס פאַר א נוץ? א קיצל טאָן מיט די וואָנצעס? און שוין, אויסגע־שעפּט?

לויט די שמייכלעך, וואָס זײַנען אופגעוואַכט געוואָרן אויף אייניקע פאַרומערטע צורעס, לויט דעם, ווי אין פאַרשיידענע ווינקעלעך לאָזן זיך הערן פּילבאַדײַטנדיקע הוסטעלעך, איז גושטשין געקומען צום אויספיר, אַז די טפיסע־קאַמער שפּירט אופמערקזאַם נאָך זײַן פלאַפּ־לערײַ, און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער קאָן פיל פאַרלירן, אויב ער וועט ניט ענטפערן דעם מיטשמועסער, ווי געהעריק, אַנטשפּרעכיק די אומשטאַנדן און די קלאַלים פון א מאַנצבלשער קאָמפּאַניע, אָבער קיין פּאַסיקע ווערטער איז אים ניט געלונגען אָפּצוזוכן, און ער רעדט אַרויס בלויז:

— מיינסט, אַז וויבאַלד איך בין טרוקן, ווי א דראַנג, און דו זעסט אויס קײַלעכיק און דיק, האָסטו שוין בא מיר געוווּנען? עס הייבט זיך אפילע ניט אָן. וואָס גאַרט לעכאַט־כילע א ווײַבס־פאַרשוין? ניט די פעטקײַט שאַצט זי, נאָר די שטאַרקײַט. א געשליפענעם באַגנעט! אָבער מיילע, לאָמיר צוליב קלאָרקײַט פאַרײַבן דעם איניען. זאָל זײַן אויף דײַן שטייגער. דיר וועסטו ניט דערוויַזן סײַוויי.

ער קוקט אַרום אַלעמען מיט בעטנדיקע אויגן:

— גיט מיר עמעצער־ווער פאַרייכערן. האָט געוויסן.

— געוויסן איז נאָך דערוויַל פאַראַן, קיין מאַכאָרקע איז ניטאָ.

אָבער אין זײַן אויסגעשטרעקטער דלאָניע שיט מען יאָ אַרײַן א שמעק טאַבעק. מיט דער גרעסטער פּאַרזיכטיקײַט וויקלט גושטשין צונויף א מאָגער ציגאַרל, באַלעקט עס לעגנויס דער נאָט מיט אזא אויסדרוק, גלײַך קיין זיסערע זאַך עקזיסטירט ניט אויף דער וועלט, דערנאָך שלעפּט ער אַרויס פון עפּעס א געהיים אָרט אין די הויזן א בײַטעלע מיט דעם סאַמע טײַערסטן פאַרמעגן זײַנעם: צוויי פײַערשטיינדלעך, אַרומגעוויקלטע מיט א קנייטל.

— א געטרײַע „קאַטיושע". פּירט ניט אונטער, — זאָגט ער ליבלעך, אויסהאַקנדיק פונקען פון די שטיינדלעך. די קרעסאַלע טוט זיכער אויף אירס. גושטשין טראָגט צו צו די ליפּן זײַן „קאַטיושע" און צעבלאָזט דאָס פײַער, וואָס די פונקען האָבן צעצונדן. ער גיט דאַרשטיק א ציִ אַרײַן אין זיך דעם טאַבעק־רויך, מאַכט צו מיט פאַרגעניגן די אויגן. ערשט נאָך דעם ברענגט ער אַרויס מיט געפּיל:

— כ׳בין אײַך דאַנקבאַר, כעווירע. א טײַוולאָניש קרײַטעכץ. צוליב אים, קאָן מען זאָגן, שמאַכט איך דאָ.

טוענדיק א שלונג נאָך איין פּאַרציע רויך, פאַרטײַעט גושטשין דעם אָטעם.

— גלײַך כ׳וואָלט אַפּסנײַ אויף דער וועלט זיך געיאַוועט, — זאָגט ער, צעעפּענענדיק

די אויגן און אויסגלײַכנדיק די ביינער. — איצט קאָן איך זיך שוין מיסוואדע זײַן. אזוי אָדער אנדערש איז ניטאָ וואָס צו טאָן. ארײַנגעפּאקט האָב איך זיך, כעוורע, אומזיסט און אומ־נישט. די שטראָף איז גרעסער, איידער מײַן זינד. אורטיילט אליין. מיט וואָס דאַרף זײַן באוואָפנט א רייכערנדיקער? טאבעק, שוועבעלעך, פּאפּיר. א סאָלדאט, פארשטייט זיך, איז זעלטן אויסגעשטאט מיט אָט דעם פולן קאָמפּלעקט. נאָר ביסטו אן עכטער רייכערער, מוזסטו אין דײַן ארסענאַל טאָמיד האָבן כאָטש וואָס־עפּעס־ניט־איז: ניט קיין מאכאָרקע, איז שווע־בעלעך, ניט קיין שוועבעלעך, איז פּאפּיר. אנדערש וועט מען דיך פאר א רייכערער ניט האלטן. נו, דאָס פײַער, ווי איר האָט געזען, איז שטענדיק מיט מיר, אָן דער „קאטיושע" עקזיסטיר איך ניט. מיט טאבעק איז א סאך ערגער, מיט פּאפּיר — אויך. עס קלעקט ניט. באזונדערס נאָך הײַנטיקן פרילינג אין די בערג. פונעם הינטערלאנד — אָפּגעשניטן, די באזאָרגונג טויג אף קאפּאָרעס. דאָ טאקע זײַנען די פריצן געוואָרן אָפּטע געסט אונדזערע, זיך זאנאדיעט ווארפן פלוגבלעטלעך. ס׳קומט צו פליִען די ראַמע, קרײַזלט ארום, לאָזט ארויס א טשאטע. זעלטן־ווען דערגרייכן זיי אונדזערע פּאָזיציעס, עס טראָגט זיי אָפּ אף יענער זײַט פון די בערג־קאמען. נאָר דאָך צומאָל פלעגן זיי האָבן די זכיִע ארײַנפאלן אין אונד־זערע הענט. איינמאָל האָט מיר אָפּגעגליקט — זיי האָבן זיך אראָפּגעלאָזט אין מײַן אָקאָפּ. סאָפּקאָלסאָף האָב איך זיך צו זיי דערקליבן, א צענדליק, ניט ווייניקער, צונויפגעזאמלט. נו, האָב איך א קלער געטאָן, רופט מיך אוישער. איצט רייכער איך לויטן פּרינציפּ: איך גיב דיר א פּאפּירל אף צו פארדרייען א ציגארל, דו מיר — מאכאָרקע. מײַן פײַער — דאָס גייט שוין אלס צוגאָב. לעבן קאָן מען. אין די פלוגבלעטלעך האָב איך ארײַנגעקוקט, כ׳לייקן ניט אָפּ, טשיקאווע פונדעסטוועגן. לאָזט זיך אויס, גאָר ניט אזוי אינטערעסאנט — ס׳ליגט אוף דער סאָטן אפן פּלויט א שאָטן, אייצעט: „די באגנעטן אין דער ערד פארקנעטן!" און קעדוימע אזעלכס. מיִעסע רייד. א לויב־געזאנג דעם פאשיסטישן יאָך. ניט לאנג האָב איך געהאט דעם קיִעם פון א מיילעך. עפּשער א וואָך, אפילע ווייניקער. דערנאָך — א בענץ, און אין קאפּקאָן. אויסגעדרייט די קעשענעס. די איבערגעבליבענע פלוגבלעטלעך — אפן טיש. „דײַנע?" פארשטייט זיך, מײַנע. „האָסט זיי אָפּגעהיט?" אוואדע האָב איך זיי אָפּגעהיט. וואָדען. „אנערקענסטו, הייסט עס?" געוויס אנערקען איך. כ׳וועל זיך ניט בארימען, מיט מיר איז מען זיך באגאנגען פײַן, אונטערגעלייגט ווייך בעטגעוואנט. דאָס קאָל ניט געהע־כערט. אויסגעפורעמט ריי נאָך ריי די באשולדיקונג, פארשריבן סאָליד. פאר אויסבאהאלטן קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע ליטעראטור. נו, וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? כ׳האָב געפרוווט דערקלערן. האָט מען מיר געענטפערט: „זײַ אונדז ניט מעכאבעד מיט קיין מעשאָלים, מאך זיך ניט טאמעוואטע".

סערגייעוו טוט לײַכט א ריר די אש־גרויקײַט אף דעם שלייף, זשמורעט צו די אויגן, באקוקט מיט וווּנדער די קאמער, גלײַך ער וואָלט דאָ צום ערשטן מאָל, כוץ דאָווידן, דער־זען די גאנצע כאליאסטרע שלימעזאַלניקעס. ער פארטראכט זיך.

זעמסקאָוו ווענדט זיך צו אים:

— אנטשולדיק, הער זיך אײַן, לעבעדיקער מעס, כ׳וויס ניט דײַן נאָמען און אויך דײַן צונעמעניש. ביסט, זעט אויס, א כאָכעם. דערקלער, איך בעט דיך, וויִאזוי איז עס אלץ מיט אונדז פאָרגעקומען, הא?

סערגייעוו קנייטשט אָן דאָס פּאָנעם.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, כאווער? — ברענגט ער ארויס צערודערט, פארלייגנדיק די הענט הינטער דער פלייצע. — כ׳וואָלט אליין זיך וועלן פאנאנדערקלײַבן. אן אומזיסטע טירכע. צווישן דרײַ סאָסנעס זיך פארבלאָנדזשעט. אזא מײַסע. פאראן, פארשטייט זיך, שקור־ניקעס, פאסקודניאקעס אויך בא אונדז, כאָטש די סאָוועטנמאכט הערשט שוין א פערטל יאָרהונדערט. מיך האָבן געמישפּעט, דוכט זיך, לײַטישע כעוורע. אָט וואָס ס׳איז שרעקלעך. זיי האָבן מיך גוט געקענט, אף דורך און דורך, געוווּסט, ווי איך אָטעם, ווי איך דענק, ווי איך שיס און גיי אין באגנעטן־אטאקע. צי דען בין איך זיך טויע, און זיי זײַנען הינט מיט אויערן? דער, ווער עס האלט די מאכט, מוז פארמאָגן ציכטיקע הענט, ערלעכע. אנדערש איז אן אומגליק.

— די זאך איז קלאָר, אז די זאך איז פינצטער, — באמערקט גושטשין קרעכצנדיק. — קעדויי הערשן, דאַרף מען זײַן געניט. מאכט איז ווי פײַער — קאָן דערוואַרעמען, קאָן פאר־ברענען. ס׳איז געווענדט אין דעם, וויִאזוי וועסטו זיך מיט איר באגיין. אין דער הייך איז אויך ניט גרינג. מײַנעם א גוטן־פרײַנט, וועלכער איז איינמאָל ניט געווען בעקויעך זיך ספּראווען פון אויבן, האָט איינע א פריילעכע מויד גאנץ יוישערדיק צוגעייצעט: קאָנסטו ניט, איז נעם זיך ניט אונטער.

— דעם גוטן־פרײַנט דײַנעם רופט מען צופעליק ניט גושטשין? — טוט מיט א שמייכעלע א פרעג זעמסקאָוו.

— גאָט האָט מיך דערוויַל באַגנעדיקט. מיט מיר איז אזעלכס נאָך ניט פאַרלאָפּן. אפן אקערשניט בין איך נאָך קיינמאָל ניט געשלאָפּן. אויב ווילסט שוין יאָ וויסן, האָט מײַן פרײַנטל אַף דער באַראַזנע געהאט א דורכפאל, ווײַל ער האָט זיך צו היציק גענומען צום איניען און איז געווען מער, ווי מע דאַרף, אופגערעגט. אַף אזא מאניר. אזוי צי אזוי, אָבער א טרונק נעמען צוליב אויסניכטערונג מוז מען. אופגעשטאנען, הייסט עס, אָפּגעטרייסלט זיך, האָט מײַן פרײַנטל גענומען פאנאנדערוויקלען א גאנצן שפּוליק זידלערײַ. אזעלכע יופּעס ארויסגעגעבן, אַז אנטיק. דער מויד, וועלכע האָט ניט באוויזן פארשטאָפּן די אויערן, דאַרף מען ניט מעקאנע זײַן. מיט איין וואָרט, אין דעם האָט מײַן פרײַנט געוווסט א טאָלק, ער איז געווען אין דער זאך א ספּעציאַליסט. די מויד האָט געקוקט אַף אים פון אונטער די בארויגעזע ברעמען, געהערט מיט פאראכטונג, וואָס ער פּלאפּלט, נאָר סאָפּקאָלסאָף ניט אויסגעהאלטן. „א צעדרייטע בין איך, א סוואָרע, — האָט זי א ברום געטאָן, — מיט דיר זיך פארבונדן, אומזיסט קאַליע געוואָרן...” ער האָט איר אויסגעשריגן אין פּאָנעם ארײַן: „זאָרג זיך ניט, מע וועט דיך פאַריכטן!” דערנאָך, פונדעסטוועגן, האָט ער זיך באַרעכטיקט. פולקום.

— אַף דעם דאַרף מען קיין גרויסער כאָכעם ניט זײַן, — זאָגט זעמסקאָוו.

— ע, ניין, באָכערעק, — דערווידערט גושטשין אקשאָנעסדיק. — ווען ס'זאָל זײַן אזוי, וואָלט קיין איין דאמאָטשקע ניט געקלעפּט זיך, ניט צוגעפּאסט זיך צו פרעמדע מוזשיקעס. וויפל אָבער פון זיי באַגייען זיך, לאָמיר זאָגן אזוי, ניט איידל, לויפן אין א זײַט, פארבייגנדיק דעם ווײַדל.

— אזוינע דאַרף מען בינדן די הענט און די פיס, און שוין...

— סײַווי וועלן זיי די פענטעס צערײַסן.

— ע, הער זיך אײַן, גליקלעך איז ניט דער, וואָס איז קלוג, נאָר דער, וואָס פארמאָגט קויכעס גענוג.

— מיט קראפט דאַרף מען אויך זײַן געהיט. ניט איבערכאַפּן די מאָס. כ'האָב געקענט, כעוורע, אַן אישטע, א געלע, א גרויסקאַליבערדיקע, א מעכטיקע שקאפע, מיט איין וואָרט, מײַן שכיינע, אַף דער קעגניבערדיקער זײַט פונעם שליאך האָט זי געוווינט. איך פארשטיי ניט, וואָס פאר א קאפּריז איז בא איר געווען, וואָס פאר א מיין, נאָר אַף דעם מאַן אירן האָט זי פײַן אכטונג געגעבן, קוידעמקאָל געהאָדעוועט, ווי מע זאָגט, אַף צעזעצט ווערן. עפּשער האָט זי געוואָלט, ער זאָל בעסער ארבעטן, מער געלט פארדינען, עפּשער נאָך עפּעס האָט זי פון אים געגארט, געטרוימט פויעלן בא אים, מעגלעך, ער זאָל לײַדנשאפטלעכער זי ליב האָבן. ער אָבער, אַן אָנגעפּרעסענער, האָט אָנגעהויבן פארקערעוועז אַף לינקס. זי שטעלט אים אפן טיש א בידאָנדל מיט מילך, שטופּט אים אונטער סאלע, ער, דער אָגער, קײַעט געשמאק און באלעקט זיך...

— אָט א כוואַט!

— מע דאַרף דאָך אזא מין הונטאטש געבוירן ווערן.

— ס'איז גאָרניט אזוי מעסוקן, הער זיך אײַן. צוליב וואָס זיך פארלירן? נעם, וואָס עס ליגט גוט...

סערגייעוו טוט א קוק אַף דאָווידן פונדערזײַטנס. אָהאָ, ווי דער באָכערעק איז אָנגעבלאָזן! עס געפעלט אים ניט, ווײַזט אויס, וואָס עס קומט דאָ פאָר. ער איז אנטמוטיקט, מעגלעך, מאכמעס דער מיִעסער פּלאפּלערײַ פון זײַנע שכיינים, איבעראשט פון זייערע פּרעכע רייד. א נאַרעלע, ער פארשטייט ניט, אז די אומגליקלעכע כאווײרים זײַנע האלטן וווּלגארע דראַשעס ניט דערפאר, ווײַל זיי זײַנען אויסגעלאסענע. בא זיי איז עס א נעבעכדיקע בראַוואדע. גיכער פאר אלץ מאכן די פּארורטיילטע א פּרווו אַף אזא אויפן אויסבאַהאלטן זייער צערודערונג, פארהילן אין זיך דאָס טײַערסטע. די אויגן פון דאָווידן פירט ניט אָפּ סערגייעוו. ער קלערט דערבײַ, אז דאָוויד איז נאָך אין טאָך גערעדט א גרינע אוגערקע מיט א נאקעטער, אומבאשיצטער נעשאָמע, ער וועט געוויס קיינמאָל ניט אײַנגיין פארשטעלן זי מיט א ברוסטוואָר פון ניבלפּע. אך, ווי גוט וואָלט געווען אונטערשטיצן זי, צודעקן מיט א זיכערן פּאנצער, עס זאָל שוין מער קיינמאָל זי ניט פארווונדן קיין פארשאָלטענער שפּליטער.

אָבער דאָ טוט סערגייעוו א פרעג זיך אליין: „ביסט בעקויעך עס טאָן? און ער, דאָוויד, וועט וועלן, זאָלסט עס טאָן?”

ווען ער זאָל ניט געווען זען דאָווידן הינטער דער סטאניצע סאמבעק, אין גראנגל,

וואָלט ער פעסט ניט געקאָנט ענטפערן אַף דער קאַשע, נאָר ס'איז דאָך באַוווסט, אַז ס'איז געוווּנג זײַן באַנאַנד מיט אַ מענטשן כאָטש אין איין שלאַכט, קעדיי דערוויסן זיך, וואָס דער מענטש שטעלט מיט זיך פאָר, ס'איז גאָרניט נייטיק אופעסן מיט אים אַ פוד זאַלץ. שלעכט, אויב אַלץ איז אײַנעם באַכער צעבראָכן, כאָרעוו געוואָרן. ס'איז דאָך אָבער אומעגלעך, ס'קאָן דאָך אַזעלכס ניט זײַן, מע קאָן דאָך ניט ווערן קיין אַנדערער אין איין אויגנבליק.

און נאָכאַמאָל קוקט אַרײַן סערגייעוו אינוויניק צו זיך: „און דו ביסט דען אַצינד דער זעלבער, ווי ביסט געווען, נו כאָטשבי דעמסטמאָל, אין סאַמבעק? אין דיר האָט מען גאָרניט צערודערט? קיין איין שפּעלטל האָט דײַן האַרץ ניט דורכגעשניטן? עס איז ניט אָפּגעקילט געוואָרן? דער איקער אין דיר איז ניט אָנגערירט? מע האָט אים פון דיר ניט אויסגע-קוועטשט? ניין, כ'מיין, אַרטילעריסט, אַז כ'וועל דיר נאָך צוניץ קומען...״

צווישן אַנדערס האָט גושטשין אָנגעהויבן דערמאָנען זיך וועגן די שלאַכטן אַף די ווײַטע צוטריטן צום מאַרוכסקער באַרג-דורכגאַנג. אויסערלעך, דוכט זיך, האָט ער פאָרגע-זעצט די פּלאַפּלערײַ וועגן פּרויען, אַזוי האָט זיך אויסגעוויזן, אָבער סערגייעוו האָט מיט באַפרידיקונג אָפּגעמערקט, אַז זיי, די פּרויען, זעען שוין בײַ אים, בײַ גושטשינען, אויס גאָר אַנדערש — שענער, מילדער, בסולעסדיק, זיי ווערן דערהויבן צו יענע אומפאַרמעסטבאַרע, אומגעוואַקלטע נעסטן, אין וועלכע זיי דאַרפן טאַקע זײַן אייביק. סערגייעוו טוט אַ קוק אַף גושטשינען מיט צוגעזשמורעטע אויגן, טראַכטנדיק וועגן דעם, אַז ער, סערגייעוו, איז זיך ניט טויע געווען, אַז די גראָבקײַט פון זײַנע טורמע-כאַווײרים איז בלויז אַ שאָלעכץ. אַף זיי האָט זיך אָנגעוואַלגערט אַ גרויסער בראָך, זיי זײַנען דערשלאָגן פון צאַר ניט ווייניקער, איידער ער, סערגייעוו, זיי אָבער — אָט ווער זיי זײַנען: מע האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, מע איז פונדעסטוועגן געבליבן שטיין אַף די פיס, אָט וואָס עס איז וויכטיקער פון אַלץ. און פאַרוואָס, אייגנטלעך, דאַרף זײַן אַנדערש? מיט וואָס זײַנען אָט אָ-די מענטשן ערגער פון אים, פון סערגייעוון?

אין גושטשינס קאָל לאָזן זיך הערן בוילעט ווייכע און איידעלע טענער, קיינער האָט אַזעלכס פון אים ניט דערוואַרט, עפּשער דערפאַר הערן זיך אַלע צו אַזוי אָנגעשטרענגט צו אים.

— אָט יענץ מיידעלע מיט דער קורצער טשופּרינקע איבערן שטערן שטערן האָט צוערשט בלויז איבערגעבונדן די סאָלדאַטישע וווּנדן, — זעצט ער פאָר, קוקנדיק ערגעץ העכער די צוהערער, אין אַ ווײַטער ווײַט, אַ סוואַרע, ער זעט איצט אַזעלכס, וואָס קיינער אין טפּיסע-וואַגאָן איז ניט בעקויעך זיך פאָרצושטעלן, ער זעט, קענטיק, איצט די בערג, ווו עס איז אַף אייביק פאַרבליבן די געוואַגטע סאַניטאַרקע, און זיך אַליין זעט ער, מיסטאָם, דאָרטן, לעבן איר, אויך ניט קיין פאַכדן, מיט אַ צעבלוטיקטער באַק. — דאָס טײַבעלע באַנדאַזשירט די סאָלדאַטן, און שעפּטשעט דערבײַ אַזוי צערטלעך, אַזוי צוגעלאָזן, אַז דער ווייטיק הערט אוף אַ ווייטיק צו זײַן... זי טרייסט, וויגט אײַן, און ווען ס'קומט אויס, שטעלט זי זיך צום מינענוואַרפער. אַרײַנשטופּנדיק די מינע אין דער רער, טוט זי עפּעס אַ זאָג, מיט די ליפּן אַ מאַך. גיי פאַרשטיי וועגן וואָס? גאָלדענע זײַנען זיי בײַ אונדז, הייליקע...

שוין אַף דעם ערשטן אָפּשטעל צעטראַכקעט זיך לעבן וואַגאָן אַ זעניט-האַרמאַט. אַלנ-פּאַלס, אַזוי דוכט זיך אויס לעכאַטכילע, און אַלע אַרעסטאַנטן פאַרטײַען זיך.

בײַס די אָפּשטעלן איז שטרענג פאַרבאָטן זיך דערנעענטערן צום פענצטערל, דאָך כאָטש פונדערווײַטנס, עטוואָס אָפּגערוקט פון אים, נאָר דאָווידן געלינגט אַ קוק טאָן אין דער הייך דורכן פאַרגראַטעטן עקראַן פון דער וואַגאָן-קאַמער. קיין אַעראָפּלאַנען מיט קרייצן אַף די פליגל זײַנען אין דער לויטערער טיפער בלויקײַט ניטאָ, קיין סנאַריאַד-אופרײַסן זעט מען אויך ניט. בלויז די גראַטעס אַפן פענצטערל, אָנגעקוואָלענע ביז אַ מעשונעדיקער גרייס, פּראָיעקטירן זיך, ווי אַ שאָטן, אַף דעם גאַנצן שטיקל טויבן-בלויען הימל, וועלכן עס זײַנען בעקויעך אַרומנעמען דאָווידס אויגן.

דאָוויד האַלט ניט אויס, וואַגט נעענטער זיך צורוקן צום פענצטערל. אָבער אין אָט דער רגע ווערט די שיסערײַ איבערגעריסן.

און פון דרויסן דערהערט זיך אַן אויסגעשריי:

— וועמען איז דאָרטן נימעס געוואָרן לעבן?

דאָוויד פּראַלט אָפּ פונעם פאַרגראַטעטן פענצטערל, נאָר באַווײַזט דערבײַ באַמערקן פון אונטן צוויי דורכלויפנדיקע לענגויס דעם וואַגאָן קאָנוואָירן מיט הילצערנע האַמערס אין די הענט.

די טראַכקערײַ באַנײַט זיך, נאָר שוין פון דער אַנדערער זײַט פונעם וואַגאָן.

און דאָווידן ווערט קלאָר, אַז ניט קיין זעניט-האַרמאַטן שיסן, נאָר אַן איינפאַכע זאַך

קומט פֿאַר: א האַמערקלאַפּ איבער די ברעטער-ווענטלעך פֿון דער קאַמער, אַז איניען פֿון דער וואך — זי קאָנטראָלירט מיט הילצערנע האַמערס אַף לאַנגע הענטלעך, צי די טורמע איז גאַנץ, ניט דורכגעבראָכן, כאַלילע, ניט קאַליע געוואָרן.

מיט א קוויטשערײַ, סקריפּענדיק און אַפּקײַקלענדיק זיך אַף פֿאַרזשאַווערטע ראָליקעס, צעעפֿנט זיך די מאַסיווע וואַגאָן-טיר. אין דער טפּיסע-קאַמער הייבט זיך אוף אַן אַנטוואָפּנ-טער קאַפּיטאַן מיט קײַלעכדיקע שפּאַרבערישע אויגן.

— אַן איבערוף, — מעלדעט ער.

פֿון אונטן מיט ביקסן, אַנגעצילטע אַף די פֿאַרורטיילטע, סטראַכירן אים פֿיר אַנגע-ברויגעזטע סאָלדאַטן.

— אַזאַ מין אַפּעל וועט איר אַף יעדער סטאַנציע אונדז מאַכן? — וואָלט וועלן זיך דערקונדיקן גושטשין.

— שווײַגן! — טוט א ברום דער קאַפּיטאַן. — אין קאַרצער גלוסט זיך?

ער רעווידירט אַלעמען לויטן צעטל, צײלט נאָכאַמאָל איבער, פּעטשלענדיק יעדערן אין דער פּלייצע מיט זײַן שווערער דלאָניע.

קיינער איז ניט אַנטרונען, קיינער ניט געפֿייגערט.

— אַלץ איז אין אָרדענונג, — טוט א זאָג דער קאַפּיטאַן עמעצן אַף דער פֿרײַ. — גיב אַהער.

פֿון דאָרט דערלאַנגט מען אים א זיפּ מיט סוכאַרעס. האַלטנדיק זי אין ביידע הענט, זוכט ער אַף מיטן בליק זעמסקאָוון, וועלכער איז אים געפֿעלן געוואָרן, קענטיק, מאַכמעס דעם, וואָס בא אים איז דער טערמין א קלענערער, איידער בא אַלע איבעריקע אסירים.

— כ'נאָמיניר דיך אַלס עלטסטן, אַלס סטאַראָסטע, — ברענגט אַרויס דער קאַפּיטאַן פֿײַערלעך. — פֿאַרשטייסט? דײַנע פֿליכטן? עס זאָל אַן אָרדענונג זײַן. און דאָסגלײַכן. צע-טייל די דערנערונג. איין פּענעץ אַף איין מויל.

— אַז די זאַסיקעס קלאָגן, איז ניכטער דער מאָגן, — פֿאַרטײַטשט דעם קאַפּיטאַנס פֿאַראָרדענונג גושטשין.

נאָר זעמסקאָוו, פֿאַנאַנדערשטופּנדיק די כאַווײרים, האָט זיך שוין דורכגעריסן צום קאַפּיטאַן, צו דער נעדאָווע. אַף זײַן ברייט פּאָנעם מיט דער צוגעפּליושטשעטער נאָז צעפֿליסט זיך צופֿרידנקײַט:

— דערלויבט אויספּילן?

דער קאַפּיטאַן באַווײַזט ניט ווערן אין קאַס אַף גושטשינען, טוט א ווונק און א זאָג צווישן די ציין:

— קיין געקעכטס וועט הײַנט ניט זײַן.

— איר שפּאָרט אײַן אַף אונדז? — ברענגט אַרויס סערגייעוו.

דער קאַפּיטאַן שטעלט אָן בייז אַף אים זײַנע שפּאַרבערישע אויגן.

— ווייסט ניט אויסגיין אָן דער באַלאַנדע, — זאָגט ער צו סערגייעוון. — אַלע לייגן זיך איצט שלאָפֿן האַלב-הונגעריק.

— די אויערן זײַנען אָנגעקוואָלן, בירגער נאַטשאַלניק, — קריכט אַרויס מיט זײַן זיסלעך קאָל גושטשין, ער טוט אפֿילע דערבײַ עטוואָס א שמייכל. — שיט אַרײַן אין דלאָניע מאַכאָרקע. א וויפֿל-ניט-איז קליין ביסעלע אין מײַן שיסעלע.

— ניט טאַקאָנעסדיק — מע טאָר ניט.

פֿאַר זײַן לאַנגדויערנדיקער דינסט אין דער אַרמיי, אין די פֿרידלעכע טעג און בײַם די געראַנגלען, לעכאַטכילע בא דער אָזערע כאַסאַן, דערנאָך — אַף כאַלכין-גאָל, אין דער ניט-פּאָפּולערער פֿינלענדישער קאַמפּאַניע און לעסאָף אין די שלאַכטן מיט די פֿאַשיסטן האָט סערגייעוו פּולקום באַהערשט די קונסט פֿון אָפּהאַלטן די פֿאַרלאַנגען. ער האָט געקאָנט זיך באַנוגענען מיטן סאַמע מינדסטן, שאָלעם מאַכן מיט פֿאַרשיידענע פּלאָגן. ער איז צוגע-ווױנט צו די ריין-מיליטערישע, האַרבע וואָרט-באַהעפֿטן: „ניט טאַקאָנעסדיק — מע טאָר ניט". ער פֿלעג זיך אונטערוואַרפֿן זיי דיסציפּלינירט. דאָס איז געווען א באַוווּסטזיניקע נויט-ווענדיקײַט. אָבער אינעם קאַפּיטאַנס מויל האָבן די דאָזיקע וואָרט-באַהעפֿטן מיטאַמאָל בא-קומען אַזאַ אַבסורדישע באַפֿאַרבונג, אַז סערגייעוו, וועלכער האָט אין לעבן איבערגענוג אָנגעזעען זיך, איז נישטוימעס געוואָרן. פֿון אַן אינערלעכער טאָרמאָזירנדיקער קראַפֿט, וואָס פֿלעג בלויז אָפּהאַלטן די אויפֿברויזן, דעם נאָבעלן דראַנג, די באַשטרעבונגען, ניט אָפּשאַפֿנ-דיק זיי, זײַנען אָט אָ-די וואָרט-באַהעפֿטן פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין א פֿאַרבאָרגענער אומזע-באַרער גרענעץ צווישן וועלטן — צווישן דער פֿרײַער, אויסגעווייטיקטער, אויסגעצוואָגענער אין ערלעכן שווייס און קאָשער בלוט, וועלכע האָט זיך אומדערבאַרעמדיק אָפּגעזונדערט,

אַפגעקערט, און אַט דער איצטיקער, פארשקלאפטער, אין וועלכער די ווירקלעכקייַט איז פארבליבן בלויז אלס א מעגלעכקייַט מיט האכנאָע זייַן אונטערטעניק דעם בייז. אופהייבן אַן אופשטאנד קעגן אונדזעריקע?! אומזיניק! דעריבער איז דער איבערגאנג פון איין וועלט אין דער צווייטער — פון איין צושטאנד אין צווייטן — אזא מין שרעקלעך ווייטיקדיקער. ניט יעדערער קאַן עס איבערטראָגן. ביכדיי אויסשטיין דאָ, פאָדערט זיך א באזונדער ראַשטשינע, א באזונדערע שטאנדהאפטיקייַט. אין זיך פילט סערגייעוו לעבנס-זאפטן אף גויווער זייַן די אויסהוילונג. דוכט זיך, אז גושטשין איז אויך ניט אָן פעסטקייַט. צי וועט אויסהאלטן דאָוויד? צי וועלן בייַשטיין אזעלכע, ווי ער? צי וועלן זיי זיך ספראווען מיטן ווילדן אָנגעשריי: „ניט טאקאָנעסדיק — מע טאָר ניט!”? דאָס וועט זייַן געווענדט אין א סאך זאכן. און צווישן אנדערע אויך אין אים, סערגייעוון. פון הייַנט אָן און אף ווייַטער ווייסט סערגייעוו, וואָס ער דארף טאָן, זייַן אופגאבע האָט ער באשטימט דייַטלעך: העלפן אלעמען, ווער ס'האָט פארלאָרן דעם מוט, אונטערשטעלן דעם אקסל די, וואָס זייַנען אָפגעשוואכט געוואָרן אין וועג, גיין א קאפעלע פארפריִער פון אנדערע, כאָטש אף א האלבן שריט, מיט איין וואָרט, בלייַבן אַן און פאר זיך א מענטש — לעבן און אויספילן זייַנע פליכטן. אזוי פלעגן זיך באגיין די אָוועס, פון דאָר-דוירעס, אלעמאָל, ווען מע האָט פון זיי געמאכט טיל-טעל. עס וועט זייַן טייַוולאָניש שווער. ס'איז דאָך אָבער, אין טאָך גערעדט, קיינמאָל גרינג ניט געווען...

דאָווידן איז אויסגעפאלן דאָס סאמע נישטיקע, נעבעכדיקע אָרט אין דער קאמער — לעבן דער פאראשע, באם עמער מיט האשטאָנע. ער כאפט זיך ניט לייגן שלאָפן, כאָטש די נאכט איז שוין אריַינגעקראָכן אין וואגאָן. ערגעץ-ווו לאָזט זיך שוין הערן א כראָפערייַ. ער אָבער שטייט, אָנגעשפארט מיט די פיס אפן לייַסטל, צוגעטוליעט צום ווענטל פונעם וואגאָן מיטן גוף, דאָס פאָנעם צוגעקלעפט צום פארגראטעטע פענצטערל, און קוקט זיך אייַן אין דער פינצטערניש. אין איר איז, מיסטאם, שייַן געווען, נאָר מע האָט זי אומעטום מאסקירט. אינעם כוישעך דערזעט מיטאמאָל דאָוויד זייַן דרייַיאָריק זונעלע. פארגעדענקט האָט ער דעם יוירעש גיכער פאר אלץ לויט דער פאָטאָ. פארן אוועקגיין אין ארמיי, אין יול איין-און-פערציקסטן, האָט דאָוויד באוויזן זיך אָפפאָטאָגראפירן מיטן באָכער, וועלכער איז דעמאלט אלט געווען איין יאָר, און מיט דעם ווייַב — דער סטודענטקע פונעם זעלבן פערטן קורס אינעם קאזאנער פעדאגאָגישן אינסטיטוט, ווו ער אליין האָט אָקאָרשט זיך געלערנט, ערשט נעכטן געהאלטן דעם אָרדנטלעכן עקזאמען. דער פאָטאָגראף האָט זיי פארקערפערט אין דער גאנצער לענג, שפאנענדיקע ערגעץ-וווהין אין אומבאוווסטקייַט. דאָס אייפעלע זיצט א דערשראָקנס אפן טאטנס אקסלען, אייַנקלאמערנדיק זיך מיט די הענטעלעך אין זייַנע געקרייַזלטע שווארצע האָר. דאָס פאָנעם בא דעם ווייַב איז פארוויינט, נאָר זיי גייען ניט-געוואקלט, אנדערש איז געווען אומעגלעך, האגאם געגאנגען אפן פראָנט איז דאָוויד פרייַוויליק — די סטודענטן פון די לעצטע קורסן האָט מען אין די ערשטע טעג פונעם קריג ניט אופגערופן צו מיליטער-דינסט. די פאָטאָ האָט זיך באקומען א טרויעריקע, און דאָך גראָד מיט איר האָט דאָוויד ניט געקאָנט זיך צעשיידן, אָפגעהיט אינעם פעלדטאש ביזן ארעסט. בייס דער ערשטער אונטערזוכונג האָט דאָוויד אויסבאהאלטן די פאָטאָגראפיע אף דער ברוסט. דערנאָך האָט מען זי בא אים אנטפלעקט און צוגענומען, דער אויספאָרשער האָט איין מאָל פאר אלע מאָל זיך אָפגעזאָגט זי אומקערן אים.

— בא דיר האָט מען אָפגענומען אלץ. און די מישפאָכע בעסויכעם, — האָט ער געענטפערט אף דאָווידס באקאָשע ניט טשעפען דאָס בילד. געזאָגט און מילד א שמייכל געטאָן. און דאפקע אָט דעם זשעסט פונעם אויספאָרשער איז געווען אומעגלעך איבערצוטראָגן. ווען אָט דער מעפונעק פלעג מיִעס אָנווענדן פארשיידענע מיטלען — סייַ קאָשערע, סייַ טרייפע, — קעדיי ארויסציִען בא דאָווידן די אנערקענונגען, וועלכע ס'האָט זיך אים געוואָלט באקומען, און דאָס פאָנעם זייַנס פלעג זיך העסלעך אָנקנייטשן אזוי, אז עס האָט אויסגעזען ווי א דורכויסיק געשפינס, איז דאָווידן געווען א סאך לייַכטער, ווייַל וואָס קאָן מען פארלאנגען פון א מענוול? דער ווארעמער שמייכל אפן אויספאָרשערס פאָנעם האָט איבערגעשראָקן דאָווידן — פאָרט דאָך א מענטשישער זשעסט. איז דאָס, ווייַזט אויס, געווען קארג, דער רעצייעך האָט צוגעלייגט נאָך א קנייטל: — באמי זיך די מישפאָכע ארויסשטויסן פונעם זיקאָרן, דיך וועט מען גאָר איניגיכן פארגעסן. דע יורע און דע פאקטאָ.

ס'קאָן זייַן, אז מיט עמעצן אנדערש וועט טאקע אזוי פאסירן, נאָר ניט מיט אים. דאָוויד האָט געגלייבט אין דעם פעסט. דעם אויספאָרשערס קראקערייַ איז פארבייַגעגאנגען, אפילע אף קיין האָר אים ניט אָנגערירט.

אין איר לעצטן פאָטשט-קארטל האָט דאָס ווייַב מיטגעטיילט, אז דער יוירעש איז שוין

געווארן א גרויסער, בא אים איז דער סאמע אינטערעסאנטער עלטער — ער רעדט אלץ און אלץ פארשטייט ער, ער האלט מילכאמע און שלאגט די פאשיסטן, מיט הארמאטן, אזויווי דער טאטע. מיט איין אויג כאטשבי א קוק טאן אף אים. מיסטאם וועט ער שוין קיינמאל ניט וויגן זיין זונדעלע אף די הענט. אויב ער, דאוויד, וועט אפילע אויסשטיין אלע ניסיוינעס און וועט זיך אומקערן אהיים. וויפל וועט שוין זיין אייפעלע דעמלט אלט זיין? א שאד, דאס ווייב זיינס, דוסיע, האט אוועקגעפירט דעם יוירעש אין דארף, וווהין זי איז אוועקגעפארן ארבעטן. דער זיידע מיט דער באבען, דאווידס עלטערן, קאנען אים אויך ניט זען.

און פלוצעם פאלט איין דאווידן א געדאנק, אז צוליב אים קאנען ליידן אויך זיינע נאענטע: דאס ווייב, דער טאטע, די מאמע, דער ברודער. די דאזיקע שוידערלעכע דראונג, אנזאגנדיק נייע צארעס און נאך גרעסערע פלאגן, פריטשמעליעט אינגאנצן דאווידן. ער פארשטייט, אז די אומענטשלעכע אנשטרענגונג פון די לעצטע דריי כאדאשים נאכן אורטייל דויערט נאך ביז איצט. דאס סאמע אומדערטרעגלעכע, וואס ס'איז קימאט אומעגלעך צו גויווער זיין, שטייט אים ערשט פאר. זיין א קעמפער איז לייכטער, איידער זיין א קארבן. קאלזמאן ער האט זיך געראנגלט, פארטיידיקט אקשאנעסדיק זיין קאוועד און גוטן נאמען אויג אף אויג מיט די אויספארשער, איז געווען מעגלעך ליידן אלץ. צי וועט אים קלעקן קויעך אויסשטיין אין די קינפטיקע אויספרווון, ווייסט ער ניט. ער פילט, אז ער איז מיד שוידערלעך — פון דער כאשכעס, וואס האט זיך אף אים אנגעוואלגערט, פון די אויסוועגלאזע מאכשאוועס. די הענט זיינען פאראן, די פיס — אויך, אפילע דאס הארץ — און דאס אלץ טויג אף קאפארעס. מיט גארנישט קאן ער ניט העלפן די טייערע מענטשן זיינע. ווערן אן אל פאר אלעמען, א שטערונג פאר די נאענטע — דאס איז ניט איבערצוטראגן. דאוויד האלט זיך ניט איין און צעקרעכצט זיך.

— צייט, ברודערקע, אף דער העסעבעט, — אייצעט אים סערגייעוו. — פארנעם דיין ארט און כאפ א דרעמל. ניט קיין פויגלדיקע פלאצקארטע בא דיר, אבער נעם זיך ניט צום הארצן. ס'איז ניט אף אייביק. ווו ס'איז דא אן אנהייב, וועט זיין א סאף.

— יא, פארשטייט זיך, באלד, — רופט זיך אפ דאוויד.

— איך, ברודערקע, האב זיך איינגעארדנט מיטן בעסטן סאלדאטישן קאמפארט, מיט אלע באקוועמלעכקייטן: די שינעל איז בא מיר סיי אן איבערבעט, סיי א קישן, סיי א קאלדרע.

אויסטאן זיך איז דאך ניט שייעך. דאוויד הילט איין דעם הוט אין רוקזעקל, לאזט אים פארזיכטיק אראפ אפן דיל, טוליעט אים צו צום ווענטל פון דעם וואגאן. איינמאסטענדיק זיך אף זיין געלעגער, פארטשעפעט ער עטוואס, ניט בעקיוון, גושטשינס לענד.

דער באוואנצלטער טוט זיך א ריר, זאגט ניט הויך:

— פריילעך לעבן מיר. ווו מיר עסן, דא דאסן מיר. ווי די פי.

— איצטער ביסטו טאקע א באלכיי, וואס מיינסטו, — רופט זיך אן עמעצער אין דער פינצטערניש. — אלע זיינען מיר ארבעטס-פי.

גושטשין פארקרימט די ליפן.

— א לייטישער באלעבאס שפרייט אונטער עפעס אפן דיל פון דער שטאל, — זאגט ער. — א וואסער-ניט-איז שטרויעלע לייגט ער אוועק.

— היי, איר, בייסט צו די צינגער, — אייצעט זעמסקאוו צודרינגלעך. — ווייניק האט מען אייך אריינגעהאקט? וועט מען צוגעבן.

— דער פראקוראר איז וויייט פונדאנען. ער וועט ניט דערהערן.

— דערוף זיינען מאסרים פאראן — קלאפערס.

— שלאפן! — באפוילט מיט א דונערנדיקער שטים זעמסקאוו.

אין א שטיקל צייט ארום טאפט אן סערגייעוו דאווידס אקסל:

— שלעפ אראפ די שיך, ברודערקע. זאלן כאטש די פיס זיין אף דער פריי — אפרוען א ביסל.

— יא, יא. באלד, — צאפלט אוף דאוויד.

א פאסמע לעוואנע-שיין, טוענדיק א בליץ, ווי א מילך-פלעק אף דער וואגאן-וואנט, הייבט אן פארזיכטיק זיך אראפלאזן נידעריקער, אנטפלעקט אין דער האלבפינצטערניש א קאפ, וואס ליגט אומגעלומפערט פארדרייט אין א זייט, אדער אן אומגעהייער גרויסן אויער, צי א האנט מיט באוועגלעכע צוניפגעשרומפענע פינגער. א סווארע, אז די לעוואנע נישטערט ארום די ארעסטאנטן, וועלכע ליגן אנגעוואלגערט אין דער טפיסע-קאמער פעסט איינער לעבן אנדערן, ניט מאכמעס איר איינגעקארעניעטער געוווינהייט אריינקריכן אין קאלערלייייקע שפאלטן און צוליב נייגעריקייט ארומטאפן אלץ, וואס עס טרעפט זיך אף איר

וועג. מיסטאם האָט דער קאַנוואָי־נאַטשאַלניק זי געגויט מיטארבעטן מיט אים — ציילן די שלאָפנדיקע מארטירער.

דעם לויף פונעם עשעלאָן שטערט מען ניט, מע גיט אים א גרינע גאס. ער טרעט אָפּ דעם וועג בלויז מיליטער־טיילן, וועלכע איַלן אפן פראָנט, פלאַטפאָרמעס, אָנגעלאָדענע מיט טאנקען און הארמאטן, ווי אויך מיט שיסוואַרג.

ערגער פון אלץ איז באטאָג — עס מאטערט די דושנעקייט, עס קלעקט ניט קיין וואסער, די גאנצע צייַט גלוסט זיך עסן.

די פארורטיילטע סטארען זיך פארהיטן די אויסגייענדיקע קויכעס, מע ליגט די גאנצע צייַט. אף די פיס שטעלט מען זיך בלויז, ווען מע ברענגט די באלאנדע — דאָס געקעכטס, מישטיינס־געזאָגט, און ווען דער קאַנוואָי קומט מאכן אן איבערוף — ציילן דעם אוילעם. און, פארשטייט זיך, ווען מע נייטיקט זיך אין דער פאראשע.

— וואָס טרייַבט עס אונדז צו איר? — בורטשעט אלעמאָל גושטשין, אוועקשטעלנדיק זיך מיטן פּאָנעם קעגן דעם שטינקענדיקן ווינקל. — ליגן וואָלט מיר געפעלן, ווען כ׳זאָל פישן ניט וועלן. דער קעלעוו ווייסט, מיסטאם, וואָס עס קומט דאָ פאָר.

דער הונגער האָט ארויסגעשטויסן פונעם טאָגסיידער אלע אנדערע טעמעס. עס ווערט באהאנדלט בלויז איין־און־איינציקע פראגע — די אכילע. אפילו די פרויען דערמאָנט מען ניט.

וואָס ווייניקער און ווייניקער ציט זיך צום פענצטערל אויך דאָוויד.

אין איינעם אן אָוונט — שוין די צווייטע וואָך אין וועג — צעקריטשעט זיך מיטאמאָל דער צוג, הייבט אוף א גרילצערייַ און פארטאָרמאָזירט שארף זייַן האסט.

דאָוויד ווערט געפלעפט: דורך די גראטעס רייַסט זיך ארייַן אין וואגאָן א העלע שייַן פון א לאמטערן, וואָס הענגט אף אן אייַזערנעם סלופּ.

„טיפער הינטערלאנד, — טוט א קלער דאָוויד. — אָפּגעשאפן די מאסקירונג — די פארטונקלונג״.

ניט אָפּשטעלנדיק זיך, יאָגט דער עשעלאָן פארבייַ א שייַנענדיקן מיט עלעקטראָ־פייַערן יישעוו, עפשער איין אויגנבליק, עפשער מערער, און רייַסט זיך אפסנייַ ארייַן אין פינצטער־ניש — פון ביידע זייַטן גרייַפט אָן אף די רעלסן א וואלד.

אומעטיק קראצט דאָוויד דאָס אונטערגעוואַקסן פאר די אָנדערהאלבן וואָכן בערדל: ס׳איז ניט מעקויעם געוואָרן דער טרוים, די היים איז געבליבן לינקס און ווייַט פון הינטן. ס׳קאָן זייַן, אז אזוי איז בעסער. מיט איין דערשיטערונג ווייניקער. ער האָט דאָך אָבער פאָרט געהיים געוואָרט אף א נעס, פאָרגעשטעלט זיך, מאמעש געזעען אף דער וואָר שוין, ווי זייַן טפיסע פאָרט ראשיק צו צום קאזאנער פעראָן, עס האָט אים דאָך לייַדנשאפטלעך זיך גע־כאלעמט, אז עמעצער פון זייַנע אייגענע גראָד אין אָט דער רעגע וועט זייַן אף דער פלאַט־פאָרמע. גוט וואָלט געווען, אז דאָס זאָל זייַן דער טאטע. דאָווידן האָט זיך געוואָלט, אז דער טאטע זאָל קומען צו אים. ער וואָלט זייַן גליקלעך צו זען אלעמען — אי די מאמע, אי דעם ברודער, און וואָס פאר א פרייד וואָלט געווען, ס׳זאָלן פון זייער טויבן ווינקל, פון זייער ווייַטן טאַטערישן יישעוו קומען צו לויפן דאָס ווייַב מיטן יוירעש. נאָר פונדעסטוועגן איז דאָווידן נייטיק געווען קוידעמקאָל דערזען אף דער סטאנציע דעם טאטן. דאָוויד וואָלט געזאָגט דעם פאָטער בלויז פיר ווערטער:

— כ׳בין ניט קיין שולדיקער.

אים האָט זיך שרעקלעך געוואָלט, אז דער טאטע זאָל פריִער פאר אלעמען אים גלייבן. עס זאָל אין זייַנע טייַערע קורצזיכטיקע אויגן פון יענער זייַט ברילן ניט פארגליווערט ווערן דער פאָרוואורף. ער זאָל א שמייכל טאָן, ווי טאָמיד, קארגלעך, אָבער מיט א פארטייַעטער ליבע. און ער זאָל דערמונטערנדיק א ווונק טאָן.

די טפיסע שלעפּט זיך שווערלעך צווישן די ניט־הויכע אוראלער בערג, שלענגלט זיך אין שלייפן אלץ העכער און העכער. סאָפּקאָלסאָף דערגרייכט זי דעם בארג־דורכגאנג און לאָזט זיך לויפן ווייַטער אין דער פינצטערניש. וווהין? די ארעסטאנטן ווייסן עס ניט.

דאָוויד דרעמלט איַין.

עס וועקט אים אוף א שטילקייַט. ער צעעפנט די אויגן, הערט זיך צו. אין דער טפיסע־קאמער דרינגט ארייַן די האלבנאכטיקע קילקייַט. פונדערווייַטנס הוקעט קוים הערבאר א וואסער־פּאָמפּע. פארכלינענידק זיך, טוט א פייַף דער לאָקאָמאָטיוו, צעקרעכצט זיך, אָבער ווערט אנשוויגן — דער עשעלאָן רירט זיך ניט פון אָרט. א מאָדנע זאך!

— בלייַבט שטיין! — דערהערט זיך פּלוצעם א הילכיקע וואָרענונג פון א קאָנוואָיִר. — גייט ניט צו!

— איך בין אַף מײַן אַרבעטס־אָרט, — רופט זיך אָפּ א זינגעוודיק פרויִש קעלכל. — א סטרעלאָטשניצע בין איך.

— סיִווי טאָר מען ניט.

— נו, נו, מיילע. קיין אײנציקן טראַט מאַך איך ניט, — בורטשעט די פרוי. — איר האָט געפאַנגענע געבראַכט, מיסטאַמע?

— כאַסאַנים, — ענטפערט דער װעכטער. — מע װעט זײ צעטײלן לויט די קאַרטלעך, פאַר די צוקער־טאַלאָנען. װער ס'האָט די זיסקײַטן נאָך ניט אויסגעקויפט, װעט באַקומען.

— פאַרוואָס זשע היט איר זײ מיט ביקסן?

— װײַל פריַוויליק װיל קײנער צו אײַך ניט פאָרן. בײזע, זאָגט מען, זײַנען אין אײַערע קאַנטן די װײַבער אין ליבע. מיט אַן אוראַלאָטשקע, זאָגט מען, קאָן א מאַנצבל קראַפירן, אויסהוילן די נעשאָמע.

די סטרעלאָטשניצע צעקלינגט זיך מיט א געלעכטערל.

— װען מיר זאָלן זײ ניט באַװאַכן, — גיט צו דער קאָנוואַיִר, — װאָלטן זײ שוין אַנ־דערע לאַנג אין וועג צעכאַפּט.

— א שײנעם דאַנק, ליבינקע, װאָס איר האָט פאַר אונדז זײ פאַרהיט, — רופט זיך אָפּ פאַרשײַט די פרוי. — מיר האָבן זיך שוין דאָ אַזוי אָנגעמאַטערט, מיר זײַנען שוין דאָ אַזוי פאַרשװאַרצט געוואָרן אַן כאַסאַנים, כ'װײס אַלײן ניט װיאַזוי...

גושטשין טוט זיך א הייב אויף, רײַבט, גענעצנדיק, די אויגן:

— א בער איז, װײַזט אויס, אין װאַלד געפּײגערט: מיר שטײען, און די האַמערס קנאַקן ניט, — ברענגט ער אַרויס א מעװוּלבעלער. — צי דען איז שוין א סאָף און מיר זײַנען אָנגעקומען?

דאָוויד צוקט מיט די אַקסלען.

— ביסט א טשיקאַווער באַכערעץ, גלײַך װאָלסט אָנגענומען א פול מויל מיט בלײַ, — זאָגט גושטשין, סאָפּענדיק. — װיפל צײַט מיר פאָרן שוין אײנײנעם, און איך האָב נאָך דײַן קאָל װי ס'דאַרף צו זײַן ניט געהערט. װאָס זאָל דאָס באַטײַטן? ביסט ביכלאַל א שװײַגער, צי פון שרעק שטום געוואָרן? אָפּגעבריט זיך מיט מילך, בלאָזסטו אַף קאַלט װאַסער?

סערגײיעוו הײבט זיך האַסטיק אויף, טרײסלט זיך אָפּ, װאַרפט אַרוף אַף זיך די שינעל. ער באַקוקט דאָווידן פון קאָפּ ביז די פיס:

— עס פאַסירט אַזעלכס, ברודערקע, נאָך א קאָנטוזיע — מע פאַרלירט דאָס לאָשן. שטאַרק, װײַזט אויס, האָט דיך א טרעסע געטאָן. א שװערע באַ דיר קאָנטוזיע.

— א קאָנפוזיע, — פאַרפינקטלעכט גושטשין.

סערגײיעוו זשמורעט צו די אויגן.

— אַזא מײַסע, — טוט ער א זאָג. — אַנטשולדיק, ברודערקע, װאָס מיר זײַנען אַרײַנ־געקראָכן אין פרעמדע שלאַכט־רײען. בלײַבן אײנער אַלײן צװישן מענטשן — דאָס איז א געפערלעכער כאַלאַס.

דאָוויד װערט ניט אופגעקאַכט, צעהיצט זיך ניט, װי עס קומט מיט אים פאַר צומאָל, װען עמעצער קריכט ניט־געבעטן אין זײַן נעשאָמע, דערפילט בלויז א פאַרדראָס, װאָס ער איז ניט בעקויעך דערװידערן מיט א װאָגיק װאָרט — דערװײַל קאָן ער נאָך אַלײן ניט דורכברעכן די װאַנט פון זײַנע אײגענע מאַכשאָװעס און פאַרהאַקט נאָך שטײַפער די טיר צו זײ.

דער לאָקאָמאָטיװ טוט אַפסנײַ רויגעודיק, מיט א גרילצערײַ א הודיע, די טפּיסע צע־װאַקלט זיך אַזוי, אַז סערגײיעוו טוט זיך שאַרף א שאָקל און, סטאַרענדיק זיך אופהאַלטן אַף די פיס, קערט ער שיר ניט איבער די פּאַראַשע.

— פּע, א מעשוגענער, — טוט א זאָג גושטשין אַנטוישט, מוסערנדיק ניט סערגײיעװן, נאָר דעם לאָקאָמאָטיװ. — אָװעקגעשלעפּט זיך װײַטער. מע װעט אונדז פאַרטרײַבן אַהין, װוּהין מאַקאַר האָט די קעלבלעך ניט געפּאַשעט.

— ע, כאָטש אין עק װעלט, — רופט זיך אָפּ זעמסקאָװ. — ערגער פון דער יויך, װאָס מע גיט דיר דאָ, הער זיך אײַן, װעסטו אין ערגעץ ניט באַקומען. און א סוכאַרל א פאַרשימלטס װעט זיך אומעטום אָפּזוכן.

— און איך װאָלט איצט פּאַפּשױיענע לאַטקעס געגעסן, בעשום־אויפן װאָלסטו מיר פון דער סקאָוורעדע ניט אָפּגעשטויסן. האָסט אַמאָל פאַרזוכט דראַניקעס פון קוקורוזע, הא, זעמסקאָװ?

— װאָדען? איך... כ'האָב זײ באַ די קאַבאַרדינער צו האַלבע מײַעס מיטאַמאָל גע־שלונגען.

— דאָס איז שעקער־ווּעקזוּעוו. בעסער שווײַגן, אויב קאָנסט ניט לײַגן, מער ווי א טוץ ווּעסטו ניט אופּרעסן. דער טרעלבויך וועט פּלאַצן.

— מיר וועטן זיך?

— מיילע. גענוג צו פּלאַפּלען.

— הער זיך אײַן, הא, באוואָנצלטער, א לאַבן ברויט מיטאמאָל וואָלסטו אײַנגעביסן?

— ס'איז א גרויסער סאָפּעק.

— איך וואָלט דרײַ, אלע נאָכאנאנד, ארײַנגעקוועטשט. גיב זיי נאָר אהער.

— א פּײַג! די קישקעס וועלן ניט אויסהאלטן.

— פארוואָס איז בא דיר אזא מין אומצוטרוי צו מײַנע פעיקײַטן? טראָג מיר אונטער לויט מײַנע באַדערפענישן, וועל איך מײַסטערשאַפט באַווײַזן.

דער צוג רוקט זיך פאמעלעכינקע, די רעדער קלאַפּן ניט — זיי סקריפּען בלויז צעצויגן, גלײַך זיי וואָלטן זיך געקײַקלט בלינדערהייט ניט אף רעלסן, נאָר אף פריש אויסגעפּאַלענעם שניי. לײַכט שאָקלט זיך די טורמע־קאַמער. דער לאָקאָמאָטיוו פון פאָרנט פּיכקעט אָן איבע־ריקן כיישעק, ווײַזט אויס, ניט דערפאַר, ווײַל ס'איז אים שווער, נאָר מאכמעס דעם, וואָס ער איז בארויגעז, און פונקען, דוכט זיך, צעשיט ער ארום זיך ניט אלפּי נויט, נאָר פאַרש־קענדיק אומצופרידן. ער וויל, מיסטאַם, ניט אײַסעקן זיך מיט ארעסטאנטן — מער לײַטי־שערע לאַסטן וואַרטן אף אים.

פארבײַ, אף א פּלאַטפאָרמע, פּויזעט דורך אן אײַזנבאַן־קראַן. עס באַווײַזט זיך דער דאַך פון א גרויסן פאַקהאַוז. אנטקעגן שווימען אָן שטראַלן־בינטלעך פון פּראָזשעקטאָר־פײַערן, וועלכע זײַנען אײַנגעגנעסטלט אף דעם סאַמע שפּיץ פון א הויכער אײַזערנער פערמע. פּלוצעם, סקריטשענדיק מיט די טאָרמאָזן, בלײַבט דער עשעלאָן שטיין פאַרשטאַרט, נאָר באלד ציטערט ער אוף און הייבט אָן אָבעראַמאָל קלימפּערן מיט די בופערן, טוט זיך א לאָז אף צוריק מיט דער זעלבער פאַרזיכטיקײַט, מיט וועלכער ער איז נאָרוואָס געקראָכן פאָרויס.

די פארורטיילטע שטעלן זיך אף די פיס. דוכט זיך, אז עס איז ניטאָ מיט וואָס צו פרייען זיך, נאָר בא אלעמען פלאַמט אוף אן אופלעבונג. מענטשן האָפן קעסיידער אף גוטס. ערגער פון דער לאַגע, אין וועלכער זיי האָבן זיך ארײַנגעפּאַקט, קאָן שוין געוויס ניט גע־מאָלט זײַן. און זי, ווײַזט אויס, ענדיקט זיך. אלנפאַלס עפּעס קומט פאָר אומגעוויינלעכס, און דאָס ווירקט שטאַרק אף דעם אוילעם.

דאָס פאָרגעפיל נאַרט ניט אָפּ.

ארײַנשטופּנדיק דעם טפיסע־עשעלאָן אין אן ארומגעצוימטן הויף דורך ברייטע אײַזער־נע טויערן, צעהודיעט זיך דער לאָקאָמאָטיוו ארויסרופעריש, מיט עפּעס א באַזונדער פרייד, ס'קאָן זײַן, א גליקלעכער, וואָס עס איז געקומען א סאָף צו זײַן מיִעסער טירכע. געזעגע־נענדיק זיך, טוט ער נאָכאמאָל בייז א ריס און א טרייסל דעם צוג.

די אסירים אין דאָווידס טורמע־וואגאָן וואלגערן זיך מאכמעס דעם אָן איינער אפן אנ־דערן, מע זידלט זיך און מע צעלאכט זיך — אלץ צוביסלעך, און מע הייבט אָן ברענגען אין אָרדענונג די בגאָדים.

צורעכטמאכנדיק אף זיך דאָס צעקנייטשט כאקי־העמדל, אלץ נאָך שמייכלענדיק, טוט גושטשין א שמאָרע מיט דער נאָז:

— אָך, א טעל בין איך געוואָרן, כאַוויירימלעך, ווײַטער — ניטאָ וווהין. ווי־אזוי האלטן זיך אף מיר די הויזן, איז א רעטעניש. כ'האָב מוירע, אז זיי וועלן אין סאמע אומפּאַסיקן מאָמענט אראָפּויזען.

— וואַרט צו א ביסל, — ברענגט ארויס סערגייעוו, אויך, ווי אלע, אן אופגערעגטער און דערפרייטער. — אינגיכן וועלן מיר ארײַנטרעפן צו דער שוויגער אף לאַטקעס, וועסטו אפּסנײַ אָנעסן אף זיך פעטס.

— האלעווײַ, — איז געגרן מאסקים גושטשין. — אבי די ביינער זײַנען אפן אָרט.

מיטאמאָל ווערט בא אים דאָס פּאָנעם באַאומרויִקט, ער זשמורעט צו די אייגעלעך, אויס־באהאלטנדיק זייער מאמזערישע פינקלערײַ, און טוט א זאָג מיט א קימאט אופריכטיקער טרעוואָגע:

— איר מיינט, אז די שוויגער וועט מיך דערקענען? טאָמער אָבער וועט זי מיט עמעצן מיך איבערפּלאָנטערן?

— צווייפל ניט, — זאָגט אים צו סערגייעוו, — אויסגעשלאָסן. אזעלכע געלע, ווי דו, זײַנען אף דער ערד פאראן בלויז אף די פינגער איבערצוציילן. לויט דער רעליאַטיוויטעט־טעאָריע קומט אויס, אז נאָך אזא שיינהײַט, ווי דו, וועט זיך געוויס דאָ ניט אָפּזוכן.

— אין די טעאַריעס בין איך, ווי אַ האָן אין בניי־אָדאָם, נאָר וויבאַלד זיי האַלטן מײַן צאַד, איז מאַכעטייסע, וועט עפּשער טאַקע זײַן אַ לאַדעניו. דאַרף איך זײַן רויִק.

— וואָס הייסט רויִק? — מישט זיך אַרײַן זעמסקאָוו, גלעטנדיק דאָס בײַכל. — די מײַסע דערגייט שוין צו די דראַניקעס. און ווו בין איך? טו זיך אַ רוק און לאָז מיך אַרײַן אין קאָן. הער זיך נאָר אײַן, אָן מיר האָט זיך אים פֿאַרוואָלט.

— גאָט באַהיט, כ׳זאָל דיך — און פֿאַרגעסן! בעשום־אויפֿן ניט. די ערשטע לאַטקע — דיר.

— די ערשטע איז טאָמיד אַ קלומפּ...

צוהערנדיק זיך ניט־ווילנדיק צו זייער פֿאַרשײַטער, נישטיקער אין טאָך פּלוידערײַ, טוט דאָוויד צום ערשטן מאָל אַ קלער וועגן דעם, ווי וווּנדערבאַר און קלוג עס איז, וואָס אַ מענטש קאָן זײַן אײַנצײַטיק אָן אומגליקלעכער און אַ פֿריילעכער.

דאָוויד שטייט אָן אָנגעטאָנענער — די שינעל פֿאַרשפּיליעט אויף אַלע העקלעך, דער רוקזאַק אין די הענט — און קוקט אַרײַן אין פֿענצטערל, ווו עס הוידעט זיך אַ שטיק פֿאַרנעפּלטער, מעשונעדיק באַפֿאַרבטער הימל. דאָוויד קאָן ניט פֿאַרשטיין, ווי קומט צום היגן הימל אַזאַ מין טאָנאַלקײַט, פֿונוואַנען נעמט זיך אָט די איידלקײַט, אַזאַ צאַרטקײַט. צי דען צעפֿלאַמט זיך שוין דער שײַטער פֿון דער באַגינען־שײַן? פֿאַרוואָס? עס איז דאָך נאָך אַזוי פֿרי.

גרימצאָרנדיק צעבילט זיך אַ הונט. זײַן הייזעריקע, זינדיקע האַוקערײַ שפּיצט אָן די אויפֿמערקזאַמקײַט פֿון די אַרעסטאַנטן. אַלע ווערן אַנשוויגן, צוהערנדיק זיך.

עס טוט אַ קלונג די קליאַמקע און די טיר, דאָס מאָל גאָר אַנדערש, ניט ווי ביז אַהער, צעזינגט זיך, אָפּפֿאָרנדיק אויף אירע ראָליקעס.

דאָוויד קוקט דורך דער ברייט צעעפֿנטער טיר אויף דעם זעלטענעם הימל און באַמערקט נישט פֿון אונטן ניט דעם קאַפּיטאַן מיט די שפּאַרבערישע אויגן, וואָס האַלט אין די ציטערנדיקע מאַכמעס אָנגעשטרענגטקײַט פֿינגער דאָס צעטל פֿון די אַהער געבראַכטע אַסירים, ניט דעם יִינגערן לייטענאַנט מיט אַ שראַם איבער דער גאַנצער באַק, כאָטש ער, דער יִינגערער לייטענאַנט, שטייט האַרט לעבן קאַפּיטאַן און באַלײַכט מיט אַ טאַש־באַטאַרייקע די רעשימע אינעם קאַפּיטאַנס הענט. דאָוויד זעט ניט די אָווטשאַרקע, אָן ענלעכע אויף אַ צעיוִשעטן וואָלפֿהונט, די מענגע קאָנוואָיִרן, ווי אויך די לאַסט־אווטאָמאָבילן, שטייענדיקע אין אַ לאַנגער שערענגע עטוואָס אינדערווײַטנס.

דער הימל איבער דער פֿאָדערשטער ליניע אויפֿן פֿראָנט פֿלעג צומאָל זײַן ענלעך אויף אָט דעם, וואָס פֿאַרקישעפּט דאָווידן איצטער בײַ דער צעעפֿנטער טיר פֿון דער טורמע־קאַמער — אַזעלכס פֿלעג פֿאָרקומען, ווען יענעם, דאָרט, אינעם אַנומלטיקן, אומדערוואַרט אָנגעווירענעם אָוואַר, פֿלעגן פֿאַרויטלען די פֿײַער־שײַן פֿון ווײַטע און נאָענטע סרייפֿעס, די אויפֿלויכטן פֿון די ליכט־ראַקעטעס, די אויפֿרײַסן פֿון רעאַקטיווע קאַטיושע־סנאַריאַדן. אַזעלכס, איצט, קאָן דאָך דאָ ניט געמאָלט זײַן. עפּשער ברענט דער וואַלד אינדערווײַטנס? וואַרשײַנלעך. אָבער צו ווייך, צו איידל זײַנען די פֿאַרבן, וואָס באַצירן אָט דעם דאָיִקן הימל, וועלכער איז אַנטפּלעקט פֿאַרן באַצויבערטן דאָווידן, און ס׳איז אַ גרויסער סאָפֿעק, צי איז דאָס אַ פּאָרטל פֿונעם פֿאַרפֿירערישן סרייפֿע־פֿענדזל.

— שיין, איאָ? — טוט שטילערהייט אַ זאָג סערגייעוו, עטוואָס אָנבייגנדיק זיך צו דאָווידס אויער.

— אומגלייבלעך, — רופֿט זיך אָפּ מיט אַ שעפּטשערײַ דאָוויד.

— דאָס איז מאַכמעס שמעלצונגען, — סערגייעוו הייבט אָן אָפּגיך פֿאַרשפּיליען די שינעל. — מע קאָכט מעטאַל. אַזוי ווערט פֿאַרויטלט דער הימל בלויז איבער שמעלצונגען.

— שטיל זאָג ווערן! — טוט אַ הוקע דער קאַפּיטאַן.

דער וואָלפֿהונט לעם אים ענטפֿערט אָפּ מיט אַ בורטשענדיקן געהײַל.

— גרייט זיך צו דער אויסלאָדונג!

דער קאַפּיטאַן הייבט אָן אויסרופֿן די אַסירים. איינער נאָכן אַנדערן ענטפֿערן זיי, צוגייענדיק צו דער שוועל פֿון דער צעעפֿנטער טיר, און שפּרינגען אַראָפּ אויף דער ערד. יעדן טוט דער קאַפּיטאַן אַ פּאַטש מיט זײַן שווערער דלאָניע איבער דער פּלייצע. צוויי קאָנוואָיִרן ציילן דערבײַ די קלעפּ — און עס ווײַזט זיך אויס, אַז זיי פֿירן אַ כעזשבן פֿון די פּעטש, ניט פֿון די טפּיסעניקעס.

פֿונעם וואַגאָן גייען אָפּ די פֿאַרורטיילטע עטלעכע טריט. ווײַטער לאָזן ניט די וועכטער — מע שטעלט די געבראַכטע אין סטראָי, צו פֿיר אין אַ ריי.

ס׳איז גאַנץ פֿריש אינדערלופֿטן, אַפֿילע קאַלט. עס בלאָזט אַ ווינטל. איבער דער ערד, צוגעטוליעטע צו די אַרעסטאַנטן, שוועבן מעשונעדיקע שאָטנס.

דער הונט-באַגלייטער שפּאַנט אַרום מיט דער אָווטשאַרקע פון איין אָרט אפן צווייטן, דאָ און דאָרט דערהערט זיך איר בילערייַ. אין דאָווידס דאַכטונג שווימט אוף אַן אָקאָרשטיקע נאַכט אפן פראָנט. ער איז געגאַנגען מיטן אָרדינאַרעץ אף זייַן פּאָרנטיקן באַאָבאַכטונגפּונקט אין דער פּעכאָטע-טראַנשיי, קעדיי שטיצן מיטן פייַער פון זייַן באַטאַרייע דעם אָרדנטלעכן פּרווו אָפּצונעמען באַם קעגנער די הייכעניש, וועלכע יענער האָט אין אַן אומדערוואַרטן אָנגריף פאַרכאַפּט. די געגנט איז געווען גוט באַקאַנט דאָווידן. כוץ דעם אָפּגעברענטן, פאַרלאָזענעם מיצאַד די אייַנוווינער כוטער, איז אַרום און אַרום גאָרניט, אַפילע באַטאָג מיט לאַמטערנס ניט אָפּצוזוכן. אין דער טונקלקייַט האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אַרויסצווייַזן סטאַרטשענדיקע סילועטן פון די נאַקעטע אויוון-קוימענס. אינמיטנדערינען צעסקאַווטשעט זיך אין כוטער א הונט, אים ענטפערן אָפּ נאָך העכער א צווייטער, און א דריטער — עס צעהילכט זיך א גאַנצער כאָר קלאָווים. דאָוויד איז געבליבן א ווייַלע שטיין. צי כאָלעמט זיך אים ניט אָט דער קאָנצערט? נאָר ניין, פונעם כוטער דערטראָגט זיך צו אים אַן עכט הינטבילערייַ. דאָווידן איז געוואָרן שוידערלעך. אים איז נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו זען א טכיִעס-האַמייסים פון אַש-כורוועס. בייַקומענדיק זייַן צעמישטקייַט, האָט דאָוויד פאַרקערעוועט צום כוטער, כאָטש ער האָט פרייַ געקאָנט אים פאַרבייַגיין. דאָרטן האָבן זיך טאַקע אינדערעמעסן אַרויסגעוויזן הינט, עמעסע אָווטשאַרקעס. איינע פון זיי, אַרויסשטעקנדיק די צונג, האָט א קוק געטאָן אף דאָווידן מיט קלוגע הונגעריקע אויגן.

— גייט אייַך עטוואָס ווייַטער פונדאַנען, כאַווירים, — האָט צוריקגעהאַלטן אַרויסגעבראַכט א יעפרייטאָר, וואָס האָט געפירט דעם קעלעוו אף א רימען. — באַאומרויִקט ניט די באַלעכאַיִם.

אָפּגייענדיק א ביסל אין א זייַט, האָט דער אָרדינאַרעץ באַמערקט:

— דאָס זייַנען קעגנטאַנקען-הינט. כ'האָב באַגעגנט אַזעלכע הינטער ראָסטאָוו. אף זייערע כוט-האַשעדרעס זייַנען צוגעפעסטיקט מינעס. איר האָט פאַרפיקסירט? זיי רייַסן אונטער טאַנקען גאַנץ נישקאָשעדיק. ניט איינעם האָבן זיי פאַרניכטעט. איר ווייסט, וויִאַזוי מע לערנט די הינט? מע פאַרשאַפט באַ זיי א באַדינגלעכן רעפלעקס. דאָס טוט מען כיטרעוואַטע. צווישן די טאַנקען-רויפן הענגט מען אונטער א שטיקל פלייש און מע לאָזט אָפּ אף דער פאַרנאַרעכץ דעם אויסגעהונגערטן הונט. פיל מאָל כאַזערט מען איבער אָט די אָפּעראַציע, ביזוואַנען דער הונט הייבט אָן אָנפאַלן ניט נאָר אף אומבאַוועגלעכע, אויך אף יאָגנדיקע, רעוועדיקע, קנאַלנדיקע מאַשינען. דער אופּרייַסער פון דער מינע איז פאַרבונדן מיט א ווערטיקאַל שטעקעלע. איר האָט געזען, ווי עס סטאַרטשעט? ס'איז געגליכן צו א געטאָקט פיסל פון א ביכער-עטאַזשערקע. ווי נאָר דער הונט, זוכנדיק צווישן די רויפן דאָס געגאַרט שטיקל פלייש, רירט זיך צו צום טאַנק מיט אָט דעם שטענגל, טוט אָפּ זייַנס דער אופּרייַסער. אינאיינעם מיטן טאַנק, פאַרשטייט זיך, אַלס קלאַל, קומט אום דער הונט. די אָווטשאַרקע איז פאַרורטיילט. איר האָט געזען, סאַראַ אויסדרוקפולע עס זייַנען זייערע אויגן? מאַמעש מענטשישע.

אָט וואָס עס איז אַצינד אופגעשווומען אין דאָווידס דאַכטונג, ווען ער איז געשטאַנען אין סטראָי צווישן סערגייעוון און גושטשינען און האָט געקוקט אפן גוואַלדאָוונעם הונט, וועלכער האָט זיך געטוליעט צו די פיס פון זייַן באַגלייטער.

„דער דאָזיקער קעלעוו וועט סייַ א טאַנק פאַרניכטן, סייַ אף שטיקלעך צעררייַסן א באַליביקן אַרעסטאַנט, — טוט א קלער דאָוויד. — ס'איז געווענדט אין דעם, צו וואָס מע האָט אים געגרייט, וואָס מע האָט אים אויסגעלערנט. מיט איינעם און דעם זעלבן פלייַס קאָן ער ווערן אָדער א פרייַנט אָדער א סוינע. נאָר צי איז עס אַזוי בלויז באַ די הינט?”

דער קעלעוו הייבט אָן מיט באַליידיקונג קנורען, גלייַך ער וואָלט דערהערט דאָווידס געדאַנקענגאַנג. דערבייַ באַווייַזט ער זייַנע רייַסציינער. דער באַגלייטער טוט א צי אף זיך די קייט, אף וועלכער ער האַלט דעם וואָלפהונט, און ברומט אויך עפּעס אַרויס עטלעכע ניט-אַרטיקולירטע קלאַנגען, בייז אָנגעשטרענגט. אָפּטוענדיק עס, ווערט דער קאָנוואָיִר-באַגלייטער מיט עפּעס אַליין געגליכן צו זייַן אומבעראַכמאָנעסדיקן באַהעלפער.

— מע צעגיסט מעטאַל, — זאָגט מיט אַן אונטערדריקטער שטים סערגייעוו, טוענדיק א ווונק אף יענער זייַט, ווו עס צעפלאַטערט זיך באַזונדערס פריילעך דער הימל. — ס'וואָלט גוט געווען אַרייַנטרעפן אף א זאַוואָד.

— צי דען באַשטאַט מען אַזעלכע, ווי מיר, אף אונטערנעמונגען? — כידעשט זיך דאָוויד.

— אַלץ איז מעגלעך: עס גייט א מילכאָמע.

— אָבער דאָרטן ארבעטן דאָך... דאָרטן זײַנען דאָך מענטשן... ניט קיין פארמישפּעטע מיַען זיך דאָרט?

— טאָמיד, ברודערקע, וועט זיך אָפּזוכן א מעגלעכקײַט אָפּצושיילן די זינדיקע פון די צאַדיקים.

גושטשין זאָגט:

— א זאַוואָד איז, פארשטייט זיך, בעסער פון אלץ. קעסיידער וואָלט זײַן א דאך איבער דיר.

— און א ריינע קוואליפיקאציע קאָנסטו דאָרטן קריגן, — גיט צו סערגייעוו. — אַן עכטע מעלאָכע.

— ע, הער זיך אײַן, דאָס אלץ, ווי בא אונדז אין שול פלעג מען זאָגן, איז גלײַך צו נול, — פארסאכאקלט די טרוימען זעמסקאָוו. — דער איקער איז — די גזעלשאפטלעכע דערנערונג.

עס מישט זיך ארײַן דער אויסגעשריי פונעם קאפיטאַן:

— נעם אוף דעם עטאַפּ!

איצט האלט שוין דאָס צעטל פון די אסירים דער יינגערער לייטענאַנט מיט א שראַם איבער דער גאַנצער באַק.

— אַבראַמאָל א טפילע. עס ווערט זיי ניט נימעס פראווען די דאָזיקע גאָטסדינסט. מע ציילט און מע ציילט איבער, מע פארגלײַכט די קאָפּיע מיטן אָריגינאל. זיך אליין גלייבט מען ניט, — זאָגט שטילערהייט סערגייעוו.

נאָר דער יינגערער לייטענאַנט דערהערט זײַנע רייד.

— כ'וועל דיר צוקלעמען די צונג! — גיט ער א קוויטשע מיט א קאָל פון א האָן. דאָס וואָלט אויסגעזען לעכערלעך, ווען ניט די פּכאַדימדיקע שאָטנס פון די קאָנוואָירן און ניט דער שאָפּהונט — די אָווטשארקע, און ניט די נאכט, וואָס האָט ווער ווייסט וואָס אָנגעזאָגט. ניין, קיינעם פון די אסירים גלוסט זיך ניט אויסלאכן דעם אונטערגעריסענעם גאָרגל פונעם יינגערן לייטענאַנט. אלע פארטײַען זיך.

יעדע פאמיליע רופט אָן דער יינגערער לייטענאַנט מיט עקל, גלײַך ער וואָלט זי ניט ארויסגעבראַכט, נאָר אויסגעשפּיגן. יעדערן שטעלט ער אָפּ אף א רעגע לעבן זיך, קוקט זיך אײַן אים אופמערקזאַם אײַן און שטופּט אים אָפּ.

דאָווידן און זײַנע כאַווײרים גיט ער איבער אונטער דער וואָך פון צוויי קאָנוואָירן — איינעם רופט מען סאָלאָוויאָוו, דעם צווייטן — אובייבאַטקאָ. ביידע זײַנען זיי פארזאָרגטע, אָנגעשפּיצטע, די ביקסן האלטן זיי אָנגעשטרענגט. ביידע, נאָר יעדערער פון זיי באַזונדער, פאר זיך, באַוועגנדיק שטום מיט די ליפּן, קאָנטראָלירט דורך די אָנוועזנהײַט פון די ארעסטאַנטן, וועלכע זיי האָבן באַקומען אין זייער רעשוס.

דער עלטערער קאָנוואָיר, סאָלאָוויאָוו, אָנרוקנדיק אפן שטערן די פּילאָטקע און אָפּווישנדיק דעם שוויס פונעם מאָגערן, שארפנאָזיקן פּאָנעם, באַפּוילט מיט פארבאָרגענער היספּײַלעס:

— אף די קני!

די אסירים פארשטייען ניט לעכאַטכילע, וועגן וואָס עס גייט א רייד, און מע הייבט אָן מיט כידעש זיך שושקען.

— ווער מען איז געזאָגט געוואָרן?! — צעכריפּעט זיך סאָלאָוויאָוו און שטעלט דראָענדיק ארויס די ביקס. — שטעלט זיך אף די קני, קאָנטרע! כ'וועל אײַך באַלד אפן טרעלבויך אוועקלייגן, וועט איר זיך אויסלערנען פארשטיין, וואָס מע רעדט צו אײַך.

אלע לאָזן זיך אראָפּ אף דער ערד.

— אָט אזוי, — טוט א זאָג סאָלאָוויאָוו. — אזוי איז זיכערער. פאקט. פארנעם דײַן געהעריק אָרט. ביסטו א גריל, איז זיץ אפן דיל. ווער זײַט איר איצט? זעקעס! וואָס באַטײַט עס? רוסיש, מײַן איך, ווייסן אלע, אזא מין וואָרט — זאַקליוטשאָני — איז אײַך באַקאַנט? אַן אָפּגעטעסעטס זעט עס אויס אזוי — זעק. איז עס צו אײַערע מויכעס דערגאַנגען? אײַער אָרטלאַגע איז אוועלכע? אײַער פּאָזע? אף די קני. די סאַמע באַקוועמלעכע. פון די קני וועסטו מיטאַמאָל זיך ניט לאָזן לויפן. רויִקער. אונדז איז גוט, און אײַך איז נאָך בעסער. וויכטיק איז, טײַבעלעך, באַנעמען, אז אף די קני איז לוינעוודיקער פון אלץ.

— אָהאָ, ער איז גאָר א פּילאָסאָף, — טוט א וואַקל מיטן קאָפּ סערגייעוו. — און נאָך א מער געפערלעכער, ווײַל ער איז באַוואָפנט.

— אָן געשפּרעכעלעך! איך וואָרן אײַך! — צישעט ער אף אלעמען, ניט באַווײַזנדיק אָפּמערקן סערגייעוון. — איך וועל אײַך צו נישט מאכן אין קאָנדייו! איר האָט אַמאָל געהערט

ווען א טפיסע אין טורמע? כ'וועל נאָר א ווונק טאָן מיט איין אויג, און א באַליביקן פאַר־שינדל פון אייער קאָמפּאַניע וועט מען גלײַך פון דער וואַכטע אוועקשלעפּן אהין. איך אײַצע אײַך ניט. דערגאַנגען?

— פּינקטלעך אַזוי, בירגער נאַטשאַלניק, — ענטפערט פאַר אַלעמען זעמסקאָוו. — אַלץ איז קלאָר.

— אָט אַזוי. אוואדע קליגער, איידער שפּײַען אנטקעגן ווינט, — סאָלאָוויאָוו פירט איבער דעם בליק אַף זײַן כאַוער. — דערקלער זיי דו אונדזער רעזשים. איך בין שוין א צעפּאַרעטער, אין מילינעס. כ'בין שוין מיד.

די אַרעסטאַנטן הייבן זיך אָן רירן, דרייען זיך, נאָר אָבייבאַטקאַ זאָגט שטרענג:

— נע ווערטוכײַסיא!

און אַלע פאַרשטייען אים.

און אַלע ווערן ווידער אַנשוויגן.

אָבייבאַטקאַ ברענגט אַרויס אומדערבאַרעמדיק, פינקלענדיק מיט זײַנע טונקעלע אויגן פון אונטער די ניט-פינטלענדיקע אויגנלעפלעך:

— ווען מיר גייען צו די אווטאָמאָבילן, הער די קאָמאַנדעס. ניט אָפּשטיין, ניט דער־יאָגן דעם קאָנוואָי. גיין גלײַך. א טראָט אַף לינקס, א טראָט אַף רעכטס — וועט דער סאָף זײַן. דער טויט וועט זײַן.

— צוליב וואָס אַזוי מיטאַמאָל? — פרעגט, אָנכמורענדיק די ברעמען, דאַוויד.

— ווײַל מיר ווייסן ניט: ס'וועט גאָרניט זײַן, צי א וואַיוואָראָך וועט זײַן, — דערקלערט אָבייבאַטקאַ.

— גיי טרעף, וואָס בא יעדערן עס ליגט אַף דער נעשאָמע? — צעקײַעט סאָלאָוויאָוו די דעקלאַראַציע, וועלכע עס האָט אַנגעמאָלט אָבייבאַטקאַ. — מיט וואָס פאַר א מיין טוסטן א טרעט אַף לינקס צי אַף רעכטס? מיר, אַלנפאַלס, האַלטן, אַז דאָס איז א פּרווו אַף צו אַנטלויפן. מיר שיסן אָן א וואָרענונג.

די טאַרומעס אין די רייען פון די אסירים ווערן פאַרשיידן אופגענומען מיצאַד די קאָנוואָירן. סאָלאָוויאָוו שײַנט אויף, דאָס קאָן מען באַמערקן אפילע אין דער ניט-העלער באַ־נאַכטיקער באַלויכטונג. זײַנע דינע ליפּן טוען זיך אָן עפן אויף און פאַרגייען זיך אין א שמייכל. ער טוט אפילע א זיפץ פון פאַרגעניגן, מיינענדיק, אַז קיינער באַמערקט עס ניט. אָבייבאַטקאָס אויסגעגעסן מיט פּאָקן-גריבלעך פּאָנעם בלײַבט לײַדנשאַפטלאָז. שווער צו פאַרשטיין, וואָס עס דריקט אויס. ס'קאָן זײַן, אַז ניט-געוואָקלטקײַט, ס'קאָן זײַן, אַז עפּעס אַנדערש.

דער אווטאָמאָביל, ווו די קאָנוואָירן האָבן פאַנאַנדערגעזעצט די אסירים, איז אַן אום־געווײנלעכער — אים באַוועגט א גאַז, וואָס ווערט גענערירט אין צוויי שוואַרצע קעסלען, וועלכע שטעקן אַף ביידע זײַטן פון דער קאַבינע, עטוואָס הינטער איר. אופהייבנדיק דאָס דעקל בא איינעם פון זיי, שטופּט אַרײַן דער שאָפער אינוויינקן צו אים א לאַנגע שטאַלענע קאָטשערע און הייבט אָן מישן מיט איר, ווי מיט א לעפל אין א הויך פענדל. פונעם קעסל פויזעט אַרויס א בלוילעך רויכל. דער שאָפער שטופּט אָפּ מיטן אַקסל אָן איבעריקע צערע־מאָניעס דעם פאַרמאָרעשכוירעדיקן סאָלאָוויאָוון אין א זײַט, דערלאַנגט פון אונטער זײַנע שטיוואַליעס א הויפן קלעצלעך, געגליכענע צו קינדערשע קוביקעס, און שיט זיי אַרײַן אין ליוק פונעם קעסל.

— ריכטיק, — באַמערקט סערגייעוו. — בענזין איז אַפּן פּראָנט בייטיקער. דאָ דאַרף מען זוכן אַנדערע רעסורסן.

— ווער פאַרײַסט דאָרטן דעם פּאַרצעף?! — שרײַט אויס סאָלאָוויאָוו רויגעזדיק. — די מאָרדע אַראָפּ!

— דאָס האָט ער מוירע מערער פאַר אַלץ: זאָלסט, כאַלילע, דעם קאָפּ ניט אופהייבן, — זאָגט סערגייעוו, קוקנדיק דערבײַ גלײַך אין פּאָנעם צו סאָלאָוויאָוון.

— דו וועסט זיך, קענטיק, דערליידן בא מיר, — ברענגט אַרויס דראָענדיק דער קאָנ־וואָיִר. — כ'וועל סאָפּקאָלסאָף אָנטרעטן דיר מיט דעם פריקלאַד אַף דער צונג. צוויי לעכלעך אין נאָז האָסטו? נו, איז סאָפּע. סאָפּע און שווײַג.

די מאַשין ווילֿ זיך ניט לאָזן אין גאַנג. זײַן כײַלעך אין דעם לייגט, ווײַזט אויס, אַרײַן דער סטאַרטער. עטלעכע מאָל גייט אַרויס דער שאָפער פון דער קאַבינע, בוקט זיך צום ראַדיאַטאָר פונעם אווטאָמאָביל, דרייט מיט קאָס דאָס לאַז-הענטל — איין מאָל, נאָך א מאָל, אָבער דער מאָטאָר האָט קיין כיישעק ניט מיט אים זיך כאַווערן — ער טוט דאַפקע יאָ א ברומל, אָבער פאַרכלינעט זיך גלײַך.

— וואָס פאַרציסטו דעם אַפּפּאַר? — בלאָזט אָן די ליפּן סאָלאָוויאָוו, א קער טוענדיק זיך צום פּאַרמורזעטן שאָפער, וואָס שטייט אונטער דעם אופגעהויבענעם קאַפּאָט פונעם מאָטאָר און פּאָרעט זיך אין אים. ביפראט געפעלט ניט דעם קאַנוואָיר, וואָס דעם שאָפערס הוט איז אויסגעדרייט מיטן שווארצן בלאַנקענדיקן דאשעק צום נאקן. — נעם ניט ארויס בא אונדז די נעשאָמע.

דער שאָפער לייגט אוף די דלאָניע אפן מאָטאָר און זאָגט, ווי ער זאָל זיך פארענטפערן:

— די פּרינציפּן זײַנע ווײַזט ער, דער פארשאָלטענער, ארויס.

נאָר דערבײַ זעט ער ניט אויס צערודערט, עס דוכט זיך אפילע, אז ער איז צופרידן, וואָס דער מאָטאָר דעמאָנסטרירט זײַנע קאפריזן, און ער, א פּאַרמורזעטער, האָט א מעגלעכקײַט צו בייזערן דעם קאַנוואָיר.

— צוריקגערעדט קאָן מען אויך זי, די מאשין די נעבעכדיקע, פארשטיין, — זעצט ער פאָר, גלײַך ער וואָלט וועלן דערווײַזן עפּעס זיך אליין. — אינדערעמעסן טאקע, וואָס איז דאָס, מישטיינס-געזאָגט, פאר א ברענשטאָף — קלעצלעך? טרערן ברענענדיקע — ניט קיין ברענשטאָף, טשורקעס, מיט איין וואָרט. א קלעצל בלײַבט האָלץ, ווי זאָלסט עס ניט טרי-קענען, סײַווי — א שטיקל בערעזע, מער גאָרניט. די מאשין איז אויך מיט א טראָנץ, בענקט נאָך א טראָפּן בענזין.

— אומזיסט דערלאָזט מען אײַך צו די אווטאָמאָבילן, — בורטשעט מיט סינע סאָ-לאָוויאָוו. — איר מאכט זיי נאָר קאַליע.

— לאָמיר זאָגן, אז עס איז ניט אינגאנצן אזוי, — ענטפערט דער שאָפער און באווײַזט בייסמײַסע פארשײַט צוויי רייען היפשע ווײַסע ציין. — אונדזערע גאז-גענעראטאָרן זײַנען דאָך ניט קיין אווטאָמאָבילן, גאזלאָנים זײַנען זיי, מיט א ביקס וועסטו זיי ניט אָנשרעקן, זיי האָבן פאר גאָרנישט ניט מוירע.

סאָלאָוויאָוו פילט, אז דער שאָפער מאכט פון אים כויזעק, און ציטערט, די נײַנקע זאָלן עס ניט פארשטיין. אים ווילט זיך זייער ניט פארלירן זײַן פרעסטיזש, נאָר וויאזוי דערגרייכט מען עס, ווייסט ער ניט. דער שאָפער, האגאם ער איז אויך, ווי די נײַ-געבראכטע, אן אָסיר, פײַפט אָף סאָלאָוויאָוון. איבער אים האָט סאָלאָוויאָוו, אין טאָך גערעדט, קיין שליטע ניט. פארמישפּעט איז דער שאָפער לויטן באוווסטן אוקאז פאר א פארשפּעטיקונג אָף דער ארבעט, אים איז געבליבן אָפּדינען אלס ארעסטאנט בלויז אָנדערהאלבן כאדאָשים, געפירט האָט ער זײַן מאשין אָן א וואך, אָף דעם איז בא אים געווען א ספּעציעלע דערלויבעניש, א דורכלאָז-שײַן — א פּראָפּוסק. סאָלאָוויאָוון איז דער שאָפער ניט אונטערטעניק, ניט אָפּהענגיק פון אים. דער קאָנוואָיר האָט שוין א קלער געטאָן באשולדיקן דעם פּאַרמורזעטן אין עפּעס א כעט און פירנעמען אין צוזאמענהאנג מיט דעם עקסטראָרדינארע מיטלען, אָנווענדן אפילע גע-ווער, אָבער אנטשליסן זיך אָף א דרייסטן טראָט האָט אים א סוואָרע ניט געקלעקט קיין מוט. קיין בעסערס, ווי שאנטאזשירן דעם שאָפער, האָט סאָלאָוויאָוו ניט צוגעטראכט:

— אָפּנעמען בא דיר דעם פּראָפּוסק, האַ?

— איך האַלט זיך ניט פאר אים מיט ביידע הענט. כ'וועל זיך יאקאָס באגיין אָן אים.

— רײַסט זיך אָף אַלגעמיינע ארבעטן? — זאָגט סאָלאָוויאָוו מיט אופגעבראכטקײַט. — אזוי, הייסט עס. וועלן מיר דיך פאַרשטעלן צו א באלוינונג. איינס און צוויי — אין דער אַלגעמיינער ריי.

— ווײַטער פון וואלד וועט מען מיך ניט פארשיקן.

— וואלד?! — ברענגט ארויס סערגייעוו שעפּטשענדיק און רירט זיך צו מיט זײַן עלנבויגן צו דאָווידן. ער הייבט אָן פארשטיין, וואָס עס קומט פאָר, ווהין מע פירט זיי.

דאָוויד טוט זיך א קער צו אים מיט א פרעגנדיקן בליק.

— דרייט זיך ניט! — זאָגט דײַטלעך אובייבאטקאָ. — נע ווערטוכײַסיא!

אופהייבנדיק זײַנע שמייכלענדיקע אויגן אָף סאָלאָוויאָוון, דערזאָגט דער שאָפער זײַנס:

— הארעוועז קומט אויס אומעטום. בלויז פונדערזײַטנס דוכט זיך, אז דרייען דעם רודער איז גרינג. פּרווו אָפּזיצן א גאנצע מישמוירע אין מײַן קאבינע, שמעק זיך אָן מיטן רויך, וועסטו דערנאָך בעשום-אויפן ניט מאסקים זײַן קריכן אין מײַן דושעגובקע.

ער גייט ווידעראמאָל צו פון פאָרנט צו דער מאשין, טוט זיך א בוק אפסנײַ צום ראַ-דיאטאָר, נעמט אין זײַנע ביידע גרויסע דלאָניעס דאָס לאָז-הענטל און הייבט עס אָן אנט-שיידן דרייען. אָט ערשט איצט צעברומט זיך דער מאָטאָר גרויזאם, אפּאנעמעסן, אָן אופהער, גלײַך ער וואָלט זיך דערמאָנט, אז ער ווייסט דעם ניגן אָף אויסווייניק. אין אָט דער ברו-מערײַ פונעם אווטאָמאָביל פלעכט דער שאָפער ארײַן:

— דאָס איז דיר ניט זיצן אפן טורעמל, ווי א פּאָפּוגײַ...

פארדומפנדיק א ביסל דעם מאַטאָר, לאָזט ער מיט א טראסק אראָפּ דעם קאַפּאָט, טוט זיך א זײַטל אָפּ סאָלאָוויאָוו. לויטן קאַנוואַיִרס פּאַנעם איז ניט פעסטצושטעלן, צי האָט ער דערהערט, וואָס דער שאָפער האָט אים אַרײַנגעזאָגט, צי ניין. אָבער דאָ גלײַך אינטערעסירט זיך פֿײַערלעך סאָלאָוויאָוו:

— ווערסט באַפוילן וועגן אַלץ אינפאָרמירן דעם אַפּאַראַטיוון באַפולמעכטיקטן? דעם שאָפער ווערט אומעטיקלעך.

— צי דאַרף מען מיט אַזעלכע קלייניקייטן באַומרויִקן דעם קום? — ברענגט ער ארויס מיט א געמאכטן גלײַכגילט און טוט ווייך, כאַניפעסדיק א שמייכל.

— כ'וועל א קלער טאָן, — ענטפערט אָפּ סאָלאָוויאָוו געהיימניספול.

— טאָמיד איז מעגלעך אָנטאָן דעם מענטשן א צאָרע...

— א כוצפּעניק ביסטו צום סאַמע סאָף געוואָרן.

דער יינגערער לייטענאַנט מיטן שראַם איבער דער גאַנצער באַק טוט א פּאַכע פון־דערווײַטנס מיט דער האַנט:

— נו, פאַר שוין אַמאָל! וויאָ!

סאָלאָוויאָוו ציט זיך אונטער פאַראַנטוואָרטלעך, טוט א זאָג דעם שאָפער:

— לעבעדיקער ריר זיך, היי, דו! דער וזוואָד־קאָמאַנדיר ווײַזט ארויס סימאָנים.

זיי פאָרן אַרײַן אָפּ א וויסטער גאַס. איבערוואָלגערנדיק זיך פון איין זײַט אָפּ דער צווייטער, הינקט איבער דער גאַז־גענעראַטאָר די אײַזנבאַן־ליניע און מיט איין אופגעלויכטע־נער פּאַרע — עס שײַנט בא אים בלויז איין פאָדערשטער לאַמטערן — הייבט ער אָן זיך קאַראַבקען באַרג־אַרוף. דער אווטאָמאָביל קריכט פאַרויס אַקשענענדיק זיך, עס גלוסט זיך אים, קענטיק, עמעצן צערייצן, עפשער די, וואָס זיצן אָפּ איר מיט ביקסן, עפשער דעם באַלעבאָס, דעם שאָפער, ווײַל ס'איז איר שוין נימעס זיך אונטערגעבן זײַן ווירקונג. די מאַ־שין טוט פון מאָל צו מאָל א ניס, פאַרשקעט אומצופרידן.

— איין זאַך קאָן זי נאָך דערווײַל ניט — זי בריקעוועט זיך ניט, — באַמערקט פאַר־האַסט סאָלאָוויאָוו.

און דער גאַז־גענעראַטאָר, פּונקט ווי ער זאָל זיך באַליידיקן אָפּ דער פרעכקײַט פונעם קאַנוואַיִר, ווערט אַנשוויגן — שליסט זיך אויס. דער שאָפער האַלט קוים אײַן דעם אווטאָ־מאָביל אָפּ די טאַרמאָזן, איין רעגע נאָך, און ער וואָלט זיך אַראָפּגעגליטשט אָפּ צוריק.

עס קומט צו לויפן, א באַומרויִקטער, דער הונט־באַגלייטער אײנײנעם מיט דעם אופ־געגעגטן קעלעוו, טוט אָן עפן דאָס טירל פון דער קאַבינע:

— לאַנג וועט נאָך אָט אָ־די פאַרשלעפעניש דויערן?

ווען דער גרוזאָוויק, א רײַס טוענדיק זיך, הייבט אָן אפסניי זײַן גאַנג באַרג־אַרוף, לאָזט אַרײַן דער הונט־באַגלייטער אין קאַבינע דעם קעלעוו, דערנאָך שטופּט ער זיך אַליין דורך אַהין. און א מאָדנע זאַך, מער ווײַזט שוין ניט ארויס זײַנע פוילע שטיק דער אווטאָ־מאָביל, עס געלינגט אים ריין בײַקומען דעם שטאָציקן אופשטייג. עפשער טאַקע דערפאַר לאָזט ער זיך פריידיק יאָגן אָפּ דער כאַשכעסדיקער גלאַטער שטאָט־גאַס, ארויסשלעפנדיק פון דער פינצטערניש מיט זײַן אונטערשפּרינגענדיקער פאַרע אָדער א נידעריקן באַראַק מיט שוואַרצע פענצטער, אָדער א פאַריאַסעמט שטיבל, אָדער עפּעס א ניט־דערבויטן בנין בי־כלאַל אָן טיר און טאַפּליעס.

די פאַסאַזשירן העצקען זיך אומאָנגענעם אין קוזאָווע, ווען די מאַשין טרעפט אַרײַן אין א גריבל פונעם שליאַך. דער רויך פונעם גענעראַטאָר וועקט בא די אַרעסטאַנטן איבל.

ביגנייווע פירט איבער דאַוויד זײַן בליק פון איין זײַט אָפּ דער צווייטער. ווייניקלעך געבײַדעס זעט ער אָפּ דער גאַס. קענטיק, אַז דאָס איז א נײַע גאַס. פון רעכטס און פון לינקס פילט זיך עפּעס א פוסטקײַט. און בלויז אינדערווײַטן, אָפּן פעלד, סטאַרטשען מאָדנע, קאַלעמוטנע ווענט. אין זייער נעפּלדיקער לאַנגער ריי, דאָ און דאָרט, שטעקן, ווי ניט־פינטלענדיקע שטערן, עלעקטרישע לעמפּלעך.

באַם הימל־ראַנד פלאַמט בלאַס אויף און הייבט זיך אָן פאַרוויטלען א פרישער שײַטער פײַערשײַן. הווידענדיק דעם האָריזאָנט, אַנטפּלעקט ער מיט אַן אומשטרײַטבאַרער קלאָרקײַט די קאָנטורן פון א געפלעכט: זאַוואָד־קאָרפּוסן, א הויכן, שטאָלענעם קוימען, אומבאַקאַנטע געבײַען און אײַנריכטונגען. ס'קאָן זײַן, אַז דאָס איז א דאָמנע. דאַוויד טוט ביטער א טראַכט וועגן דעם, אַז ער, פאַר זײַנע דרײַ און צוואַנציק יאָר, האָט זייער ווייניק געזען אָפּ דער וועלט. און ער הייבט אָן פירוואַרפן זיך פאַר אָט דער ניט־געוועגנדיקער נײַגעריקײַט. אין זײַן עלטער איז נאָך מעגלעך אַלץ אופנעמען. אבי די פרײַהײַט וואָלט געווען. מע האָט זי אָבער בא אים אָפּגענומען. ס'קאָן זײַן, אַז מע וועט זיי באַשטאַטן אָפּ א זאַוואָד, און דאַן

וועט זיך אים, דאָווידן, אײַנגעבן עפּעס־וואָס פון די פארלוסטן אופשטעלן: די דאָמנע וועט ער דערזען מיט די אייגענע אויגן, און מאשינען פארשיידענע. דאָס אָבער טרייסט דאָווידן קנאפ. די אלוועלט איז אומגעהײַער גרויס, ביכדיי זי דערקענען, ארײַנדרינגען אין טאָך פון אירע דערשײַנונגען, איז קארג צו פארמאָגן א לאנג לעבן, און בא אים האָט מען עס געקירצט אף גאנצע צען יאָר.

די מאשין פארקערעוועט מיטאמאָל שארף, פאָרט ארײַן, אָנייגנדיק זיך אין א זײַט, אין עפעס א געסל, דערנאָך פארקערעוועט זי אָבעראמאָל, און דאן קלײַבט זי זיך ארויס אף א ברייטן פראָספעקט.

דאָוויד איבערצײַגט זיך, אז ער איז איצט אין אן עמעסער שטאָט מיט הויכע הײַזער, מיט קלייטן, מיט יענע קליינינקע, אָבער טײַערע סימאָנים, וועלכע ער האָט שוין קימאט באוויזן צו פארגעסן אין דער ביטערער מילכאָמע־צײַט.

דאָס הארץ ווערט פריידיק פארקלעמט, ווען ער דערהערט אינדערווײַטן א טראַמוויי־געווימל און דערזעט אן אופפליעסק פון בלוילעכע שפריץ־טראָפנס, וועלכע דער טראַמוויי־בויגן צעשיט ארום זיך. דער טראַמוויי קומט אָן אנטקעגן — א לאסט־טראַמוויי מיט אן אָפענעם פאָדערשטן מאָטאָר־וואגאָן, מיט צוויי צוגעטשעפעטע צו אים פלאטפאָרמעס. אזעלכע — באנאכטיקע האָרעפּאשניקעס — פלעג דאָוויד א סאך באגעגענען, ווען ער האָט אוכאַזשעוועט נאָך דוסיען.

א גאנץ יאָר אפן ערשטן קורס אין אינסטיטוט פלעג ער קימאט יעדן טאָג באגלייטן זי אהיים, און, שמועסנדיק מיט איר, פארגעסן, ווי אלע פארליבטע, אז די צײַט לויפט האסטיק. און צי איז עס ביכלאל מעגלעך נאָכשפירן דעם שווונג פון די רעגעס ערגעץ־ווו אין א פרעמדן ארײַנגאנג בייס א שלאקסרעגן אָדער אין א זוניקן טאָג אף א פרײַער באנק אין זומער־פארק, אָדער אף דעם ברעג פונעם פרילינגדיקן טײַך, צי גאָר פאָשעט אף דעם אינמיטן פוסטן באנאכטיקן טראָטואר, וואָס איז באשאָטן מיט שניי... זיי פלעגן ניט דורכלאָזן קיין איין זעלבסטעטיקײַט־אָוונט בא זיך אין אינסטיטוט, זיי פלעגן גיין הערן אלע אָנגעפאָרענע זינגער און מוזיקאנטן, ניט איין מאָל באזוכט די ספעקטאקלען פונעם נײַ־געשאפענעם אָפּערע־טעאטער. פארקלײַבנדיק זיך אף די העכסטע ערטער פון דער גאליאָרקע, האָבן זיי זיך געקוויקט מיט מוזיק בייס סימפאָנישע קאָנצערטן. די איניציאַטאָרן פון אָט דעם אלץ איז געווען דוסיע. זי האָט, ווי א וואטראָנישע באלעבאָסטע, פאנאנדערגעעפנט די אויצרעס, וואָס די וועלט פארמאָגט, און אליין דערבײַ פון זיי האנאָע געהאט. זי פלעג אויך הינטער דער שטאָט ארויסשלעפן דאָווידן — אף די לאָנקעס, אין פעלד, אין דעמבן־וועלדל אף דער וואָלגע, אפן פליאזש מארקיז. זי האָט באַרײַכערט דאָווידס נעשאָמע, ער האָט עס גאָר גיך דערפילט. ער פלעג טאָמיד אוועקגיין פון דוסיען ווײַט האלבנאכט. ער פלעג זיך מיט איר ניט קאָנען צעשיידן. זי, דוכט זיך, האָט זיך אויך ניט געײַלט אהיים, אין דעם האלב־פינצטערן צימער פון דער קאָמונאלער דירע, ווו זי האָט געלעבט אינײנעם מיט דער שוועסטער. אין אָט דעם צימער, וואָס האָט מיטן ברייטן פענצטער ארויסגעקוקט אף א וואנט פון א פרעמדער שטוב, זײַנען געשטאנען צוויי אײַזערנע בעטלעך, א טיש, א הילצערנע קושעטקע און א קאָמאָד מיט א שפיגל. אהער איז דער ארײַנגאנג פאר דאָווידן געווען לאנג פארהאקט, און אים פלעג אויסקומען אײנזאם שפאנען צו זיך אהיים דורך דער ברעגלאָזער באנאכטיקער שטאָט, שמייכלען צו די ציפערבלאטן פון די גרויסע קײַלעכיקע עלעקטרע־זייגערס, וועלכע פלעגן זיך אים צומאָל טרעפן אף די גאסן־ראָגן, באגעגענען די לאסט־טראַמווײַען, טרוימען וועגן דעם דופט פון דוסיעס האָר, וועגן איר קאָל, וועגן איר שמייכל, טראכטן וועגן אירע געדאנקען און ארויסזאָגונגען אין שײַכעס מיט די איבערגעלייענטע ביכער, מיט דער נאטור, מיט די ארומיקע מענטשן. דוסיע איז געווען עלטער פון אים מיט צוויי יאָר, אין אינסטיטוט איז זי אָנגעקומען פונעם ארבעט, באוויזן זיך פאר דעם גוט אָנמאטערן. איר, דער טאָכטער פון א גאלעך, דערצו נאָך א רעפרעסירטן, איז ניט גרינג געווען זיך דורכרײַסן דורך די געדיכטעניש און שטעכלקעס פון די באריערן אף איר וועג. אָטעמען איז איר געווען אומגעהײַער שווער. זיך לערנען האָט מען זי ניט געלאָזט, און ארבעטן אויך, האגאם אן אָפטריניקע איז איר געלונגען צו דינען אלס קאסיר אין א קלייט, א דיסקאָנט־פירערן אף א וואָליקעס־פאבריק, א בוכהאלטער אין אן ארטעל. זי האָט זיך געקלאפט קאָפ אין וואנט — אָבער איר שטעג אָפגעזוכט. ווי אלע מיידלעך אף דער וועלט, האָט איר אָפגעגילטן זיך פארליבן, איר איז אויך אויסגעקומען זיך אנטוישן. דאָוויד האָט אלץ וועגן איר געוווּסט. זי האָט פון אים גאָרנישט ניט אויסבאהאלטן, אליין דערציילט וועגן זיך — שרעקלאָז, ארײַנקוקנדיק מיט צוטרוי אין זײַנע גרויסע גרויע אויגן. מיט א ציטעריק הארץ פלעג דאָוויד אויסהערן איר אלכעט — סײַ דעם מינדלעכן, סײַ א פאר־

קריצטן אַף פּאַפּיר, אין די צעטעלער, וועלכע זיי פלעגן שרײַבן איינער דעם אַנדערן אַף שטיקלעך פּאַפּיר, אָדער אַף די זײַטלעך פון די העפטן, צי אַף די טאַוולען פון זייערע קאָנ־ספּעקטן, זיצנדיק בײַ איין טיש אין ביבליאָטעק, אַף אַ לאַנגווײַליקער לעקציע, ווי אויך אַף אַ קאָמיוגישער פאַרזאַמלונג. אירע אַנערקענונגען פלעגן בײַ אים ניט אַרויסרופן קיין ווילדע רעאַקציע, כאָטש זי האָט מוירע געהאַט, אַז איר אָפנהאַרציקײַט קאָן דערצאָרענען דאַווידן. זי האָט געוווּסט, אַז ער איז אַ היציקער, אַנטשיידענער, אַ ניט־אײַנגעהאַלטענער, אַז ער איז פעיִק זיך אופרײַסן צומאָל אַפילע דאָן, ווען עס זײַנען ביכלאַל ניטאָ קיין שום סיבעס אַף צעוועקן אַ שטורעמווינט. זי איז זיך ניט מעשאער געווען, ניט געקאָנט פאָרויסזען, אַז עס וועלן זיך אַרויסווײַזן אינעם געפילן־געווירבל ספּעציפישע, אומבאַוווּסטע געזעצמעסיקײַטן. איר דערפאַרונג האָט ניט געקלעקט אַף דעם. פאַר דאַווידן איז דוסיע געווען אָט דער נעס, וועלכן עס גיט זיך אײַן אַנטדעקן בלויז איין מאָל אין לעבן, אַף אייביק און וואָס ווערט אופגענומען אײַנגאַנצן, ווי ער איז און ווי ער זעט אויס, אָן קיין שום פּרעטענזיעס, אָן כיישעק עפּעס־וואָס אָפּהאַקן פון אים אָדער צוגעבן צו אים. דאַוויד איז מיט זײַן געפיל געווען פאַר־כאַפּט אַזוי, אַז אייפערן צו דוסיעס אָוואָר האָט ער אַפילע אַ קלער ניט געטאָן. ווען דוסיע האָט פאַרשטאַנען, אַז זײַן באַציִונג צו איר איז אָן אומגעוויינלעכע, האָט זי זיך פאַרבאָרגן. ס'האָט זיך אַף איר געקײַקלט אַ פרישע, יונגע כוואַליע, פאַרפלייצט זי מיט שפּריץ־טראָפּנס, דורכדרינגענדיקע ביזן מאַרך פון די ביינער, אַ סאַך שטאַרקער, איידער זי האָט דערוואַרט, עפּעס איז דאָס אַלץ צו גאָרנישט פון פריִערס ניט געווען געגליכן. איר האָט זיך גוואַלדיק געוואָלט, אַז זײַן באַציִונג צו איר זאָל קיינמאָל ניט פאַרוועלקט ווערן, זאָל זיך קיינמאָל ניט אויסשעפּן.

די דערהויבענע, ניט־ערדישע שאַטירונגען פון דאַווידס געפילן צו איר זײַנען געווען צום האַרצן דוסיען, נאָר צומאָל פלעג זי זיך אָנגעשטרענגט צוהערן צו עפּעס אומבאַקאַנטס און שרעקלעכס, וואָס, ווי ס'האָט זיך איר געדאַכט, לאַקערט נאָך איר און דראָט צונעמען בײַ איר דאַווידן און בעסוכיעם אַלץ, וואָס ער האָט מיט זיך אַרײַנגעבראַכט אין איר נעשאָמע. דער סייכל האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז מע דאַרף גאָרנישט ניט אונטערטרײַבן, מע טאָר ניט לעבן, פאַרלויפנדיק דעם וועג זיך אַליין. אַלץ דאַרף קומען זײַנערצײַט. דאָס האַרץ אָבער האָט זיך איבערגעשראָקן. זי האָט שוין מער ניט געוואָלט דערפילן אַף די ליפּן דעם ביטערן טאַם פון פאַרלוסטן. זי איז פאַרכאַפּט געוואָרן מיטן פאַרלאַנג זײַן גליקלעכער, טאָמיד זײַן זיכער גליקלעך.

דאַוויד האָט ניט באַלד באַמערקט די ענדערונג אין דוסיעס שטימונג, האָגאַם זי אַליין האָט זיך אַ ביסל אָנגעמאַטערט מיט דעם, וואָס דאַוויד פאַרשטייט ניט, וואָס זי פאַרלאַנגט פון אים, נאָר מיט דער נעשאָמע האָט זי אים ניט פאַרווּרטײַלט.

איינמאָל אין אַ שטורמישן, איבערגעמישטן מיט שניי, טאָג סאָף ווינטער איז דוסיע געקומען אין אינסטיטוט אַ פאַרטיפטע און אָפּגעזונדערטע, זי האָט אָפּגעזוכט דאַווידן אַף אַ לייטערל צווישן די ביכער־סטעלאַזשן אין דער ביבליאָטעק, אַ זאָג געטאָן מיט אַ פרעמ־דער שטים:

— קום מיט מיר.

און געבראַכט אים צו פירן צו זיך אַהיים.

לאַנג פאַרבלײַבן אינצווייען האָבן זיי ניט געוואָגט. אין איר צימער מיט די הוילע ווענט — כאָטש דוסיע האָט פאַרהאַקט די טיר אַף אַ קליאַמקע — וואָלט זיי געקאָנט פאַר־כאַפּן אומגעריכט די שוועסטער. אַ ביסל שולדיקע האָט מען זיך געפילט. ביידע. אָבער אָט די שפּירונג איז פאַרטויבט געוואָרן מיט אַנדערע, מער מעכטיקערע און זיסערע געפילן.

דוסיע האָט האַסטיק און הייס אויסגעקושט אַלע איווורים בײַ דאַווידן.

— מײַנער, מײַנער, מײַנער, — האָט זי געשעפּטשעט.

אַ מידער, אַ דערשיטערטער, איז דאַוויד געזעסן אַף דער הילצערנער קושעטקע און ניט אַראָפּגעלאָזט דעם בליק פון דוסיען, וועלכע האָט מיט טריִומף זיך אַרומגעדרייט צוליב אירע איניאַנים אין צימער. דאַווידן האָט זיך ניט אויסגעוויזן, אַז אַצינד איז זי מעד ערדיש, איידער פריִער. זי איז געווען פאַר אים פונקט אַזאַ, ווי ביז איצט, הימלשע באַשעפעניש, אָבער אָן ענדערונג אין זײַן נעשאָמע האָט ער פונדעסטוועגן יאָ געפילט — טײַערער איז אים דוסיע געוואָרן, אומפאַרבײַטלעכער. ער האָט צוערשט ניט פאַרשטאַנען, וואָס טוט אים איצט, אייגנטלעך, אַזוי האַנאָע, נאָר ער האָט זיך פאַנאַנדערגעקלײַבן: ער איז געווען גליק־לעך, וואָס פון זײַנע געפילן איז גאָרנישט ניט אַנטרונען אַזעלכס, וואָס מאַכט זיי דערהויבן און מאַיעסטעטיש.

אַזעלכע זײַנען זיי אויך איצט, ווען דער באַנאַכטיקער האַרעפּאַשניק־טראַמוויַ יאָגט

פארבײַ דעם גרוזאָוויק, אַף וועלכן מע פירט אים, דעם אַרעסטאַנט דאָווידן, ווער ווייסט ווּהין.

דער גאַז-גענעראַטאָר הייבט אָן אַבעראַמאַל פּלאָנטערן איבער שמאָלע גאַסן און געס־לעך, אַפּסנײַ טאַפּט ער מיט דער שײַן פון זײַן פאַרע די נידעריטשקע באַראַקעס, הײַזקעס, שטיבלעך מיט בלינדע פענצטער: זעלטן-ווען אין עפּעס א פענצטערל זעט מען א פײַערל פון אַן עלעקטרע-לעמפּל. דורכגייער טרעפן זיך קימאַט ביכלאַל ניט. עס שלאָפן די אַרטיקע טוישווים. און עפשער שלאָפן זיי ניט, מע זיצט פאַרמוערט אין דער פינצטער: מאַכמעס דעם צאַר, וועלכן די מילכאָמע האָט מיט דער פולער האַנט אַרײַנגעבראַכט אין יעדער מישפּאָכע. כאָטש ס'קאָן זײַן, אַז מע מאַכט ניט צו די אויגן פאַר פרייד, וואָס רײַסט זיך דורך צומאָל אין לעבעדיקע הערצער טראָץ דעם קריג. ווער קאָן פעסטשטעלן. דאָס לעבן גייט מיט זײַנע שטעגן, און עס וועט שפּאַנען אויך ווײַטער, וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן מיט אים, מיט דאָווידן. ער שטרענגט אָן דעם קויעך-האַדימיען, קעדיי דערזען די הײַזקע אינעם ווײַטן טאָ־טערשן דאָרף, ווו עס שלאָפן אַצינד דוסיע און דער קליינינטשקער לעאָנטיק. דאָס פּיצל פענצטערל מיטן צעטרעשטשעטן גלאָז, דאָס רעמל אַרום אים, וואָס איז שוין פאַרשוואַרצט פון דער צײַט און לאָזט זיך ניט צעעפענען, דאָס אָרעם בעטגעוואַנט. מיט גאָרנישט האָט דאָוויד ניט באַזאָרגט זײַניקע — בלויז מיט אַנגסטן. דאָס געלט, וואָס דוסיע פלעג באַקומען אַף זײַן אַטעסטאַט — דאָס גאַנץ געהאַלט פאַר זײַן קאָמאַנדירישער שטעלע, — האָט גע־קלעקט בלויז אַף אײַנקויפן ברויט און מילך דעם יורעש. איצט וועלן אויך אָט די מאָעס אָפּגענומען ווערן. צי ווייסט שוין דוסיע וועגן דעם? צי מע האָט נאָך ניט באַוויזן אינפאָרמירן דעם אַרטיקן מיליטער-קאָמיסאַר וועגן זײַנע, דאָווידס, אומשטאַנדן? מיסטאָמע, ניין. זי הערט נאָך, ווײַזט אויס, ניט אוף דערשראָקן צו באַגעגענען דעם איינפּוסיקן פּאָטשטאַליאָן: עפשער טראָגט ער איר א פּאָכאָראָנקע — א מיטיילונג, אַז איר מאַן איז געפאַלן אין שלאַכט. דרײַ כאָדאָשים וואַרט שוין דוסיע אַף זײַן בריוו — מיט דרײַ כאָדאָשים צוריק איז ער אַרעסטירט געוואָרן. צי וועט זי נאָך זיך דערוואַרטן אַף זײַנעם א בריוו? צי וועט מען קאָנען איר איבער־שיקן א יעדיע וועגן זיך, צי ניין? קיינער פון די אַסירים ווייסט ניט אַף געוויס. אָט די פראַגע איז ניט איין מאָל באַהאַנדלט געוואָרן אין דעם טפּיסע-וואַגאָן. פאַרשיידן האָט מען געטײַ־נעט. אויב אין אורטייל איז ניט געזאָגט געוואָרן, אַז ס'איז דיר ניט פאַרבאָטן שיקן בריוו, איז שרײַב זיי כאָטש טאָגטעגלעך. נאָר טאָמער איז פאַרווערט, דאַן איז צו דיר א סאָף, וועסט פאַרשווינדן ווערן אַף אייביק. קיינער וועט וועגן דיר גאָרנישט ניט וויסן. אין דאָווידס אור־טייל איז קיין רייד ניט געווען וועגן רעכט אַף זיך איבערשרײַבן, אַלנפאַלס — באַזונדער וועגן דעם. אינעם אורטייל איז געזאָגט געוואָרן וועגן אָפּנעמען די רעכט ביכלאַל. נאָר וועלכע רעכט? דאָוויד טראַכט וועגן דעם, מאַטערנדיק זיך. צי דען וועט מען אים פאַרבאָטן שרײַבן בריוו? אַלץ קאָן פּאַסירן.

די אופלויכטן אין הימל, געגליכענע צו א פײַערשײַן, בלײַבן הינטער דער מאַשין. אָפּוועדנדיק זיך פון זײַן געדאַנקענגאַנג, טוט דאָוויד א זאָג צו סערגייעוון:

— אויס שטאָט? מע פירט אונדז ווײַטער?

— א סוואָרע.

דאָווידן איז שוין ליב געווען דער טרוים צו אַרבעטן אַף א זאַוואָד, אים האָט זיך ניט געוואָלט פאַרלאָזן די שטאָט, נאָר דער גאַז-גענעראַטאָר, ווי אַפּצולאָכעס, שטעלט זיך ניט אָפּ מער אַף קיין רעגע, זײַן מאָטאָר הודיעט אומדערמידלעך, גלײַכמעסיק, דראָענדיק. בלויז איין מאָל פאַרטאָרמאָזירט דער שאָפער, אַרופאָרנדיק אַף עפּעס א הילצערנעם דעק.

אָנשפּאַרנדיק זיך מיט איין האַנט אַף דעם דאַך פון דער קאַבינע, טוט זיך סאָלאָוויאָוו א נייג איבערן באָרט פונעם אויטאָמאָביל. אויסגלײַכנדיק זיך, זאָגט ער, ווינקענדיק אַראָפּ, דעם צווייטן קאָנוואָיר:

— ס'איז די לעזשניאָווקע, אובייבאַטקאָ.

ער פאַרפרעסט איינצײַטיק די ציין און די ביקס אין די הענט.

איצט קײַקלט זיך דער גאַז-גענעראַטאָר גלאַטיק. גאָרנישט העצקעט אים ניט אונטער, עס וואַרפט אים ניט פון איין זײַט אַף דער אַנדערער. אַנטקעגן רוקט זיך אָן א טונקעלע וואַנט. עס פאַרשווינדט פון יענער זײַט מאַשין-ווענטל דער לעצטער באַראַק, טוט א פינקל, ווי געזעגענענדיק זיך, מיט א באַלויכטענעם פענצטער. פון מאָל צו מאָל לאָזט זיך הערן, ווי עס הילכן די אויטאָמאָביל-רעדער, גלײַך זיי וואָלטן קלאַפּן אין פויקן. אין עטלעכע טעג אַרום וועט דאָוויד פאַרשטיין, פונוואַנען נעמט זיך אָט דער געקלאַנג: די רעדער קנאַקן אַף די קאָנטאַקטן, דאָס הייסט, אַף די גרענעצן צווישן די ברעטער פונעם קלעצער-וועג — פון דער לעזשניאָווקע — אין יענע ערטער, ווו די בערוועס זײַנען צעשאָקלט, אָפּגעשוואַכט

און ליגן ניט שטיף אף די שפּאַלעס. איצט אָבער פאַרשטייט ניט דאָוויד, וואָס עס קומט פאַר, און הערט זיך צו מיט כידעש צום רעדער־געקלאַנג. עס טוט שאַרף א שמעק מיט פּײַכטקײַט. דאָווידן דוכט זיך אַפילע, אַז דערנעבן פינקלט א סאַזשלקע, אָבער דורכקאָנטראָלירן די דאָזיקע האַשאָרע באַווײַזט ער ניט — דער גענעראַטאָר פאַרט אַרײַן אין א נידעריק יאַדלע־וועלדל, וואָס ווערט אַלץ געדיכטער און געדיכטער, צעוואַקסט זיך אין אַלע זײַטן, הייבט זיך אויף אַלץ העכער און העכער, און מיטאַמאָל איבערצײַגט זיך דאָוויד, אַז דער גאַז־גענעראַטאָר פאַרט מיט א דורכגעהאַקטן וואַלד־שטעג אין דער געדיכטער טײַגע. און וויפל צײַט מע איז נאָכדעם ניט געפאָרן, וויפל עס האָבן ניט געפּויקט די אויטאָמאָביל־רעדער אין די באַלקנס, דעם גאַנצן וועג, סײַ פון רעכטס, סײַ פון לינקס, צוריקנדיק זיך קימאַט הארט צו די אויטאָמאָביל־ווענטלעך אָדער אָפּטרעטנדיק פון זיי מיט אָפּשײַ, ציט זיך אומענדלעך דער וואַלד.

דער ערשטער אָפּשטעל ווערט פּירגעגומען אין טאָל אף א ראַזיעזד, ווו עס איז אָנגעמאָסטעט א פּלאַטפאָרמע פון געטעסעטע באַלקנס. דעם גאַז־גענעראַטאָר פאַרהאַלט דער דיספּעטשער — עס זײַנען אנטקעגנגעפאָרן אויטאָמאָבילן מיט לאַסט, די לעזשניאָווקע אָבער איז אַן אײַנקאָלייעדיקע.

דער שאָפער שליסט אויס דעם מאָטאָר. מע דערהערט, ווי עס רוישט אין די ביימער א ווינטל. עס טוט א פּישטשע עפּעס א פויגל, אַן אופגעוועקטער מיסטאָם פריצײַטיק. עס גייט דורך א מינוט אָדער עטוואָס מערער פון פולקומער שטילקײַט. און דער פויגל לאָזט זיך הערן ווידער, צעצוויטשערט זיך מיט א פולן פּיסק.

— דאָס איז דאָך דער פײַערשײַן־פויגל! — זאָגט גושטשין א דערשטוינטער. — די זאַריאַנקע! האַ? אָט א קעלכל! איר הערט, צי ניין, האַ?

— וואָס רודערט איר זיך? — כמורעט אָן די ברעמען סאָלאָוויאָוו.

— די פּיס זײַנען פאַרקאָלייעט געוואָרן, בירגער נאַטשאַלניק, — זאָגט זעמסקאָוו, אויסגלײַכנדיק די ביינער.

— לײַד, אויב דו האָסט זיך אַרײַנגעפּאַקט. האָסט זיך ניט געדאַרפט אַרײַנפּאַקן.

— מירן נאָך לאַנג פאָרן?

— וויפל מע דאַרף, אַזויפיל וועלן מיר פאָרן.

— אינטערעסאַנט, וויפל האַלט איצט דער זייגער?

— מאַכט א סאָף צו די דעבאַטן!

— יאָ, ס'וועט זײַן אויסגעפילט מאַכן א סאָף צו די דעבאַטן, בירגער נאַטשאַלניק. פונדעסטוועגן, הער זיך אײַן, איז זייער אינטערעסאַנט, וואָס עס טוט זיך דאָרט, אפן הימל, הינטער די ביימער־שפּיצן, די באַגינען־רויט גלימערט, צי עפּעס אנדערס?

— אַראָפּלאָזן די קעפּ!

צום ראַזיעזד, שוין מיט אויסגעלאָשענע פאַרעס, קײַקלט זיך אָן אויטאָמאָביל, אויך א גאַז־גענעראַטאָר, נאָר מיט אַן אויטאָ־צוטשעפּ. איין עק אף דער מאַשין, דער צווייטער אף דעם צוטשעפּ, ליגן גאַדלעסדיק דיקע, לאַנגע בערוועגעס, פאַרקלעמטע פון ביידע זײַטן — סײַ פון פאָרנט, סײַ פון הינטן — אין געשטעלן: פיר סטאָיקעס סטראַכירן, די בערוועגעס זאָלן אין וועג זיך ניט צעוואַלגערן, ניט אַראָפּפאַלן פון דער מאַשין. די אונטערשטע עקן פון די סטאָיקעס זײַנען פאַרטעסעט און אַרײַנגעשטעקט אין אײַזערנע נעסטן — אף דער מאַשין און אף דעם צוטשעפּ — דערצו נאָך פאַרפעסטיקט מיט קלינען. גלײַך נאָך דעם ערשטן אויטאָמאָביל, די פאַרעס שוין ניט אויסגעלאָשן, קײַקלט זיך א צווייטער גאַז־גענעראַטאָר מיט א צוטשעפּ, אויך אָן אָנגעלאָדענער מיט בערוועגעס. ביידע געהילץ־טראַנספּאָרטירער פאָרן פאַרבײַ, ניט אָפּשטעלנדיק זיך אף קיין רעגע אַפילע. ווען זיי ווערן נעלעם, דערהערט דאָוויד, ווי דער מאָטאָר פון דער מאַשין, ווו ער זיצט, טראָג דעם פאַרבאָט, מיט אופגעהויבענע אויגן, בורטשעט שוין מונטער.

— אָט אַזוי, — ברענגט אַרויס סערגייעוו צעצויגן און שאָקלט מיטן קאָפּ.

דאָוויד טוט אף אים א קוק שיקלדיק.

— אַזאַ מײַסע, ברודערקע, — זיפצט סערגייעוו. — אונדזער גורל איז וואַלד.

סאָלאָוויאָוו פלאַמט אויף:

— ווערט פאַרשטאַרט!

די מאַשין טוט זיך א ריס פאָרויס, און ער האַלט זיך ניט אײַן אף דער נאַסידלע — פאַלט מיטן עלנבויגן אף דעם דאַך פון דער קאַבינע. אויבייבאַטקאָ האַלט אים אונטער. נאָר סאָלאָוויאָוון איז פאַרדריסלעך, וואָס ער האָט זיך ניט אײַנגעהאַלטן, און ער בורטשעט נאָך לאַנג שטילערהייט, דרייט זיך, ניט אָפּזוכנדיק פאַר זיך א באַקוועמע פּאָזע.

די דלאָניעס אַף די קני, דער קאָפּ עטוואָס אָנגעבייגט, זיצט דאָוויד און שאַרט פונדעסטוועגן מיט די אויגן אין בײדע זײַטן פון די קוזאָוועַ־וועַנטלעך. אין אים וואַכט אוף עפּעס ענלעכס אַף אַקשאָנעס אָדער אַף סטירדישקײַט, ס׳קאָן זײַן אפילע אַף קאַס. אים ווילט זיך ניט שאַלעם מאַכן מיטן גוירל. דאָוויד ווייסט נאָך ניט אַף געוויס, וואָס עס קומט אין אים פאָר, און ער הערט זיך אײַן אין זיך מיט געשפּאַנטקײַט. ער איז צופרידן. ער האָט האַנאָע מאַכמעס דעם, וואָס סאָלאָוויאָווס אָנגעשריי, מע זאָל פאַרשטאַרט ווערן, האָט אים, דאָווידן, ניט איבערגעשראָקן און ער זעצט פאָר קוקן מיט אופגעהויבענע אויגן אויסער די קוזאָוועַ־וועַנטלעך אפן וואַלד, וועלכער ווערט באַשײַמפּערלעך איבערגעשטאַלטיקט פון א שוואַרצן אין א טונקל־גרינעם. דאָס דערמונטערט דאָווידן. דוכט זיך, אַז אים געלינגט פּאָטער ווערן פון דער געפּלעפּטקײַט, וואָס האָט אים פאַראַליזירט נאָכן אורטייל פונעם מיליטערישן טריבונאַל.

— רייך ניט די געגדז, ברודערקע, — אײַצעט אים סערגייעוו קוים הערבאַר, בלויז מיט די ליפּן. סערגייעוון ווײַזט זיך אויס, אַז דאָוויד קונדײַסעוועט פּאַשעט, פאַרפירט א געפערלעכע שפּיל, א ריזיקירנדיקע. סערגייעוו שטרעבט אָפּצוימען דעם ייִנגערן כאַווער פון די אופּשיטערונגען, מיט וועלכע עס פאַרענדיקן זיך געוויינלעך אַזעלכע עקספּערימענטן. אָבער ווען סערגייעוו כאַפּט איבער דאָווידס בליק, פאַרשטייט ער גלײַך, אַז דאָוויד באַגייט זיך אַזוי לאַכלוטן ניט פון לײַכטזין, ניט מאַכמעס פאַרווײַלונג. א מענטשן איז ניט אַזוי לײַכט פאַרוואַנדלען אין א גוילעם. מעגלעך, אַז דאָס איז גראָד יענער פאַל, ווען דער שטאַרקער, אין קעגנזאַץ צום שפּריכוואָרט, איז א שלעגער. צום גליק, איז סערגייעווס כשאַד ניט צו שטאַנד געקומען. עפּשער דערפאַר, ווײַל דער הימל איבערן וואַלד האָט אָנגעהויבן ווערן העל־רויט, ליכטיקער, און אין דער שײַן פונעם אָנקומענדיקן קאַיאָר האָבן זיך די קאָנוואָירן ווייניקער באַומרויִקט, געפינען אין זיך זעלבסטזיכערקײַט, די נערוועזקײַט זייערע איז געוואָרן מילדער, ס׳קאָן זײַן, מאַכמעס דעם, וואָס זיי האָבן שוין דערפילט דעם אומקער אין קאַזאַרמע, ווו עס וואַרטן אַף זיי דער פרישטיק און די רו, צי צוליב א וואָסער־ניט־איז אַנדער סיבע, נאָר די וועכטער באַמערקן ניט עפּעס דאָווידס אַקשאָנעס.

צום לאַגער דערקלײַבן זיך די גאַז־גענעראַטאָרן שוין בא טאָגשײַן. דער ברעטערוועג — די לעזשניאָווקע — דערגייט האַרט ביז די וואַכטע־טויערן, צעפליסט זיך לעבן זיי, ווי א ריטשקע בא דער לעפצונג, און שטראָמט אַרײַן, ווי א טײַכל אין אַן אָזערע, אין א געגוגנדיק ברייטן הויף, אַן אַרומגערינגלטן מיט א געדיכטער צאַם פון הויכע בערעזעדרענגלעך, אַף וועלכע עס האָט זיך נאָך ווו־ניט־ווו פאַרהיט די בערעסטע. אָט דער הויף מיט די קאָלערלייִקע געבײַען, באַראַקן, מיט דער גרויסער, לענגלעכער קיך — דאָס איז די אַזויגערופענע זאָנע, אייגנטלעך — דער לאַגער. דאָ לעבן די אסירים אין יענע שאָען, ווען מע פירט זיי ניט אַף אַרבעט.

איבער דעם דרענגל־צאַם אַרום דער זאָנע שוואַרצלען זיך עטלעכע רייען שטעכלדראָט, אין יעדן ווינקל פונעם בערעזע־פּלויט זעען זיך אָן וואַך־טורעמס, אַף וועלכע עס שטייען שאָמרים מיט ביקסן. צווישן די ווינקל־טורעמס שטעקן טורעמלעך קלענערע, אָבער אַף זיי באַמערקט דאָוויד קיינעם ניט. ער טוט א זיפץ: אָט איז זי, די מאָקעם־מענוכע, וועגן וועלכער ער האָט ניט געטרוימט קיינמאָל און אָפּזאָגן זיך פון וועלכער עס איז אוממעגלעך.

פונעם וואַכטע־שטיבל מיט וווּנדערלעך־שיינע, אפילע קאָקעטיש־קונציקע געשניצטע פענצטער־לײַסטלעך, ציִען זיך אַף רעכטס און אַף לינקס פריש פאַרקעמטע מיט באַראַנעס ברייטלעכע בייטן, ווו דאָוויד דערזעט ניט קיין איינציק גרעזל, קיין אָנדײַט אפילע אַף א שפּראָצלינג. די בייטן טוליען זיך האַרט צו די בערעזע־דרענגלעך פונעם צאַם. „פּוכיקע, שוואַרץ־ערדישע, וואָלטן זיי גערן געבוירן עפּעס נוצלעכס פאַרן אוילעם, ווי אין א געווייניקלעכן גאָרטן. איז פרווו זײַ א בעריע און פאַרזיי עפּעס דאָרט, אויב אויך לענגויס זיי, אַף פלאָקנס, איז אופגעשפּיזט פונקט אַזאַ שטעכלדראָט, ווי איבער די בערעזע־דראָנגען פונעם צאַם.

— אך, סאַרא ערד עס ווערט פאַרפאַלן אומזיסט און אומנישט, — זאָגט זעמסקאָוו, קראַצנדיק דעם נאַקן. — כאָטשבי קאַרטאָפל וואָלט מען דאָ פאַרזעצט, צי עפּעס־וואָס אַנדערס.

— מער קיין דײַגעס האָסטו ניט, — רופט זיך אָפּ גושטשין, קלערנדיק וועגן דעם, וויאַזוי זיכערער צו באַהאַלטן זײַן מאַשינעריע אַף צו אַרויסבאַקומען פײַער, ווײַל די וואַך באַטאַפּט די אַרעסטאַנטן מיט אַן אײַנגעגעסענער פּינקטלעכקײַט, איידער מע לאָזט זיי אַרײַן אין דער זאָנע. גושטשין קאָן גאָרנישט ניט צוטראַכטן קעגן דער מעדאַקדעקדיקײַט פון די קאָנוואָירן. ס׳איז ניט גוט אָנהייבן דעם ערשטן טאָג אין לאַגער אָן אייגענעם קלײזײַען.

די זאָנע, וועלכע שלינגט אײַן אין זיך דעם נאָרוואָס געבראַכטן עטאַפּ, כאָטש זי פאַר־

מאָגט אלץ, וואָס עס דארף האָבן א לאגער: א פלאַן־פּראָדוציר־טייל — לויט די ראָשעטייוועס „פּעפּעטשע“, א קולטור־דערציִערישן טייל — „קאוועטשע“, און קאָלערליי אנדערע טיילן, איז אַן און פאר זיך געווען בלויז א טייל פון א לאגער — פון טאגיל־לאַג, א קליינטשיק טיילכל, בלויז א באַצירק — דער וואלד־באַצירק יאסווא, לויטן נאָמען פונעם טײַגע־דערפל יאסווא, אָבער די היימיש־געבאקענע ווערטלזאָגער זײַנען אים מעשאַנע־שעם געווען אף זייער אויפן — יאַזווע, א גיפטיקע פלאָג, הייסט עס. אָט די צונעמעניש פלעג זיך צומאָל ארײַנכאפּן אפילע אין אָפיציִעלע דאָקומענטן.

די באוואָפנטע וואך פונעם באַצירק איז אויך געווען א מינימאלע — איין ווזוואָד. קיין טאגיל, נאָכן עטאפּ, זײַנען געפאָרן אלע פרײַע פון דעזשורסטווע וועכטער, אפילע יענע, וועמען ס'איז פאָרגעשטאַנען אינדערפרי ארויספירן די וואלדהעקער אף דער ארבעט. ביכדיי פארגיכערן די אונטערזוכונג פון די נײַ־אָנגעקומענע אסירים, האָט דער ווזוואָד־קאָמאנדיר אויך זיי, די וועכטער, אײַנגעשלאָסן אין דער גרופּע אופזעער. דאָס געווער האָבן די קאָנוואָירן אָפּגעטראָגן אין קאזארמע און געשיקט זיך אײַנגעשלאָסן אין דער זאך. צווישן זיי איז געווען אובייבאטקאָ.

מיט א פארכאלעשט הארץ קוקט גושטשין, ווי אָט דער וואָכראָוועץ, שווער אָטעמענדיק און קנייטשנדיק דאָס פּאָנעם, נישטערט אין דאָווידס בוזעם. גושטשין ווארט אף זײַן ריי — אף זײַן גורל.

די באהעלטעניש אין גושטשינס וואטאָווע הויזן טאפּט אָן אובייבאטקאָ באלד, שווײַגנדיק שלעפּט ער ארויס פון דאָרטן די „קאטיושע“ — וועגט זי אָפּ אף דער דלאָניע, באטראכט באַזונדערס אופמערקזאם דעם פײַערשטיין און דאָס קנייטל, קלײַבט זיך שוין ארײַנלייגן די גאנצע מאשינעריע צו זיך אין קעשענע, אָבער אין אָט דער רעגע באגעגנט ער זיך צופעליק מיט גושטשינס אויגן, דערזעט דאָרטן אזויפיל פארצווייפלונג און צאר, אז ער האלט ניט אויס, כמורעט אָן די ברעמען. מאכנדיק אן אָנשטעל, אז ער באטאפּט אייפערדיק דעם פארורטיילטן, נאָר פונדעסטוועגן, ארומקוקנדיק זיך, שרײַט ער אָן:

— דריי זיך ניט — נע ווערטוכײַסיא!

און קערט אום די „קאטיושע“ — דעם קיזלשטיין מיטן קנייטל, די קרעסאלע אין גושטשינס באהעלטעניש.

דאָס קומט פאָר אזוי אומדערוואַרט און פלינק, אז כוץ דאָווידן, וועלכער פארשפּיליעט דעם קראַק, און, ס'קאָן זײַן, אכוץ דעם שטייענדיקן דערנעבן נאטשאלניק פונעם באַצירק רוקין, דעם איינציקן צווישן די וואָכראָוצעס — צווישן די וואכלײַט — מענטשן אין ציווילע קליידער, וואָס קערט אָפּ אין אײַלעניש דאָס פּאָנעם, באמערקט קיינער גאָרניט. גושטשין באווײַזט אפילע ניט צו זאָגן א דאנק — זײַן גוט וואָרט בלײַבט שטעקן בא אים אין גאָרגל. ער בלינצלט קאָמיש מיט די אויגן, באטראכטנדיק דעם קאָנוואָיִר און ניט דערקענענדיק אים, גלײַך דאָס וואָלט זײַן א גאָר אנדערער, אומבאוווּסטער ביז אהער מענטש, כאָטש אויסערלעך האָט זיך אובייבאטקאָ ניט געענדערט אף קיין האָר, אזוי ווי פריִער פינקלען געהיימנישפול זײַנע טונקעלע, ניט־פינטלענדיקע אויגן, אזוי ווי פריִער איז ליידנשאפטלאָז זײַן גע־דיכט געשטופּלט פּאָנעם. ווען מע הייבט אָן ארײַנלאָזן אין זאָנע זײַן גרופּע, גייט גושטשין, האגאם א דערשטוינטער, אינײנעם מיט אלעמען, אָבער בא דעם טויער קוקט ער זיך ארום אף אובייבאטקאָן, שטרויכלט זיך, ברעכנדיק דעם סטראָי.

— שלאָפסט גייענדיק, צי וואָס? — צעשרײַט זיך דער וועכטער און פארלירט דעם כעזשבן. — אנו, אף צוריק! בלײַבט שטיין אפן אָרט!

פון יענער זײַט טויערן, פון אינווייניק, באגעגענען דעם עטאפּ די רעדלפירער פונעם לאגער: דער נאריאדטשיק, זײַן געהילף, דער קאָמענדאנט, דער דאָקטער — אלע אויך אסירים. זייערע פּענעמער, אבסאָליוט ניט געגליכענע איינס צום אנדערן, פארמאָגן אָבער עפּעס פיל אלגעמיינס, אזעלכס, וואָס גלײַך ווערסטו ניט באשטימען, צי איז דאָס גוט, צי ניין. עפשער שפּארט פון זיי ארויס די גרויסהאלטערישקײַט, אָדער עפשער גאָר דער שאָטן פון זאטקײַט. יעדערער באזונדער און אלע אינײנעם רופן זיי ארויס באוווּנדערונג.

„סארא אויסגעפּעסטעטע. און דאפקע דאָ!“ — טוט א טראכט גושטשין, קוקנדיק קרום אף אָט דער, ווי עס האָט זיך אינגיכן אויסגעקלאָרט, מעכטיקער גרופּקע.

נאָך פונדערווײַטנס שטעלט אים דער קאָמענדאנט ארויס א פויסט. צוגעגלעט די טשופּרינקע, ווי בא היטלערן, מיט א ניט־גוט שמייכעלע, באווײַזט ער דעם וואָרענענדיק פינקלענדיקן פּאָדערשטן גאָלדענעם צאָן, ווערט כײַיִש אָנגעשפּיצט, ס'דוכט זיך, אז ער האָט צוגעגרייט זײַן שטאלטנע, אָנגעצויגענע, ווי א בויגן, פיגור, ביכדיי אָנפאלן אף דעם רויב.

ווי נאָר גושטשין אַנטשטייט זײַט בײַ זײַט מיט אים, טוט א כאַפּ דער קאָמענדאַנט מיט איין האַנט זײַן קאָלנער, קערעוועט אויס גושטשינען צו זיך, קוקט זיך אײַן אין אים און שטופּט אים אָפּ, דוכט זיך, לײַכט, אָבער גושטשין האַלט זיך ניט אײַן אויף די פיס — טוט זיך א פליוכע אויף דער ערד.

— באַקום אין אַדרוף, פּאַדלע, — ברענגט אַרויס מיט עקל דער קאָמענדאַנט. — אויף ווײַטער ספּאַטיקע זיך ניט.

דאָוויד טוט זיך א וואָרף העלפן, שטרעקט אויס די האַנט, נאָר גושטשין שטעלט זיך אויף די פיס אַליין.

— כ'בין געוואָרן גרינג, ווי א פעדערל. — זאָגט ער, אַפּאָווישנדיק מיטן אַרבל דאָס בלוט אויף דער ליפּ. — מע האָט מיך פּײַן באַגריסט מיטן אַנקום, כעוורע, פון דער זײַט טויערן נײַע סאַקאַנעס לויערן.

„מע דאַרף זיך קעגנשטעלן", — קלערט דאָוויד, קריצנדיק מיט די ציין. מער פון אַלץ באַוואונדערט אים דעם קאָמענדאַנטס אומופּרעגלעכקײַט. דער, וועמ ס'איז פּעיִק מיט אויס־גערעכנטקײַט, רויִקערהייט, אַפילע שמייכלענדיק א קלאַפּ טאָן עמעצן אַנדערש, דערצו נאָך אין אַפּגעשוואַכטן, — איז א שרעקלעכער מענטש. וואָס קאָן מען פון אַזא מין דערוואַרטן? די ערשטע באַגעגעניש מיטן לאַגער זאָגט ניט צו קיין גוטס.

— אַזא מײַסע, — רופט זיך אָן סערגייעוו אַנגעכמורעט. — מירן געבן אויסגאַב.

— ס'וועט קאָסטן טײַערער, הער זיך אײַן, אײַנשטעלן דאָס לעבן, — טוט א זאָג זעמסקאָוו.

— פאַרטיידיקן זיך דאַרף מען קעסיידער. אַפילע מיט דער ברוסט אויף דעם קוילנ־וואַרפער.

— אומזיסט און אומנישט ווערסטו פאַרפאַלן ווערן.

— הייסט עס, די הענט אַרויף? — מישט זיך אַרײַן דאָוויד.

דער עטאַפּ ווערט צעשטעלט אין א סטראָי אויף דער ליניִיקע. די פאָדערשטע רייען — לעבן א סלופּ, אויף וועלכן עס הענגט א בופער מיטן טעלער אַראָפּ. פון אויבן אָפּן טעלער דרעמלט פרידלעך א שטאָלענע שטאַנג. טוסטו א קלאַפּ מיטן שטאַנג אין דער בופער־טאַץ, וועקט דער אַליאַרמירנדיקער געקלאַנג דעם אוילעם אויפצושטיין, רופט אויף אין אַפּעל, רופט אויף דער פאַנאַנדערפירונג פון די „זעקן" צו זייערע וואַלד־באַצירקן און אויף אַנדערע לאַגער־אָפּקומענישן.

די וווינונגס־באַראַקן זײַנען שוויַגנדיק פאַרטײַעט אינדערווײַטנס.

אָט באַווײַזט זיך אויף דער שוועל פונעם ערשטן באַראַק א פאַרשלאָפענער מאַנצבל אין לײַבגרעט, טוט א קוק, רײַבנדיק די אויגן, אויף דער ליניִיקע, און לאָזט זיך אַפּגיך צום שטיבל, וואָס שטייט אין סאַמע סאָף פונעם ברעטער־טראָטואַר, א סוואָרע, צום קלאָזעט.

זעמסקאָוו קוועטשט מאָדנע די נאָז, באַשמעקט די לופט.

— כאַווײרים, איר פילט צי ניין? געבראָטענע ציבעלעס!

אַלע הערן זיך צו. פון דער קיך טראָגן זיך צו דער ליניִיקע אָנגענעמע, איידעלע רייכעס.

די טויערן אויף דער וואַכטע זײַנען שוין פאַרמאַכט, נאָר די רעדלפירער פונעם לאַגער שטייען נאָך אַלץ באַם קאָנטראָל־דורכגאַנג און וואַרטן אויף עפּעס. דאָוויד קוקט אויף זיי מיט נײַגער. א ביסל שפּעטער וועט ער זיך דערוויסן, אַז אָט די זאַטע נעפּאַשעס רופט מען אין לאַגער — די פרידורקעס, די טאַמעוואַטע. ווען ניט דעם קאָמענדאַנטס אויספאַל, וואָלט ער מיינען, אַז דאָס זײַנען לײַטישע מענטשן.

— נו, אָט, מיר זײַנען אינדערהיים, — ברענגט אַרויס זעמסקאָוו, רײַבנדיק די הענט. — היי, דו, באַוואָנצלטער, איצט מעג זיך שוין באַווײַזן דײַן שוויגער מיט די לאַטקעס. פונ־דעסטוועגן איז א מעכײַע צו לעבן אויף דער וועלט.

גושטשין רופט זיך ניט אָפּ. ער קאָן בעשום־אויפן ניט אָפּשטעלן דאָס בלוט.

— א מאָדנע זאַך, ניטאָ קיין קאָנוואָיִרן דערנעבן. אומגלייבלעך, — זאָגט סערגייעוו און טוט א צי אַרײַן אין זיך א שלונג זיסע ניט־פאַרקאַלויִצעטע וואַלד־לופט.

„די קאַנדאַלן הערן ניט אויף זײַן קיין קייטן, כאָטש מע זעט זיי ניט", — קלערט דאָוויד. ער פאַרשטייט אָבער סערגייעוון זייער גוט, ער פילט אַליין דעם צופאַלוס פון שאַרפער פרייד מאַכמעס דעם, וואָס עס איז אויס געוואָרן די קליינלעכע, נימעסע אַפּעטראָפּסעס פון די באַוואָפנטע קאָנוואָיִרן. ער ווייסט, אַז די פרײַהײַט זײַנע איז איצט אַן אילױזאָרישע. דער הויכער פּלויט פון די בערעזע־דראַנגען מיט זײַנע טורעמס, שטעכלדראָט און אויפגעסאָפּע־וועטע בייטן אַרום און אַרום טיילט אים פעסט אָפּ פון דער וועלט. נאָר דאָס שטערט אים ניט פאַרזוכן דעם טאַם פון באַנײַונג און אופשטײַג און פון נאָך פיל אומקלאָרע זאַכן, ס'קאָן

זײַן, פֿון ביטאָכן, פֿונעם אומוועלקלעכן ייִדישן ביטאָכן. דאָס איז געווען א געפּיל, וואָס איז צו גאַרנישט ניט געגליכן, די קראַפט זײַנע איז בעקויעך אָפּצושאַצן אין א פֿולער מאָס בלויז דער, וואָס האָט אים אַליין איבערגעלעבט. גלײַך ער וואָלט וועלן דורכקאָנטראָלירן, צי איז עס טאַקע אַזוי, טוט דאָוויד אַנטשיידן א שפּאַן פֿונעם סטראָי אויף לינקס, מאַכט דורך עטלעכע טריט אויף צוריק, און א זײַט, קוקט זיך אַרום. קיינער זאָגט אים גאָרניט. ער צעשפּיליעט די שינעל. אים ווערט הייס. עמעצער טוט דאָס זעלבע, וואָס ער. דער סטראָי הייבט זיך אָן צעפֿליסן. נאָר פֿון דער וואַכטע דערטראָגט זיך דעם קאָמענדאַנטס דונערנדיקער געברום:

— ווער האָט דערלויבט זיך פֿאַנאַנדערגיין? אַנו, צוריק אין די רייען! צוויגן פֿאַרשאָלטענע! א פֿלאַקן אײַך אין גאָרגל!

ער קומט צו לויפֿן, א הויכער, אונטערגעגאַרטלטער מיט א ברייטן קאָמאַנדירישן פּאַסעק, א טיכטיקער, און הייבט אָן אַרײַנשטופּן אין סטראָי די אַרויסגעקראָכענע פֿון אים בײַ זײַנקע, ווען מיט א שטורכע, ווען מיט א שטויס, ווען מיט א שטופּ, מיט דער קני אונטערן הינטן, מיט א פּראַסק אין קאַרק. אויך אויף דאָווידן פֿליט ער אָן. ווען ער זאָל אים געווען פֿאַרטשעפּען, וואָלט געווען געשען אַן אומגליק, ווײַל דאָוויד וואָלט געענטפֿערט מיט די פֿויסטן און מע וואָלט אים אַרײַנגעלייגט אין די ביינער איבערגענוג. נאָר דער קאָמענדאַנט טוט אומדערוואַרט מיט עפּעס א מענטשישער פֿאַרינטערעסירטקײַט א זאָג:

— ביסט א ייִד?

— יאָ.

— אויסערגעווייִלעך. א ייִד זאָל זײַן אַן אַנטיסאָוועטשיק. היטלער פֿאַרניכטעט דאָך די ייִדן, און אויב דו ביסט קעגן דער סאָוועטנמאַכט, ביסטו פֿאַר היטלערן. מאָדנע.

ער טוט א קוק אויף די פּעטליצעס פֿון דאָווידס גימנאַסטיאָרקע, ווו עס טונקלען זיך די פֿלעקן פֿון מיליטער־צייכנס:

— ביסט א לייטענאַנט?

— געווען, — רופֿט זיך אָפּ דאָוויד. צווישן זײַנע ברעמען באַווײַזט זיך א קנייטש.

— פּעכאָטע?

— ניין, אַן אַרטילעריסט בין איך.

— די שפּורן פֿון די קוביקעס זײַנען בוילעטע, — זאָגט דער קאָמענדאַנט, גלײַך ער וואָלט זיך פֿאַרענטפֿערן. — פֿון די עמבלעמעס — ניט קיין קלאָרע. הייסט עס, אַרטילעריע, דער מילכאָמע־גאָט.

דער קאָמענדאַנט איז עטוואָס העכער פֿון דאָווידן, נאָר שמעלער אין די אַקסלען. ער באַטאַפּט מיט די פֿינגער די לאַצן פֿון דאָווידס צעפּראַלטער שינעל, טוט זיי א גלעט, פֿאַרזשמורעט זיך, פֿינקלענדיק מיטן גאָלדענעם צאָן:

— א גוטער מאַטעריאַל. כאָטש מיר דוכט, אַז ס'איז סאָלדאַטיש געוואַנט.

אינגיכן פֿירט מען אַוועק דעם עטאַפּ צו דער באָד. ווען די קאָלאָנע גייט פֿאַרבײַ דער וועשערײַ, דערזעען אַלע אויף א הויכן גאַנעק צוויי ווײַבלעך, וואָס פֿאַרקעמען די האָר. אינמיטן דער טיר שטייט א יונגפֿרוי.

— היי, כאַווירים, וואָס קומט דאָ פֿאַר? — זאָגט זעמסקאָוו און באַלעקט די ליפּן.

— אישטעס, — באַשטימט גושטשין. — אויב דאָס זײַנען ניט קיין געשפּענסטער.

— נאַטירלעכע, — פֿאַרזיכערט פֿאַרשײַט דאָס מיידל אינמיטן דער טיר און טוט א שאָקל מיטן קאָפּ אַזוי, אַז עס ווערן צעשויבערט אירע טונקל־בלאָנדע האָר. — אַלץ, וואָס עס דאַרף זײַן, איז פֿאַראַן. באַ קיין שום שמאָן, באַ קיין שום אונטערזוכונג וועט מען עס ניט אָפּנעמען כאָטש צוואַנציק מאָל באַטאַפּ אונדז.

— איז וווּהין, הער זיך אײַן, זײַנען מיר אַרײַנגעפֿאַלן, זאָג, איך בעט דיך? פֿרעסן גיט מען? צי מע גיט ניט?

— עסן גיט מען, ייִנגעלער, אומבאַדינגט, אַנדערש קאָן דער זײַן? — ענטפֿערט דאָס מיידל מיטן לאַכנדיקן פּאָנעם. — מע האָדעוועט דאָ. פֿאַרשטייט זיך. לעבן וועט איר בלײַבן, טײַערינקע, אָבער אהער, צו אונדז, וועט איר ניט קומען. איר וועט ניט וועלן. און אַפֿילע ווען איר וועט וועלן, וועט איר ניט קאָנען...

— ע, הער זיך אײַן, זאָל זײַן מיט די אויגן. איז עס דען ניט קיין זאַך? — דערווידערט זעמסקאָוו.

דאָוויד קוקט אויף דער וועשערײַ מיט אומכיין. עס איז ניט שווער צו פֿאַרשטיין, וואָס פֿאַר א טוישוּוים עס ווױנען דאָרטן.

— אומזיסט רונצלסטו דעם שטערן, — באַמערקט סערגייעוו מיט פֿינקלענדיקע

אויגן. — די אַנוועזנהײַט פון פּרויען, ווער זיי זאָלן ניט זײַן, דערגאַנצט שוין אונדזער איליזיע, אַז מיר זײַנען פרײַ.

— עפּשער. איך שטרײַט ניט. גיכער פון אַלץ איז עס טאַקע אַזוי, — איז מאַסקים דאַוויד.

זײַנע געדריקטע געדאַנקען צעזייען זיך אײַנגאַנצן ערשט נאָך דעם, ווען ער טוט זיך אויס נאַקעט, בינדט צונויף די קליידער אין אַ קנויל, גיט איבער אַלץ אין דעזינפעקציע-קאַמער און עפנט אויף די טיר אין דער גאַבײַדע, ווו עס שטייען אַ ריזיקע דעמבענע דייזשע, אַן אונטערגעגאָרטלטע מיט דרײַ פּאַרזשאַווערטע ברייטע רייפן, און לאַנגע גלאַטע בענק מיט שיסלען-צעבערלעך. דאַוויד אָטעמט טיף אַרײַן אין זיך דעם געֶרוך פון צעפּאַרעטע בעֶרעזע-בלעטלעך, און מיט פאַרגעניגן, דעם טאַם פון וועלכן ער האָט שוין לאַנג פאַרגעסן, הייבט ער אָן וואַרטן אויף יענער מינוט, ווען ער וועט זיך דערקלײַבן צו הייסער וואַסער.

באַם פענצטער, באַנאַנד מיטן פאַבריקמאַכער, פאַרלייגט איין פוס אויפן צווייטן, זיצט דער קאָמענדאַנט. ער באַמערקט דאַווידן, טוט אַ הוידע מיטן שפּיץ נעזל פונעם פינקלענדיקן כראָמעווען שטיוול.

— די שמוטקעס האָסטו אין דער לײַז-בוינע אָפּגעגעבן, קאַראַסטענסקי? די שינעל זאָל, כאָלילע, ניט קאַליע ווערן, — זאָגט ער מיט אַן אופריכטיקער זאָרג און טוט אַ ווונק דעם פאַבריקמאַכער. — ברענג, איך בעט דיך, וואָס גיכער אַ מענטשן אין אַ געטלעכן אויסזען. ווייסט, מיט וועמען דו האָסט צו טאָן? מיט אַ גוואַרדייער.

— היי, הער אויף זיך כאָכמענען, גיי שוין, פּנוואַנען מיר קומען אַלע, — קנייטשט זיך אָן, ווי פאַר ווייטיק, דער שערער, פּאַטשנדיק מיט די ליפּן. — אין דער גוואַרדיע נעמט מען ניט אַזעלכע קוצע פאַרשווינדלער נאָך פון קאַדמוינים אָן.

לעבן אים אויף אַ באַנק שטייט אַ קעסעלע מיט האַלבפּליסיקן גרינעם זייף. דער שערער שעפּט אַרויס פונעם קאָטיעלאָק מיטן מיטעלן און טײַטפינגער אַ קנוילכל און טוט עס אַ שמיר אויף דאַווידס דלאָניע:

— פאָלגנדיקער. ווער האָט קיין זייף ניט דערהאַלטן? וואָסער — יעדערן צו צוויי שיסלען. נאָך דער ערשטער — צו מיר, זיך גאָלן.

דאַוויד וואַשט זיך מיט פאַרמאַכטע אויגן. פון טײַנעג. איין זשמעניע וואַסער פאַרניצט ער אויף דעם פּאָנעם און אויף דעם האַלדז. דערנאָך זייפט ער אָן די ברוסט און דעם בויך. דאַוויד פאַרלייגט די הענט און רײַבט אָן די פּלייצע. ער גיט אויס שפּאָרעוודיק סײַ דאָס וואַסער, סײַ די זייף און ווערט ניספּאָעל, דערזעענדיק, אַז די פיס איז ניטאָ מיט וואָס צו וואַשן. אָבער די שטימונג זײַנע איז סײַווי אַן אויסגעצייכנטע. צוגייענדיק צום שערער, ער זאָל אים אָפּגאָלן, טוט ער אַ פרעג:

— אַ בריוו קאָן מען פונדאַנען אַוועקשיקן?

— פאַרוואָס ניט, — פּאַטשט מיט די ליפּן דער פאַבריקמאַכער. — אַפילע אַ צענדליק. וועסט אָפּטראָגן דעם צענזאָר. ער וועט דורכקאָנטראָלירן, און — אויף ווידערזען. שטעל זיך נעענטער.

דאַוויד רוקט זיך צו צום שערער, טוט אַ קער די באַק.

— היי, פּנוואַנען האָסטו זיך געיאָוועט אַזאַ מין? אַ באַוואַקסענער מיט האָר, ווי אַן אייזל. בלויז די קני זײַנען הוילע באַ דיר.

דער שערער גאָלט דאָס פּאָנעם, ווישט אויס דעם גאָלמעסער אויף דאַווידס אַקסלען. ער גאָלט מיט אַ פאַרמאָסטענער האַנט, בעהאַרכאָוועדיק — טוט איין מאָל אַ פיר מיט זײַן כאַלעף — בלײַבט אַ האַלבע באַק אָן שטשעטינע, נאָך אַ מאָל — ווערט די צווייטע העלפט אַ ריינע.

— מע האָט באַ דיר די פּאַגאָנעס אַראָפּגעריסן, קער איך זיי דיר אום צוריק, — טוט אַ זאָג דער שערער, איבערלאָזנדיק אויף דאַווידס אַקסלען קופּקעלעך זייף-פּינע, איבערגעמישט מיט שטעכל-הערעלעך. — פּאָגאָנעס האָסטו געטראָגן?

— ניט באַוויזן.

— בלאָז אָן די באַק און דריי זיך ניט, ניע ווערטוכײַסיאַ. דאָ איז פאַראַן אַ סאָלדאַט, אַן אוקראַאִינער, שרײַט ער אָנשטאָט „ניט דריי זיך" — „ניע ווערטוכײַסיאַ". ווען ער קומט צו מיר אַהער זיך אונטערשערן, שטעל איך אומבאַדינגט אַרײַן אין מײַנע רייד זײַן „ניע ווערטוכײַסיאַ". און גאָרניט. ער באַליידיקט זיך ניט.

— שרעקלאָז פּירסטו מיטן גאָלמעסער, — באַמערקט גושטשין, וועלכער שטייט אין דער ריי אויף זיך אָפּגאָלן. — ניט קיין גראָז קאָסעסטו דאָך. ווען-ניט-איז וועסטו אײנעם מיט דער שטשעטינע אַראָפּשנײַדן דעם קין.

— אזא מין בראק, זע נאַר, וועט בא מיר ניט זײַן, — טוט גרינגשעצעריש א שמייכל דער שערער, אַנצילנדיק זײַנע שעלמישע אייגעלעך אױף דעם אויסגעדאַרטן, כאָטש צייל איבער אלע זײַנע ריפּן, גושטשינען. — און אויב כ׳וועל שוין יאָ א דראָפּע טאָן אוועלכן-ניט-איז ארבעטאָרער, איז אויך ניט מעסוקן. אין קאַנדיי, אין קאָרצער הייסט עס, וועט מען מיך מאכמעס דעם ניט ארײַנזעצן. און אויף אלגעמיינער ארבעט וועט מען מיך ניט שיקן. אָט, זעסטו, ווען די נאַטשאַלסטווע קומט ארײַן, דעמלט האלט דאָס קלינגל שאַרף! „אָט האָט איר א בענקעלע, איך בעט אײַך. זײַט אַזויפיל גוט, עטוואָס העכער דעם קאָפּ, האָט ניט קיין פאַריבל״. און א שערער-האַנטעכל א ריינס, און א לײַלעכל. און אלעמאָל פרעג זיך אָן: „עס באַומרויִקט ניט?״ און לעסאָף פאַרגעס ניט אָנפרעגן זיך: „וואָס פאַר אן אָדעקאָלאָנדל? א דרײַענדיקן אָדער קווייטן-פּאַרפום״. פאַראַן בא מיר, אלץ איז דאָ. אפילע פּודרע. אויב ס׳קומט אויס, דעזינפעקציר איך א צרייצונג מיט יאָד. טאַמעוואַטע זיך מאכן, זע נאַר, דאַרף מען קאָנען. זײַן א פּרידוראַק איז א קונסט.

אַפגעפאַרטיקט זיך מיט דאַווידס פּאָנעם, קנייטשט אָן דער פאַבריקמאכער זײַן אייגענעם:

— ס׳איז באפוילן אראָפּנעמען פון יעדן „זעק״ אלע זײַנע האָר. אלע. צו דיר איז עס דערגאַנגען? „דערגאַנגען״ איז אויך א ווערטל פון איינעם א פּרײַנט פונעם פּאָלק, פון איינעם א סאָלאָוויאָוון. איז וואָס זשע וועלן מיר טאָן מיט דײַנע האָר? האָ? גאָלן זיי אומעטום? אײַ, גיי שוין גיי. כ׳וועל א גאָל טאָן עטוואָס נידעריקער פונעם פּופּיק און שפּאַציר דערווײַל אזוי.

דאָס אָרט, וווּ דער שערער קלײַבט זיך אופטאָן זײַן זאַך, פרווּוט דאַוויד צודעקן מיט די צונויפגעפּאַרטע דלאָניעס.

— שרעק זיך ניט, זע נאַר, גוואַרדייער, — צעשמייכלט זיך דער פאַבריקמאכער און זײַנע וואָנצעלעך, ווי בא טשאַרלי טשאַפּלינען, ציטערן אויף. — דער מאכשיר וועט בלײַבן גאַנץ און אומבאַרירט. עפּשער וועט ער נאָך אמאָל צוניץ קומען. א ווײַב האָסטו? דײַן פרוי, אלנפאלס, טאָר ניט זײַן קיין געליטענע.

פון באָד גייען ארויס די נײַנקע אין זייערע געבראָטענע מאלבושים, וואָס האָבן נאָך פאַרהיט אויף זיך די וואָרעמקײַט און געווירצטע דופטן פון דער דעזינפעקציע-קאַמער. זעמסקאָוו זאָגט זיך ארויס טרוימעריש:

— איצט וואָלט געוועזן א יעש עפּעס איבערבײַסן. האָ?

— א פּאַפּיראָסל אנטלײַען בא עמעצן, אָט וואָס עס ווילט זיך, — זיפּצט גושטשין, צורירנדיק זיך מיטן פינגער צו דער צעקלאַפּטער ליפּ. — עס זאָל זײַן א פולע באַפרידיקונג. כ׳האָב בעשום-אויפן זיך ניט געקאָנט פאַרשטעלן, אז אין לאַגער זײַנען פאַראַן אזעלכע באַקוועמלעכקײַטן. ס׳איז א קאַטאָרגע דאָ, צי נײן? אויף דעם פּראָנט איז אויסבאָדן זיך — א יאָמטעוו. אלץ פּלעג צוליב דעם דער סטאַרשינאַ אויסטראַכטן. בענזין-פעסלעך צופאַסן אויף וואָרעמען וואַסער, און נאָך קעדוימע אזעלכע קונצן. און דאָ, אָט האָסטו דיר. אָדעקאָלאָנדל. דרײַענדיקן אָדער קווייטן-פּאַרפום.

סערגייעוו זשמורעט צו אין גרעסטן טײַנעג די אויגן.

— אזא מײַסע, — זאָגט ער.

די זון אין הימל, ניט באַליידיקט אפילע מיט קיין אייך-און-איינציק וואָלקנדל, הייבט שוין אָן צוזאָגן די שפּיצן פון דיביימער, וואָס זײַנען, ווײַזט אויס, אָן איבעריקן כיישעק אַפּגעטעראָטן פונעם לאַגער-צאַם. דער וואַלד לײַטערט זיך פרײַ און רופנדיק אויס אינדערווײַטנס. די רויטע פאַרב, וועלכע איז שוין דאָרטן, אין דער הייך, צעפלאַמט אפן איידעלן גרינעם טעפּיך, קריכט פּאַמעלעך אראָפּ נידעריקער, אויף די שטאַמען פון די ביימער. די זאָנע שטייט אויף א בערגל, און דערפאַר מיסטאַם זעט דאַוויד בוילעט, ווי רונד-ארום דער צאַם, אין אלע ריכטונגען, זיצן אויף די נאָענטע און ווײַטע צוטריטן פונעם וואַלד פאַרשיידן-קאָליבערדיקע פניאַקעס. דאַוויד פאַרשטייט, אין העסקעם מיט וואָס פאַר א געדאַנקענגאַנג האָט די לאַגערנע נאַטשאַלסטווע באַשטימט אויסצוהאַקן דאָס וואָרעמע פּעלצל ארום דעם שטעכלדיקן פּאַרקן פון דער זאָנע, אָבער סײַווי איז ניט אזוי פּאַשעט פּאָטער ווערן פון דער מאָדנער זעונג, קלוימערשט אָט די פניאַקעס האָבן אמאָל פּאַרטראַכט אַנטלויפן וואָס ווײַטער פונעם ניט-גוטן לאַגער אין דער טײַגע ארײַן, זיך אויסבאַהאַלטן אין איר פון ווילקיר, אָבער ארויסרײַסן זיך אויף דער פרײַ איז זיי ניט געלונגען, א סוואָרע, אויף די וואָך-טורעמס זײַנען דעמלט געשטאַנען פּינקטלעכע שיסער — יעדן פון די פניאַקעס האָט אָנגעיאָגט א טרעפלעכע קויל, דעריבער שטעקן זיי איצט דאָ, ארום און ארום, פאַרשוואַרצטע, אויף אייביק אַנגעבויגענע, צוגעטוליעטע צו דער ערד.

אפן קאם פונעם יאַר, וואָס הייבט זיך אָן קימאַט דירעקט פון יענער זײַט לעזשניאָווקע,

רײַט עמעצער, אונטערהעצקענדיק זיך אױף אַ ניט־אַנגעזאָטלט פערד און פּאַכענדיק מיט די הענט — טרײַבט אַ טאַבון פון דער באַנאַכטיקער פּאַשע צו דער פערד־שטאַל אין אַ יונג בערעזע־װעלדל.

ס׳איז געװען אי גוט, אי אַ ביסל אַ בֿיזאַיען, װאָס עס װאַרעמט אַזױ צוגעלאָזט די זון, װאָס דער הימל איבערן קאָפּ איז בלױ, און דאָס לײַב איז רײן, אױסגעבאָדן, און עפּשער איז גאָר ניט אַזױ שרעקלעך דער רועך, װי מע מאָלט אים צומאָל — און דער קאָמענדאַנט איז לאַכלוטן ניט קײן װילדע כײַע, און אפֿילע צװישן די װעכטער זײַנען פֿאַראַן גוטע מענטשן, און צופּאַסן זיך קאָן מען צו אַלץ.

— אױף דער ליניקע לעבן בופער קלײַבט זיך צונױף אַן אױלעם, — זאָגט גושטשין, — כ׳װעל זיך דורכגײן אַהין, געװויר װערן.

ער קערט זיך אום ניט אַלײן. רײכערט גליקלעך. שטראַלט מאַמעש פֿאַר פֿרײד.

— דער איקער איז: העלפֿן אײנער דעם אַנדערן, — זאָגט ער זיגעריש, באַקאַנענדיק זײַנע כאַװײרים מיט אַ נעפּעש, װאָס זעט אױס אױף אַלע פֿינף און דרײַסיק, נאָר אײַנדערעמעסן איז ער אַלט ניט קײן פֿולע נײַן און צװאַנציק יאָר.

— טשולאָשניקאָװ, — ברענגט אַרױס דער נעפּעש, איבערפֿירנדיק זײַן בליק פֿון סער־גײעװן אױף דאָװידן און דערנאָך אױף זעמסקאָװן. — פּראַנטאָװיקעס, הײסט עס, זײַט איר. נו, אַצינד, גאָט צו דאַנקען, האָט איר זיך שױן אָפּגעמילכאָמעװעט.

זײַן זאַט, אײערטײגלדיק פּאָנעם איז מיט גאָרניט געװען אָנזיכטיק. קײנער װאָלט אים ניט פֿאַרגעדענקט ביכלאַל, װען ניט דער דיקער, פֿלײשיקער, מיט אַ כײן־גריבל אינמיטן, קין.

טשולאָשניקאָװ טוט זיך אַ זעטל אױף דאָװידס פֿיס.

— עס באַמערקט זיך אַ װידערשפּרעכלעכקײַט, — זאָגט ער, אַ שמוק טוענדיק. — די שינעל איז, דוכט זיך, אַ קאָמאַנדירישע, די שיך זײַנען בעפּײרעש פֿון דער סאָלדאַטישער קאַפּטיאָרקע.

— מײַנע שטיװל האָב איך אין קאַפּעזע — אין קאַמער פֿון פּאַרלױפֿיקן אַרעסט — אױסגעביטן אױף אַ לאַבן ברױט, — דערקלערט דאָװיד. — בײַ אַ יעפֿרײטאָר פֿון דער װאַך־ראָטע. דער הונגער האָט מיך אין דער קאַפּעזע שטאַרק דערנידעריקט.

— אװאַדע, געװיס, — טוט אַ זיפֿץ טשולאָשניקאָװ. — דער טרעלבױך װײסט ניט פֿון קײן גנאָד. דאָס לעצטע פֿון זיך װעסטו אַראָפּנעמען און אָפּגעבן פֿאַרן ביסן. און האָב ניט קײן כאַראָטע, כאַװער. ס׳װאָלט מען דיך דאָ ניט געלאָזט מיט זײ זיך צו באַרימען. זײ װאָלטן פֿאַרשימלט געװאָרן אין אונדזער קאַפּטיאָרקע. אװאַדע, געװיס, מיט פֿאַרשטאַנד, װאָלטן מען פֿון זײ אױך הי געקאָנט מאַכן אַ טאַכלעס. נאָר װאָס זאָל מען טאָן? פֿון װאָגן אַראָפּגעפֿאַלן — איז פֿאַרפֿאַלן.

ער באַטראַכט נאָכאַמאָל זײַנע נײַע באַקאַנטע, פֿרעגט:

— קעסעלעך און לעפֿל זײַנען בײַ אײַך פֿאַראַן? נײן? שלעכט. דאָ איז עס דאָס סאַמע װיכטיקע. װאָס פֿאַר אַ „זעקן" זײַט איר אָן אױסשטאַטונג. אַ „זעק" מוז אומבאַדינגט פֿאַר־מאָגן אַ לעפֿל און אַ קעסעלע. נו, מײלע, איך װעל אײַך אױסלײזן. קום מיט מיר, פֿרײַנט גושטשין, ביזװאַנען דער ראַזװאָד — די פֿאַנאַנדערפֿירונג — הײבט זיך ניט אָן, װעלן מיר צוטראַכטן פֿאַר אײַך אַ װאָסער־ניט־איז געפֿעס. אַפּדערנאָכט װעט איר עס אומקערן. מע דאַרף העלפֿן אײנער דעם אַנדערן. אַנדערש קאָן מען אומקומען.

פֿון מערכעץ, אָפּסנײַ אױסגעסטראָיעטע אין אַ קאָלאָנע, פֿירט מען די נײַינקע אין באַראַק. מע אָרדנט זײ אײַן אױף דורכױסיקע צװײשטאָקיקע נאַרעס. בײדע שטאָקן בײַ אָט די יאַרוסן זײַנען אױפֿגעשטעלט פֿון סאָסנע־בערװענעס און שאַליװקעס, אין זײ איז נאָך פֿאַרהיט דער סמאָלע־רײעך, אָבער ער איז שױן איבערגעמישט מיט בײַסיקן געשטאַנק פֿון צעקװעטשטע װאַנצן. אױף די נאַרעס איז האַלב־טונקל, דושנע, שטױביק. ניט קײן רעדנעטש־קע, ניט קײן מאַטראַצל, ניט קײן קישן — הױלע ברעטער. און בלױז אינמיטן זײַנען פֿאַר־פֿעסטיקט קײַלעכיקע לאַנגע באַלקנס, צוגעטוליעטע מיט די עקן אײנער צום אַנדערן — דאָס איז דער צוקאָפּנס: ניט שרעקלעך, אפֿילע איבערגענוג. אין טורמע און אין די קעלערס פֿון קאַפּעזע, אין װאַגאָן איז בעסער ניט געװען. מיט פֿאַרגעניגן פֿאַרנעמען די נײַינקע אָט דעם געלעגער — קאָפּ צו קאָפּ, אַקסל צו אַקסל.

— אַ מעכײַעדיקע איבערבעט, — זאָגט סערגײעװ, צונױפֿלעכטנדיק די פֿינגער אונ־טערן נאַקן.

— נישקאָשע, מיר זײַנען צוגעװױנטע, — רופֿט זיך אָפּ גושטשין.

— אַן איבעריקע מאָזאָל אױף דער לענד איז בלױז צו גוטנס, — האַלט אים אונטער זעמסקאָװ. — מירן נאָר שטאַרקער װערן.

דער דניעוואַלני פֿונעם באַראַק, וואָס האָט דורכגעהונקען פֿאַרבײַ מיט אַ פּאַק לערע קעסעלעך, טוט אַ שלײַדער קאַמצאַניש עטלעכע ווערטער:

— ס'וועלן זײַן פֿעדערן, און פֿערענעס וועלן זײַן. זעקלעך וועט איר אין קאַפּטיאָרקע געפֿינען, און גראָז אין וואַלד וועט אויף אַלעמען קלעקן. בלויז אונטער אַ ליגנדיקן שטיין פֿליסט ניט קיין וואַסער.

ער גייט צו צום לאַנגן, אַרומגערינגלטן מיט בענק, נידעריקן טיש אויף דיקע פֿיסלעך, וועלכער צעטיילט דעם באַראַק אויפֿצווייען, לאָזט פֿאַרזיכטיק אַראָפּ פֿון די אָרעמס אויף דעם דעק פֿונעם טיש דאָס געפּעס.

— קיין עסצימער איז דאָ ניטאָ, — זאָגט ער, גלײַך ער וואָלט זיך אויף עמעצן בייזערן. — אַ צעבער דאַרף האָבן יעדערער זײַנעם.

די נײַינקע רוקן אַרויס די קעפּ פֿון דער נאַרע.

אַרומקוקנדיק זיך, זעצט דער דניעוואַלני פֿאָר:

— איר וועט מוזן קריגן. נאָר ביזוואַנען ס'ציִען זיך די אויספֿאָרשונג און דער געריכט, וועלן מיר אַנטלײַען בײַ די שכיינים. אָבער, טשור, אויף איזשדיווענ‏ִיע זיצן ניט זייער לאַנג. די שכיינים זאָלן זיך ניט צעבונטעווען.

אײַנגיכן ווערן אויפֿן טיש אויסגעשטעלט, גרייטע צו דער שלאַכט, רייען קעסעלעך, געגליכענע צו קורצע מינענוואַרפֿערס, מיט מײַלער, אָנגעצילטע אין זעניט. באַנאַנד, אין אַ פּינקטלעך דורכגעטראַכטער אָרדענונג, צעלייגט דער דניעוואַלני לעפֿל.

די נײַינקע קריכן גלײַך אַראָפּ פֿון די נאַרעס, אומגעדולדיק קוקן זיי אָט אויף דעם טיש, אָט אויף דער טיר. לאַנג וואַרט מען. עמעצער קלעטערט אַרויף אויף צוריק אויף זײַן אָרט. אינעם טונקעלן ווינקל דערהערט זיך שוין אַ כראָפּערײַ.

מיטאַמאָל טוט זיך האַסטיק אָן עפֿן די טיר און אין באַראַק רײַסט זיך אַרײַן דער קאָמענדאַנט. מיט זײַן זשוואַוון גאַנג דערנעענטערט ער זיך צום טיש, טוט אַ פֿיר איבער אים זײַן פֿלינקן בליק, שפּאַנט זיך דורך הין און צוריק לענגויס די נאַרעס, צעשמייכלט זיך:

— פֿרעסן קאָנט איר ניט פֿאַרגעסן. אַ מעכײַע צו קוקן אויפֿן טיש. אָבער אַרבעטן? מירן אײַך, פֿאַשיסטן, אויסלערנען אַרבעטן. מירן אײַך אין טאַטנס טאַטן אַרײַן...

ער באַווײַזט ניט פֿאַרענדיקן זײַן דראָשע. עס קומט אַרײַן דער נאַריאַדטשיק, אַ ברייטפּלייציקער, הויכער, אין אַ ווײַס העמדל מיט אַן אָנגעקראָכמאַליעטן, אויסגעפּרעסטן קאָלנער.

— אַכטונג! הערט אַלע! — ברענגט ער אַרויס, צוואָרטנדיק אַ ווײַלע, דער קאָמענדאַנט זאָל אײַנגעשטילט ווערן. — איך לייען די פֿאַרלויפֿיקע צעטלען פֿון די בריגאַדעס, אין וועלכע איר וועט זיך פֿון הײַנט אָן מיִען. אַלעמען, אָן אויסנאַם, שיקט מען אויפֿן פֿאָוואַל.

— וווּהין שיקט מען? — דערהערט זיך אַ פֿאַרכידעשט קאָל.

— אויפֿן וואַלדוואַלגער, — טוט אַ הוקע דער קאָמענדאַנט מיט זעבאַרן פֿאַרגעניגן. — האַקן וואַלד, טײַבעלעך. דאָס איז אײַך ניט לעקן היטלערן דעם הינטן.

שווײַגנדיק, הערט מען אויס דעם נאַריאַדטשיק. עמעצער קלײַבט זיך ניט פֿאַנאַנדער, אין וואָס פֿאַר אַ בריגאַדע האָט מען אים אַרײַנגעשטעלט. עס הייבן זיך אָן שיטן פֿראַגעס. דער נאַריאַדטשיק ענטפֿערט פּינקטלעך, שטרענג, מיט אַ קעלטל. ווען אַלע ווערן אַנשוויגן, זאָגט דער קאָמענדאַנט:

— קלאָר? אויב איר פֿאַרשטייט אַלץ, טאָ גייט אַרויס אין הויף און שטעלט זיך אין סטראָי. יעדער בריגאַדע באַזונדער. איך וועל אײַך פֿירן צו דער קיך. מאָרגן וועלן אײַך שוין האָדעווען די בריגאַדירן.

אינעם צעטייל-פֿענצטער פֿון דער קיך — אַ ווײַסער קאָלפּעק אויף דער זײַט און אַ מאָגער, פֿאַרויטלט פּאָנעם מיט היפּשע טראָפּנס שווייס.

— היי, הער זיך אײַן, זשאַלעווע ניט, שעפּ אַרויס אַ ביסל געדיכטעניש, — בעט זעמסקאָוו.

— דאָס היימלאַנד האָסטו פֿאַראַטן, די כאַווײרים דײַנע פֿאַרקויפֿט, און ווילסט נאָך געדיכטעניש? טראָג זיך אָפּ פֿונדאַנען, מײַנע אויגן זאָלן דיך ניט זען.

— היי, דו, — פֿאַרקלעמט באַליידיקט די ליפּן זעמסקאָוו.

דאָוויד שטעלט אונטער דעם קעכער דאָס קעסעלע. די מילשטיינער אונטער דער פֿאַרברווינטער הויט פֿון די באַקנביינער וויגן זיך כאַדאָראָם.

סערגייעוו פֿונדערזײַטנס סאָפּעט.

— מירן ווי־ניט־איז איבערלייגן, כעוורע, — דערהערט זיך גושטשינס קאָל.

אָנשטילט געוואָרענע, קערט מען זיך אום אין באַראַק.

דער טיש איז שוין פֿאַרנומען, זעצט מען זיך צו אויף די נאַרעס. סערגייעוו שעפּט מיטן

כּינקלענדיקן אַליומיני־לעפל די יושקע פונעם קעסעלע, בלאָזט אָף אים פּאַרזיכטיק און ברענגט אַרײַן דאָס קאָפּעטשקע באַלאַנדע אין מויל שטילערהייט. פונעם ברויט בײַסט ער אָפּ פּיצינקע שטיקעלעך. גושטשין עסט מיט פאַרמאַכטע ליפּן — צעעפנט זיי בלויז צוליב דעם, ביכדיי דער לעפל זאָל קאָנען אַרײַנקריכן אין מויל. די פּײַקע ברויט האַלט ער אין דער האַנט, טשעפּעט זי ניט, בלויז פון מאָל צו מאָל שמעקט ער זי אַרום. דאָוויד, ווי קעסיי־דער, עסט פאַרכאַפּט, טשאַווקעט, אַרבעט מיט די קינבאַקן ערנסט, ענערגיש, אַפּגיך. אַן אַנגעכמורעטער, זשעדנע שלינגט אײַן דעם קוליש זעמסקאָוו. ער איז צעהיצט, פאַרשוויצט געוואָרן. אָט קוקט ער אַרײַן אין קעסעלע, אָט קוקט ער זיך אַרום, אָט אַ באַוווּנדערטער, איידל צערטלט ער מיט די אויגן דאָס שטיקל ווארעם, עכט קאָרנברויט אָף דער דלאָניע, גלײַך עס זאָל זײַן ניט קיין ברויט, נאָר אַ וואָראַבייטשיקל, וואָס קאָן, ניט דאָ געדאַכט, אַרויספלאַטערן און אַוועקפליִען.

צעטיילנדיק דאָס ברויט, האָט דער קאָמענדאַנט דערקלערט:

— דאָס איז די הײַנטיקע פּאָרציע, אָף אַ גאַנצן טאָג. מער קיין ברויט הײַנט באַקומט איר ניט.

די נײַנקע ווייסן ניט, אַז אַרויסגעגעבן האָט זיי דער לאַגער־נאַטשאַלניק אַ צוויי מאָל גרעסערע פּײַקע, נאָר פאַר זיי איז דאָס איצט געווען ניט וויכטיק. מע איז געווען איבער־געגנוג צופרידן מיט דעם, וואָס מע האָט רעאַל באַקומען. וויפל דאַרף אַ פאַרוטיילטער?

צו זיי, הינקעדיק אָף דעם לינקן פוס, דערנעענטערט זיך דער דניעוואַלני, שטייט אַ ביסל מיט די הענט אָף די זײַטן.

— פאַרגעדענקט אָט דעם טאָג און אָט די שאָ, — ברענגט ער אַרויס שטיל, קימאַט שעפּטשענדיק. — דאָס ערשטע שטיקל לאַגער־ברויט עסט איר. נאָך ניט פאַרדינטערהייט.

דער דניעוואַלני שלינגט אײַן דעם קנויל, וואָס קײַקלט זיך אונטער צו זײַן גאָרגל, טוט אַ שמאָרע מיט דער נאָז:

— די ערשטע פּײַקע.

ער טוט אַ זיפץ, אומדערוואַרט פאַר זיך, שרײַט אויס מיט אופרעגונג:

— עך, אײַנוווינער, צי ווייסט איר, וואָס עס איז אַזוינס די פּײַקע? זי איז אַלץ! זי איז אַליין דאָס לעבן. וועגן אונדז האָט דער ריבוינעשעלוילעם איינמאָל, אַ צעבייזערטער, באַ־שטימט: אין שווייס פון אײַער פּאָנעם וועט איר דאַביוועט אײַער פּײַקע. פאַרגעדענקט, אײַנ־וווינער, פאַר דער פּײַקע דאַרף מען גוט האָרעווען. ביז זיבעטן שווייס. מיטן האָרב דערלאַנגט מען צו איר. דאָס זיבעטע יאָר איך דין אין דעם נאַטשאַלניק — און בלויז פאַר דער פּײַקע...

— אַרבעט שרעקט אונדז ניט, אַבי ס׳זאָל זײַן כליאַבעווע, — זאָגט זעמסקאָוו.

דער דניעוואַלני מאַכט זיך ניט הערנדיק.

— וויאַזוי האָט איר, אײַנוווינער, אַהער זיך אַרײַנגעפּאַקט? — אינטערעסירט ער זיך. אַרומלעקנדיק דעם הילצערנעם לעפל, זאָגט גושטשין:

— מע האָט גענומען פאַרן קאָלנער און אַרײַנגעשטופּט. די פּאָטיליצע איז געפעלן געוואָרן.

ער באַשמעקט נאָכאַמאָל דאָס שטיקל ברויט און גיט צו:

— פאַרשיידן פאַלט מען אַרײַן אין אָט דעם גאַניידן. מײַן שאָכן, זעמסקאָוו, איז אַרײַנ־געקראָכן, ווײַל ער האָט צופיל זײַן פּיסק צעעפנט אָף אַ פרעמדן לאַבן. אייניקע דערפאַר, וואָס מע איז איבעריקס איוורעדיקע. אַנדערע נאָך מאַכמעס עפּעס. אַ טערעץ וועט טאָמיד זיך אָפּזוכן.

דער דניעוואַלני קוקט אָף אים מיט אומעטיקע מידע אויגן און שאָקלט מיטן קאָפּ. גושטשין שטופּט ווידער אַרײַן די נאָז אין דער פּײַקע, אָבער דאָס מאָל האַלט ער זיך ניט אײַן, בײַסט אָפּ אַ שטיקל. און דאַן ווענדט זיך דער דניעוואַלני צו דאָווידן:

— זײַ זיך מוידע, זונדל, אויב ס׳איז ניט קיין סאָד, אַוועלכער איז דײַן כעט.

דאָוויד ווערט מאָרעשכוירעדיק.

— כ׳האָב ניט אין וואָס זיך מיסוואַדע זײַן, — ענטפערט ער. — איך בין קיין שום פאַרברעכן ניט באַגאַנגען.

— אַזוי, הייסט עס.

— כ׳האָב אַ כשאַד, אַז די פּראָקוראָרן מײַנע ווייסן אַליין ניט, וואָס פאַר אַ שולד איז באַ מיר, האַגאַם זיי האָבן אָקשאָנעסדיק געפּאָדערט באַ מיר: אָנערקענען זיך אַלס שולדי־קער, — פאַרענדיקט צוגעטויבט דאָוויד. — מע האָט מיר דערקלערט, אַז באַ מיר איז אַ שלעכטער כאַראַקטער, און אַז בלויז דער לאַגער איז אים בעקוועד אויספאַריכטן.

— וויאַזוי עס איז געווען, אַזוי איז פאַרבליבן, — ברענגט אַרויס דער דניעוואַלני. —

גאַרנישט האָט זיך ניט געענדערט אין דער וועלט. מיך האָט מען אויך אומזיסט און אומנישט פאַרזעצט. עמעצן בין איך ניט געפעלן געוואָרן, עפּשער האָב איך זיך פאַפּערעק דעם וועג געשטעלט. האָט מען מיך געמאַסערט. באַנאַכט איז מען געקומען און מיך פאַרבעטן אַף איין רעגע אין א פּײַן אָרט. אָט די רעגע ציט זיך שוין זיבן יאָר. און אויך דאָס זעלבע: אנערקען זיך אלס שולדיקער. אין וואָס פאַר א זינד שווערע? ניטאָ זיי בא מיר. און וואָס נאָר האָט מען ניט געטאָן, קעדיי מיך נויטן, כ'זאָל אנערקענען מײַן שולד. געמוטשעט און זיך אונטערגעכאַנפּעט, צום ווענטל געשטעלט און געבעטן. כ'האָב זיך אנערקענט. אין אלץ וועסטו זיך אנערקענען, אבי ס'זאָל נעמען א סאָף צו דער מאַטערניש. אָט אזוי — איין מעסירע, און דאָס גאַנץ לעבן כקירע. אינעם קרימינעלן קאָדעקס האָט מען אפילע ניט אָפּגעזוכט קיין געהעריקן אַרטיקל פאַר מיר. אין מײַן דאָסיע איז פאַרשריבן „קעער" — קאָנטררעוואָליוציאָנער, הייסט עס, און שוין. וואָס פאַר א פּײַנט פון פאָלק בין איך, אן אַרבעטער, א דרוקער. איך אליין בין דאָס פאָלק! ווער זשע איז א סוינע זיך אליין? עס אָרודעווען, עס קאָלויצען די עמעסע פּײַנט אונדזערע. מע נאַרט סטאַלינען.

ער וועט אנשוויגן, טוט א מאַך מיט דער האַנט.

— א דרייסטער ביסטו, פעטער, — זאָגט זעמסקאָוו. — לעבסט, ניט אַרומקוקנדיק זיך. טאָמער טראָגן מיר אָפּ, הער זיך אײַן, ווידעראַמאָל אהין, ווו מע דאַרף? די פּלאַפּלערײַ...

— גאָט איז א פּאַטער, האָט ער ניט קיין מאַקע, גיט ער א בלאָטער, — זאָגט דער דניעוואַלני און פירט צונויף די ברעמען. — אלץ פּאַסירט.

ארײַנלייגנדיק דעם לעפל אינעם לער געוואָרענעם קעסעלע, קוקט זיך דאָוויד ארום, זוכט מיט די אויגן, ווו קאָן מען אויסוואַשן דאָס געפּעס. א קלייניקײַט, דוכט זיך, אָבער אָן דעם דניעוואַלני וועסטו זיך אפּסנײַ ניט באַגיין. דאָוויד קלערט וועגן אים. לאָזט זיך אויס, אז דעם דניעוואַלניס אויספאָרשער איז ניט ווייניקער לײַטיש ווי זײַנער. אלע זײַנען זיי אַף איין קאָפּול גענייט — הארבע און אכזאָריִעסדיקע. צי דען זשע איז גערעכט דער דניעוואַלני און די סאָנים שלעפּן ארײַן דעם פּירער אין א טאָעס? נאָר וויִאזוי זשע דערלויבט ער עס? יאָסיף וויסאַריִאָנאָוויטש איז דאָך א כאָכעם, א גרויסער מענטש. וויִאזוי דערלאָזט ער, מע זאָל אים דרייען א ספּאָדעק. אזעלכס איז אומדערקלערבאַר.

דאָוויד טוט א קוק אַף סערגייעוון. דאָס פּאָנעם פונעם אויסשפּירער איז קאָנצענטרירט און אָפּגעשיידט. מיט עפּעס איז סערגייעוו אין דער רעגע געווען געגליכן צו דאָווידס טאַטן. מיטאַמאָל דערמאָנט זיך דאָוויד, ווי דער טאַטע האָט איינמאָל אים, אינגאַנצן אן אומשולדיקן, באַשטראָפט. באַליידיקנדיק, ברוטאַל. שטאַרק ווייטיקדיק איז דעמלט געווען נאָך דערפאַר, וואָס די מאַמע האָט זיך פאַר אים, דאָווידן, ניט אײַנגעשטעלט, ניט געטרייסט. פאַרקערט, צוגעלייגט אפילע איר קנייטל אין דער הייסער מינוט. עפּעס אומדערטרעגלעכס האָט זיי דעמלט אונטערדריקט, און די גאַנצע ביטערקײַט זייערע האָבן זיי אַף אים א פליוכע געטאָן. וויִאזוי זיי האָבן אים ליב, ווייסט ער אליין בעסער פון אלעמען. טיף, מעכטיק, גרענעצלאָז, מיט לײַב און לעבן. אין דעם סאָפּעקט ער ניט אפילע אַף קיין מינוט, און אויך דאַן איז אים עס געווען קלאָר. דעריבער טאַקע זײַנען די שמערצן געווען אזוי גרויס. ווען עס באַליידיקן נאָענטע, היימישע מענטשן, איז טויזנט מאָל ווייטיקלעכער. אָבער אזעלכס טרעפט. און סײַווי הערן זיי ניט אויף צו זײַן די סאַמע טײַערסטע אַף דער וועלט.

— אז מירן לעבן, וועלן מיר זען, — זאָגט, אופשטייענדיק, סערגייעוו. די זעלבע געדאַנקען, ווי בא דאָווידן, רײַסן שטיקער אויך פון אים. — דו האָסט, ברודערקע, קיינמאָל ניט געדעקט מיט דײַנע הארמאַטן-קוילן אונדזעריקע? איך פלעג אונטער אונדזערע זאַלפּן אָנטרעפן. דאָס סאַמע וויכטיקע איז ניט דערלאָזן קיין פּאַניק. און קיין באַטריבטקײַט. כאָטש דאָס איז ניט אזוי פּאָשעט.

נאָכן פרישטיק הייסט מען אלעמען אָפּטראָגן די פּערזענלעכע כפייצים אין קאַפּטיאָרקע.

דער קאָמענדאַנט באַגעגנט דאָרט דאָווידן מיט אן אונטערגעשטראָכענער צערטלעכקײַט:

— בא דיר, קאָראָסטענסקי, איז ניטאָ וואָס צו אָפּגעבן אַף אײַנהיטונג. די שינעל און דאָס היטל.

פאַרבײַטנדיק זײַן האָב און גוטס אַף א בושלאַט און א קאַשקעט, רוקט אים אונטער דער קאַפּטיאָר א וועדאָמאָסט:

— שטעל אוועק דײַן כסימע.

און ווען דאָוויד שרײַבט זיך ניט געוואַקלט אונטער, טוט דער קאַפּטיאָר צופרידן א ווונק דעם קאָמענדאַנט.

פון דער קאַפּטיאָרקע לאָזט זיך דאָוויד זוכן פּאַפּיר אַף א בריוו. אויב ס'וועט זיך

אײַנגעבן ארויסשיקן אים, וועט דער בריוו דערגיין אין ערגסטן פֿאַל אין א צענדליק טעג ארום, און אינדערהיים וועט מען זיך דערוויסן וועגן אים, דאַווידן, אַלץ, וואָס מע דאַרף. און דאַוויד הייבט אָן קלערן, וויאַזוי בעסער, ווייטיקלאָזער אָנשרײַבן וועגן דעם געשעענעם. ס'האָט זיך געוואָלט זאָגן גלײַך. נאָר ווען ער פֿאַלט אפֿן סייכל, אַז אזא מין יעדיע, ווי די, מיט וועלכער ער קלײַבט זיך מעכאַבעד זײַן די מישפּאָכע, וואָלט זײַן קליגער צו פֿאַרהילן אין פֿאַרשטעלטע ווערטער, באַשטימט ער אין זײַן ערשטער ווענדונג זײַן לאַפּידאַר, אופּגע-האַלטן. כ'לעב, הייסט עס, כ'בין געזונט, כ'געפֿין זיך ניט אַף מײַרעוו פֿון אײַך, נאָר אַף מיזרעך. גענויער — דערנאָך. מע וואָלט געדאַרפֿט צוגעבן, אַז ער איז פֿאַרוווּנדעט, אין סאַמע האַרצן, אָבער דאַוויד בײַסט צו באַצײַטנס די צונג: מע וועט נאָך פֿאַרשטיין אים בוכשטעב-לעך, איבערהויפּט די מאַמע.

ווען אין דער זאָנע זאָל יאָ געווען זײַן א קלייטל, ווו מע וואָלט געקאָנט קויפֿן פּאַפּיר, וואָלט דאַוויד סײַווי אהין ניט אַרײַנגעגאַנגען, ווײַל בא אים, ווי גושטשין האָט געזאָגט, איז אין קעשענע פֿאַראַן בלויז אַף א שטריקל א לויז. געלט — קיין קאָפּיקע ניט. אין זאָנע איז קיין קלייט, וואָס זאָל אַנטלײַען ביז וואָס-ווען פּאַפּיר, אויך ניט געווען, און ביכלאַל זײַנען אין דער זאָנע ניטאָ קיין שום מאַגאַזינען. בלײַבט איינס: בעטן. נאָר דאַוויד איז געווען א שוואַכער בעטלער.

דער שערער ענטפֿערט אים:

— זײַף — אדראַבע, גיי שוין גיי. גרעט אָן א ריי — דאָס וואָלט זײַן מעגלעך. אָבער פּאַפּיר — ניין. ניטאָ קיין פּאַפּיר. כ'האָב מוירע פֿאַר פּאַפּיר.

דער דניעוואַלני טאַפּטשעט זיך מיט באַדויערונג.

— מיר ניצן זיך מערער מיט א פֿאַניער-ברעטעלע אַף עפּעס אָנצושרײַבן, איידער מיט פּאַפּיר, — זאָגט ער מיטפֿילנדיק. — מײַן מישפּאָכע איז אונטערן פֿאַשיסט, ניטאָ מיט וועמען זיך איבערצושרײַבן. כ'זאָרג זיך ניט וועגן פּאַפּיר. פּרווו אַרײַנגיין אין קאָנטאָר, עפּשער וועט דיר דאָרטן אָפּגליקן.

אין „פּעפּעטשאַ" — אין דעם פּלאַן-פּראָדוציר-טייל — שרײַט אַף אים אופגערעגט אָן אַן אָנגעהויקערטער, דאַרער נאַרמיראָווטשיק מיט א געלבלעך טשעכאָטאָטשנע פּאָנעם:

— ווער ביסטו, איך זאָל דיר עפּעס נאָסענען? א גאָרניט. א גרויער. פֿאַרנעם זיך פֿונדאַנען צו אַלדי הינטישע רוכעס. אין לאַגער גיט מען נעדאָוועס בלויז פּערזענלעכקײַטן. אויסערגעווײנלעכע: א גאַנעוו, א באַנדיט, א לעץ, א מאָסער סאָפּקאָלסאַף... א גרויער איז אַליין מעכוייעוו אַלעמען אַנטלײַען. שטיקער רײַסט מען פֿון אים, ניט ער רײַסט. צעקײַעט? נו, איז שלינג אַראָפּ. טייל זיך מיט עפּעס אויס פּונעם האַמוין, דעמלט קום צו גיין.

ביז טשולאַשניקאָוו האָט זיך ניט אומגעקערט פֿון דער אַרבעט, איז דאַווידן ניט געלונגען קריגן פּאַפּיר. ס'איז יאָ געווען א רעגע באַם נאַריאַדטשיקס צעעפֿנטן פֿענצטער, ווען די נײַינקע האָבן פֿאַרפֿולט אַנקעטעס: דאַווידן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַט-אַט באַקומט ער דאָס געגאַרט זײַטעלע. נאָר דעם נאַריאַדטשיק האָט מען אָפּגעווענדט, דערנאָך איז ער שוין די גאַנצע צײַט געווען אָנגעכמורעט, און ס'האָט זיך גאָרנישט ניט באַקומען.

אָפּדערנאַכט, אויסהערנדיק דאַווידן, זאָגט צו אים טשולאַשניקאָוו:

— בא די פּרידורקעס וועסטו ווינטער קיין שניי ניט אויסבעטן. זיי איז ניט באַקאַנט דאָס וואָרט — נאַ דיר. זיי ווייסן בלויז — גיב. קיינער אוואַדע, געוויס, צעשיידט זיך ניט מיט זײַנס גלאַט אַזוי, אומזיסט. פּאַפּיר וועל איך דיר געבן. נאָר כ'האָב צו דיר א פֿאָרשלאָג.

ער רופֿט אָפּ דאַווידן אין א זײַט, שעפּטשעט אים אין אויער אַרײַן:

— די שינעל דײַנע איז א נישקאָשעדיקע. מע וואָלט זי געדאַרפֿט לאָזן אין פֿאַרקער. נו, צוליב וואָס זאָל זי פֿאַרוויאַנעט ווערן אין סקלאַד? די שטשורעס וועלן זי צעהריזען. מע קאָן פֿון איר נוץ אַרויסבאַקומען. און פּאַפּיר וועט זײַן, און עפּעס-וואָס כוץ פּאַפּיר. פֿון אַט דער שינעל וועלן אונדזערע שנײַדערקעס אופּנייען, וואָס נאָר דײַן האַרץ גלוסט זיך.

ניט פֿאַרהײַעדיק זיך, שלעפּט טשולאַשניקאָוו דאַווידן אין קאַפּטיאָרקע.

דער קאַפּטיאָר רונצלט אָן דעם שטערן, ווען ער דערזעט דאַווידן און זײַן באַגלייטער.

— צוליב וואָס האָט אײַך דער טײַוול געבראַכט? גיכינקער. כ'האָב קיין צײַט ניט. — טוט ער א ברום, קוקנדיק בייז אַף טשולאַשניקאָוון.

— די שינעל...

— וואָס? — דער קאַפּטיאָר גלאָצט אָן די אויגן פֿאַרוווּנדערט. — צוריק, מאַטיא, דײַנע פֿוילע שטיק!

טשולאַשניקאָוו טרעט איבער פֿון איין פֿוס אפֿן צווייטן.

— הער מיך אויס, מאַטווײ, ווילסט זײַן געזונט, איז מאַך אַזוי, זאָלסט דאָ ניט ווערן.

עפשער האָט מען מיטאמאָל טשולאַשניקאָוון פארביטן. אויסגעבויגן זיך כניפעדיק, אָנגעמאָלט אפן פּאָנעם א שמייכעלע, נעמט ער זיך רוקן אף צוריק, אָפּטרעטן צו דער טיר.

— דאָס קאָן איך, פּאַזשאַלוסטא, — צעמורמלט ער זיך. — איך בין וואָס? גאָרניט.

— דאָס זעט מען, — באַמערקט דער קאַפּטיאָר און רופט צו דאַווידן צו זיך מיטן פינגער. — איך אייצע דיר ניט האָבן צו טאָן מיט אָט דעם פּעדעראַסט. ער איז א באַלעגוף, פארשטייסט, צי ניין? ער איז א בלוטצאַפּער. אייגנטלעך, איז דאָס דײַן זאַך. דאָ האָט קיינער אף קיינעם ניט קיין ראַכמאָנעס. אָדער בא עמעצן שלעפּ, אָדער כאַפּ פון עמעצן קלעפּ. געדענקסט מיסטאָם, איוואַן געטעס ווערטער: „בלויז דער איז ווערט א פרײַער זײַן און לעבן, ווער יעדן טאָג ער גייט פאַר זיי אין שלאַכט". דאָס דאַרף מען באַנעמען. און מיטן אייגענעם לײַב. באַליידיק זיך ניט אף מיר.

דער קאַפּטיאָר שלעפּט ארויס פונעם טישקעסטל און באַווײַזט דאַווידן די וועדאָמאָסט, אין וועלכער ער, דאַוויד, האָט הײַנט באַטאָג אוועקגעשטעלט זײַן כסימע.

— דײַן אונטערשריפט? צי דו לייקנסט זי אָפּ און מע וועט מוזן זי שיקן אף אַן עקס־פּערטיזע? — ברענגט ארויס דער קאַפּטיאָר מיט איזדיעקעניש. — אויב דײַנע אויספאַרשער האָבן בא דיר ניט אויסגעטרייבערט אַלע קײַקעלעך פונעם מויעך, ווייסטו פארשטיין אַליין. אין דער וועדאָמאָסט איז אָנגעוויזן אַלץ, וואָס דו האָסט באַקומען בא מיר, אָבער פון דעם, וואָס דו האָסט אָפּגעגעבן מיר, איז אין איר קיין זייכער ניטאָ. איך האָב בא דיר ניט גענומען גאָרניט, פארשטייסט, צי ניין? געווען א שינעל, און ניטאָ קיין שינעל. נעלעם געוואָרן. א קונציק שטיקל ארבעט. געשיקטקײַט פון די הענט, אָן שווינדלערײַ. אזא מין איז שוין דײַן גוירל. דײַן שינעלכל איז געפעלן געוואָרן דעם קאָמענדאַנט.

דאַוויד טוט ניט גוט א שמייכל.

— ווערסט זיך אָנקלאָגן? — טוט א זאָג דער קאַפּטיאָר.

— כ׳בין ניט אזא מין לאַפּוך, ווי דו קלערסט.

— פּרעכטיק. וואָס גיכער ווערסט באַהערשן די געזעצן פון דער טײַגע, ווערסטו לענ־גער לעבן אף דער וועלט.

— איינס פארשטיי איך ניט, וויאַזוי האָט מען עס דיר, א זשוליק, פארטרויט די קאַפּטיאָרקע?

דער קאַפּטיאָר ווערט ניט ניספּאָעל, ברויגעזט זיך ניט.

— כ׳בין ניט קיין גאַנעוו. אין לאַגער האָב איך זיך ארײַנגעפּאַקט ניט מאַכמעס דעם, וואָס כ׳האָב געשלעפּט פרעמדס, נאָר דערפאַר, ווײַל כ׳האָב ניט געשטערט עמעצן אנדערן ראַבעווען. פאַר נאַכלעסיקײַט זיץ איך, — זאָגט ער מיט א פרידלעכן טאָן. — אף פארשיי־דענע פּאָסטנס אין לאַגער וועט מען גיכער שטעלן א באַנדיוגע, א קוילער, איידער אײַך, פאַשיסטן. דאָס זאָלסטו אויך פארשרײַבן זיך אפן שטערן. דאָ ווערט צו אונדזער ברודער מיט א שטייגערישן ארטיקל ארויסגעוויזן דער סאַמע גרעסטער צוטרוי. אין אונדזערע הענט גיט מען דאָ איבער קאָלערלייקע ווערטן, מע לאָזט אונדז אָן וואַך ארויס אף יענער זײַט זאָנע, פאַקטיש אף דער פרײַ, און ביכלאַל עפשער בלויז אונדז האַלט מען דאָ אַלס מענטשן.

דאַוויד טוט זיך שווײַגנדיק שאַרף א דריי אף די אָפּצאַסן און גייט ארויס פון דער דושנער קאַפּטיאָרקע, קוים וואָס ער האַלט אוף זײַן קאַס.

טשולאַשניקאָוו נעמט אים איבער אינדערנאָענט:

— נו, האַ? מע האָט דיך בעדיל־האַדאָל געשטעלט? כ׳האָב פאָרויסגעפילט. סוואָ־לאָטשעס. דו אָבער ערגער זיך ניט. פּאַפּיר וועל איך דיר געבן. אוואַדע, געוויס.

ער כאַפּט אונטער דאַווידן פארן עלנבויגן, ברענגט ארויס גיך־גיך, פארכלינענדיק זיך:

— ווערסט זיך צעצאָלן, אוואַדע, געוויס. מיט עפּעס־וואָס.

— בא מיר איז גאָרנישט ניטאָ.

— מע קאָן... מיט דער פּײַקע קאָן מען.

דאַוויד שטעלט זיך אָפּ, קוקט ארײַן אופמערקזאַם אין זײַן באַגלייטערס פּאָנעם מיט דער פליישיקער קין און פארשלאָפענע, קלעפּיקע אויגן.

טשולאַשניקאָוו שפּאַסט ניט, ער זאָגט:

— א העלפט פון דער פּײַקע גיסטו מיר אָפּ מאָרגן. די צווייטע העלפט — דערנאָך. אזוי?

— אַלציינס, — ענטפערט אָפּ דאַוויד טויבלעך.

אינײַנעם מיט דעם גרויען בויגנדל פּאַפּיר דערלאַנגט טשולאַשניקאָוו דאַווידן אַן אָפּ־שניצל פון א בלײַער.

מיט א פארלדיקן קסאָוו, נאָר סײַווי אפגיך, שטעפּט אָן דאַוויד זײַן אַלזײַטיק דורכגע־

טראכטע, צו א טעלעגראמע געגליכענע מיטיילונג, לייגט צונויף דאָס גרויע זײַטעלע אין א דרײַעק, ווי ער פלעג עס טאָן אפן פראָנט, באהאלט עס אין בוזעם־קעשענע — א פארטיקס פאר דער צענזאָרשע אף מאָרגן. איצט, ווייסט ער, איז זי אין זאָנע ניטאָ. ער קלעטערט ארויף אף דער נארע, לייגט אונטער די דלאָניעס אונטערן קאָפּ.

דער דאך פונעם באראק איז א מעשופעדיקער, ער הייבט זיך אָן קימאט בא דער סאמע ערד. קיין סטעליע איז ניטאָ. די אייבערשטע נארעס שטעקן נאָענט צום דאך, אזוי אז אף זיי איז מעגלעך בלויז ליגן, זיצן קאָן מען נאָר אײַנדרײַען געבויגן. האגאם דער דאך איז געדעקט דורכויס מיט פינישער סטרוזשקע, ניט מיט בלעך, סײַווי איז ער פארן טאָג אָנגעגליט געוואָרן, און זײַן היץ מאטערט די נײַ־באוווינער. דאָוויד טוט א קלער, אז עמעצער א בייזער האָט בעקיוון צוגעטראכט אזא מין ארכיטעקטור, זי זאָל קוועטשן אף די „זעקן", זי זאָל זיי אונטערדריקן. אונטערגעבנדיק זיך דעם אומגעריכטן אינערלעכן דראנג, טוט דאָוויד ווילד א הייב דעם פוס און א שטורכע מיט אים אָט דעם פארהאסטן, דריקנדיקן סטרוזשקע־פאָרהאנג איבערן קאָפּ. אָבער דער דאך איז א פעסטערער, ווי עס האָט זיך געדאכט דאָווידן, ער טוט אפילע ניט קיין ציטער. פון אויבן, פארפאָראָשענדיק די אויגן, פליט אראָפּ בלויז א טרוקענער, הייסער שטויב. דאָוויד פארפרעסט די ליפן. פארשטייט זיך, די אָפּטריניקײַט איז בעקויעך צעטאָפּטשען, מע טאָר דאָך אָבער ניט פארומערט ווערן אונטער איר לאסט. „ניין! — שרײַט קלאנגלאָז דאָוויד. — ניין און ניין! כ'וויל ניט!!"

סערגייעוו ליגט דערנעבן, קוקט שיקלדיק אף דאָווידן, אָבער אין דער האלבטונקלקײַט איז ער נישט בעקויעך אופכאפן ניט דעם גלאנץ פון דאָווידס אויגן, ניט זײַן געזיכט־אויסדרוק, ניט דעם ציטער פון זײַנע באקן. אויך אף דאָווידס פראסק דעם דאך לייגט סערגייעוו ניט קיין באזונדער אכט. לאנג שווײַגט סערגייעוו, שטערט ניט דאָווידן, הערט בלויז זײַן ניט־גלײַכן אָטעם. ער הייבט אָן רעדן ערשט דאן, ווען צו אים דערגייט דאָווידס ציין־קריצערײַ.

— וואָס איז געשען? — פרעגט סערגייעוו. דעם קאָפּ צום שאָכן דרייט ער ניט אויס.

— גאָרניט, — שנײַדט אָפּ דאָוויד א דערשלאָגענער.

— אזא מײַסע, — טוט א זאָג סערגייעוו מיט א זיפץ. — דו, ברודערקע, האָסט אמאָל געוואלגערט וואלד?

— ניין.

— מיר איז אויסגעקומען. א שווערע טירכע.

ער טוט א רײַב מיט די פינגער דעם שטערן און גיט צו:

— ניט דאָס איז פארדריסלעך, וואָס א שווערע, נאָר וואָס א צוואנג־ארבעט.

(פאָרזעצונג קומט)

# קינסטלער
# הירש אינגער



מענדעלע מויכער־ספאָרים. „די קליאטשע״.



שאָלעם־אַלייכעם. „די בלאָנדזנדע שטערן״.



שאָלעם־אליינכעם. „יאָסעלע סאָלאָוויי".

# די ליד, וואָס איז צארט און שטרענג

## וואָרצלען

דוקאָר — מײַן שטעטעלע,
מײַן קרום־און־לאָמע.
כ׳האָב דאָ אין בעטעלע
דערהערט מײַן נאָמען.

אף א בערגעלע —
א סטאדע הײַזלעך.
נאָך א רעגנדל
די זון באווײַזט זיך.

איך שטיי אין גערטנדל
און קוש די בלומען.
דער טאָג דער נעכטיקער
פארבײַגעשווומען.

און די לעוואָנע —
א הון א שטילע,
ווי א פּאָנעם,
א סערפּ אפילע.

דורך מײַן פענצטערל
פלעגט זי ארײַנגיין,
ווי א שוועסטערל,
מיט געשאנקען.

כ׳האָב דאָ אין בעטעלע
דערהערט מײַן נאָמען.
דוקאָר — מײַן שטעטעלע
געדענק איך טאָמיד.

## יעדער מענטש

יעדער מענטש איז א פּאָעט,
ווען ער טראכט און ווען ער רעדט,
ווען ער טרוימט און ווען ער האָפט,
ווען א בוים ער פלאנצט אין דאָרף.

יעדער מענטש איז א פּאָעט,
כאָטש קיין לידער שרײַבט ער ניט,
נאָר זײַן מי גייט אין געוועט
מיט דער שענסטער בעסטער ליד.

## מײַן קאָמאנדיר

מײַן קאָמאנדיר אלעקסאנדער קוליש —
א מענטש מיט כיין, מיט בלויע אויגן.
מיר דוכט: ער זיצט מיט מיר באם טיש,
און ס׳ווילט זיך מיט אים ריידן.

ער איז געווען אי שטרענג, אי צארט,
ער איז געווען א גוטער כאווער,
געגאנגען דרייסט אין שווערסטער שלאכט —
מײַן קאָמאנדיר, א מענטש א בראווער.

איך האָב אים ליב געהאט פאר אלץ,
און כ׳קאָן אים הײַנט נאָך ניט פארגעסן.
זײַן פּאָרטרעט אין שטוב איך האלט,
ווי כ׳וואָלט מיט אים באם טיש געזעסן.



מארק רובטשינסקי
(גאָרקי)

# א מענטש-א לעגענדע

כ׳וואָלט ניט געזאָגט, אז מײַן לאַנג לעבן איז דורכגעגאַן דורכויס גלאַט. אלץ איז געווען אף מײַן וועג: יוגנטלעכע פרייד, איבערגעמישט מיט צאָרעס, אויגן, פארגאָסענע מיט שווייס, ביטערע געפילן. אָבער קיין גרויסע טײַנעס צום גורל ווילט זיך ניט ארויס־שטעלן, קוידעמקאָל דערפאר, ווײַל מיר איז געלונגען צומאָל באגעגענען אף מײַן לעבנסוועג מערקווירדיקע מענטשן. איינעם פון זיי גלוסט זיך מיר אָנרופן איצט מיטן גרעסטן דרעע־כערעץ — רובינטשיק יעפים עמאנויִלאָוויטש, גענעראַל־מאיאָר פון אינזשעניר־טעכנישער דינסט.

מײַן שטאָט גאָרקי שטייט אף דער וואָלגע, דאָרט, ווו זי באגעגנט זיך און גיסט זיך צונויף מיט דעם טײַך אָקאַ. פאראַן בא אונדז, אינעם אמאָליקן ניזשני נאָווגאָראָד, א זאוואָד „קראַסנאָיע סאָרמאָווא", דאָס איז א זאוואָד א לעגענדע. יעפים רובינטשיק איז געשטאַנען בעראָש פון אָט דעם זאוואָד אין די גרויזאמע יאָרן פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע. ס׳קאָן זײַן, אז דערפאר טאקע איז ער, דער דירעקטאָר, אויך פארשלייערט אין קאָלערליי לעגענדעס. אָבער מיך אינטערעסירן ניט די לעגענדעס ארום דעם מענטשן. איך האָב אין זינען אליין דעם מענטש.

דער גענעראַל רובינטשיק פערזענלעך איז איבערצײַגט, אז אים האָט פאָשעט אָפּגעע־גליקט, און ניט איין מאָל אין לעבן, א סאך מערער, איידער ס׳האָט אָפּגעגליקט אנדערע מענטשן. טאקע אן עמעס: האָט זיך געדארפט אזוי א דריי טאָן דער שיקזאַל, אז נאָך יונגערהייט זאָל רובינטשיק אָנקומען ארבעטן אין אזא בארימטן קאָלעקטיוו, ווי דער סאָר־מאָווער זאוואָד, וועגן וועלכן דער גרויסער רוסישער שרײַבער אלעקסיי טאָלסטאָי האָט אין סענטיאבער 1941 געשריבן אין דער צײַטונג „גאָרקאָווסקאַיא קאָמונא": „ס׳איז אן אוילעם מיט פארשטאנד, א בייזער צו דער ארבעט", און וועגן וועלכן די מאָסקווער „פראַוו־דא" האָט אין אָקטיאבער 1943 באמערקט, אז „מיט די סאָרמאָוויטשער שטאָלצירט דער גאנצער ארבעטער־קלאס פון סאָוועטנפארבאנד".

עס האָט אויך געדארפט פונקט אזוי פאסירן, אז ער, יעפים רובינטשיק, א נאָרוואָס אויסגעפיקטער פון זײַן יידיש שטעטעלע בערעזינאָ אין ווײַסרוסלאנד, איז בײַגעווען אין 1921 אין קאָלאָנען־זאַל פונעם פאריינען־הויז אף דער מאָסקווער גובערניאַלער פארטיי־קאָנפערענץ, ווו וולאדימיר איליטש לענין איז ארויסגעטראָטן מיט א פאָרטראָג „וועגן דער נײַער עקאָנאָמישער פאָליטיק". דעמלט, אין אָקטיאבער 1921, אײַנהערנדיק זיך אופמערק־זאם אין לענינס ארגומענטן לעטוויוועס דער נײַער עקאָנאָמישער פאָליטיק, האָט ער, יעפים רובינטשיק, דער קומענדיקער אינזשעניר, פארשטאנען, אז קיין אנדער אויסוועג איז ניטאָ, מע מוז איינגיין אפן נעפּ.

נאָך איין מאָל, און אפסנײַ ווי א געשאנק פונעם גורל, האָט יעפים רובינטשיק באַ־קומען די מעגלעכקײַט דירעקט צו הערן לענינען. דאָס איז געשען דעם 20 נאָיאבער 1922. אין מאָסקווער גרויסן טעאטער איז פאָרגעקומען א פארייניקטע זיצונג פונעם פלענום פון דעם מאָסקווער סאָוועט מיט די פלענומס פון אלע ראיסאָוועטן פון דער הויפּט־שטאָט. א באגײַסטערטער פון לענינס ארויסטרעטונג, האָט יעפים רובינטשיק געפונען אן ענטפער אף דער פראגע, ווו ער, דער יונגער קאָמוניסט, דארף זוכן אן אָרט אף צו ברענגען נוץ דעם היימלאנד, און ער, דאָס פינפטע קינד באם האָרעפּאשניק מענדל רובינטשיק, קארגט ניט קיין קויעך, ביכדיי פארווירקלעכן דאָס, וואָס עס איז געוואָרן זײַן פראָגראַם אף די ווײַטערדיקע יאָרן.

דער מעלוכישער שוץ־קאָמיטעט האָט פארפליכטעט דעם סאָרמאָווער זאוואָד ארויסלאָזן טאנקען. אפן נײַנטן טאָג פון דער מילכאָמע מיט די פאשיסטן איז קיין גאָרקי געקומען דער פאָלקס־קאָמיסאר פון דער טאנקען־אינדוסטריע וו. מאלישעוו און האָט מיט־געטיילט דעם ארבעטער־קאָלעקטיוו וועגן אָט דער דירעקטיוו, אונטערשטרײַכנדיק דערבײַ,

אז דעם זאוואָד, וועלכער האָט געבויט שיפן, איז זייער שווער איבערצוגיין צו פּראָדוצירן טאַנקען, אָבער קיין אנדער ברייַרע איז ניטאָ, מע איז מעכוייעוו אויספּילן די אופגאַבע.

מיר, אַלס טוישעוו פון דער שטאָט גאָרקי, איז אָנגענעם צו זאָגן, פּאַרלויפנדיק פּאַרויס, אַז די ערשטע טאַנקען פון די סאָרמאָוואָצעס האָבן נאָך באַוויזן זיך אייַנשליסן אין די שלאַכטן, וואָס האָבן זיך צעפלאַקערט הינטער מאָסקווע אין איין־און־פּערציקסטן.

אין מייַ 1942 איז באַנייַט געוואָרן די אָנפירערשאַפט פון דעם סאָרמאָווער זאוואָד. דאַן האָט מען באַשטימט אַלס דירעקטאָר יעפים עמאַנויִלאָוויטש רובינטשיקן, אַן אינזשעניער, וואָס האָט באַקומען הויכבילדונג אין אוניווערסיטעט אַף סווערדלאָווס נאָמען, אַ ווירטשאַפטלער מיט אַ צעניאָריקער דערפאַרונג, אַרייַנרעכנענדיק זייַן דירעקטאָרסטווע אַפן קאָלאָמענסקער מאַשינבוי־זאוואָד.

ענטוזיאַזם האָט באַ די סאָרמאָוואָצעס געקלעקט. דער פּילטויזנטקעפּיקער אַרבעטער־קאָלעקטיוו האָט מעסירעסנעפּעשדיק געאַרבעט אונטערן דעוויז: „אַלץ פאַרן פראָנט, אַלץ פאַרן ניצאָכן". מערער פון צוועלף טויזנט טאַנקען האָט געגעבן דעם פראָנט דער סאָרמאָווער זאוואָד. 33 מאָל איז די אונטערנעמונג באַלוינט געוואָרן מיט דער רויטער איבערגאַנגס־פּאַן פונעם מעלוכישן שויך־קאָמיטעט. דער טאַנק ט־34, וועלכן ס'האָט אַרויסגעלאָזט דער סאָרמאָווער זאוואָד, איז אָנערקענט געוואָרן אַלס בעסטער טאַנק פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע.

אַפן פּלאַץ צווישן די זאוואָדישע קאָרפּוסן איז אַף אַ מאַסיוון פּאָסטאַמענט אופגעשטעלט אַן אייגנאַרטיקער דענקמאָל — דער שלאַכט־טאַנק ט־34. דאָס איז אַ מאַטאָנע פון דער קאָמאַנדשאַפט פון דער סאָוועטישער אַרמיי דעם סאָרמאָווער זאוואָד. באַם צופוסנס פונעם דענקמאָל — אַן אופשריפט: „דער דאָזיקער טאַנק, וועלכער איז אַראָפּ פונעם קאָנווייער אַף אייַער זאוואָד, האָט זיך איינער פון די ערשטע אַרייַנגעריסן אין בערלין אין אַפּרעל 1945".

די אָנערקענונג האָט ניט אויסגעמיטן דעם גענעראַל־מאַיאָר פון אינזשעניער־דינסט יעפים רובינטשיקן. ער איז באַלוינט מיט פיר לענין־אָרדענס, מיט דרייַ אָרדענס פון דער רויטער אַרבעטס־פּאַן, מיט אָרדענס פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און פעלקער־פרייַנטשאַפט, אַף זייַן ברוסט שייַנען אַ קוטוזאָוו־אָרדען און אַן אָרדען פונעם פּאַטערלענדישן קריג, ווי אויך פילצאָליקע מעדאַלן. יעפים רובינטשיק איז אַ לאַורעאַט פון דער מעלוכע־פּרעמיע פון פּססר. זי איז אים צוגעטיילט געוואָרן אין 1949 פאַר דער שנעל־בויונג פון טייַך־שיפן.



גענעראַל יע. רובינטשיק אין זייַן אַרבעטס־קאַבינעט

דער אינזשעניער רובינטשיק האָט פון דעם האנאָע. אָבער זײַן דערפארונג זאָגט אים אונטער, אז דאָס סאמע בעסטע, דאָס סאמע שענסטע אף דער וועלט איז פארדינען אַפשײַ בא די מענטשן, מיט וועמען דו ארבעטסט. געווען איז יעפים רובינטשיק העכסט גליקלעך, ווען מע האָט אים אויסגעוויילט פאר א מיטגליד פונעם געגנטקאָם פון דער פארטיי, ווען ער האָט געהאלטן אין די הענט דעם מאנדאט פון א דעלעגאט פינעם פינף־און־צוואנציקסטן, דערנאָך פונעם זעקס־און־צוואנציקסטן פארטיי־צוזאמענפאָרן.

כ'שלאָג זיך מיט דער דייע, וואָס צו דערציילן וועגן די מײַסים־טויווים פון רובינטשיקן. עפשער וועלן די לייענער פון אונדזער זשורנאל גוטוויליק אופנעמען אזא מין עפיזאָד. בעשאס יעפים עמאנויִלאָוויטש איז נאָך געווען דירעקטאָר פונעם זאוואָד אף פעטראָווסקיס נאָמען, האָט די אונטערנעמונג אָנגעהויבן באהערשן דעם ארויסלאָז פון מאגנעטאָפאָנען, די ערשטע אין סאָוועטנפארבאנד. דער גאנצער קאָלעקטיוו האָט מיט גרויס פלײַס געארבעט און קימאט אלץ צוגעגרייט, קעדיי פראָדוצירן דעם נײַעם אפאראט. נאָר אין דער לעצטער מינוט האָט זיך ארויסגעוויזן, אז איבער דער צעשטרייטקײַט פון די באזאָרגלער איז אף די סקלאדן פונעם זאוואָד ניט געווען פארגרייט קיין איין מעטער פון דעם פעטרענעם אונטערשלאק, אָן וועלכן פארענדיקן די קאָמפלעקטירונג פונעם מאגנעטאָפאָן איז געווען אוממעגלעך. אף דער פראָדוציר־באראטונג טוט זיך א כאפ יעפים עמאנויִלאָוויטש:

— עווריקא! מע קאָן דאָך אלס אונטערשלאק אויסנוצן געוויינלעכע פעטרענע קאפליושן!

ער הייבט זיך אוף פון זײַן פאָטעל, טוט א שפאן צו דער שראנע, וועלכע איז צוגעטוליעט צו דער וואנט אין לינקן ווינקל פונעם דירעקטאָרישן קאבינעט, און טוט לײַכט א נעם אראָפ פונעם הענגער די שליאפע מיט ברייטע, מאָדנע אין דער דעמלטיקער צײַט, פאלדן. דערנאָך קערט ער זיך אום צוריק, שטעלט פארזיכטיק אוועק דעם קאפעליוש אינמיטן טיש און גיט צו קימאט פײַערלעך:

— איך בין מאקריוו מײַן הוט פאר אונדזער אלגעמיינער זאך און לייג פאָר אלעמען טאָן דאָס זעלבע...

קיינער האָט ניט געוואָלט אָפשטיין. עפשער האָט עמעצער זיך געשעמט אויסזען ווי א קארגער, עפשער האָבן אלע פארשטאנען, אז קיין אנדער ברייֵרע איז ניטאָ און מע מוז אײַנגיין אף אָט דעם „קאָרבן"...

אָט אזוי האָט מען געראטעוועט דעם פלאן. די נײַע פראָדוקציע איז ארויסגעלאָזט געוואָרן צו דער צײַט.

איז עס דען ניט קיין וואָר און קיין לעגענדע איינצײַטיק?

ווען יעפים עמאנויִלאָוויטש איז געוואָרן איינער פון די שטעלפארטרעטער פונעם פאָרזיצער אין סאָוונארכאָז, פלעגן צו אים קומען באזוכער מער, איידער צו אלע אנדערע זעקס שטעלפארטרעטערס. צו יעפים עמאנויִלאָוויטשן האָט מען געקאָנט ארײַנגיין אויך אין דער ניט־אײַנגעשטעלטער צײַט. דער באזוכער אין אזעלכע פאלן, אלס קלאל, הייבט אָן פונעם וואָרט: „אנטשולדיקט!".

— וואָס הייסט „אנטשולדיקט"? — ענטפערט באלד אָפ יעפים עמאנויִלאָוויטש, — מי זײַנען שטענדיק מעכוייעוו זיך פארנעמען מיט אײַערע אָנפראגן.

צוטרוילעכקײַט און באשיידנקײַט, אופמערקזאמקײַט און גוטסקײַט פלעגן טאָמיד בז גלייטן דעם דאָזיקן אויסערגעוויינלעכן מענטשן.

דער כאָשעווער גענעראל, מיט וועלכן מיר האָט אָפגעגליקט זיך באגעגענען אף מי לעבנסוועג, ווינט איצט אין מאָסקווע. לאָמיר אים ווינטשן אריכאס־יאָמים און שעפעריק דערפאָלגן.

# די קאַמייע פֿון דעם פּאַרפֿאָלקאָווניק כאַים יאַוויטש

כ'ווייל אײַך דערציילן אַ געשיכטע וועגן אַ קאַמייע, וועלכע עס האָט מיר געשענקט מיט עטלעכע יאָר צוריק מײַנער אַ פּאַציִענט.

ניט געקוקט אַף דעם, וואָס בעלאַיאַ צערקאָוו איז געוואָרן אַ גרויסע שטאָט, הײַנט־צוטאָג האָט זי מער פֿון צוויי הונדערט טויזנט אײַנוווינער, האָט זי דאָך פֿאַרהיט דעם קאָלאָריט פֿון אַן אַמאָליק שטעטל. אין די צענטראַלע גאַסן און געסלעך פֿון דעם אַלטן טייל שטאָט, קאָן מען נאָך הערן אַ געשמאַקן ייִדיש.

אין איינער אַ זומער־נאַכט האָט מען מיך אַלס דאָקטער־קאַרדיאָלאָג דרינגענדיק געבעטן באַטראַכטן אַ שווערן כוילע. מע האָט מיך געבראַכט אין אַ שטוב, וועלכע געפינט זיך אין אַ ייִדיש געסל אין דער אַלטער שטאָט. באַם כוילע כאַים יאַקאָוולעוויטש, אַ באַיאָרטן ייִדן, האָט פּאַסירט אַ האַרץ־אַטאַקע. מיר האָבן אָנגענומען אַלע מיטלען און געראַטעוועט דאָס לעבן פֿונעם פּאַציִענט. איך האָב געוואָלט מיטנעמען דעם כוילע אין קאַרדיאָלאָגישן אָפּטייל פֿונעם שטאָט־שפּיטאָל, נאָר ער האָט זיך אָפּגעזאָגט און זײַנע קינדער האָבן אויך געבעטן אים איבערלאָזן אינדערהיים.

יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט אין שפּיטאָל פֿלעג איך אים וויזיטירן. מיט דער צײַט איז דעם כוילע געוואָרן בעסער. ניט געקוקט אַף דעם, וואָס ער איז געווען שוין אין טיפֿן עלטער, באַ די שמונים, איז ער געווען נאָך קרעפֿטיק און רירעוודיק, און ווען איך האָב

שנײַדער־שטימע
אָרגאַן פֿון אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פֿון נײַפֿאַבריק „קאָמינטערן“

ГОЛОС ШВЕЙНИКА
Орган рабочих и служащих швейной фабрики „Коминтерн“

№ 7 | Среда 2 октября 1929 г. | № 7

Массовое участие в социалистическом соревновании и проверка политдоговоров—лучший залог выполнения плана строящегося в нашей стране социализма

За поворот лицом к производству

Нельзя успокоиться

Предстоящая чистка производственных партийных ячеек требует активного участия рабочих масс. Без этого участия не сумеем освободиться от негодного элемента в партии.
Рабочие нашей фабрики должны сообщать в ячейку устно или письменно, а также через печать о всех проступках коммунистов нашей ячейки.
Бюро партколлектива

Тормоза социалист. соревнования

דאָס קעפּל פֿון דער צײַטונג „שנײַדער־שטימע“ פֿאַרן 2 אָקטיאַבער 1929

אים דערלויבט זיך אופֿהייבן פֿון בעט, האָב איך דערזען אַ שלאַנקן מאַנצבל מיט אַ גרינגן טראָט. כ'האָב אַ שפּאַס געטאָן: איר זײַט נאָך אַ בראַווער יונג בײַ אײַערע יאָרן! ענטפֿערט ער מיר: „דאָקטער, איך האָב מער פֿון צוואַנציק יאָר אָפּגעגעבן דער מיליטער־דינסט, און דאָס האָט מיך פֿאַרהאַרטעוועט".

דעם שמועס האָבן מיר געפֿירט, נאַטירלעך, אויף ייִדיש. כאַיִם יאַקאָוולעוויטש האָט גערעדט אויפֿן ליטווישן דיאַלעקט. מיט דער צײַט האָבן זיך אײַנגעשטעלט צווישן אונדז פֿרײַנטלעכע באַציִונגען, ווי עס מאַכט זיך צווישן אַ דאָקטער און אַ כולה.

בעשאַס איינעם פֿון מײַנע באַזוכן זאָגט מיר כאַיִם יאַקאָוולעוויטש יאַוויטש: „טײַערער דאָקטער, איך ווייל אײַך ווײַזן אַ זאַך, נאָר ס'איז ניט קיין געוויינלעכע זאַך, ס'איז פֿאַר מיר דאָס סאַמע הייליקע, מײַן טאַליסמאַן, די קאַמייע, וועלכע איך האָב דורכגעטראָגן אין די יאָרן פֿון מײַן באַוווּסטזיניק לעבן. זי איז געווען מיט מיר אויפֿן פֿראָנט אין דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע און אין די פֿרידלעכע יאָרן".

ער נעמט אַרויס אַ צײַטונג מיט ייִדישע און רוסישע אויסיִעס — „שנײַדער־שטימע", אין רוסיש „גאָלאָס שווייניקאַ" — פֿון דעם 2 אָקטיאַבער 1929. אָט דאָס איז די קאַמייע.

מיך האָט, נאַטירלעך, פֿאַרינטערעסירט די דאָזיקע צײַטונג, און איך האָב מיט גרויס אויפֿמערקזאַמקײַט זיך באַקאַנט מיט די מאַטעריאַלן אין דער „שנײַדער־שטימע". כאַיִם יאַקאָוולעוויטש יאַוויטש האָט מיר דערציילט וועגן זײַן לעבנסוועג...

ער איז געבוירן געוואָרן אין 1909 אין דער שטאָט פּרילוקי, טשערניגאָווער גובערניע. אין דער מישפּאָכע האָט מען געוווּסט פֿון פֿאַרשיקונג, אַרעסטן און עמיגראַציע. מעגלעך, אַז אַדאַנק אַזאַ אַטמאָספֿער האָט זיך אויסגעפֿאָרמירט דער כאַראַקטער פֿון דעם קומענדיקן אַרבעטער־ און געזעלשאַפֿטלעכן טוער.

אין עלטער פֿון צוואַנציק יאָר פֿאָרט כאַיִם יאַוויטש איבער קיין האָמעל. דאָס יונגע סאָוועטנלאַנד נייטיקט זיך אין אַרבעטס־הענט, און אַן אָפּשטאַמלינג פֿון אַן אינטעליגענטישער מישפּאָכע, גייט ער אָן שום וואַקלונגען אַרבעטן אַלס מעכאַניקער אין אַ ניי־פֿאַבריק.

די ליכטיקע צוקונפֿט האָט דאַן אויסגעזען אַזוי נאָענט, אַז צוליב איר איז יעדער אייִנער גרייט געווען אָפּגעבן אַלע זײַנע קויכעס.

די צײַטונג „שנײַדער־שטימע", דער אָרגאַן פֿון די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פֿון דער האָמעלער ניי־פֿאַבריק „קאָמינטערן", האָט געוויינלעך דרייסט אויפֿגעהויבן אָנגעווייטיקטע פֿראַגן, געקעמפֿט קעגן ביוראָקראַטיזם, שאָוויניזם, אַנטיסעמיטיזם, קעגן דער קליינבירגערלעכער פּסיכאָלאָגיע.

אָט איז, לעמאָשל, דער נומער 7 פֿאַרן 2 אָקטיאַבער 1929, דער זעלבער, וועלכן ס'האָט מיר געשענקט כאַיִם יאַקאָוולעוויטש. אינעם אַרטיקל „שליסט אָפּ — האָט ראַכמאָנעס" דערציילט זיך וועגן פֿיל פֿעלערן, וועלכע זײַנען נאָך פֿאַראַן אין דער פֿאַבריק: פּראָגולן, שיקרעס, אַנטיסעמיטיזם, שאָוויניזם, ביוראָקראַטיע און נאָך פֿאַרשיידענע צאָרעס. אָדער נעמט דאָס אַרטיקל „מע מוז עס אויסלעבן", ווו דער מעכאַבער שרײַבט, אַז מע דאַרף דורכפֿירן די ראַציאָנאַליזאַציע אין דער פֿאַבריק, וואָס עס וועט ברענגען צום העכערן די פּראָדוקטיווקײַט. די צײַטונגס־נאָטיץ „די אַרבעט צווישן די אַרבקאָרן", ווו ס'ווערט געזאָגט, אַז מע דאַרף זיך ניט שרעקן פֿאַר דער אַדמיניסטראַציע און ברייט פֿאַנאַנדערוויקלען די זעלבסטקריטיק.

די מאַטעריאַלן אין „שנײַדער־שטימע" אין ייִדיש, רוסיש און ווײַסרוסיש זײַנען דערשינען אין 1929, ווען דער סטאַלינס־קולט איז נאָך ניט געווען אַזוי טיף אײַנגעגלידערט. אַציינד, אין פּעריאָד פֿון דער איבערבויונג און ברייטער דעמאָקראַטיזאַציע פֿון אונדזער געזעלשאַפֿט, זײַנען זיי אַקטועל, און וועגן די דאָזיקע פֿראַגן שרײַבט אַ סאַך די הײַנטצײַטיקע פּרעסע.

די צײַטונג אַליין איז אַ בײַשפּיל פֿון אינטערנאַציאָנאַליזם — זי איז אַרויסגעגאַן אויף דרײַ שפּראַכן — אַ בוילעטער בײַשפּיל פֿון פֿאַרווירקלעכן אין לעבן די הויכע אידעאַלן פֿון פֿעלקער־פֿרײַנטשאַפֿט. נאָך דעמלט, אין סאָף פֿון די צוואַנציקער יאָרן, האָט זי געהאָלפֿן דער פֿאָרמירונג פֿונעם כאַראַקטער פֿון דעם יונגן דאָר סאָוועטישע אַרבעטער.

כאַיִם יאַקאָוולעוויטש יאַוויטש איז ניפֿטער געוואָרן דעם 1 אויגוסט 1988 יאָר אין עלטער פֿון 79 יאָר. דער פּאָדפּאָלקאָווניק אין רעזערוו האָט דורכגעטראָגן מיט זיך אין די שווערע מילכאָמע־יאָרן און נאָכן קריג די צײַטונג „שנײַדער־שטימע" מיט די טײַערע ייִדישע און רוסישע אויסיִעס, וועלכע איז געווען פֿאַר אים אַן עמעסדיקע קאַמייע.

## אָשער צוימאַן
(קיִעוו)

### צוזאָגן און ליב האָבן קאָסט ניט קיין געלט

דעם ליגנער דאָס דאָזיקע ווערטל געפעלט,
מיט ווערטער דעם שאָכן אין מויעך ער שיסט,
דערציילן א מײַסע אים קאָסט ניט קיין געלט,
נאָר גאָרניט אין לעבן ער טוט ניט אומזיסט.

דאָס ווערטל געוואָרן איז אלט ווי די וועלט,
מע זאָגט, אז עס שטאמט פון א ליגנער אין מארק;
מײַן הארציקע ליבע איז רײַכער פון געלט.
מײַן ערנוואָרט טאָמיד ווי אײַזן איז שטארק.

אין כאָלעם מיך הײַנט האָט באזוכט דאָן קיכאָט,
געדריקט ער האָט מונטער מײַן ערלעכע האנט;
ווײַזט אויס, אז אונדז ביידן באשערט איז פון גאָט,
ווי ברידער אף אייביק איצט ווערן באקאנט.

### עס גיסט א קאלטער רעגן

די גאס איז ווייך פון נאסע בלעטער,
א גאנצן טאָג דער רעגן גיסט.
די ביינער ברעכן בא מײַן פעטער,
אין רוקן בא דער מומע שיסט.

פון אונדזער קוימען פליִען פונקען,
אף עמעצן עס בילט מײַן הונט...
הײַנט זייער גוט איז ווײַן צו טרינקען,
אויב עס דערלויבט נאָר דאָס געזונט.

## מאָטל קאפלאן
(מינסק)

### ראָק־מוזיק

ראָק־מוזיק, ראָק־מוזיק.
ווער ווייסט מיט וואָס מע עסט עס.
מע טרייסלט זיך, מע שאָקלט זיך,
ווי א כאָסיד בא שמוינע־עסרע.

לויפט א באָכער הין־צוריק,
רונד ארום, פארהאָריקט.
קאָרטשעט זיך און פראוועט שטיק,
דרייט זיך אפן קאָרעק.

דער דינאמיק — ווי געוואלד,
זיבן פויקן קנאקן.

שרײַט א מיידל, רײַסט דעם האלדז —
האלב אָנגעטאָן, האלב נאקעט.

א געפילדער און א היץ,
גרילץ פון זעגן שווערע,
און עס דונערט און עס בליצט,
בלינד און טויב צו ווערן.

ס'וועט מיסטאמע כידעשן,
וואָס כ'מאך דעם ראָק צונישט.
ווײַל כ'האָב ליב א ניגנדל,
וואָס מונטערט דאָס געמיט.



נ ו י ע ך  ל ו ר י ע

# וואָס איך האָב געזען

(זומער 1938 י., קיעוו)

איך מיין ניט, אז ס'איז שוין געקומען די צײַט צו דרוקן אזעלכע זיכרוינעס, אָבער פארשרײַבן זיי דארף מען.

גייסט אין גאס, האָסט פארגעניגן פון דער זון אין הימל, פון דיביימער, וואָס גרינען, פון די קינדער, פון די שיינע פרויען ארום דיר. דאָס הארץ דײַנס איז לויטער, דאָס בלוט אין די אָדערן רוישט, ווי מוזיק. און פלוצעם גייט צו דיר צו עפּעס א שפּעטנע מענטשל, ציוויל אָנגעטאָן, און טוט דיר א ווונק, זאָלסט ארײַנגיין אין א געוויינלעכער טיר פון א געוויינלעכן גרויען הויז, און דו פאלסט ארײַן אין א וועלט פון שרעק און גרויל.

אָט אזא בילד האָט אין יענער צײַט (1937 — 1938) מיך ניט זעלטן געמאטערט. און אזוי אן ערעך האָט מיט מיר פּאסירט.

אָנהייב יוני האָט מען מיך צוזאמען מיט נאָך צוויי שרײַבער קאָמאנדירט אף א ליטעראַרישן אָוונט קיין זוועניגאָראָדקע. ארום צוועלף באנאכט בין איך מיט א קליין טשעמאָדאנדל אין האנט אוועק צום וואָקזאל. דער צוג האָט באדארפט אָפּגיין נאָך איינס. ביזן שעווטשענקאָ־בולוואר האָט מיך באגלייט די פרוי. ס'איז געווען שטיל, ווארעם, ניט אויס־

געשטערנט. מיר זײַנען געגאַנגען אױף טימאָפּײעװסקע, װאָס איז אין יענער שפּעטער שאָ געװען אײַנגאַנצן פּוסט, און אַלע צען־צװאַנציק שפּאַן זיך אָפּגעשטעלט און זיך געקושט. װי יונג אונדזערע הערצער זײַנען דעמאָלט געװען! באַם ראָג האָבן מיר זיך געזעגנט. דורכן בולװאַר און װײַטער האָב איך פֿאַרגעזעצט מײַן װעג אַלײן. ס'איז געװען גוט אױפֿן האַרצן און עטװאָס אומרויִק. קעסײדער דערװעקט אין מיר אַ נעסיִע אומקלאָרע דערװאַרטונגען פֿון עפּעס גוטס.

אין סאָד אױף די בענק פֿאַר דער אָפֿענער בינע, פֿון װעלכער מיר זײַנען אַרויסגעטראָטן, זײַנען געזעסן עטלעכע הונדערט מענטשן. מע האָט אונדז געהערט גוט, באַגלײט מיט ראַשיקע אַפּלאָדיסמענטן, די שטימונג איז געװען אַ געהױבענע. איך האָב געלײענט דער לעצטער. אױסגעטרונקען דערנאָך אין בופֿעט אַ גלאָז סעלצער־װאַסער, האָב איך געהאַלטן אין צעזעגענען זיך, װען עמעצער האָט מיך, אָנרירנדיק באַם אַרבל, אָפּגערופֿן אין אַ זײַט און שטיל אַ פֿרעג געטאָן:

— איר זענט לוריע נאָיאַך געשעלעװיטש,

— יאָ.

— גײט מיט מיר. איר זענט אַרעסטירט.

אין דער זעלבער מינוט האָט מען גענומען אױסלעשן די לאָמטערנס אין סאָד און פֿאַרמאַכן דעם בופֿעט. ערגעץ אין שאָטן האָבן זיך אָפּגערוקט מײַנע כאַװײרים. װען איך בין געקומען צו־זיך, איז אַרום מיר, כוץ צװײ קאָנװאָיִרער, קײן מענטש ניט געװען. און אָט בין איך שױן אױף עפּעס אַ װיסטער גאַס. עס שײַנט די לעװאָנע. עס בילן הינט. אין דער נאַכטיקער שטילקײַט קלינגען הילכיק אָפּ אונדזערע טריט. און ס'איז מיר קלאָר: דאָס איז מײַן סאָף; פֿון איצט אָן בין איך רעכטלאָז און פֿאַרשטויסן. מע דאַרף גרײטן דאָס האַרץ צו אַ לאַנגן פֿינצטערן װעג.

אינעם קעלער פֿון דער ראַיאָנישער מיליציע־פֿאַרװאַלטונג האָב איך געטראָפֿן אַ מענטשן אַכט. אַלע האָבן זיך אױפֿגעהױבן פֿון די בעטלעך. מיר האָבן גענומען אײנער דעם אַנדערן פֿאַנאַנדערפֿרעגן. מיך האָט דעריקערשט אינטערעסירט, װיאַזױ װערט דאָ געפֿירט די אױספֿאָרשונג. מיט די פֿויערים, װאָס זײַנען דאָ געװען אַמערסטן, האָט מען קײן לאַנגע מאַכזאָקעס ניט געמאַכט. קײן שום אױספֿאָרשונג, קײן שום געריכט. אײן מאָל אָדער צװײ מאָל אױף פֿאַרהערן, װאָס הײבן זיך אָן פֿון קלעפּ און פֿאַרענדיקן זיך מיט כאַסמענען אַ פּראָטאָקאָל און מיט פֿאַרשיקונג. אַז מע שלאָגט בײַס די פֿאַרהערן, האָבן באַשטעטיקט אַלע.

איך בין געלעגן אױפֿן האַרטן בעטל און ניט צוגעמאַכט קײן אױג. אױפֿן האַרצן איז געװען קאַלעמוטנע. צי דען קומט דאָס זעלבע פֿאַר אױך אין קיִעװ און אין מאָסקװע, די זעלבע פֿאַראָנדקעס, דער זעלבער װילקיר?

לעבן מיר איז געלעגן אַ מענטש, װאָס האָט אױסגעזען צו זײַן אַ שטאָטישער, אַן עקאָנאָמיסט, װי עס האָט זיך אַרויסגעװיזן, װען מיר האָבן זיך צערעדט. ער האָט אױך ניט געקאָנט אײַנשלאָפֿן. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געהאַלטן אין אײן מורמלען װעגן דעם, אַז אומעטום הערשט פֿאַלשקײַט און שעקער, אַרבעטן װי עס דאַרף צו זײַן לאָזט מען ניט, און דערנאָך זוכט מען, אױף װעמען אַרופֿװאַרפֿן די שולד, װאָס די אַרבעט גײט שלעכט. אױף אָנפֿירנדיקע שטעלעס רוקט מען אַרויס ניט די פֿעיִקסטע און געטרײַסטע, נאָר די אַמערסטן פֿיפֿיקע און שמײַדיקע. קײן געזעצלעכקײַט און גערעכטיקײַט איז ניטאָ, דער עמעס אינטערעסירט קײנעם ניט. װער ס'איז אַרײַן אין פּאַסטקע, דער װעט פֿון דאָרטן שױן ניט אַרויס, אַזױ אָדער אַנדערש װעט מען אים אומברענגען, מיט די אָדער יענע מיטלען צװינגען אָנרעדן אױף זיך און אױף זײַנע כאַװײרים. און אַזױ װײַטער און װײַטער, אַלץ אין דעם זעלבן נוסעך. עס האָט זיך ניט געװאָלט גלײבן, נאָר דערזוידערן האָב איך קײן קױעך ניט געהאַט. ס'איז בײַ מיר געװען אַ געפֿיל, װי מע זאָל מיך שנײַדן מיט אַ שטומפּיק מעסער. ס'האָבן זיך דערמאָנט די אומפֿאַרשטענדלעכע, שוידערלעכע אַרעסטן, װעלכע זײַנען פֿאָרגעקומען דאָס לעצטע יאָר, און אַנדערע שרעקלעכע זאַכן, װאָס איך זעלבסט בין געװען אַן אײדעס פֿון זײ: אױסגעשטאָרבענע דערפֿער, קאַניבאַליזם, צי דען האָט מען דאָס אַלץ ניט געקאָנט אױסמײַדן?

אין אַ מעסלעס אַרום האָט מען מיך אָפּגעשיקט קײן קיִעװ. צוזאַמען מיטן קאָנװאָי האָבן מיר פֿאַרנומען אַ באַנק אין עקסטן קופּע פֿון אַ האַרטן װאַגאָן. אַקעגן אונדז זײַנען באַם פֿענצטער געזעסן צװײ עלטערע ייִדן מיט ביז גאָר לעבעדיקע, נײַגעריקע אױגן. אײנדערפֿרי, װען כ'בין צוליב אַ נאַטירלעכער באַדערפֿעניש אַרויסגעגאַנגען פֿון װאַגאָן, האָט מיך אַ קאָנװאָיִרער באַגלײט. איך האָב זיך אומגעקערט אין דעם מאָמענט, װען מײַנע שכײנים האָבן געעפֿנט זײערס אַ טשעמאָדאַנדל, אַרויסגענומען פֿון דאָרטן אַ פֿלעשל בראַנפֿן,

וווּרשט און ברויט און זיך געקליבן פֿרישטיקן. דעם בראָנפֿן האָבן זיי אָנגעגאָסן אין טערמאָס-דעקלעך. קוקנדיק אין מײַן זײַט, האָבן זיי אָנגעקלאַפּט די דעקלעך איינס אין אַנדערן, און איינער פֿון זיי האָט געזאָגט אויף ייִדיש עטלעכע ווערטער, וואָס האָבן מיך טיף דערפֿרייט און זיך פֿאַרגעדענקט:

— נו, זאָל גאָט געבן, לײַטישע מענטשן זאָלן קאָנען גיין פֿישן אָן אונטערפֿירער.

קיין קיִעוו זײַנען מיר אָנגעקומען נאָך האַלב טאָג. דער פּלאַץ באַם וואָקזאַל איז געווען פֿאַרגאָסן מיט בלענדנדיקער זונען-שײַן. באַם אַרויסגאַנג האָט מיך באַגעגנט דאָס ווײַב. ס'האָט זיך פֿאַרגעדענקט איר פּנים — פֿול מיט ווייטיק און צאָרן — קימאַט ווי בײַ אַ כאָסער-דייע. ס'האָבן זיך פֿאַרגעדענקט אירע ווערטער: „איך וועל אַקערן מיט דער נאָז די ערד, כ'וועל זיך ניט באַרויִקן, ביזוואַנען כ'וועל זיך ניט דערשלאָגן דעם עמעס״. דער קאָנוואָיִרער האָט איראָניש צוגעשמייכלט.

אונדזער באַגעגעניש האָט געדויערט ניט מער ווי אַ מינוט. ס'האָט געוואַרט אַ מאַשין פֿון דער ענקאַוועדע. פֿון דרויסן האָט זי ניט אויסגעזען שרעקלעך. אויף די פֿענצטערלעך — בלויע פֿאָרהענגלעך. צום רומל האָבן עפּשער נאָר געפֿעלט וואַזאָנעס מיט בלומען. אינווייניק אָבער איז אַלץ געווען אַנדערש. איך בין אַרײַן אין אַ הערמעטיש פֿאַרשפּאַרטן פֿינצטערן און ענגן אײַזערנעם סייף מיט שוואַך דורכלויכטנדיקע שמאָלע שפּעלטיקלעך פֿון אַ פּיצעלע ווענטיליאַטאָר אין איינעם פֿון די אייבערשטע ווינקלען. די היץ אין דעם דאָזיקן קאַסטן איז געווען ניט איבערצוטראָגן. כ'האָב ניט געהאַט מיט וואָס צו אָטעמען. אין די שלייפֿן האָט געקלאַפּט, ווי מע וואָלט מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ געשלאָגן. פֿון יענער זײַט מאַשין האָט גערוישט די שטאָט, נאָר איבער וועלכע גאַסן און וווּהין פֿאָרן מיר האָט מען ניט געזען. „אַזוי פֿירט מען צום טויט״ — איז דורכגעלאָפֿן אַ געדאַנק, און דאָס האַרץ האָט פֿאַרקלעמט פֿון ווייטיק און פֿאַרדראָס. פֿאַרוואָס? און צוליב וואָס? ווער דאַרף עס?

ס'איז שווער איבערצוגעבן, ווי איך האָב, מאַמעש ווי אַ הינטעלע, זיך דערפֿרייט, ווען מע האָט מיך פֿון אָט דעם שרעקלעכן קאַסטן אַרויסגעשלעפּט. אויף עטלעכע רגעס האָב איך דערזען דעם ליכטיקן טאָג, דערזען דעם הימל. ס'האָט זיך געגלוסט אַרופֿליִען, אַ וואָרף טאָן זיך צו אים, ווי צו אַ פֿרײַנט.

נאָר אָט בין איך שוין אין עפּעס אַ פּוסטן צימער. עס הייבט זיך אָן די אונטערזוכונג. מע האָט מיך אויסגעטאָן ביז נאַקעט. געהייסן זיך שטעלן אויף אַלע פֿיר און אַרײַנגעקוקט אין הינטערכיילעך, צי איז דאָרטן ניטאָ קיין פֿאַרווערטע זאַכן. מע האָט צוגענומען דעם האַלדזטוך, די שלייקעס, דעם רימען, כ'זאָל, כאַלילע, זיך ניט אופֿהענגען. מע האָט אָפּגעשניטן אַלע קנעפּלעך פֿון די הויזן. זיי זײַנען דאָך פֿון מעטאַל. אויב זיי גוט אָנשלײַפֿן און דערנאָך לאַנג און מיט אַקשאָנעס זיך אַליין שנײַדן דעם האַלדז, קאָן מען זיך דאָך קוילען. איך בין אַרויס נאָך דעם אַלעמען, צוהאַלטנדיק מיט ביידע הענט די הויזן און מיט אָן אָפֿענעם קראָק. כ'האָב מיט אַ שרעקלעכער קלאָרקײַט דערפֿילט — כ'בין שוין אויס מענטש, כ'בין ניט מער ווי מענטשנפֿלייש, וואָס מע האָט אַרופֿגעוואָרפֿן אויף אַ קאָנווייער און גענומען אין דער אַרבעט.

נאָך דער אונטערזוכונג האָט מען מיך אַרײַנגעזעצט אין אַ קאַבינע. ס'איז די זעלבע בודקע פֿון אַ טעלעפֿאָן-אווטאָמאַט, נאָר די טיר איז דאָ ניט מיט קיין פֿענצטערל, נאָר בלויז מיט אַ קוק-שפּאַלט, און אויפֿן ווענטל אַנטקעגן איז צוגעקלאַפּט אַ שמאָל ברעטעלע, קלוימערשט אויף צו זיצן. אָבער זיצן אויף דעם ווי-ס'ניט-איז באַקוועם איז לאַכלוטן אוממעגלעך, מע קאָן זיך נאָר עטוואָס אָנשפּאַרן מיט אַ פּערטל פּונעם זײַט מיר מויכל. נאָך אַ פֿופֿצן-צוואַנציק מינוט פֿון אַזאַ זיצעניש דערפֿילסטו אַ מוירעדיקע ברעכעניש אינעם גאַנצן גוף. שטייסטו אויף. שטייסט אַ שאָ, צוויי. פֿון אויבן, שיר ניט אויפֿן קאָפּ, ברענט אָן עלעקטריש לעמפּל. פֿון דעם, וואָס עס פֿעלט אויס לופֿט, ווערסטו אינגאַנצן שלאַבעריק, עס שטיקט דיך, דער קערפּער ווערט, ווי אַ שמאַטע, און ס'ציט אים צום דיל. אַ קלאַפּ אין טיר: מע טאָר ניט זיצן אויפֿן דיל. הייבסטו זיך אויף, נאָכאַמאָל פּרוּווסטו זיך אָנשפּאַרן אינעם ברעטל. ס'ווערט פֿינצטער אין די אויגן. איך מיין, אַז די גסיסע-ליידן זײַנען ניט אויף קיין סאַך שטאַרקער. ערגעץ בישכיינעס קרעכצט עמעצער. אין אַ ווײַטער קאַבינע האָט, ווײַזט אויס, עמעצער ניט געפֿאָלגט און זיך אַנידערגעלייגט אויפֿן דיל. שלאָגט מען אים. מע זידלט אים מיט די ערגסטע ווערטער. איבער דעם ווייכן קאָברעצל, אינעם קאָרידאָר פֿירט מען דורך פֿון צײַט צו צײַט אַרעסטאַנטן. עמעצער קנאַקט צו מיט די פֿינגער, עס הערן זיך קלאַנגען: „ש-ש... שאַ״, אויסרופֿן: «Давай!»[1]. וויפֿל דויערט אָט די פּײַניקונג, וואָס איז איצט אין דרויסן — טאָג אָדער נאַכט — ווייסטו ניט. דו אינגאַנצן ביסט אַ זאַק, פֿול מיט טעמפּן ווייטיק. עסן גיט מען ניט, און עס ווילט זיך ניט. ווען עס איז שוין ניט מעגלעך אויסצו-

---

[1] בוכשטעבלעך — גיב! אין דער אומגאַנג-שפּראַך — אַן אויסרוף אויף צווינגען עפּעס טאָן.

האלטן, בעטסטו זיך אין בייס-האקיסע. דאָרטן אַטעמסטו עטלעכע מינוט מיט בעסערער לופט.

צוויי מיט א האלבן מעסלעס בין איך געזעסן אין אַט דער קאבינע, ניט וויסנדיק פון קיין שלאָף, אָן עסן, אָן לופט. קיינער האָט זיך מיט מיר ניט אינטערעסירט, קיינער האָט מיך וועגן גאָרנישט ניט געפרעגט. אפן צווייטן טאָג, אין א שטיקל צײַט ארום נאָך דעם, ווי מע האָט געבראכט מיטיק-עסן פאר דער וואך, האָט זיך געעפנט די טיר און דער קאָנוואָירער האָט אוועקגעשטעלט פאר מיר די שיראַים פונעם באָרשטש, וואָס ער האָט געגעסן, ארײַנגערוקט מיר אין האנט א לוסטע ברויט און א זאָג געטאָן: «Рубайте!»[1]. דאָס איז געווען קעגן די קלאָלים. אזעלכע זשעסטן זײַנען געווען פארוווערט. דאָס עסן איז מיר געקראָכן פון האלדז, נאָר כ'האָב געהאלטן פאר מײַן כוויו זיך ניט אָפּזאָגן פון דער מאטאָנע, וואָס דער סאָלדאט האָט מיר געגעבן פון זײַן גאנצן הארצן, און כ'האָב זיך געצוווּנגען אַלץ אופעסן. אין יענע באדינגונגען האָב איך בלויז אזוי געקאָנט אויסדריקן מײַן דאנקבארקײַט.

זיצנדיק אין דער קאבינע, האָב איך פארפאסט אָט אזא ליד (דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אויף רוסיש).

Живёт ещё всё то, что я любил:
Свет солнца, песня, мысли орлий взлёт.
А я один, в кромешной тьме, без сил,
Меня везут куда-то, как убойный скот.

За стенками машины город глухо клокотал,
Ловило жадно ухо улицы прибой.
«Прости, сердечная», невольно я шептал.
Казалось, тень твоя бежит за мной.

Казалось, мне кивают тополя,
И площадь каждая, и каждый поворот,
И загородная зелёная земля
Глазами провожает мой уход.

Кабина. Лампы блеск, как страшный сон.
За дверью шиканье, шаги и крик: «Давай!»
За переборкой чей-то безутешный стон,
О воля, счастие моё, прощай!

עס לעבט נאָך אַלץ, וואָס איך האָב ליב געהאַט:
די זונען-שײַן, די ליד, פונעם געדאנק דער אָדלערישער אופשוווּנג.
און איך בין אליין אין דער שטאָק-פינצטערניש, אָן קויכעס,
מע פירט מיך ערגעץ, ווי פי צום שעכטן.
פון יענער זײַט מאשין האָט די שטאָט געברויזט.
ס'האָט דער אויער גיריק געהערט פון גאס דעם רויש.
געזונט זײַ, הארציקע מײַנע, האָב איך ניט-ווילנדיק געשעפטשעט.
ס'האָט זיך גערדאכט, אז דײַן שאָטן לויפט מיר נאָך.
עס האָט זיך געדאכט, ס'געזעגענען זיך מיט מיר די טאָפּאָלן,
און יעדער שטאָט-פלאץ, און יעדער ראָג,
און די גרינע ערד הינטער דער שטאָט
באגלייט מיט אויגן מײַן אוועקגיין.
א קאבינע. דער בליאסק פון לאָמפּ איז, ווי א שוידערלעכער כאָלעם.
הינטער דער טיר א שושקערײַ, טריט און א געשריי: „דאווײַ!”.
פון יענער זײַט ווענטל עמעצער קרעכצט, און קיינער וועט אים ניט טרייסטן.
אָ, פרײַהײַט, גליק מײַנס, כ'געזעגן זיך מיט דיר!

געווען נאָך א סטראָפע. ניט פארגעדענקט.

איך ווייס ניט, צי האָט מען מיך אומיסטן אזוי געפײַניקט, צי מע האָט פּאַשעט פארגעסן אָן מיר. די ווייגעשרייען און גוואלדן, וואָס זײַנען צו מיר דערגאנגען, האָבן געדעדט וועגן דעם, אז גלײַכער פון אַלץ איז שווײַגן. קימאט זעכציק שאָ בין איך געזעסן פארשפארט אין דער דושנער שטײַג. דאָס זײַנען געווען זעכציק שאָ פון לאנגזאמער דערשטיקונג. דאָס איז בעעמעס געווען איין שוידערלעכע געהענעם-נאכט. פארלירנדיק אינגאנצן די קויכעס, האָב איך טיף אין דער נעשאָמע דאָך פארהיט עפּעס א פונק פון נײַגעריקײַט: „א-נו, לאָמיר אומיסטן זען, וואָס וועט מען מיר דאָ באווײַזן!” און מ'האָט באוויזן.

[1] בוכשטעבלעך — האקט, אין דער אומגאנג-שפּראך אויך: עסט, אכלט.

ווען מ'האָט מיך פון דער קאבינע גענומען, קעדיי אָפּצופירן אין טורמע, בין איך געווען אַף אזויפיל אויסגעצערט, אז כ'האָב זיך קוים געהאלטן אַף די פיס. די מאשין טרײַבט מען אזוי צו צו דער קאבינע, זי זאָל מיטן הינטערשטן ווענטל הארט צושטיין צום ארויסגאנג. פונדעסטוועגן האָב איך באוויזן א שלינג טאָן א ביסל פרישע פרימאָרגנדיקע לופט (ביז הײַנט געדענק איך דעם טאם דערפון) און דערזען דעם לויטערן פרימאָרגנדיקן הימל. ס'איז געווען נאָך זייער פרי, א זייגער פינף, מיין איך. אין קאמער האָט מען מיך ארײַנגעפירט האלב זעקס. איך האָב דאָרטן געטראָפן פיר מענטשן. אלע זײַנען נאָך געשלאָפן, אָבער ווי נאָר כ'בין ארײַנגעקומען, האָבן זיי זיך אופגעכאפּט און גענומען פאנאנדערפרעגן: ווער בין איך, פונוואנען און דאָסגלײַכן. איך האָב געהאט בלויז איין פארלאנג — זיך צולייגן. קיין פרײַ בעטל איז ניט געווען, קיין בעטגעוואנט — אויך ניט. איך בין געווען גרייט זיך אויסציִען אפן דיל. „וואָס איז מיט אײַך? פון וואָס זײַט איר אזוי פארמאטערט?" ס'האָט זיך ניט געוואָלט נעמען דערציילן, ס'איז קיין קויכעס ניט געווען. כוץ דעם, האָב איך דאָך ניט געוווּסט, מיט וועמען האָב איך דאָ צו טאָן. עמעצער האָט א זאָג געטאָן: „איר, פארשטייט זיך, האלט, אז איר זײַט אן אומשולדיקער קאָרבן, און מיר זײַנען פארברעכער און דערפאר ווילט איר מיט אונדז ניט ריידן". איך האָב געענטפערט, אז איך בין פּאָשעט זייער מיד און וויל שלאָפן. און דאָ האָב איך זיך דערוווּסט, אז שלאָפן וועט ניט אויסקומען, ווײַל אין א מינוט פופצן-צוואנציק ארום וועט מען אלעמען אופוועקן און דעמלט טאָר שוין קיינער ניט ליגן, אפילע זיצן מיט פארמאכטע אויגן טאָר מען ניט, און אזוי ביז עלף באנאכט.

ס'האָבן שטארק ווי געטאָן די הענט. א קלאָרע זאך, שוין דער דריטער מעסלעס, ווי איך מוז די גאנצע צײַט, סײַ באטאָג, סײַ באנאכט, סײַ אין באָקס, סײַ אין דער מאשין, סײַ אצינד אין דער קאמער, אונטערהאלטן די הויזן, זיי זאָלן ניט אראָפּפאלן. איך שטעל זיך פאָר, ווי קאָמיש און נעבעכדיק איך זע אויס. אָבער פאר די טוישווים פון דער קאמער איז דאָס געווען א נאטירלעך בילד, בא קיינעם פון זיי איז, פארשטייט זיך, קיין נאָדל-פאָדעם ניט געווען. מע האָט מיר דערלאנגט א שוועבעלע. מע דארף דערמיט מאכן א לעכל אינעם צײַג, דערנאָך עס ארײַנברעכן און פארשפּיליען דערמיט די הויזן. ל-קי, א טויבלעכער אלטיטשקער מיט אן אויסגעצערט און פונדעסטוועגן זייער לעבעדיק פּאָנעם, וואָס צינדט זיך לײַכט אָן מיט א שטיפעריש פײַערל, א דערפארענער ארעסטאנט, ווי כ'בין שפּעטער געוויר געוואָרן (פון די לינקע עסערן), איז מיר געקומען צו הילף, ער האָט מיר געוויזן, ווי מע דארף דאָס שטיקל ארבעט אָפּטאָן. דאָס, וואָס מײַנע הענט האָבן זיך ענדלעך באפרײַט פון דעם אומגעלומפּערטן באדינען די הויזן, האָט מיך א ביסל דערמונטערט.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן מײַן ערשטער „נאָרמאלער" טאָג אין טפּיסע.

פרימאָרגן-אפּעל. בייס-האקיסע. אָקרעפּ, ברויט (500 גראם), צוויי ציגעלעך צוקער, צוויי מאָל אין טאָג באלאנדע — שיטערע, קימאט אָן א טראָפּן שמאלץ. ניט קיין פליש, ניט קיין קאשע. א נישטיקער, האלבהונגעריקער פּאיאָק. צוקויפן עפּעס האָט מען ניט געטאָרט. אָבער די ערשטע צײַט האָט זיך ניט געגלוסט עסן. אנדערע דײַגעס האָבן געמאטערט.

ס'איז מיר פאר זיך אליין פריקרע, ווען איך דערמאָן זיך, וואָס פאר א טאם כ'בין דעמלט געווען. כ'האָב אַף אן עמעס געגלייבט, אז אין די זיכערהײַט-אָרגאנען ארבעטן די סאמע אידייִשע און מאָראליש-ריינע באָלשעוויקעס, געגלייבט, ניט געקוקט דערויף, וואָס די ארעסטן אין יענע יאָרן האָבן אָפּט אויסגעזען געהיימניספול, און צומאָל אפילע ווי דיווערסיע-אקטן. איך האָב ינט-ווילנדיק געזוכט צו בארעכטיקן דאָס אלץ, האגאם ס'איז שווער געווען אויסצוגעפינען עפּעס אזוינס, וואָס זאָל איבערצײַגן, כ'האָב מיט זיך אליין אײַנגעטײַנעט, אז מיסטאמע ווייס איך ניט אלץ, ס'זײַנען פאראן סיבעס, וועלכע זײַנען מיר ניט באוווּסט, העכערע טײַמים. א סאך מענטשן האָבן דעמלט אזוי געטראכט. ס'איז שווער געווען שאָלעם מאכן מיט דעם געדאנק, אז איינער פון די וויכטיקסטע אָרגאנען פון דער סאָוועטישער מעלוכע איז געטראָפן געוואָרן פון א שרעקלעכער קאָראָזיע, און גרײַלעך אָט דעם דאָזיקן פארדאָרבענעם צעפוילט געוואָרענעם אָרגאן איז געגעבן געוואָרן אזא אומגעהײַערע מאכט. צי דען ווערט אפאנעמעסן איבערגעבוירן די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט אין א דיקטאטור איבער דעם פּראָלעטאריאט, איבער דער פּארטיי, איבער דעם פאָלק? אזעלכע געדאנקען זײַנען געקראָכן אין קאָפּ, אָבער ס'איז געווען זייער שרעקלעך און פּײַנלעך זיך אונטערגעבן די דאָזיקע ספייקעס, און טראָץ אלע פּאקטן, טראָץ אלע קלעפּ, האָט דער געדאנק פּלאטערנדיק און צאפּלענדיק געזוכט א דערקלערונג און א בארעכטיקונג פון דעם, וואָס עס קומט פאָר. ארײַנגעפאלן אין טורמע, האָב איך זיך אליין געזאָגט: בא יעדן אומגליק איז אויך פאראן א שטיקל גליק. אָט איצט וועל איך, ענדלעך, אליין א קוק טאָן אַף דעם מעכאניזם פון דעם דאָזיקן סוידעספולן אנשטאלט און זיך דערוויסן, מיט וואָס אָטעמט ער.

„אין וואָס באַשולדיקט מען אײַך?"

„מע האָט נאָך מיט מיר ניט גערעדט. איך ווייס ניט פון קיין שום שולד מײַנער".

„דאָס איז פאַר אײַך נאָך ערגער".

„פאַרוואָס?"

„איך האָב אויך פון קיין שום שולד מײַנער ניט געוווּסט, און ער — אויך".

„נו, איז דאָך גוט".

„ניין, ס'איז ניט גוט. אויב מע האָט אײַך אַרעסטירט, הייסט עס, אַז איר זײַט אַ פאַר־ברעכער, און קוים ווילט איר זיך ניט מודה זײַן, הייסט עס, אַז איר זײַט אַ בייזוויליקער פאַרברעכער, און ניטאָ וואָס זיך צו צערעמאָניען מיט אײַך".

„דאָס הייסט?"

„דאָס הייסט, אַז מע נעמט אײַך בראָטן און ברענען אף גלײַענדיקע קוילן, ביזוואַנען איר הייבט ניט אָן זיך מודה זײַן".

„דאָס איז אַ מעטאַפאָר?"

„זי איז זייער נאָענט צו דער ווירקלעכקײַט. נו, בראָט מען ניט אף קיין קוילן, טרעט מען מיט די פיס".

„דאָס איז שוין אָן מעטאַפאָרן?"

„און אויב מע וועט אײַך אָפּקלאַפּן די נירן, וועט עס אײַך מער געפעלן?"

„אײַך האָט מען אָפּגעקלאַפּט די נירן?"

„ס'האָט אַלץ פּאַסירט, גענוי וועט איר אַליין זיך דערוויסן".

מיט אַזעלכע שמועסן האָט זיך אָנגעהויבן דער טאָג. פינף מענטשן זײַנען מיר געווען אין קאַמער. דער עסער ל־קי (ער האָט אויך איצט זיך געהאַלטן פאַר אַ לינקן עסער און ניט געמאַכט דערפון קיין סאָד), האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר גאָר אַן אינטערעסאַנטן מענטשן, זייער אָן אָנגעלייענטן אין פאַרשיידענע וויסנשאַפט־געביטן, זייער אָן אייגנאַרטיק דענ־קענדיקן, ליב געהאַט גוטע קינסטלערישע ליטעראַטור. די פיליאַריקע וואָגלענישן איבער טורמעס און לאַגערן האָבן אים אויסגעמאַטערט, אָבער ניט צעטראָטן. ער איז געגאַנגען אײַנ־געגאַנגען אף אַ שטרײַט און ביכלאַל געווען געשטימט פּאָלעמיש. ווײַזט אויס, ער האָט ערנסט געגלייבט, אַז די לינקע עסערן פאַרמאָגן אַ צויבער־שליסל, וואָס קאָן לייזן אַלע פּראָבלעמען און אומגליקן פון דער רוסישער ווירקלעכקײַט, און די געשיכטע האָט דער־לאָזט אַ גרויסן פעלער, ווען זי האָט פאַרזען די לינקע עסערן. אַגעוו, דאָס, וואָס ער איז געווען טויב, האָט פאַר אים געשאַפן אַ גינסטיקע פּאָזיציע. ער האָט גערעדט שטילערהייט און דערווידערן האָט מען געמוזט הויך, און דאָס האָט אָפט גורעם געווען, אַז ס'זאָל זיך אַרײַנמישן דער אופזעער. ריידן הויך איז געווען פאַרבאָטן.

ס'איז געווען אַ ראַכמאָנעס אָפּן אַלטן, אָבער זײַן איניען האָט מען נאָך ווי־עס־איז גע־קאָנט פאַרשטיין און דערקלערן. עמעס, ווי ער האָט דערציילט, איז ער שוין פון לאַנג, אַ סאַך פריִער פאַרן לעצטן אַרעסט, אַוועק פון אַקטיווער פּאָליטישער טעטיקײַט. פיל מער האָט געריסן באַם האַרצן דער וויסטער גוירל פון אַ צווייטן אַרעסטאַנט, אַ פּאַרטיי־מיטגליד, אַ צוהערער פונעם אינסטיטוט פון דער רויטער פּראָפעסור, אַ מענטש, וואָס אין זײַן ווייניק באַוועגלעכן מויעך זײַנען אַלע פּאַרטייישע האַנאָכעס און אײַנשטעלונגען געווען אײַנגע־מאָנטירט, ווי די אַרמאַטור אין אײַזנבעטאָן. די טוירע איז אים אָנגעקומען מיט גרויסע שוועריקײַטן, און ער האָט ניט געוווּסט און ניט געוואָלט וויסן פון קיין שום וואַקלונגען און ספּיקעס. דאָס אוקראַיִנישע פויערטום האָט באַ אַלע זײַנע בונטאַרישע טראַדיציעס און באַ זײַן גאַנצער דורשט נאָך פרײַהײַט קעסיידער צוגעשטעלט אידעאַלע אונטעראָפּיצערן, אייפערדיקע, אויספּאָלגערישע דינער. דער דאָזיקער אוקראַיִנער, וועגן וועלכן עס גייט דאָ אַ רייד, איז (ניט בלויז לויט זײַן פאַמיליע־נאָמען) נאָר לויט זײַן אַרט דענקען און לויט זײַן גאַנצער נאַטור געווען אַט אַזאַ אידעאַלער פּאַרטייישער אונטעראָפּיצער. איך האָב זיך איבער־צײַגט דערין, צוקוקנדיק זיך צו אים טאָג נאָך טאָג אין מעשעך פון אָנדערהאַלבן כאַ־דאָשים. דער אַרעסט און באַזונדערס די אײַנגעשפּאַרטקײַט און אַכזאָריִעסדיקײַט, מיט וועל־כער מע האָט פון אים געפאָדערט, ער זאָל זיך אָנערקענען פאַר אַ קאָנטער־רעוואָליוציאָנער און זאָל באַריידן זײַנע כאַווירים, האָבן אים דערפירט צום ראַנד פון אַ פּסיכישער קאַ־טאַסטראָפע.

דאָס איז געווען אַ וווּקסיקער, געזונטער מאַנצבל פון אַ יאָר פינף און דרײַסיק, אָבער נאָך דעם, ווי מע האָט אים אין מעשעך פון דרײַ וואָכן באַאַרבעט (מע האָט אים אַרעסטירט מיט דרײַ וואָכן פריִער פון מיר), איז ער געוואָרן אַזוי נערוועז, אַז אַ קלאַפּ אין טיר אָדער טריט אין קאָרידאָר, צי אַ הודאָק פון אַ מאַשין לעבן טויער, פלעגן אים צווינגען זיך אָנ־הייבן מינען, נעמען אַרומשפּאַנען איבער דער קאַמער, זיך אָנקלאַמערן אין אַ בענקל, אין עמעצנס אַן אַרבל, ווי ער וואָלט געזוכט אַ רעטונג. מ'האָט באַשײַמפּערלעך געזען, אַז דער מענטש באַהערשט זיך לאַכלוטן ניט, אַז ער געפינט זיך אינגאַנצן אין רעשוס פון עפּעס

א מעשוגענעם פּאכעד, „דאָס איז נאָך מיר. ווידער...״ — האָט ער געשעפּטשעט, ציטערנ־דיק, ווי פון קעלט.

ער האָט ווייניק גערעדט, ביכלאַל געווען א קוואַד־פּע. צום אָפּטסטן אַרומגעשפּאַנט א פאַרמאַרעשכוירעטער הין און צוריק איבער דער קאמער, בלויז ווען־ניט־ווען אופהייבנדיק אף עמעצן די אויגן, ווי ער וואָלט עפּעס געפרעגט צי געבעטן. גערעדט האָט ער שטענדיק וועגן איינס און דאָס זעלבע: פאַרוואָס און צוליב וואָס ווערט דאָס אַלץ געטאָן. עפּשער פאַרשטייט ער ניט עפּעס. צי קאָן מען דערלאָזן דעם געדאַנק, אז אזא שרעקלעכע קאָמ־פּאַניע, וואָס ווערט אזוי אקשאָנעסדיק און קאָנסעקווענט דורכגעפירט, זאָל ניט האָבן קיין שום מעלוכישן זין.

לויט זײַן פאַרשטאַנד, איז דאָס אויסגעשלאָסן. פון צײַט צו צײַט האָט ער פאַרזיכטיק אַרויסגעזאָגט די אָדער אנדערע האשאָרעס.

„עפּשער דערוואַרט מען אינגיכ א מילכאָמע?״

„אוואדע דערוואַרט מען. נו, איז וואָס?״

„נו, איז וויל מען מאכןריין דאָס לאַנד פון צווייפלהאפטע עלעמענטן״.

„איר האַלט, אז איר זײַט א צווייפלהאפטער עלעמענט?״

„ניין, פאַרשטייט זיך. אָבער אנדערע... איך קאָן דאָך ניט גאַראַנטירן פאַר אַלעמען. און צוזאמען מיט די פאַרדעכטיקע לײַדט אויך א געוויסע צאָל ערלעכע סאָוועטישע מענטשן. בײַס אזא מאסן־קאַמפּאַניע זײַנען אומפאַרמײַדלעך טאָעסן. אז מע האקט וואַלד, — פליען שפּענער״.

„און פאַרוואָס איז פּלוצעם אזוי נייטיק געוואָרן מאסנווײַז צו פאַרניכטן דעם אמערסטן אקטיוון טייל פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפט? און צוליב וואָס צווינגט מען אַלעמען באַפּלעקן א ווי ווײַט מעגלעך ברייטערן קרײַז באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע?״

„אָט דאָס פאַרשטיי איך ניט. דאָס מאַטערט מיך״.

ער האָט אָן אופהער געטראַכט וועגן דעם. ניט זעלטן פלעגט עמעצער פון אונדז דערציילן אן אינטערעסאנטן לעבנס־עפּיזאָד, א קאָמישן אַנעקדאָט אָדער פאַרפירן א שמועס וועגן עפּעס א בוך. ער האָט אין קיין שום זײַטיקע שמועסן זיך ניט באַטייליקט, ניט צוגע־הערט זיך, ער איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט איין געדאַנק.

„עפּשער האָבן זיך דורכגעשמוגלט אף אָנפירנדיקע פּאָסטנס אין דעם דאָזיקן אנשטאַלט אגענטן פונעם סרינע און זיי אײַזדיעקווען זיך אומיסטן איבער סאָוועטישע מענטשן, גרייטן א קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע איבערקערעניש. ניין, ניין, דאָס איז אומעגלעך. מע וואָלט זיי דעמאסקירט״.

איינמאָל איז ער אַרויס מיט א נײַער אידיי. די סאָציאַליסטישע בויונג לעבט איבער גרויסע שוועריקײַטן, נאַטירלעכע און אומפאַרמײַדלעכע אין די געגעבענע היסטאָרישע אומשטאַנדן. דעם פאָלק קומט אויס צו ברענגען שווערע קאָרבאָנעס. און קעדיי די מאסן זאָלן ניט פאַרלירן דעם צוטרוי צו דער אָנפירונג און זיך ניט אָפּשאָקלען פונעם סאָציאַ־ליזם, מוז מען, ריינוואַשנדיק די פּאַרטיי אינגאנצן געוואוינען, אויסגעפינען קאָנקרעטע שולדיקע אין די דורכפאַלן און קאָמפּליקאַציעס. די דאָזיקע קאָנקרעטע שולדיקע זײַנען איך, דו, ער, מיר אַלע, יעדער איינער פון אונדז. נעכטן האָבן זיך צעצאָלט יענע, הײַנט צעצאָלן זיך אנדערע, מאָרגן וועט קומען די ריי פון נאָך עמעצן, אזוי לאַנג ביז דער איניען וועט ניט אַרויס אף א ברייטן וועג.

ס׳איז ווערט אָפּצומערקן, אז אָט די שוידערלעכע אידיי האָט אים אין א געוויסער מאָס צופרידנגעשטעלט. נאָך אייניקע וואָכן פון א פּײַנלעכן קאָנפליקט מיט דער אויס־פאַרשונג האָט זי אים געהאָלפן איבערגיין אף א פּאַזיציע פון האכנאָעדיקן טרעפן, וואָס דער אויספאָרשער וויל, און אײַנפאַרשטענדיקן זיך מיט אים. לײַדנדיק דערפון, וואָס אים קומט אויס צו טרײַבן רעכילעס אף זיך און אף כאַווירים, האָט ער זיך געטרייסט מיטן גע־דאַנק, אז דאָס טוט ער צוליב א הויכן ציל, אז דאָס איז נייטיק פאַר דער פּאַרטיי.

דער דאָזיקער מענטש איז בעעמעס געווען אן אייגנאַרטיקער מוסטער פון ווונדערלע־כער טרײַשאַפט דער פּאַרטיי, טרײַשאַפט, וועלכע האָט אין איין און דער זעלבער צײַט אי גערירט, אי געשראָקן.

געווען אין קאמער נאָך א טשיקאַווער פאַרשוין. איינער א פּאָפּאָוו, ביז דעם אַרעסט אן אָנגעשטעלטער אין א מאָלער־פאַרייניקונג און אין דער ווײַטערער פאַרגאַנגענהײַט א מיט־אַרבעטער פון די „אָרגאנען״, כ׳ווייס ניט אף וועלכע ראָלן. א ברונעט, א בילד־שיינער מאנצבל, מיט פרעכע און זיסינקע אויגן פון א באַלטײַוועניק. ער האָט זייער ליב געהאַט געשפּרעכן אף סעקסועלע טעמעס. פּאָליטישע פראַגן האָבן אים לאַכלוטן ניט אינטערע־סירט, אַליין דער אינטערעס צו זיי האָט אים אויסגעזען צו זײַן פאַרדעכטיק. אף דער אַר־בעט איז אים, ווײַזט אויס, אויסגעקומען אָפּט צו באַגעגענען זיך מיט מאָלערס, ער האָט געוווּסט אַלע פּליאָטקעס וועגן זיי, אָבער צו קונסט איז ער אין טאָך געווען אבסאָליוט גלײַכגילטיק. מיט גרויס כיישעק פלעגט ער דערציילן וועגן זײַנע ליבע־אַוואַנטורן, דערבײַ האָבן די ווײַבער, לויט זײַנע ווערטער, קעסיידער אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע אקטיווי־

קײַט, בײס ער האָט געװײנטלעך זיך געהאַלטן פּאַסיװ און ניט שטענדיק געװען פּעיִק צו באַפרידיקן זײַנע פּאַרטנײאָרשעס, װאָס דאָס האָט קלומערשט זײ אַרײַנגעבראַכט אין גרױס צאָרן, און זײ זײַנען פֿון דער הױט געקראָכן, קעדײ אים צו דעראָבערן. אין זײַנע דערצײלונגען איז, פֿאַרשטײט זיך, געװען ניט װײניק שעקער, און ניט אין דעם גײט עס. דער טאָך איז, װאָס אָט אַזאַ מעׂיסן, װולגאַרן פֿאַרשױן האָט מען צוגעשטעלט צו די מאָלערס אַלס אַ „מאַלעך". איך צװײפֿל ניט, אַז גרינגלעך אַזאַ ראָל האָט ער אױסגעפּילט.

כ'קער זיך אום צום ערשטן טאָג פֿון מײַן זײַן אין קאַמער. איך האָב געװאַרט, אַז מע װעט מיך טײַקעף אַרױסרופֿן צום אױספֿאָרשער, און כ'האָב אַפֿילע געהאַט אַגמעסנעפּעש, װען דאָס איז ניט געשען. זיצן אַף אַ טאַבורעטקע מיטן פּאָנעם צום „אײַגל", האָט זיך אַרױסגעװיזן, איז אַ ביז גאָר אױסמאַטערנדיקע באַשעפֿטיקונג. און דאַפֿקע אַזאַ איז געװען די נאָרמאַלע פּאָזיציע, װעלכע מע האָט געפֿאָדערט פֿונעם אַרעסטאַנט אין אָט דעם גאָטסגעבענטשטן אַנשטאַלט. ס'האָבן זיך געקלעפּט די אױגן. איך בין דאָך שױן ניט געשלאָפֿן דעם פֿינפֿטן מעסלעס (אַ נאַכט אין זװעניגאָראָדקע, אַ נאַכט אין װעג, צװײ מיט אַ האַלבן מעסלעס — דאָס הײסט צװײ טעג און דרײַ נעכט — אין באָקס). אָבער װי נאָר באַ עמעצן פֿון די אַרעסטאַנטן האָבן זיך גענומען צומאַכן די אױגן, האָט גלײַך זיך דערהערט אַ שאַרפֿער װאָרענענדיקער קלאַפּ אין טיר. מע האָט אױך געמעגט גײן הין און צוריק איבער דער קאַמער, אָבער נאָך זעכציק שאָ שטײן אין באָקס האָבן שרעקלעך װײ געטאָן די פֿיס, פֿאַשעט ניט געװאָלט דינען. דער טאָג האָט זיך געצױגן אָן אַ סאָף און אָן אַן עק. אַלײן די צײַט, איר ציִען זיך, האָט דער באַװוסטזײַן אױפֿגענומען װי עפּעס אַ געפֿערלעכע לאַסט, מאַמעש ניט איבערצוטראָגן. ענדלעך װערט עלף אַזײגער. מע מעג זיך אַװעקלײגן. טײַנעג — דאָס איז עפּשער דאָס אײנציקע װאָרט, מיט װעלכן מע קען כאַראַקטעריזירן דעם צושטאַנד, װאָס האָט מיך באַהערשט, װען מײַן גוף האָט סאָפֿקאָלסאָף אָנגענומען אַ האָריזאָנטאַלע לאַגע. אין אָט די מינוטן האָב איך פֿאַרגעסן אַלץ — װוּ איך בין, װער איך בין, װאָס דערװאַרט מיך. בלױז אין דער קינדהײַט, דאַכט זיך, נאָך אַ לאַנגן זומערדיקן טאָג פֿלעגט דער קערפּער זיך לאָזן באַהערשן פֿונעם ערשטן שלאָף מיט אַזאַ זיסער זעלבסטפֿאַרגעסונג. און מיטאַמאָל, װען אַ מעכײַעדיקע פֿינצטערניש האָט נאָרװאָס גענומען אַרומװיקלען דעם מױעך, האָט אַ גרילץ געטאָן די טיר און אין קאַמער איז אַרײַנגעקומען דער אױפֿזעער. איך האָב שױן געװוּסט, װאָס דאָס באַטײַט, װאָס באַטאָג איז שױן אַזױנס פֿאָרגעקומען. שװײַגנדיק טיטשעט ער מיטן פֿינגער אַף מיר און באַפֿעלט שטיל:

— טוט זיך אָן. שנעל.

אַ הונגעריק זױגקינד, װען מע רײַסט עס אָפּ פֿון דער מוטערס ברוסט, פֿילט עפּשער עפּעס ענלעכס אַף דעם, װאָס איך האָב געפֿילט, װען כ'האָב געמוזט אָפּרײַסן זיך פֿון מײַן האַרטן אַרעסטאַנטישן געלעגער. איך בין ניט אָפּגעלעגן אַף אים אַפֿילע קײן צען מינוט.

און אָט בין איך װידער אין אַ קאַבינע. דאָס, װאָס איך װעל באַלד זיך טרעפֿן מיטן אױספֿאָרשער, שרױפֿט אוף די נערװן. ס'איז אָבער אױסגעקומען װאַרטן אַ היפּשע צײַט, אַ שאָ צװײ. מיר גײען. גרײט זיך, האַרץ מײַנס. לאַנגע קאָרידאָרן, עטאַזשן. די טריט װערן פֿאַרשלונגען אין די װײכע קאָברעצלעך. העלע שײַן און שטילקײַט. אין דער שטילקײַט הערט מען פֿון צײַט צו צײַט, װי מע קנאַקט מיט די פֿינגער: היט זיך, מע פֿירט אַ פֿאַרברעכער.

ענדלעך קומען מיר אַרױף אַפֿן שטאָק, װוּ עס געפֿינען זיך די אױספֿאָרשער. אָן אַ שיִר טירן פֿון בײדע זײַטן. די טירן זײַנען פֿאַרמאַכט, אָבער פֿון יענער זײַט קאָכט די אַרבעט. מע הערט, װי מע שרײַט, מע זידלט, מע שלאָגט, מע יאָמערט — קולעס פֿון אַ טפֿיסע.

ביזװאַנען מע גיט מיך איבער דעם אױספֿאָרשער, קוק איך זיך צו אים צו. אַ געלבלעכער שאַטען מיט אַ מידן פֿון לאַנגװײַל קוק פֿון בײזע גרױע אױגן. זײַן פֿאַמיליע־נאָמען געדענק איך ניט. נאָך דעם, װי ער האָט מיר פֿאַרגעבן עטלעכע פֿראַגעס, װאָס האָבן פֿעסטגעשטעלט, אַז איך בין טאַקע דער יעניקער, װעמען ער האָט אַרױסגערופֿן, האָט ער מיר געמאָלדן, אַז מע אינקרימינירט מיר די אָנגעהעריקײַט צו אַ קאָנטער־רעװאָליוציאָנערער נאַציאָנאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, אַנטיסאָװעטישע טעטיקײַט און שפּיאָנאַזש. אין קאַמער האָט מען מיך געװאָרנט, אַז דאָס איז דער מינימום, און פֿונדעסטװעגן בין איך דערשיטערט געװאָרן. שטיקנדיק זיך פֿון אױפֿרעגונג, האָב איך גענומען עפּעס שטאַמלען, דערװידערן, פֿאָדערן באַװײַזן. אַ מינוט צװײ האָט ער גלײַכגילטיק מיך אױסגעהערט. און דערנאָך אָפּגעשטעלט.

— אָט װאָס, נאָיאַך געשעלעװיטש. אײַער גאַנצע רעדנער־קונסט גײט דאָ ניט אָן. און זי װעט אײַך ניט העלפֿן. פֿאַרגעדענקט גוט דאָס, װאָס כ'װעל אײַך באַלד זאָגן...

און ער האָט מיר אונטערגעטראָגן אַ פֿאָרמול, װאָס איז מיר שױן געװען באַקאַנט פֿון די שמועסן אין קאַמער: מיר אַרעסטירן ניט קײן אומשולדיקע. קױם געפֿינט איר זיך דאָ, זײַט איר אַ מעלוכישער פֿאַרברעכער, און אױב איר לײקנט אײַער שולד, זײַט איר אַ בײזװיליק־אײַנגעשפּאַרטער פֿאַרברעכער. אײַך זײַנען געװיס באַקאַנט גאָרקיס װערטער: „אױב דער סױנע גיט זיך ניט אונטער, פֿאַרניכטעט מען אים".

די דערשטיקנדיקע לאָגיק פון אָט דעם אין גרונט פּאַלשן אַפּאָריזם און זייַן צוועק זייַנען אַבסאָליוט קלאָר. בא מיר איז געווען א געפיל, ווי מע וואָלט מיר מיט א קישן פאַרשטעקט די נאָז און דאָס מויל, און אָט־אָט וועל איך פאַרלירן דעם אָטעם. פונדעסטוועגן האָב איך זיך נאָך געפּאָרפּלט.

— אָבער איך בין דאָך ניט קיין סוינע!

— און וויאַזוי וועט איר דאָס דערווייַזן?

— דאָס דאַרפט איר דערווייַזן, אַז איר האָט געהאַט א גרונט מיך צו אַרעסטירן.

— מיר זייַנען קיינעם גאָרנישט ניט מעכוייעוו צו דערווייַזן. איך כאַזער איבער: דאָס, וואָס מיר האָבן אייַך אַרעסטירט, איז שוין אַליין דער בעסטער באַווייַז פון אייַער שולד. מיר האָבן זיך הייַנט צום ערשטן מאָל באַגעגנט, און כ'האָב אייַך ניט געשטערט צו ריידן, וואָס איר האָט נאָר געוואָלט. ווייַטער וועט זייַן אַנדערש. אונטערהאַלטנדיק מיט דער לינקער האַנט די אַרויספאַלנדיקע געדערעם, וועט איר מיט דער רעכטער אונטערשרייַבן דעם פּראָטאָקאָל.

דער געשפּרעך האָט געדויערט א שאָ אָנדערהאַלבן־צוויי, און דאָ זייַנען איבערגעגעבן בלויז די גרונט־מאָמענטן. די לעצטע פראַזע, וועלכע האָט זיך באַזונדערס שטאַרק פאַרגעדענקט, ציטיר איך פּינקטלעך, וואָרט בא וואָרט. מייַן ערשטער אויספאָרשער איז נאָך געווען א פאַרהעלטנישמעסיק קולטורעלער מענטש. ער האָט ניט געשריגן, ניט געזידלט זיך מיט קיין מיִעסע ווערטער, האָט דעריבער נאָך וואָגיקער אָפּגעקלונגען זייַן שלוס־וואָרענונג.

די שטימונג נאָכן פאַרהער איז בא מיר געווען א ביז גאָר פּאַסקודנע. וואַרטנדיק אין קאַבינע, מע זאָל מיך אָפּפירן צוריק אין טורמע, האָב איך אַלץ געטראַכט וועגן דעם געשפּרעך, וואָס איז אָט ערשט פאָרגעקומען. אַלץ אין מיר האָט געברענט: דאָס האַרץ, דער מויעך, אַלע נערוון. דאָס איז געווען א נוצלאָזן, פאַרניכטנדיק פייַער, וואָס געבירט ניט קיין שום געדאַנקען, קיין שום באַשלוסן. ס'איז פאַרברענט געוואָרן דער גלויבן. ס'האָט געברענט די נעשאָמע, פאַרוואַנדלענדיק זיך אין אַש.

אין קאַמער בין איך אָנגעקומען מיט א האַלבער שאָ פאַרן אופשטיין. ס'איז בא מיר מער קיין סאָפעק ניט געווען — דאָס איז א סיסטעם. מע פּייניקט דערמיט, וואָס מע נעמט אָפּ בא דיר דעם שלאָף. עפּעס־וואָס האָב איך וועגן דעם געהערט נאָך אויף דער פרייַ.

ווייַטער איז ווירקלעך אַוועק אַנדערש: פאַרהערן אי באַטאָג, אי באַנאַכט. דער טאָן האָט זיך שאַרף געענדערט. דאָס איז שוין ניט געווען קיין נאָרמאַלע מענטשלעכע רייד, נאָר א שיסערייַ מיט דראָונגען, באַליידיקונגען און זידלערייַען. אין גאַנג איז געלאָזט געוואָרן אין אָרגאַניטאַלער לעקסיקאָן פון מערקווירדיקער רייַכקייַט און פאַרשיידנאַרטיקייַט. איך האָב דערהערט ווערטער און וואָרטבאַהעפטן, פון וועלכע כ'האָב ניט אָנגעהויבן צו וויסן, כאָטש מיר איז אויסגעקומען דינען אין דער אַלטער אַרמיי און א געוויסע צייַט אויך וווינען בישכיינעס מיט א דריטראַנגיק שאַנדהויז.

פאַרשטייט זיך, אַז אין א געוויסער מאָס איז דאָס געווען א ספּעקטאַקל, א באַוווּסטזיניק אָנגעווענדטער פּראָפעסיאָנעלער אויפן פון אויפווירקונג. אָבער מע דאַרף זאָגן, אַז דער אַקטיאָר האָט זייער נאַטירלעך און מיט האַנאָע אויסגעשפּילט זייַן ראָל. די לאָנגווייַל, וועלכע האָט אים קלוימערשט באַהערשט בייס דער ערשטער באַגעגעניש, איז פאַרשוווּנדן. איצט איז ער געווען אויסערגעוויינלעך אויפגעלעבט.

בא מייַן נאַיִווקייַט האָב איך צוערשט אויפגענומען אָט די ענדערונג זייער ווייטיקלעך, איך בין געווען אומאָנגענעם פאַרכידעשט, אַפילע שאָקירט און כ'האָב זיך דערלויבט דאָס אַרויסצוזאָגן:

— איר זייַט דאָך א פאָרשטייער פון א וויכטיקן מעלוכע־אַנשטאַלט. ווי איז אייַך קיין בּיזאָיען ניט אַזוי צו ריידן?

דער ענטפער איז געווען — דער ערשטער פּליאַסק אין פּאָנעם און א האָגל קאָפּשמוינעדיקע זידלערייַ. פון דעמלט אָן האָב איך באַקומען ניט ווייניק קלעפּ. מע האָט מיך געשלאָגן אי מיט א רימען, אי מיט א בייַטש. כ'דאַרף אָבער זאָגן, אַז קלעפּ זייַנען גאָרנישט אין פאַרגלייַך מיט שלאָפלאָזיקייַט. עמעס, מיך האָט מען ניט געטראָטן מיט די פיס, ניט געשלאָגן מיט קיין פיסל פון שטול, ניט דערלאַנגט מיטן שפּיץ שטיוול אין ווינקל פון דיך, צו מיר האָט מען ניט אָנגעווענדט קיין קונציקע מיטלען אויף אָפּשלאָגן די נירן, אויף צעשעדיקן דעם כוט־האַשעדרע, ווי מע האָט דאָס געטאָן פאַר מייַנע אויגן מיט א סאַך אַנדערע. אַזוי אָדער אַנדערש, לאַנג און אָן אויפהער אָפּנעמען דעם שלאָף איז א שוידערהאַפטע פּייַניקונג. ווי איך האָב שוין געזאָגט, איז די ערשטע נאַכט באַם אויספאָרשער געווען מייַן זעקסטע שלאָפלאָזע נאַכט. דערנאָך זייַנען די פאַרהערן בעמעשעך פון נייַן מעסלעס נאָכאַנאַנד פאָרגעקומען באַנאַכט און באַטאָג. איך האָב געמיינט, אַז זונטיק וועט מען מיך לאָזן צורו. באַטאָג האָט מען מיך טאַקע ניט גערופן, נאָר נאָך עלף האָט מען מיך, ווי געוויינטלעך, אַוועקגעפירט צום אויספאָרשער.

דאָס מאָל בין איך אַרייַנגעפאַלן אין די הענט צו א יונגן באָכער, א געהילף, ווי

ס'איז אינגיכן קלאָר געוואָרן. ער האָט גלײַך זיך ארופגעוואָרפן אױף מיר מיטן גאַנצן יוגנט-
ברען. אָנגעהויבן האָט ער אַלץ מיט דער זעלבער ציטאַטע פון גאָרקין: „אויב דער סוינע
גיט זיך ניט אונטער, פאַרניכטעט מען אים". אומגליקלעכער מאַקסים גאָרקי. ווען ער וואָלט
וויסן, וואָס פאַר אַ נידערטרעכטיקײַטן מע טוט אָפּ, פאַרופנדיק זיך אױף זײַן נאָמען. אויס-
געשעפּט אַזויאַרום זײַן גאַנצן ליטעראַרישן באַגאַזש, האָט ער, ניט פאַרלירנדיק קיין צײַט
אױף בעהאַדראַגעדיק איבערגיין צו אַנדערע מעטאָדן, אַ גאַס געטאָן אױף מיר, ווי פון אַ
קאַנאַליזאַציע-רער, אַ שטראָם פון איפּעשדיקער זידלערײַ, און וואָרענענדיק, אַז ער וועט
מיט מיר זיך ניט צערעמאָניען, ווײַל איך בין „ניט קיין מענטש, נאָר ניט מער, ווי אַ שטיק
טינעף", האָט ער מיר באַפוילן אָנרופן אַלע מײַנע קרויווים, אַלע פרײַנט, אַלע באַקאַנטע
און בײַכלאַל אַלע מײַנע מיטפאַרברעכער. דער עלטערער אויספאָרשער האָט שוין עטלעכע
מאָל פאַרפירט אַ געשפּרעך אױף דער דאָזיקער טעמע. איך האָב, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט
לייקענען, אַז איך האָב קרויווים און באַקאַנטע, אַז כ'האָב געהאַט פרײַנט. אינגיכן איז אָבער
קלאָר געוואָרן, אַז ס'גייט אַ רייד וועגן אַן אַנדער זאַך: ווער פון זיי האָט מיך פאַרווערבירט
און וועמען פון זיי האָב איך פאַרווערבירט? אינדערעמעסן טאַקע, וואָס זשע בין איך עס
פאַר אַ מיטגליד פון אַן אַנטיסאָוועטישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע, אויב איך האָב
קיינעם ניט ווערבירט און קיינער האָט מיך ניט ווערבירט. „דאָס איז דאָך פּאַשעט אױף לײַטיש
געלעכטער" (אַזוי האָט זיך אויסגעדריקט דער עלטערער אויספאָרשער). דער יונגער טאַליען
האָט טאַקע פון דעם פּונקט אָנגעהויבן זײַן סעאַנס. ער איז געווען אַן ענטוזיאַסט פון זײַן
זאַך, מער אַליין גערעדט, ווי מיך געצוווּנגען ריידן, מאַמעש געוואָלט דערגרייכן מוסטערן
פון ניבלפע און פאַראַכטלעכע כאַראַקטעריסטיקעס, מיט אַלע קויכעס געסטאַרעט זיך אַרײַנ-
קלאַפּן מיר אין קאָפּ, אַז איך בין „ניט קיין שרײַבער, נאָר אַ גאַסניונג", ער איז אַזש רויט
געוואָרן פון אופרעגונג.

דער ציל פון דעם דאָזיקן סעאַנס איז באַשטאַנען, ווײַזט אויס, דעריקער אין דעם, איך זאָל ניט שלאָפן אויך די נאַכט. און דערווײַל האָבן מײַנע קויכעס זיך שוין קימאַט אויסגעלאָזט. אַזוי פילט זיך געוויס אַ מענטש, וועלכן מע פּײַניקט אױף דער „דיבא". אַלע נערוון האָבן ווי געטאָן, דער גוף האָט זיך געבויגן צו דער ערד, דאָס הארץ, האָט זיך געדאַכט, וועט באַלד פּלאַצן, אָבער דו ביסט מעכויעוו זיך האַלטן גלײַך, די אויגן דאַרפן זײַן אָפן. אָפן פאַרהער ווערסטו אופגערעגט, און דאַפּקע דאָס האַלט דיך אַ ביסל אונטער. אָפּן צענטן אָדער עלפטן מעסלעס אָן שלאָף (איך געדענק ניט גענוי) האָב איך אָנגעהויבן צײַטנווײַז אַרײַנפאַלן אין אַ מעשונעדיקן צושטאַנד. דער מויעך פלעג אױף אַ מינוט, אױף צוויי פאַרנעפּלט ווערן, איך פלעג נעמען ריידן ווי פון שלאָף, נאָר דאָ באַלד אין גרויס שרעק מיט אַ געשריי און געהײַל זיך אופכאַפּן. אַזאַ מין צושטאַנד פון האַלבדרעמל, וואָס איז דערצו נאָך באַשווערט געוואָרן פון קאָשמאַרן, פלעג מיך באַהערשן ניט בלויז בייסן זיצן, נאָר אויך בייסן גיין און אַ פּאָר מאָל אויך בייס איך בין געשטאַנען קעגן אויספאָר-שער, דאָס איז מיר געווען באַזונדערס פּריקרע.

אײַניקע פון די קאָשמאַרן, וואָס האָבן מיך געמאַטערט אין אָט די מינוטן פון פאַרטונק-לונג, האָבן זיך פאַרגעדענקט. כ'וועל שפּעטער דערציילן.

די נערוון זײַנען אַלץ שוואַכער געוואָרן, שוואַכער איז געוואָרן דער ווילן. ס'זײַנען געווען מינוטן, ווען איך בין גרייט געווען אױף אַלץ אין דער וועלט, אבי מע זאָל מיך נאָר לאָזן אַנשלאָפן ווערן. איינמאָל האָב איך ארויסגעזאָגט דעם אויספאָרשער אינגאַנצן אָפן אַלץ, וואָס כ'טראַכט וועגן אונדזערע געשפּרעכן:

— מיר איז שוין קלאָר, אַז איר שפּײַט זיך אויס אָפן עמעס און אַז די ווירקלעכע אינטערעסן פון דער מעלוכישער זיכערקײַט גייען אײַך ווייניק אָן. און ווירקלעך, אַוועק-האַרגענען אַן ערלעכן סאָוועטישן מענטשן איז אַ סאַך גרינגער ווי כאַפּן אַן עכטן פאַר-ברעכער, אַ קאָנטער-רעוואָלוציאָנער. אָט דערפאַר טאַקע באַמיט איר זיך עס אַזוי צוגעבן אַ זינען אײַער פאַראַזיטישער עקזיסטענץ מיט די שווינדלעכע בילבולים, וואָס איר טרײַבט אױף מיליאָנען גוטע סאָוועטישע מענטשן. איך האָב פריִער ניט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי באַקומט זיך עס, וואָס אַלע אָנערקענען זיך פאַר שולדיק, און די רייען פון די אַנטיסאָוועטישע פאַר-שווערער וואַקסן אָן אַ סאָף. איצט האָב איך באַקומען אַ געוויסע פאָרשטעלונג וועגן דעם מעכאַניזם פון אָט דער זאַך. יעדער אַרעסטאַנט ווערט געצוווּנגען מיטשלעפּן מיט זיך אַמווייניקסטן נאָך צוויי: דעם, ווער ס'האָט אים פאַרווערבירט, און דעם, וועמען ער האָט פאַרווערבירט. דער דרײַלינג ווערט פאַרטאָפּלט אָדער פאַרדרײַפאַכט. אַזוי קומט אויף אַ געקייטלטער פּראָצעס, וואָס שאַפט אַ לאַווינע; איך שאַץ ניט איבער מײַנע קויכעס און ווייס, אַז איר זײַט בעקויעך טאָן מיט מיר אַלץ, וואָס אײַך וועט זיך פאַרגלוסטן. אָבער איך וויל, אַז אין אונדזערע באַציִונגען זאָל זײַן פולע קלאָרקײַט. איר פאָדערט פון מיר ליגנס און איר וועט באַקומען ליגנס. איך בין געווען אַ סאָוועטישער פּאַטריאָט. איך האָב געקעמפט קעגן ייִדישן נאַציאָנאַליזם. איר פאָדערט, איך זאָל זיך דערקלערן פאַר אַ סוינע פון דער סאָוועטישער מעלוכע און זאָל זיך מודע זײַן, אַז כ'האָב זיך פאַרנומען מיט נאַ-ציאָנאַליסטישער טעטיקײַט. אויב איר וועט נאָך לאַנג מיך פּײַניקן מיט שלאָפלאָזיקײַט, וועל

איך געצוווּנגען זײַן דאָס טאָן. אָבער איך וואָרן אײַך: איך האַלט, אַז אַזאַ אנערקענונג איז ניט ערנסט. בײַ דער ערשטער געלעגנהייט, וועל איך עס לײקענען.

די דאָזיקע טיראַדע האָב איך אַרויסגעבראַכט מיט אַזאַ געפּיל, ווי איך וואָלט געמאַכט גאָט ווייסט וואָס פאַר אַ דרייסטן און אַנטשלאָסענעם טראַט. אָפּן אויספּאַרשער האָט זי ניט געמאַכט קיין שום רושעם. ער האָט אַ גענעץ געטאָן און געזאָגט:

— הייסט עס, אַז ענדלעך אַנערקענט איר זיך פאַר שולדיק? זעצט זיך אַוועק און שרײַבט אָן, וויאַזוי איז דאָס פאָרגעקומען, ווער האָט אײַך פאַרוּוערבירט און ווּעמען האָט איר פאַרוּוערבירט.

אַזוי איז מיר טאַקע ניט אויסגעקומען שלאָפן, נישט די נאַכט און נישט די קומענדיקע נאַכט. איך האָב אָנגעשריבן וועגן דעם, אַז, אַרויסטרעטנדיק עפנטלעך קעגן נאַציאָנאַליזם און ציוניזם, בין איך אין האַרצן פאַרבליבן אַ נאַציאָנאַליסט. אַ באַווײַז דערפון איז דער פאַקט, וואָס די איבערוועגנדיקע מערהייט פון מײַנע ווערק איז געווידמעט דעם לעבן פון די ייִדישע מאַסן. איך האָב אָנגעשריבן, אַז ניט געקוקט דערויף, וואָס פון אָנהייב 1920 י. האָב איך צעריסן מיטן „בונד" און בין פרײַוויליק אַרײַנגעטראָטן אין דער רויטער אַרמיי, האָב איך אין האַרצן מיטגעפילט דער דעגראַדירנדיקער בורזשואַזיע, אַ באַווײַז דערפון איז מײַן דערציילונג „אונטער דער ראָד", וועלכן די פּראָלעטאַרישע קריטיק האָט פאַרור־טיילט. איך האָב זיך אַנערקענט פאַר שולדיק אין פירן אַ קאַמף קעגן דער אַזויגערופענער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. „צי פלעגט איר זיך באַגעגענען מיטן נאַציאָנאַליסט לעוויטאַן?" הייסט עס, דער אָרטאָדאָקסאַלער ביז צום ברעכן לעוויטאַן איז אויך פאַרעכנט פאַר אַ נאַ־ציאָנאַליסט. איך האָב געוווּסט, אַז ער איז געשטאָרבן אין פאַרשיקונג. איך פלעג ווירקלעך זיך באַגעגענען מיט אים — ער איז געווען אַ ביוראָ־מיטגליד אין דער סעקציע פון ייִדישע שרײַבער. „צי פלעגט איר זיך מיט אים באַגעגענען אויסער די זיצונגען פון ביוראָ?" דאָס איז ניט אויסגעשלאָסן. „לאָמיר רעכענען, אַז ער האָט אײַך פאַרוּוערבירט. נו, און ווּעמען האָט איר פאַרוּוערבירט?"

מיר איז אויך הײַנט אָנגענעם דער געדאַנק, אַז אין דעם פּונקט האָב איך ניט אַרויס־געוויזן קיין שום שוואַכקײַט. ס'איז געגאַנגען די זעכצעטע שלאָפלאָזע נאַכט. עלף אַזייגער. אַ סיגנאַל צום שלאָפן. מע מעג פאַרבעטן דאָס געלעגער. אַ שוידערלעכע מינוט. דו לייגסט זיך אַוועק און ווייסט, אַז וועסט ניט באַוויזן צומאַכן די אויגן, ווי עס וועט אַרײַנקומען דער אופזעער און שווײַגנדיק, אומדערבאַרעמדיק, ווי דער גוירל, אַ טיטשע טאָן מיטן פינגער אין דײַן זײַט.

איך האָב זיך אופגעכאַפּט דערפון, וואָס עמעצער האָט מיך געטרייסלט פאַרן אַקסל. פון שרעק בין איך אופגעשפרונגען. פאַר מיר איז געשטאַנען ניט קיין אופזעער, נאָר אַ כאַוּוער לויט דער קאַמער.

— איר האָט אַזוי שרעקלעך געשריִען. דרייט זיך אויס אויף דער צווייטער זײַט.

— וויפל האַלט דער זייגער?

— ס'האָט ערשט געקלונגען צוועלף.

— הײַנט וועט מען שוין ניט רופן?

— שווער צו זאָגן.

בײַ מיר איז געווען איין געדאַנק: שלאָפן, גיכער, גיכער שלאָפן. אָבער דער אינער־לעכער אומרו האָט ניט געלאָזט אומגעשטערט זיך אָפּגעבן אין רעשוס פון שלאָף, און אין דער נאַכט בין איך ניט איין מאָל נאָך אופגעשפרונגען אין איינע שרעק. אָט האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך הער, ווי עס גרילצט דער שליסל, וואָס עפנט די טיר, אָט האָט זיך געדוכט, אַז עס שטייט לעבן מיר דער אופזעער און ווײַזט אויף מיר מיטן פינגער.

העכער אַ וואָך האָט מען מיך ניט געטשעפּעט. מײַן אויספּאַרשער, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט מען אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער שטאָט. אַזוי האָב איך באַקו־מען אַ מעגלעכקײַט אַ ביסל אויסצושלאָפן זיך. אַרויסגערופן האָט מען מיך באַטאָג, אַרום צוועלף אַזייגער. פאַר מיר איז געווען דער נײַער. פון אַ יאָר פינף און דרײַסיק. אַ מאָגער־לעכער, מיט שוואַרצע האָר, גרויע אויגן. ער האָט מיך אַוועקגעזעצט אַקעגן זיך און אַן ערעך אַ מינוט שווײַגנדיק מיך באַטראַכט, אײַנגראָבנדיק די אויגן אין מיר. איך האָב גע־וואַרט.

— נו, דערציילט, — האָט ער ענדלעך אַרויסגעבראַכט.

— וועגן וואָס דערציילן?

— וועגן אײַער לעבן, אײַער טעטיקײַט.

— איר האָט מײַן אַנקעטע, מײַן אויטאָביאָגראַפיע.

— איך וויל הערן אײַער קאָל.

איך האָב געמוזט פאָלגן, אָנהייבן אַלץ פון אָנהייב. ווער זײַנען געווען מײַנע עלטערן, ווּוּ בין איך געבוירן געוואָרן, ווּוּ זיך געלערנט אאַוו. אויסגעקערעוועט זיך מיטן אויער אין מײַן זײַט, האָט ער טאַקע ווי אויף אַן עמעס זיך אײַנגעהערט אין מײַן קאָל. צוליב וואָס? וואָס אינטערעסירט אים? צי דען די מאָס פון מײַן אופריכטיקײַט, וועלכע ער מיינט אויף

אזא אויפן באגרייַפן? מעשונע-מאָדנע. נאָר ווער קאָן וויסן? לאָמיר זיך באַנוצן מיט דער געלעגנהייַט און זיך אָפּן דורכריידן. איך האָב דערציילט, וויאַזוי עס האָט געפירט די פאַרהערן דער פריִערדיקער אויספאָרשער און אָפּן אנטשיידנסטן אויפן אָפּגעוואָרפן די באשולדיקונג, וואָס מע האָט מיר אינקרימינירט. א שטיק צייַט האָט ער מיך געדולדיק אויסגעהערט, ניט איבערגעשלאָגן. פּלוצעם האָט ער אופגעהויבן די האנט.

— געגוג! אָט וואָס, לוריע. איר זייַט א שרייַבער. איך בין א געוועזענער לערער פון מארקסיזם-לעניניזם. מיר קאָנען זיך דערלויבן פירן א געשפּרעך, ווי אַן אינטעליגענט מיט אַן אינטעליגענט, אָף א הויכן ניוואָ. איר ווייסט גאָרקיס ווערטער: „אויב דער סוינע גיט זיך ניט אונטער, פאַרניכטעט מען אים". לוריע, פּאָלגט מיך. נעמט סאָפּקאָלסאָף אייַערע אייער אין די הענט און לייגט זיי ארויס אָפּן טיש אינייינעם מיטן הארצן.

נאָך די רעטענישפּולע און דערהויבענע האוויַעס, מיט וועלכע דער דאָזיקער אינטעליגענט פון הויכן ניוואָ האָט אָנגעהויבן דעם געשפּרעך, האָט דער סאָף מיך אזוי דערשטוינט מיט זייַן אומגעריכטקייַט, אז איך האָב ניט-ווילנדיק זיך הויך צעלאַכט. און דאָ האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אין שופלאָד פונעם שרייַבטיש האלט ער גרייט א קאנטשיק, מיט וועלכן ער האָט מיך טאַקע טייקעף א שמיץ געטאָן איבער דער פּלייצע. און גאנץ שטארק.

— איר זייַט ניט אין שרייַבער-קלוב. פאַרגעסט עס ניט.

צווועטקאָוו (די פאמיליע פון דעם אויספאָרשער) האָט מיך געפּייַניקט מיט זייַנע פאַרהערן א וואָכן צוויי, אָבער ניט אזוי אקשאָנעסדיק און סיסטעמטיש, ווי דער ערשטער. א פּאָר מאָל האָט ער מיר געגעבן א מעגלעכקייַט צו שלאָפן. אָפּגעשיקט מיך ניט מאמעש פאַרן אופוועקן, נאָר אינמיטן דער נאכט. פון אכזאָריִעסדיקע און ברוטאלע אטאקעס פלעג ער פּלוצעם אריבערגיין צו מעליצעדיקע צורעדעניש, באמיִענדיק זיך מיט אלע קויכעס באווייַזן זייַן אינטעליגענטישקייַט. ווען ער האָט זייער שטארק געדריקט אָף מיר, פלעג איך, אָנווענדנדיק מייַן פריִערדיקע טאקטיק, דערקלערן, אז איך טרייסט זיך ניט מיט דער האָפענונג אויסצוהאלטן דעם קאמף מיט דער ענקאווועדע, איך פאַרשטיי, אז איך וועל מוזן זיך אנערקענען פאַר שולדיק אין זינד, וועלכע איך בין ניט באגאנגען, אָבער איך וויל זייַן זיכער, אז דער אויספאָרשער ווייסט, אז איך בין זיי ניט באגאנגען, און די גאנצע פאַראנטוואָרטלעכקייַט פאַר דעם לייַגן פאלט אָף אים.

מיט צווועטקאָוון האָבן מיר אזוי טאַקע צו גאָרנישט ניט דערעדט זיך. ווי דאָס פּאָריקע מאָל, זייַנען די פאַרהערן פּלוצעם איבערגעריסן געוואָרן. געדויערט האָט עס, וועדליק איך געדענק, א וואָכן זעקס, זיבן.

מיט יול האָט מען מיך אריבערגעוואָרפן אין לוקיאנאָווקער טורמע. איידער כ'וועל זיך נעמען באשרייַבן אָט דעם באזונדערס אייַנדרוק-רייַכן פּעריִאָד פון מייַן טורמע-לעבן, דאַרף מען מינאסטאם עפּעס נאָך צוגעבן צו מייַן דערציילונג וועגן דער צייַט, וואָס איך האָב זיך געפונען אין דער טורמע פון דער ענקאווועדע.

איינעם א גאנצפרי האָט מען אין אונדזער קאמער אריַינגעפירט א ניִיִנקן. ס'איז אריַינגעקומען א הויכער דארער מענטש, עפּעס אינגאנצן א פאַרבלאָזער — די האָר, די אויגן, דאָס פּאָנעם — און צוזאמען דערמיט אַן אויסערגעוויינלעך ערנסטער, אפילע עטוואָס א פּייַערלעכער. ער איז אריַינגעקומען, ניט גריסנדיק זיך, אוועקגעשטעלט זיך א בא זייַט, קיינעם אפילע ניט מעזאקע געווען מיט קיין בליק. עמעצער האָט א פּרווו געטאָן זיך דערוויסן, ווען מע האָט אים ארעסטירט, וויאַזוי רופט מען אים. ער האָט אומגערן געענטפערט:

— ס'איז דען ניט אלצייַנס, וויאַזוי מע רופט מיך. און ביכלאַל, מע האָט מיך ניט ארעסטירט, נאָר פּאָשעט אזוי.

— וואָס הייסט עס, פּאָשעט אזוי?

— נו, פּאָשעט אזוי — גענומען. מיסטאמע דאַרפן זיי עפּעס קלאָר מאכן. נו, פרעגן עפּעס. נאָכדעם וועלן זיי אָפּלאָזן.

— איר זענט זיכער אין דעם?

— פאַרשטייט זיך, איך ווייס ניט פון קיין זינד אָף זיך.

— מיר אלע דאָ ווייסן ניט פון קיין זינד אָף זיך.

— וואָס? איך בין מיט אייַך ניט באקאנט און כ'קאָן זייַן פאַראנטוואָרטלעך נאָר פאַר זיך.

די נאַיִווקייַט פון דעם ניִיִנקן איז געווען קאָמיש, נאָר פאַרשטענדלעך. עמעצער האָט אים אָפּגעגעבן די טאבורעטקע, נאָר ער האָט זיך ניט אנידערגעזעצט.

— א דאנק. איך וועל דערווייַל שטיין.

מע האָט געבראכט ברויט, צוקער, אָקרעפּ. עמעצער האָט אים פאַרגעלייגט א טייל פונעם פּאַיאָק.

— וואָס טוט איר? מע דאַרף ניט. איך עס קיינמאָל ניט אזוי פרי. און ביכלאַל, מע האָט מיך ניט פאַרעכנט אָף שפּייַז. מע וועט מיך באלד ארויסלאָזן. עפּעס פרעגן און אָפּלאָזן.

ס'איז אים נעבעך אויסגעקומען שטיין אָף די פיס גאנץ לאנג. ערשט ארום צוועלף

אזייגער האָט מען אים גערופן צום אויספּאַרשער. אומגעקערט האָט ער זיך אַזייגער פינף א נעבעכדיקער, א דערשלאָגענער. אַרײַנגעקומען, זיך אַנידערגעזעצט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, אונטערשפּאַרנדיק אים מיט די דלאָניעס, און זיך ניט גערירט פון אָרט. נאָר געזיפצט פון צײַט צו צײַט און געשעפּטשעט: „גאָטעניו, וואָס זשע טוט זיך עס? גאָטעניו!"

בייסן מיטיק האָבן מיר געגומען פאַר אים א פּאָרציע באַלאַנדע, דער אופזעער האָט געגעבן נאָך א פּײַקע ברויט. נאָר ער האָט אפילע קוקן ניט געוואָלט אַפן עסן און אַלץ געשעפּטשעט: „גאָט מײַנער, גאָט מײַנער, וואָס זשע טוט זיך עס? גאָטעניו!"

ענדלעך האָט ער אופגעהויבן דעם קאָפּ. זיך אַרומגעקוקט מיט שרעק און, אַנבייגנדיק זיך צו פּאַפּאָוו, וועלכער איז געזעסן לעבן אים, שטילערהייט געפרעגט:

— זאָגט מיר, דאָס איז (ער האָט מיט א פינגער געוויזן אַף די ווענט, אַף דער טיר) טאַקע די עמעסדיקע ענקאַוועדע?

— וועלכע דען?

— איך וויל זאָגן — ס'איז טאַקע ווירקלעך די סאַמע עמעסדיקע צענטראַלע ענקאַוועדע?

— די סאַמע עמעסדיקע און סאַמע צענטראַלע ענקאַוועדע, — האָט פּאַפּאָוו, איבערקרימענדיק די אינטאָנאַציע פון א קליינשטעטלדיקן ייִדן, אים געענטפערט.

נאָר יענער האָט ניט באַמערקט, אַז מע לאַכט פון אים.

— גאָטעניו, גאָטעניו, וואָס זשע טוט זיך עס? — האָט ער פאַרצווייפלט געשעפּטשעט, האַלטנדיק פאַרמאַכט די אויגן. אַזוי באַקלאָגן פרומע ייִדן טישעבאָוו דעם כורבן פון בייס-האַמיקדעש.

דעם געוועזענעם ענקאַוועדיסט האָט עס פריילעך געמאַכט.

— וואָס האָבן זיי דאָרט אָפּגעטאָן מיט אײַך? — האָט ער געפרעגט. — מע האָט אײַך געשלאָגן?

— ניין, ערגער ווי געשלאָגן. וואָס פאַר א ווערטער! גאָט מײַנער, וואָס פאַר א ווערטער!

פּאַפּאָוו איז געוואָרן נאָך מער אופגעלעבט.

— וועלכע, אַשטייגער? — האָט ער געפרעגט, און מאַכנדיק כויזעק, אָנגעהויבן אויסרעכענען — קורווע, פּיי-צאַדעק?

— געזאָגט, געזאָגט.

— אויך מיר א זאַך. נו, און וועלכע נאָך? — און פּאַפּאָוו האָט גענומען ווײַטער אויסרעכענען.

— יאָ, יאָ. זיי האָבן דאָס אויך געזאָגט, — האָט דער ייִד באַשטעטיקט, שיר ניט וויינענדיק.

— און דאָס אײַנגאַנצן?

— וואָס הייסט? אַף די ווענט פון די קלאָזעטן, אַף די אײַזנבאַן-סטאַנציעס וועט איר אַזוינס ניט זען, פונעם ערגסטן שיקערן באָסיאַק וועט איר אַזוינס ניט הערן. זאָגט מיר, איך בעט אײַך: און דאָס איז די עמעסדיקע סאָוועטישע ענקאַוועדע?

— די סאַמע עמעסדיקע סאָוועטישע ענקאַוועדע.

— איז דאַרף מען דאָך רײַסן אַף זיך די האָר! וואָס זשע שמייכלט איר אַזוי פריילעך?

ער איז אָפּגעווען אין אונדזער קאַמער עפּעס מער פון א מעסלעס, נאָכדעם האָט מען אים ערגעץ איבערגעפירט.

די אויספּאַרשער האָבן אין יענע יאָרן געטאָט א סאַך אַרבעט, ס'האָט אויסגעפעלט צײַט, אויסגעפעלט אָרט. דו רעדסט מיט דײַן אויספּאַרשטער, און פון יענער זײַט דיקטענעם ווענטל באַארבעט מען עמעצן. עס לאָזן זיך הערן געשרייען, געיאָמער, קלעפּ, יופּעס. אַן אַנדערש מאָל פלעגט דער פאַרהער פאָרקומען אין א גרויסן ניט-פאַנאַנדערגעצוימטן צימער, ווו בא באַזונדערע טישן האָבן אײַנצײַטיק געאַרבעט עטלעכע אויספּאַרשער. אָן אײַנדרוק פון א פאַבריק, אָדער נאָך ריכטיקער — פון א פלייש-מאַרק. אין איין ווינקל שלאָגט מען עמעצן אין פּאָנעם, און בא א צווייטן טיש שמייכלט כניפעדיק אַן אַנדערער, וועלכער זעט אויס ווי א מעס פאַר זײַן אויספּאַרשער, קריכט אים אונטער די נעגל, און דאָ באַלד פּרעמירט אים יענער מיט ווײַסער בולקע און וווּרשט.

איינמאָל בין איך געווען אַן איידעס פון אַן עקלהאַפטער סצענע. דער אויספּאַרשער האָט געמוטשעט עפּעס א שוואַרצינק קליינוווּקסיק מענטשל מיט איין פראַגע: ווּעמען האָט ער פאַרווערבירט. יענער (ווּעדליק איך האָב פאַרשטאַנען פון די ברעקלעך רייד, וועלכע זײַנען צו מיר דערגאַנגען, אַן אינסטרוקטאָר פון א געגנטקאָם) האָט זיך אײַנגעאַקשנט, געזאָגט צוערשט רויִק, דערנאָך אַלץ היציקער און נערוועזער, אַז קיין שום אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע איז ניט געווען, אַז קיינעם האָט ער ניט ווערבירט. די פראַגעס און ענטפערס האָבן זאָ אָן עק זיך איבערגעכאַזערט, געענדערט האָט זיך נאָר די אינטאָנאַציע.

פון דער זײַט האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס זעסטו מעשוגאָים. און ווי קעדיי צו באשטעטיקן דעם דאָזיקן אײַנדרוק, האָט דער אויספאָרשער פּלוצעם אָפּגעגעבן אַ קאָמאַנדע:

— סמירנאָ! די הענט אויסגעצויגן!

דער באשולדיקטער האָט געהאָרכזאם אויסגעפילט דאָס, וואָס מע האָט פון אים געפאָדערט.

— שטעלט זיך אפן שטול!

מע האָט קלאָר געזען, אַז דער באשולדיקטער איז מעוווּלבל געוואָרן, ער האָט ניט גערירט זיך פון אָרט.

— צוליב וואָס? — האָט דער דערשטוינטער „פארברעכער" מיט שרעק געפרעגט.

— שטעלט זיך אפן שטול!

דעם אויספאָרשערס קאָל האָט געקלונגען באגײַסטערט. אַלעמען אין צימער איז געווען קלאָר, אַז עס גרייט זיך עפּעס אויסערגעוויינלעכס. אפילע מײַן אויספאָרשער האָט איבערגעריסן דעם פארהער און אויסגעקערעוועט זיך אַ פארינטריגירטער. דער אומגליקלעכער איז נעבעך ארופגעקראָכן אפן שטול און, ניט פארשטייענדיק גאָרנישט, געבליבן שטיין אין אַן אומזיכערער קלאָגעדיקער פּאָזע מיטן פּאָנעם צום פּובליקום.

— העכער דעם קאָפּ! הייבט אוף די רעכטע האנט!

דער אומגליקלעכער האָט געפּאָלגט. זײַנע אויגן האָבן אויסגעדריקט שרעק, פארלוירנקײַט, דאָך האָט ער זיך אויסגעגלײַכט, אופגעהויבן די האנט.

— איצט כאזערט איבער נאָך מיר, — האָט ווײַטער קאָמאנדעוועט דער אויספאָרשער און אפן מאָטיוו פון באוווסטן לידל „טשיזשיק־פּיזשיק" גענומען זינגען:

איך האָב קיי־נעם ניט ווער־בירט,
איך האָב קיי־נעם ניט ווער־בירט.

דער מענטש אפן שטול האָט געשוויגן, ער האָט ניט דערוואַרט, ווײַזט אויס, אזא דריי, ער איז געווען געפּלעפט.

— נו! — האָט אַ געשריי געטאָן דער אויספאָרשער, נעמענדיק די באהײַקע אין האנט. — דו וועסט זינגען צי ניט? „איך האָב קיי־נעם ניט ווער־בירט..."

דער מענטש אפן שטול איז, ווײַזט אויס, שוין געווען גוט באקאנט מיט אָט דעם געווער פון גערעכטיקײַט. ער האָט גענומען זינגען. מיט אַ וויינענדיק, קלאָגעדיק קאָל האָט ער איבערגעכאזערט:

איך האָב קיי־נעם ניט ווער־בירט...

— העכער! פריילעכער! — האָט קאָמאנדעוועט דער אויספאָרשער.

איך האָב קיי־נעם ניט ווער־בירט.
איך האָב קיי־נעם ניט ווער־בירט.

— נאָכאמאָל!

און יענער האָט נאָכאמאָל איבערגעכאזערט. און מיטאמאָל האָט דער אויספאָרשער מיט אַ פלינקן שטופּ איבערגעקערט דעם שטול, אף וועלכן דער מענטש איז געשטאנען, אזוי אַז יענער איז מיט אַ טראסק אראָפּגעפאלן אפן דיל, און ער האָט אים גענומען שלאָגן, איבערכאזערנדיק דערבײַ:

— אך, דו קורווע, אך דו צויג, אך דו... — אאוו. אלץ אזעלכע ווערטער.

אַז דער האָגל קלעפּ האָט זיך אָפּגעשטעלט, און דער אומגליקלעכער איז אופגעשטאנען, האָט אלץ זיך אָנגעהויבן אפסנײַ.

— נו, איצט וועט איר זאָגן, וועמען האָט איר פארוואָרבירט?

איך האָב נאָך ניט דערציילט וועגן מײַנע קאָשמארן. איינער פון זיי האָט מיר באזונדערס בוילעט זיך פארגעדענקט.

ס'האָט זיך מיר געכאָלעמט, ווי איך גיי אף אַ שטעג. פון לינקס — אַ שטײַלע וואנט פון אַ גוואלדיק־גרויסן פעלדז, פון רעכטס — אַן אָפּריס פון אַן אומענדלעכן טיפן אָפּגרונט. אפן ראנד פונעם טהאָם אַ געשטרויך. איך גיי און ווארט, איך גיי און ווייס, אַז פונעם געשטרויך וועט ארויס אַ כײַע. און אָט איז זי ארויס. אַ מענטשן־ענלעכער ריזן־קאָפּ, אַן אומגעהײַער ברייטע פּלייצע און קליינע קרומע פיסלעך. די פינגער פון די באָרוועסע פיס (ער איז אינגאנצן נאקעט, באוואקסן מיט האָר) זײַנען איבערגעצויגן מיט אַ הײַטל און אף זיי — אײַזערנע פּאָדקאָוועס. דער העסלעך צעצויגענער פּיסק פון דער כײַע־ראָע גלאנצט פון טײַווע און בלוט. די אויגן זײַנען קאלטע און אכזאָריעסדיקע, ווי בא אַ טיגער, און אין דער זעלבער צײַט ווי בא אַ מענטשן — ציניש און אָפּלאכנדיק. די כײַע שטייט אפן שטעג אזוי, אַז ס'איז ניט מעגלעך דורכצוגיין, און זי קוקט גלײַך אף מיר.

„לאָז מיך דורך, — בעט איך זיך, — מײַן שטוב איז דאָרטן".
„און וואָס וועסטו מיר געבן?"
„איך האָב גאָרניט. דו זעסט דאָך".
און טאקע אינדערעמעסן. איך בין אָנגעטאָן אין קרוע־בלוע, דורך די לעכער זעט זיך ארויס דאָס נאקעטע לײַב.
„גיב פלייש", — זאָגט די כײַע.
„וואָסער פלייש? פונוואנען?"
„דײַן פלייש גיב. פלייש, בלוט. כ'האָב ליב".
ווײַזט זיך ארויס, אז איך האלט אין האנט א מעסער, א גוט פארשארפט קרום מע־סער, א פינקע. מיט איין האק פונעם מעסער שנײַד איך אָפּ דעם גראָבן פינגער פון מײַן לינקער האנט און ווארף אים דער כײַע. די כײַע כאפּט מיטן פיסק דאָס נאשרײַ אינדער־לופטן, שלינגט עס אפגיך אײַן און באלעקט זיך.
„נאָך!"
איך שנײַד אָפּ נאָך א פינגער, א דריטן, א פערטן און ענדלעך דעם לעצטן. די כײַע כאפּט זיי און שלינגט אײַן מיט האנאָע איינעם נאָכן אנדערן, אויסרופנדיק יעדער מאָל:
„נאָך!"
איך צי אָן די הויט אף מײַן זײַט און שנײַד אָפּ א היפּשן שטיק.
די כײַע שלינגט אים אײַן פונקט אזוי שנעל ווי פריִער, און, ניט בלויז נישט גע־זעטיקט, נאָר פארקערט, אלץ מער און מער צעהיצט, שרײַט זי:
„נאָך! נאָך!" און זאָגט אונטער: „די ריפּן גיב! איך האָב ליב א ריפּעלע!"
און אָט פונקט, ווי די פינגער, הייב איך אָן שנײַדן איינע נאָך דער אנדערער די ריפּן און ווארף זיי דער כײַע, און זי, אלץ מער באראשט, פאָדערט אזוי גנייוויש זיס און אין דער זעלבער צײַט באפעלעריש:
„דאָס הארץ! דאָס הארץ גיב! דאָס הארץ!"
און דאָ שטעל איך זיך אָפּ סאָפּקאָלסאָף. דאָס מעסער פאלט ארויס פון דער האנט, ווערט פארשוווּנדן. איך בין ארום און ארום אין ווונדן. דאָס בלוט רינט איבער די הענט, איבערן בויך, איבער די פיס. אָבער אָפּגעבן דאָס הארץ קאָן איך ניט. און צודריקנדיק צו דער ברוסט די פארבלוטיקטע האנט, שרײַ איך מיט ווייטיק אויס:
„איך קאָן ניט! קאָן ניט! איך וועל ניט געבן! ניט געבן! ניט געבן!"
און איך כאפּ זיך אויף פון שלאָף מיט א געשריי.
די סאמע פײַנלעכע אייגנשאפט פון די דאָזיקע קאָשמארן איז געווען זייער אויסער־געוויינלעכע פאר כאלוימעס קלאָרקײַט, דאָס, וואָס זיי האָבן זיך קרענקלעך אײַנגעקריצט אין זיקאָרן מיט זייער בוילעטקײַט און רעאלקײַט. דאָס זײַנען גיכער געווען קראנקן־ווײַזיעס אף דער וואר, איידער כאלוימעס. ס'האָבן זיך פארגעדענקט עטלעכע אזעלכע קאָשמארן, נאָר די באגעגעניש מיט דער מענטשן־ענלעכער כײַע, שפּיגלט אָפּ, מיין איך, אמערסטן ריכטיק מײַן דעמאלטיקן צושטאנד.

אין לוקיאנאָווקע האָט מען מיך אריבערגעפירט אין מיט יול. די קאמער, ווו מע האָט מיך אײַנגעזעצט, איז געווען אויסגערעכנט אף זעכצן בעטלעך. איך האָב דאָרט גע־טראָפן א גרויסע מענגע מענטשן און קיין שום מעבל, כוץ דרײַ בעטלעך פון איין זײַט און אזויפיל פון דער אנדערער, וועלכע מע האָט איבערגעלאָזט פאר די שוואכע אין געזונט פריִערדיקע ארעסטאנטן. מיר האָט מען געזאָגט, אז איך בין דאָ דער 119־טער. אין די ווינקלען זײַנען מענטשן קרײַזווײַז געזעסן אפן דיל. ערטער צו זיצן אף די בעטלעך האָט מען פארנומען לויט א ריי. אינמיטן דער קאמער און צווישן די בעטלעך זײַנען געשטאנען רעדלעך מענטשן און שטיל געשמועסט. עמעץ־ווער האָט זיך אויסגעקליגט ארומשפּאצירן הין און צוריק איבער די שמאָלע און געשלענגלטע דורכגענג צווישן די מענטשן אפן דיל. בא דער הינטערשטער וואנט, אויסבאהאלטנדיק זיך הינטער די זיצנדיקע, די אופּזעערס זאָלן זיי ניט דערזען, האָבן געפּרוּווט זיך אויסשלאָפן די, וועלכע מע האָט פארמאטערט באנאכט בייס די פארהערן. דער באשטאנד פון די אסירים אי לויטן עלטער, אי לויטן כא־ראקטער האָט מיר אויסגעזען צו זײַן ביז גאָר פארשידן און בונט. נאָכדעם האָט זיך דאָס באשטעטיקט.
אונדזער קאמער האָט זיך געפונען אפן צווייטן שטאָק. פון אונטן זײַנען געווען די „קאַבינעטן". דורך די נעכט ביז אזייגער פיר פלעגן דאָרטן פאָרקומען די פארהערן. פון אונדזער געדיכט באוווינטער קאמער האָט מען גענומען מענטשן אלע פארנאכט. און שטענדיק פלעג עמעצער פון זיי זיך אומקערן מיט א שווארצער פון די קלעפּ פלייצע. ניט זײַענדיק בעקויעך איבערצוטראָגן אפילע דעם קלענסטן ריר צו די ווונדן, פלעג ער טייקעף זיך אויסטאָן און ארומגיין א האלבנאקעטער, ווארפנדיק מיט זײַן אויסזען א מוירע

אף אונדז אלעמען. אין אונטערשייד פון דער ענקאווודע, ווו מע פלעגט איבערהויפּט שלאָגן מיט דער פויסט אָדער מיט א בייַטשל, איז דאָ דאָס סאמע באליבטע געווער אף צו שלאָגן געווען א פיסל פון א צעבראָכן בענקל. א גאנצע נאכט האָבן פון אונטן זיך דערטראָגן אומענטשלעכע גוואלדן און קרעכצן פון די אסירים. געפּייַניקט האָט מען אייַנציַיטיק אין עטלעכע קאמערן, די געשרייען האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין שוידערלעכן פילשטימיקן געוואַי. ס'האָט זיך געדאכט, אז די גאנצע געבייַדע טרייסלט זיך אף די וועלן פון אָט די גוואלדן, ווי אַן אונטערגייענדיקע שיף בייַ א שטורעם.

געהערט האָבן מיר די דאָזיקע מוזיק אין די שאָען, ווען מיר האָבן באדארפט שלאָפן. געשלאָפן זייַנען אלע (אויסער עטלעכע, וועלכע האָבן צוליב זייער שוואכקייַט געהאט פריווילעגיעס) אפן דיל אינמיטן דער קאמער, צווישן די בעטלעך, און אפילע אונטער זיי. קיין קישנס, קיין רעדנעס אף אונטערבעטן זייַנען ניט געווען. ליגן איז אויסגעקומען מאמעש אפן צעמענט. איך, לעמאָשל, פלעג אונטערבעטן די הויזן און אונטערן קאָפּ אוועקלייגן דעם פידזשאק. קימאט אלע זייַנען געשלאָפן נאקעטערהייט, אין די איינע אונטערהייזלעך. דאָס לייַב האָט געגלאנצט פון שוויס. אין קאמער איז געשטאנען אַן אויסצערנדיקע היץ. קיין ערטער אפן דיל איז פאר אלעמען ניט געווען. ליגן פלעגט אויסקומען אף דער זייַט הארט צוגעטוליעט צו דער פלייצע פונעם שכן, דערבייַ אזוי, אז די פיס פון איין שורע שלאָפנדיקע איז געלעגן אף די אקסלען פון דער צווייטער שורע. קעדיי אויסצודרייען זיך אף דער אנדערער זייַט, האָט מען באדארפט אופשטיין, שטייענדיק זיך אויסקערעווען און דערנאָך ווי-ס'ניט-איז זיך אַרייַנשטופּן אין פריִערדיקן שפּאלט. אף דערקלייַבן זיך צו דער פאראשע האָט מען געדארפט ארויסווייַזן פלינקייַט, אויסזוכן פרייַע ערטער צווישן די שלאָפנדיקע, ווו מע זאָל קענען אוועקשטעלן א פוס און קיינעם ניט פארטשעפּען. מע האָט באדארפט לאווירן און זיגזאגעווען פאַרזיכטיק און באדאכט. פארשלאָפענערהייט האָט עס ניט יעדערער געקאָנט טאָן און זייער אָפט פלעגן אינמיטן דער נאכט אויסברעכן צוזאמענשטויסן, קריגערייַען.

ליגסט און קאָנסט ניט צומאכן קיין אויג. פון אונטן דערטראָגן זיך הארצרייַסנדיקע ווילדע געשרייען פון די געפּייַניקטע. איבערן קאָפּ ברענט א העלער לאָמפּ. דער ריזיקער דיל איז פארפולט מיט נאקעטע קערפּערס פון מענטשן, וואָס כראָפּען, כריפּען, קריצן מיט די ציין, וואָיען, קרעכצן פון שלאָף. עמעצער אין א ווייַטן ווינקל שלאָפט ניט, פונקט ווי איך, קוקט זיך אייַן מיט אָפענע אומעטיקע אויגן ערגעץ אין דער נאכט פון יענער זייַט ווענט. ווער זשע זייַנען זיי, אָט די פארשטויסענע, וועמען מע האָט דערקלערט אויסערן געזעץ, אַרייַנגעוואָרפן אין אָט דעם געהענעם-קעסל? עס האָט זיך געוואָלט אַרייַנדרינגען אין זייער מויעך, אופכאפּן זייערע געדאנקען. די אומשטאנדן דערצו זייַנען געווען גינסטיקע. פאר די העכער צוויי כאָדאָשים, וואָס איך בין געזעסן אין אָט דער קאמער, איז מיר אויסגעקומען אויסהערן ניט איין הישטאפּכעס-האנעפעש, דערוויסן זיך, וואָס עס טוט זיך אין הארצן פון א סאך מענטשן. איך וועל זיך פּרוּוון אָנשרייַבן, כאָטשבי וועגן עטלעכע. אָבער פריִער דארף מען נאָך עפּעס-וואָס דערציילן וועגן דעם טאָגטעגלעכן לעבן אין דער דעמלטיקער לוקיאנאָווקער טורמע.

איין מאָל אין צוויי וואָכן האָט מען געפירט אין באָד. דאָס אָנטאָן פלעגט מען אָפּגעבן אף דעזינפיצירן און אומגעקערט האָט מען עס אונדז אף האלב אויסגעטליִעט, אָבער דערפאר ריין פון אינזעקטן. פארן באָדן פלעגט מען אונדז אָפּשערן מיט א מאשינקע די האָר אפן קאָפּ און אפן גוף. די מאשינקעס זייַנען געווען טעמפּע, די צירולניקעס (קרימינעלע פארברעכער) האָבן געטאָן זייער ארבעט גיך און נאכלעסיק, געריסן די האָר צוזאמען מיט דער הויט. דערפאר איז אויסוואשן זיך נאָך צוויי וואָכן שמאכטן אין קאמער געווען אַן עמעסער פארגעניגן. פילן, ווי עס פליסן איבער דייַן גוף שטראָמען רייַנע און רייניקנדיקע וואסער, האָט געצוווּנגען פארגעסן אף א צייַט די אוּלעס, די אומגערעכטיקייַט, די ליידן, די פּייַן און מיִעסקייַט פון דער געפענקעניש און אַן געדאנקען ווי פארשיקערט, זיך לאָזן ווילגיין.

אין באָד האָט זיך אויסגעפונען נאָך א זאך, וואָס האָט עטוואָס פארשענערט אונדזער איינאַרטיק אָפּגעזונדערט לעבן. ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ווען דו שטעלסט זיך ארויף אף א באנק, ווערסטו דורך דעם פארגראטעטן פענצטער קימאט אונטער דער סטעליע דערזען א שטוב, וואָס שטייט פון יענער זייַט פארקן, א שטיקל גאס. ארויסקוקן דורכן פענצטער האָט מען, פארשטייט זיך, ניט געטאָרט, נאָר דער אופזעער איז געווען איינער, און מיר זייַנען געווען א סאך, אלעמען האלטן אין אויג איז אוממעגלעך. מיר האָט אָפּגעגליקט. איין מאָל האָב איך געזען עפּעס א ווייַבל מיט א קאָשעק, פון וועלכן עס האָבן ארויסגעשטארצט רויטע עקעלעך פון מערן; א יִנגעלע מיט א הינטל אף א רימען. א צווייט מאָל — א באַיאָרטן מענטשן מיט א צייַטונג אין דער האנט. ס'איז צום באוווּנדערן, וויִאזוי די דאָזיקע וואָכעדיקע, פּאָשעטע לעבנס-דערשייַנונגען האָבן אין יענע באדינגונגען גערעגט. האָסט טיפער אָנגעהויבן עטעמען, עס האָט שטארקער געצומען קלאפּן דאָס הארץ.

שפּאַצירן האָט מען אונדז אַרויסגעפירט זייער זעלטן, אַ פּאָר מאָל אין וואָך, און שפּאַצירט האָבן מיר ניט מער ווי פופצן־צוואַנציק מינוט אינעם אינערלעכן הויף, גייענדיק איינער נאָכן אַנדערן אין אַ קרייַז, אַקוראַט, ווי דאָס איז אָנגעמאָלט אף וואַן־גאָגס באַרימטן בילד.

איינעם אַ פרימאָרגן האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אף אַ נייַ אָרט. פאַרגאַנגען אַרום אונדזער קאָרפּוס, זייַנען מיר אַרויסגעקומען אף עפּעס אַ קליינעם ניט־ברוקירטן פּלאַץ, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ פּלויט פון ברעטער. אין דער ווייכער ערד, וואָס האָט זיך נאָך ניט אויסגעטריקנט נאָכן באַנאַכטיקן רעגן, זייַנען פאַרבליבן פרישע שפּורן פון דאַמען־קנאַפּל. ס'איז געווען קלאָר, אַז פאַר אונדז האָט מען דאָ געפירט שפּאַצירן פרויען. ניט קיין סאָפק. אינגאַנצן דרייַ. מיר האָבן גלייַך באַמערקט די שפּורן, און שפּאַנענדיק איבער דעם זעלבן שפּאַציר־קרייַז, האָבן מיר אַלע, ניט צונויפריידנדיק זיך, באַמיט זיך ניט אָנטרעטן אף זיי, ניט פאַרניכטן. מיט אַ ווונק, מיט אַ שטיל אַרויסגערעדט וואָרט (ריידן איז געווען פאַרבאָטן) האָבן מיר איינער דעם אַנדערן אָנגעוויזן אף זיי. ווי טיף די דאָזיקע אָפּדרוקן פון פרויען־טריט האָבן גערירט דאָס האַרץ! מיר האָבן זיי געלייענט ווי צאַרטע היעראָגליפן, ווי אַ געהיימע שריפט, פאַרטראַכטנדיק זיך ניט־ווילנדיק וועגן גורל פון די אומבאַוווּסטע כאַווערטעס, פרעגנדיק זיך, אַרויסזאָגנדיק האַשאָרעס, פרוּווּנדיק טרעפן, ווער זייַנען זיי, ווו געפינען זיי זיך דאָ.

דער סאַניטאַרער צושטאַנד פון דער ביז גאָר איבערגעפּולטער טורמע האָט שטאַרק באַאומרויִקט די אַדמיניסטראַציע. אין יענעם הייסן זומער האָבן אין די קאַמערן געווילדעוועט אָן אַ שיר פליגן — כמאַרעס גאַנצע. מע האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטן פון זיי. נישט באַטאָג, נישט באַנאַכט. קעדיי צוציִען די אַסירים באַקעמפן דעם דאָזיקן אומגליק, איז געמאָלדן געוואָרן, אַז ווער ס'וועט צושטעלן פופציק פליגן, דער וועט באַקומען אַן איבעריקן שעפּ־לעפל באַלאַנדע. דער פּאַיאָק, ווי כ'האָב שוין געהאַט געזאָגט, איז געווען אַ קנאַפּער, אַלע זייַנען אַרומגעגאַנגען אויסגעהונגערטע, אויסגעדייוערטע, און נאָך אַ לעפל, זאָל זייַן אַפילע פונעם פיסנע ניט־געשמאַקן געקעכטס, אין וועלכן אַ קאַרטאָפליע, אויב מע האָט אף איר אָנגעטראָפן, האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גרויס גליק, איז געווען אַזאַ אונטערשטיצונג, וואָס באַציִען זיך צו איר גרינגשעצעריש האָט מען ניט געקאָנט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויס געיעג נאָך פליגן. אייניקע האָבן זיך באַצויגן דערצו, ווי צו אַ מין ספּאָרט, אַ פאַרווייַלונג, האָבן געטומלט, אָן אויפהער געמאַכט מיט די הענט, וואָס דאָס האָט אין געדראַנג, וועלכער האָט געהערשט אין קאַמער, אָפּט אַרויסגערופן מיספאַרשטייעניש. אַנדערע האָבן ווי געשעמט זיך, וואָס זיי קומט אויס צו פאַרנעמען זיך מיט אַזאַ אַרבעט, און זייער זעלטן, ביגנייווע אויסגעשטרעקט די האַנט אף צו כאַפּן אַ פליג. דריטע האָבן מאָרעשכוירעדיק סאַבאָטירט.

דאָס סאַמע ערגסטע און עקלהאַפטיקע אין דעם דאָזיקן געיעג איז געווען דאָס, וואָס מע האָט געמוזט צעקוועטשן די געכאַפּטע פליגן טאַקע דאָ באַלד אין דער דלאָניע, איידער זיי וועלן זיך צעפליִען.

דעם פּראָפעסאָר גאָלדמאַן (וועגן אים וועט שפּעטער דערציילט ווערן גענויער), ביכלאַל זייער אַ שלימאַזלדיקן יעגער, האָט געיִבלט ביז צום ברעכן פון אָט די מערדערישע פליכטן. עס האָט זיך אים בעשום־אויפן ניט אייַנגעגעבן צו כאַפּן פופציק פליגן פאַר איין טאָג, איז אים אויסגעקומען אָנזאַמלען זיי צוביסלעך. דאָס געפאַנג פלעגט ער באַהאַלטן אין אַ קעסטעלע פון שוועבעלעך, קעדיי, ווען עס וועט זיך אָנקלייַבן די פולע נאָרמע, באַווייַזן עס דעם, וואָס צעגיסט די באַלאַנדע.

מע דאַרף זאָגן, אַז מאַכמעס דעם סיסטעמאַטישן ניט־דערעסן איז ער שרעקלעך אָפּגעשוואַכט געוואָרן און האָט זייער באַדאַרפט זיך אונטערקרעפטיקן. קאָן מען זיך פאָרשטעלן זייַן פאַרצווייפלונג, ווען ער האָט אין איינער אַ נאַכט זיך אומגעקערט פונעם פאַרהער און ניט געפונען דאָס קעסטעלע מיט די פליגן, וועלכע ער האָט אַזוי שווער אָנגעקליבן.

— ס'וואָלט געווען קאָמיש, ווען ס'זאָל ניט זייַן אַזוי טרויעריק, — האָט ער מיר אָפן אַנדערן פרימאָרגן געזאָגט. — כ'קאָן ניט פאַרשטיין, ווער האָט זיך עס געקאָנט קוואַפּען אף אַ פּאָר צענדליק געפּייגערטע פליגן? — און פּלוצעם איז אים אייַנגעפאַלן אַ געדאַנק: — צי מיינט איר ניט, אַז דאָס דאָזיקע שטיקל אַרבעט האָט אָפּגעטאָן נ. נ.? — דער פּראָפעסאָר האָט אָנגערופן זייַנעם אַ שאָכן, אַ בלינדלעכן זאַקן. — ער איז נאָך אַ גרעסערער שלימאַזל, ווי איך.

דער כשאַד האָט געהאַט אַ געוויסן לאָגישן גרונט, האַגאַם ס'איז שווער געווען צו גלייבן, אַז אַ בעקאָוועדיקער אינטעליגענטער מענטש זאָל זייַן פּיִעק אף אַזאַ זאַך. איבעריקנס, ווער ווייסט, וואָס אַ מענטש קאָן זיך דערלויבן, ווען עס פּייניקט אים דער הונגער. אַז אומבאַוווּסט וויִאַרום איז פאַרפאַלן געוואָרן נאָך איין קעסטעלע מיט פליגן, איז נעבעך גאָלדמאַן אינגאַנצן אומעטיק געוואָרן. אַלע אין קאַמער האָבן גענומען טומלען. עמעצער האָט גאַנץ אומטאַקטיש אָנגעהויבן אויספרעגן דעם אַלטיטשקן, אף וועלכן ס'איז צוערשט

געפאלן דער כשאד. יענער האָט זיך גוואלדיק באליידיקט. ס'איז געווען צו זען, אז זײַן גרימצאָרן איז אן אופריכטיקער, אז ער איז געפּלעפט פונעם פארדאכט, און זוכן דעם גאנעוו האָט מען געדארפט אָנהייבן ניט פונדאנען.

איינעם פון די ווינקלען אין קאמער האָט פארנומען ניט קיין גרויסע גרופּע איבערגעלאָפענע, וועלכע מע האָט געכאפּט אף דער גרענעץ. געווען צווישן זיי א בעסאראבער באָכערל פון א יאָר זיבעצן, מיט לעבעדיקע, קלוגע שווארצע אייגעלעך, זייער א געפּעליקער און א בעריע אף אלץ. פון א ריטל, פון א שפּענדעלע, וואָס ער האָט אומבאמערקט אופגעהויבן בייסן שפּאציר, האָט ער געקאָנט מיט דער הילף פון א פּיצינקע שטיקל גלאָז מאכן ווונדערלעך שארפע נאָדלען, מיט וועלכע ער פלעגט גערן באַזאָרגן אַלעמען. אין קעשענע האָט ער קעסיידער געהאלטן א קנײַלכל פעדעם, וואָס ער האָט ארויסגעצופּט פון א שקארפּעטקע. מיט א שטיקל קויל האָט ער אָנגעמאָלט אפן דיל א שאָכברעטל, פון וויכן ברויט געמאכט פיגורן. בייס אן אונטערזוכונג האָט ער אלץ ווונדערלעך פלינק אויסגעבאהאלטן. ער האָט שוין פון לאנג ארומגעשלעפּט זיך איבער די טורמעס פון אוקראַינע, פריער אין מאָלדאוויע, דערנאָך אין קיִעוו. מע האָט אים, פארשטייט זיך, באשולדיקט אין שפּיאָנאזש, נאָר ער האָט פארזיכערט, אז די גרענעץ האָט ער געשווארצט אויס נײַגעריקייט, געוואָלט מיט די אייגענע אויגן א קוק טאָן, ווי מענטשן לעבן אין סאָוועטנפארבאנד, עפּשער וועט אים געפעלן. עס וואָלט, נאטירלעך, געווען נאַיוו גלייבן יעדן וואָרט פון אזא שעלמאק. יעדנפאלס, איז ער געווען א גאנץ אייגנארטיקער יאַט מיט גוטע אײַנגעבוירענע פעיִקייטן און אן אויסנעמלעכן טעמפּעראמענט.

איך האָב א טראכט געטאָן, אז אלעק (אזוי, האָט דאָס באָכערל געזאָגט, הייסט ער) אָדער עמעצער פון זײַן קאָמפּאַניע האָט א שײַכעס צו דער דאָזיקער גנייווע. כ'האָב באַשלאָסן צו דורכריידן זיך מיט אים.

— ווי מיינסטו, ווער האָט עס געקאָנט צולאקכענען די פליגן באם אלטן?

— איר מיינט געוויס, אז דאָס איז מײַן ארבעט? — האָט ער געענטפערט, א קוק געבנדיק אף מיר מיט זײַנע דרייסטע, פריילעכע אויגן.

— איך ווייס ניט. כ'האַלט זיך אן אייצע מיט דיר, וויל הערן דײַן מיינונג.

— אויך מיר א פּראָפעסאָר, קען קיין פליג ניט כאפּן, — האָט אלעק מיט ביטל געזאָגט.

— ער איז דאָך ניט קיין פּראָפעסאָר אף כאפּן פליגן, ער האָט אן אנדער פאך.

און איך האָב זיך באמיט אים געבן צו פארשטיין, וואָס איז דאָס פאר א וויסנשאפט פיזיק, ווי וויכטיק זי איז פארן מענטשן, ווי פארבונדן זי איז מיט זײַן טעטיקײַט. כ'האָב אים דערציילט וועגן גאָלדמאַנען, וועגן דעם, אז ער איז איינער פון די גרעסטע, סאַמע באוווסטע געלערנטע אין אוקראַינע. אלעק האָט אופמערקזאם געהערט. און מיטאַמאָל מיך איבערראַשט מיט א פראגע:

— איז פארוואָס, אויב אזוי, האָט מען אים ארעסטירט?

איך האָב זיך פארלוירן, ניט געוווּסט באלד וואָס צו ענטפערן.

— נידערטרעכטיקע מענטשן האָבן געמאכט א בילבל אף אים, — האָב איך געזאָגט. — אים ארויסגעשטעלט פאר א סוינע פון דער ראַטנמאַכט.

— און פארוואָס האָט מען געגלייבט די נידערטרעכטיקע מענטשן? — האָט אלעק אלץ ניט געקאָנט זיך באַרויִקן. דאָך האָט ער צוגעזאָגט: — איך וועל זיך דורכריידן מיט דער שפּאנע, כ'וועל א זוך טאָן.

אין פינף מינוט ארום איז דאָס קעסטעלע מיט די פליגן געווען באם פּראָפעסאָר.

— דאָ זײַנען דרײַ און פערציק פליגן אײַערע, — האָט אלעק מיט א געוויסער פײַערלעכקײַט דערקלערט, — און זיבן האָב איך צוגעלייגט מײַנע.

אין יענעם טאָג האָט פּראָפעסאָר גאָלדמאַן באקומען א צוגאָב־פּאָרציע קאַנדיאָר.

דער זעלבער אלעק איז געווען שולדיק אין נאָך אן אינצידענט, וואָס האָט פארשאפן ניט ווייניק צאָרעס דער גאנצער קאמער. ער האָט צוגעטראכט א שפּיל, וועלכע האָט צוערשט אונדז זייער פארווײַלט. געכאפּט גרויסע גרינע פליג, האָט ער אויסערגעווינלעך פלינק צוגעבונדן צו איר א לאַנגן ווײַסן פאָדעם, וואָס ער האָט ארויסגעצויגן פון א שטיקל מארליע, און אָפּגעלאָזט די פליג אף דער פרײַ. א פליגן זעקס־זיבן זײַנען געפלויגן איבער אונדזערע קעפּ מיט זייערע שלעפּן. און מיר אלע האָבן ניט־ווילנדיק געשמייכלט, צוקוקנדיק דאָס דאָזיקע מעשוגעדיקע בילד.

אָבער גאָר גיך איז געוואָרן קלאָר, ווי לײַכטזיניק מיר זײַנען געווען, האָבנדיק פארגעניגן פון אָט דער אומשולדיקער שפּיל.

מאכמעס דער גרויסער היץ פלעגט מען דאָס פענצטער אין אונדזער קאמער נישט פארמאכן ניט באטאָג און ניט באנאכט. ארומגעפלויגן א שטיקל צײַט אונטער דער סטעליע, זײַנען די פליגן איינע נאָך דער אנדערער ארויס אין דרויסן. די דאָזיקע אויסטערלישע דערשײַנונג האָט אופגערודערט די וואך, און זי האָט אופגעהויבן אן אליארם. די לעצטע „גערינגעוועטע" פליג האָט ניט באוויזן פארשווינדן פון אונדזערע אויגן, ווי אין

קאמער איז אריינגעקומען דער עלטסטער אופזעער און מיט א פּאָנעם, וואָס האָט קיין שום גוטס ניט צוגעזאָגט, געפרעגט:

— ווער גיט עס דאָ סיגנאַלן פון דער קאמער?

ווי מיר האָבן זיך ניט געסטארעט צו באַרויִקן דעם אופזעער, אים געבן צו דער־קלערן, אז ס'איז ניטאָ וואָס צו מאכן פון א פליג א העלפאַנד, ניטאָ וואָס צו זוכן שלעכטע קאוואַנעס אין א ניט־געפּערלעכער שטיפעריַי, האָט זיך דערפון גאָרניט נישט באַקומען. ער האָט געפאָדערט, מע זאָל ארויסגעבן דעם פארברעכער און א קלאָרן ענטפער, צו וועמען זיַינען געווען געווענדט די סיגנאַלן און וואָס באַטייַטן זיי. אונדזערע דערקלערונ־גען האָבן אים ניט באפרידיקט און ער איז אוועק ראפּאָרטירן זיַין נאטשאלסטווע וועגן דער געשעעניש.

נאטשאלסטווע האָט ניט געלאָזט אף זיך לאַנג וואַרטן, איז באַלד געקומען, און ס'איז געווען צו זען, אז זי איז ניט אף קיין קאטאָוועס באַמרויִקט. די רעדע, וואָס ס'האָט גע־האַלטן דער דעזשורנע געהילף פונעם טורמע־שעף, האָט אָפּגעקלונגען גלייַכצייַטיק אי שטרענג, אי נערוועז. אונדז, הייסט עס, וועסטו ניט אָפּנאַרן, מיר ווייסן דעם כילעק צווישן א ניט־געפּערלעכער שטיפעריַי און בייזוויליקן ברעכן די אָרדענונג. פאַרשטייט זיך, אז אויך פאַר שטיפערייַען איז ניט די טורמע דאָס פּאַסיקע אָרט. אָבער אין געגע־בענעם פאַל קאָן מען באַשייַמפּערלעך זען דעם פארברעכערישן כאראקטער פון דער געשעעניש. פון דער קאמער זיַינען געשיקט געוואָרן אף יענער זייַט פון די טורמע־ווענט אָפּגערעדטע סיגנאַלן. דאָס איז א פאַקט. עטלעכע פליגן מיט די ווייַסע פעדעם פליִען שוין איבער דער גאַס, ארויסרופנדיק אינטערעס בא אַלעמען. די אדמיניסטראַציע קאָן ניט לאָזן אזא זאַך ניט אויסגעפאָרשט און זי פאָדערט, מע זאָל ארויסגעבן דעם אופהעצער. אין קעגנפאַל וועט די גאַנצע קאמער שטרענג באַשטראָפט ווערן.

א שטיקל צייַט איז געווען אבסאָליוט שטיל. קיינער האָט ניט געוואָלט אָנרופן דעם אוטאָר פון דעם קינדערשן אייַנפאַל, וועלכן די פארדאכטפולע נאטשאלסטווע האָט אומ־דערוואַרט צעבלאָזן אין א שרעקלעכן קרימינעלן פארברעכן, כאָטש ס'איז לאַכלוטן ניט פארשטענדלעך, וועלכע סודעס קאָנען אויסגעבן עטלעכע פליגן מיט אראָפּהענגענדיקע ווייַסע פעדעם און וויאַזויאַרום האָט דער פארברעכער געקאָנט פאַרויסבאַשטימען אָדער טרעפן די ריכטונג פון זייער פליִען, קעדיי איבערגעבן דעם סיגנאַל אפן געהעריקן אדרעס.

אזוי אָדער אנדערש האָבן מיר זיך אריַינגעפּאַקט אין ניט קיין אָנגענעמער געשיכטע און ניט געוווּסט, וויאַזוי ארויספּלאָנטערן זיך פון איר. און דאָ האָט אלעק ווידער זיך ארויסבאַוויזן פון דער שענסטער זייַט.

— איך האָב דאָס געטאָן, — האָט ער הויך געמאָלדן פון זייַן ווינקל אינעם אנט־קעגנדיקן עק פון דער קאמער.

— צוליב וואָס? מיט וועלכן צוועק?

— אָן שום צוועק. ס'איז מיר געווען לאַנגווייַליק.

מע האָט אַלעקן אוועקגעפירט, און מער האָבן מיר אים ניט געזען.

מיט דעם פּראָפעסאָר גאָלדמאַן האָבן מיר זיך באַקאַנט אין 1919 יאָר. ער פלעגט ווען־ניט־ווען אריַינקומען צו דער באַלעבאָסטע פון מיַין קוואַרטיר, זיַינער א קרוֹיווע. דעמאָלט איז ער געווען א יונגערמאַן פון א יאָר דרייַסיק, א צוריקגעהאַלטענער, א באַ־שיידענער, מיט זייער דינע געזיכט־שטריכן. די באַלעבאָסטע, א גאַנץ שטרענגע פרוי, א טיפּישע הויז־באַזיצערין, פלעגט זיך באַרימען, אז זי האָדעוועט אונטער איר געבילדעטן קאָרעוו. פון איר האָב איך זיך דערוווּסט, אז ער האָט זיך געלערנט אין פראַנקרייַך (אָדער אין בעלגיע — כ'געדענק ניט פּינקטלעך), אז ער איז א דאָקטאָר, א טאַלאַנטפולער פי־זיקער. נאָר וואָס איז די פּוֹלע, אז אין לאַנד קומען פאָר אַזעלכע אופטרייסלונגען. ווען זי העלפט אים ניט פון צייַט צו צייַט, וואָלט ער פון הונגער אויסגעגאַנגען.

נאָכדעם האָב איך אים אף עטלעכע יאָר פאַרלוירן פון אויג. אינמיטן די צוואַנציקער יאָרן האָב איך ווידער אָנגעהויבן אים באַגעגענען: אין גאַס, אף א קאָנצערט. ער האָט ליב געהאַט מוזיק. בייַס די אנטראַקטן פלעגן מיר אַמאָל זיך טיילן מיט די אייַנדרוקן. אייַנמאָל זומערצייַט אפן דניעפּער, האָב איך, ארויסשטייַגנדיק הינטער דער שטאָט אפן ברעג, דערזען ניט ווייַט פון זיך א מאַנצבל אין ספּאָרטיווע הייזלעך. דאָס איז געווען גאָלדמאַן. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ער, פּונקט אזוי ווי איך, האָט ליב שיִפן זיך אפן טייַך און דעריקער אייַנער אַליין.

מיר האָבן פארבראַכט צוזאַמען א פּאָר שאָ. ער האָט אויסגעצייכנט געוווּסט די רוסישע און פראַנצויזישע פּאָעזיע, פּינקטלעך געדענקט און באַגייַסטערט מיר געלייענט הונדערטער שורעס פון בלאָקן און טיוטשעוו, ווערהאַרנען און באָדלערן (אף פראַנצוי־זיש). ער האָט זיך זייער אינטערעסירט מיט דער סאָוועטישער ליטעראַטור, מיך פּאַנאַנ־דערגעפרעגט וועגן נייַע נעמען, נייַע ביכער.

איינמאָל אַף עפּעס אַ ספּעקטאַקל אין אוקראַיִנישן טעאַטער האָט ער מיך באַקאַנט מיט זײַן ווײַב. דאָס איז געווען אַ קליינינטשקע, גרויע פרוי, אַ געוועזענע לערערן, אַן אוקראַיִנערן, ווי זי האָט מיר געגרן דערציילט, ווען איר מאַן האָט אונדז פאַרלאָזט אַף עטלעכע מינוט. זיי האָבן זיך באַקאַנט אַף לערערישע קורסן, ווו גאָלדמאַן האָט געלייענט פאַר די לערער לעקציעס וועגן פיזיק. שוין זייער אַ פאַרנאַכלעסיקטער (זי האָט באַנוצט, דאַכט זיך, אַן אַנדער וואָרט, כ׳געדענק שוין ניט), איז ער געווען אַזוי־ווי אַ פאַרוואָרלאָזטער, — האָט זי געזאָגט, ווי פאַרענטפערנדיק זיך, וואָס זי האָט כאַסענע געהאַט פאַר אים. ער איז געווען גוט און צאַרט צו איר און באַגלײַך דערמיט איז געווען קלאָר, אַז זיי האָבן ניט וועגן וואָס צו ריידן איינער מיטן אַנדערן. אַ מעשונעדיק פּאָרפּאָלק. אָבער עפּשער אַף זײַן אויפן אַ באַרעכטיקטס, אַ פאַרשטענדלעכס.

אין טורמע האָב איך אים געטראָפן אַ געעלטערטן ביז ניט צו דערקענען, און דעריקער, זייער אַ דערשלאָגענעם. ער האָט מיך באַגעגנט מיט אַ פײַנלעכן שמייכל פון אַ קראַנקן, וועלכער האָט שוין ניט קיין קויעך איבערצוטראָגן די ווייטיקן.

— אײַך אויך. און ווען נאָך?

אים האָט מען אַרעסטירט מיט אַ כאַדאָשים פינף פאַר מיר. עס האָט זיך פאַרקניפּט אַ געוויינלעכער געשפּרעך. וואָס באַטײַט דאָס אַלץ? ווי פאַרשטייט מען עס? איך האָב אים געפּרוווט טרייסטן, ווי איך האָב געקאָנט. הײַנט בלאָזט דער ווינט פון צאָפן, מאָרגן — פון דאָרעם. דער איקער איז — אויסהאַלטן ביזן סאָף, דערוואַרטן זיך אַף אַן ענדערונג. ער האָט נאָר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. „איך וועל שוין ניט דערוואַרטן זיך. קיין קויכעס ניטאָ".

קעדיי אויפצוהייבן בא אים די שטימונג, האָב איך פּאָרגעלייגט, ער זאָל אונדז איבערלייענען עטלעכע לעקציעס וועגן פיזיק. באַלאָנים אַף צו הערן וועלן זיך געפינען. מע דאַרף צונויפקלײַבן ניט קיין גרויסע גרופּע פון אַ מענטשן אַכט־צען. קעדיי ניט צוציִען די אויפמערקזאַמקײַט פונעם אויפזעער, פירן די שמועסן אינדערשטיל. אויב נאָך מענטשן וועלן פאַרלאַנגען, קאָן מען פאַר זיי איבערכאַזערן.

ער האָט דורכגעפירט מיט אונדז אַ ציקל לעקציעס אַף דער טעמע: דאָס אויג, די זון און דער קאָליר (די יעסוידעס פון קאָלירן־קאָמבינאַציעס פונעם וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט). אַ קורס, וועלכן ער האָט אַף דער פרײַ געלייענט אַמאָל פאַר מאָלער. אַ שאָד, וואָס מע האָט ניט געטאָרט פאַרשרײַבן. יעדיִעס פון וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער האָט ער צוזאַמענגעפלאָכטן מיט דערציילונגען וועגן דער געשיכטע פון מאָלערײַ. באַזונדערס אינטערעסאַנט האָט ער דערציילט וועגן די אימפּרעסיאָניסטן, בא וועלכע ער האָט אײַנגעפונען סײַ שטאַרקע, סײַ שוואַכע זײַטן.

די דאָזיקע שמועסן האָבן אַף אַ שטיקל צײַט אים אַ ביסל דערמוטיקט און אַרײַנגעבראַכט אַ געוויסע אויפלעבונג אין אונדזער אומעטיק אַרעסטאַנטיש לעבן. לויט גאָלדמאַנס בײַשפּיל, האָבן נאָך עטלעכע מענטשן גענומען דורכפירן שמועסן וועגן זייערע פאַכן. די קאַמער איז אַף אַ וואָכן צוויי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אוניווערסיטעט. בייס איינע האָבן געהערט, איז די גאַנצע איבעריקע מאַסע אַרומגעגאַנגען איבער דער קאַמער, פאַרשטעלנדיק די אָרדענונג־ברעכער. די אַדמיניסטראַציע האָט, פאַרשטייט זיך, געוווּסט וועגן אונדזערע „קונצן", נאָר, ווײַזט אויס, געהאַלטן, אַז זיי זײַנען ניט געפערלעך. איך געדענק, אַז ס׳איז געווען אַ ציקל לעקציעס וועגן דער געשיכטע פון אוטאָמאָביל, וועגן דער לעדער־ און שוך־אינדוסטריע און אייניקע אַנדערע.

אָפּט פלעגן מיר, זיצנדיק אַף זײַן בעטל, זיך דערמאָנען אין גוטער פּאָעזיע.

זײַן זיקאָרן האָט געוווּנדערט. קימאַט אָן אָפּשטעלן האָט ער מיר אַף אויסווייניק איבערגעלייענט פּושקינס „פּאָלטאַווע", „דער קופּערנער רײַטער", בלאָקס „צוועלף" און פיל אַנדערע. איינמאָל האָב איך אים געזאָגט, אַז אָט די שאָען זײַנען פאַר מיר אַ גרויסע טרייסט.

— און מיר זעען אויס אָט די אַלע לידער און דאָס, וואָס איך געדענק זיי, — האָט ער טרויעריק געענטפערט, — ווי אַ כאָלעם, ווי אַ דערשײַנונג פון אַ ווײַטער וועלט, וואָס איז אַף אייביק פאַרשוווּנדן. נאָך דער מילכאָמע, — האָט ער נאָך אַ ווײַלע שווײַגן פאַרגעזעצט, — איז אין אייראָפּע צווישן דעם בעסטן דענקענדיקן טייל פון דער אינטעליגענץ אָנגעגאַנגען אַ טיפע איבערשאַצונג פון די פּאָליטישע און מאָראַלישע ווערטן. די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט אויפגערודערט די מויכעס אַ סאַך שטאַרקער, ווי פיל פון אונדז מיינען. איך האָב זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד, זײַענדיק אונטער דער ווירקונג פון אָט דער ברויזונג פון מויכעס. ס׳איז געגאַנגען דער בירגערקריג. אָבער איך האָב געוווּסט, אַז די שוועריקײַטן וועלן פאַריבערגיין, אַז אינגיכן וועט מען באַדאַרפן אויך די גרויסע וויסנשאַפט, נו, און אויך מוזיק, פאַרשטייט זיך, און ליטעראַטור, און דער איקער, אַז אַף דער היסטאָרישער אַרענע איז אַרויסגעקומען אַ נײַע און אַ גוטע, ליכטיקע קראַפט. דאָס, וואָס ס׳איז פאַרגעקומען מיט מיר, מיט אײַך, מיט אָט די אַלע מענטשן, איז אַ קאַטאַסטראָפע ניט בלויז פון הונדערטער טויזנטער, און עפּשער פון מיליאָנען פּערזענ-

לעכע לעבנס. כ׳האָב מוירע, אַז דאָס איז אַ קראַך פונעם אידעאַל. איר זאָגט, אַז דאָס איז אַן עקסצעס, אַ היסטעריק, וועלכע איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם, וואָס ס׳דויערט אַזוי לאַנג דער צושטאַנד פון איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג, אָף וועלכער ס׳איז אין די איצטיקע באַדינגונגען פאַרורטיילט די אָנפירונג; אַז דאָס וועט דורכגיין, ווי עס גייט דורך יעטווידע היסטעריק. איך ווייס ניט. מעגלעך. אָבער בא מיר קלעקט שוין ניט קיין קויכעס צו דערוואַרטן זיך אָף בעסערע ציַיטן. איך פיל, אַז ס׳וועט שוין ניט קלעקן.

איך האָב אים דערציילט, אַז אין אַ קאַבינע האָב איך איינמאָל געזען אַן אופשריפט, וועלכע האָט מיך טיף געריִרט. עמעצער האָט מיט אַ נאָגל אָנגעדראַפּעט אָף דער וואַנט: „באַטקאָ סטאַלין, צי ווייסטו וועגן דעם אַלעמען, וואָס דאָ קומט פאָר?”

— און ווי מיינט איר? — האָט גאַלדמאַן געפרעגט.

— איך מיין, אַז דאָס האָט ניט קיין ערנסטע באַדיַיטונג. דאָס, וואָס עס קומט פאָר, איז שלעכט סיַי אין דעם, סיַי אין אַנדערן פאַל.

מיר זיַינען געווען צוזאַמען אַ וואָכן פינף. נאָכדעם איז ער קראַנק געוואָרן און מע האָט אים אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל. וועגן זיַין וויַיטערדיקן גורל ווייס איך גאָרניט. ס׳איז אַ גרויסער ספק, צי ער איז געבליבן לעבן.

דער פּאָלקאָווניק דאַראַש איז געווען איינער פון יענע באָלשעוויקעס, וואָס דאָס אַליין, וואָס ס׳זיַינען פאַראַן אַזעלכע, רופט אַרויס אַ געפיל פון שטאָלץ פאַר אונדזער לאַנד און זיַינע מענטשן. פריִער פאַר אַלץ — דער אויסזען, דער ערשטער איַינדרוק. אַ הויכער, אַ שטאַלטנער, אַ שיינער, מיט אַ קלוגן, דרייסטן, דורכדרינגלעכן בליק פון די ליכטיק-גרויע אויגן. און קיין שפור ניט פון אָפּגעשלאָסנקיַיט און דיפּלאָמאַטישקיַיט, וואָס ס׳איז געוויינטלעך אייגנטימלעך פיל פאַרטייער. אין זיַין אופירונג האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַ ניט-פאַרקאָנסערווירטע, קרעפטיקע נעשאָמע, פול מיט פיַיער. ווי פאַרטרוילעך און צאַרט איז ער געווען מיט מענטשן, וועלכע זיַינען אים געווען צום האַרצן. און דאָ באַלד, ווי מע וואָלט אָנגעדריקט אָף אַ פאַרבאָרגענעם אויסשליסער, פלעגט זיַין פּאָנעם זיך מינען, ווען ס׳האָט צו אים זיך געווענדט אַ מענטש, וועלכער איז אים ניט געפעלן געווען, ס׳פלעגט ווערן האַרב, אָפּגעפרעמדט, אַפילע אַ ביסל גיַיוועדיק.

מיר מיט אים האָבן פאַרנומען אין קאַמער ערטער אין פאַרשיידענע עקן — ער באַם פענצטער, איך נעענטער צו דער טיר. איבער דער גרויסער צאָל מענטשן אין קאַמער און בא דער צוריקגעהאַלטנקיַיט, וואָס ס׳האָט גורירעם געווען דער פאַרשיידנאַרטיקער באַשטאַנד פון אַט דעם אוילעם, האָבן מיר גאַנץ לאַנג, העכער אַ וואָך, ניט געמאַכט קיין שום שריט אָף זיך דו דערנעענטערן. איך דאַרף אָבער זאָגן, אַז איך האָב אים באַמערקט שוין פונעם ערשטן טאָג אָן. אים באַאָבאַכטן, נאָכשפּירן פונדערוויַיטנס נאָך אים האָט מיר פאַרשאַפט עמעסן פאַרגעניגן.

איינעם אַ פאַרנאַכט האָט מען אים אַוועקגעפירט אָף אַ פאַרהער. אינגיכן האָבן פון אונטן זיך אָנגעהויבן דערטראָגן צו אונדז געשרייען. ס׳איז געווען שפּעט. אַרום און אַרום שטיל. די פענצטער בא אונדז און דאַרטן, ווו ס׳פלעגן פאָרקומען די עקזעקוציעס, אָפן. מע האָט אַלץ געקאָנט גוט הערן. אָנשטאָט דעם געוויינלעכן דועט, וועלכער איז באַשטאַנען פון דעם אויספאָרשערס גאַזלאָנישע אויסרופן און די ווייגעשרייען פון דעם קאָרבן, האָבן מיר אַלע מיט אַ פאַרטיַיטן אָטעם געהערט גאָר אַן אַנדער דיאַלאָג. דער געפּיַיניקטער האָט אָף די דונערנדיקע דראָונגען און זידלערײַען פונעם פּיַיניקער געענטפערט פאַרהעלטנישמעסיק געלאַסן, מיט אַ פעסטן און דיַיטלעך קאָל, פול מיט זיכערקיַיט און אינערלעכער קראַפט. ניבלפע און טעמפע קלעפ האָבן נאָכאַנאַנד זיך געביטן אָף פּיַיסיקע, ווי די שמיץ פון אַ ביַיטש, רעפּליקעס. צו אונדז זיַינען דערגאַנגען די ווערטער: „שלאָג, הינטישע פעל, קאַלזמאַן דו קאָנסט נאָך, מאָרגן וועט מען דיך צעשיסן”. „דו ביסט ניט קיין אויספאָרשער פון ענקאַוועדע, נאָר אַ היטלערישער אַגענט”. „דו ברענגסט אום ערלעכע קאָמוניסטן, הינטישער זון” אדג.

ס׳איז געווען אַרום האַלבנאַכט. דער דיל איז, ווי שטענדיק אין אַט דער ציַיט, גע־ווען באַדעקט מיט נאַקעטע, נאַסע פון שווייס קערפּערס. די אויגן בא אַלעמען אָפן. איי־ניקע זיַינען האַלב געלעגן, האַלב געזעסן מיט אופגעהויבענע קעפּ, אָנגעשפּאַרט אָף די עלנבויגנס. מע האָט ניט גערעדט צווישן זיך, ניט געשעפּטשעט זיך. אַלע האָבן שוויַיגנ־דיק זיך צוגעהערט צו די קלאַנגען פון דער דראַמע, וועלכע האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּילט אַפן אונטערשטן גאָרן. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן אַט די אָפענע ברענענדיקע אויגן, פול מיט שוידער, פּיַין, צאָרן, דערשיטערונג, אומרויִקע, שווערע געדאַנקען.

אומגעקערט האָט זיך דאַראַש אַ גרוי־געוואָרענער, עפּעס איַינגאַנצן אַ געצוימטער. קוים האַלטנדיק זיך אָף די פיס, איז ער צוגעקומען צו זיַין אָרט און אוועקגעזעצט אַפן דיל. עמעצער פון די אַלטע האָט פאַרגעלייגט זיַין בעט, נאָר ער האָט נאָר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. אַזוי איז ער טאַקע געבליבן זיצן און געדרעמלט. אַוועקלייגן זיך האָט ער ניט געקאָנט — דער גאַנצער קערפּער איז געווען צעמיימעסט.

אין קאַמער איז געזעסן אַ גאַנץ גרויסע גרופּע מיליטערלײַט. פֿון זיי האָב איך זיך דערוווּסט אייניקע פּראַטים וועגן דאַראַשן.

שטאַמט פֿון אַן אָרעמער פּויערישער פֿאַמיליע, פֿופֿצן יאָר אַלט אָנגעהויבן אַרבעטן אויף ניט קיין גרויסן מעטאַלורגישן זאַוואָד. פֿון זיבעצן יאָר אָן אָנטײלגענומען אין דעם בירגערקריג. עטלעכע יאָר זיך געלערנט, נאָכדעם זיך אַרויסגערוקט ווי זייער אַ פֿעיִקער מיליטערישער אָרגאַניזאַטאָר. אין 1937 יאָר האָט מען אים אַרעסטירט. און אָט באַמיִען זיך איצט די פּײַניקונג-מײַסטערס אים „אָפּנייען" אַן איניען לויט זײַן מאָס, וואָס זאָל, הייסט עס, אַנטשפּרעכן זײַן רעוואָליוציאָנערן סטאַזש. אָבער מיט דאַראַשן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז ניט אַזוי לײַכט זיך צו ספּראַווען.

אויפֿן אַנדערן טאָג האָט מען אונדזער קאַמער אַרויסגעפֿירט אויף דעם שפּאַציר. דאַראַש איז פֿאַרבליבן אין קאַמער, געווען, ווײַזט אויס, זייער פֿאַרמאַטערט. איך האָב זיך צוגעזעצט צו אים:

— פֿאַרוואָס זײַט איר ניט געגאַנגען?

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פֿאַרגעניגן גיין קרײַזנווײַז?

— פֿונדעסטוועגן, באַוועגונג, לופֿט... דערלויבט מיר זיצן אַ ביסל לעבן אײַך.

ער האָט אָפּגעך אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ אין מײַן זײַט, אַ קוק געטאָן מיר גלײַך אין די אויגן און זיך צעשמייכלט מיט זײַן וווּנדערלעכן, ליכטיקן שמייכל.

— מע זאָגט, אַז איר זײַט אַ שרײַבער?

— אַ ביסל.

דאַראַש האָט געפֿרעגט, וואָס און וועגן וואָס שרײַב איך. איך האָב אײַנקורצן דערציילט וועגן זיך, וועגן מײַן אַרבעט, איבערדערציילט, אַגעוו, דעם אינהאַלט פֿון מײַן דערציילונג „אונטער דער ראָד", איבער וועלכער מע איז מיר צען יאָר נאָכאַנאַנד דערגאַנגען די יאָרן אויף פֿאַרזאַמלונגען און אין דער פּרעסע. דאַראַש האָט געזאָגט:

— איך ווייס ניט, צי האָט מען אײַך געדאַרפֿט דערגיין די יאָרן דערפֿאַר. נאָר, לויט מײַן מיינונג, איז די טראַגעדיע פֿון אַ בורזשוי, וואָס האָט פֿאַרלאָרן זײַן פֿאַרמעגן, אַ קליינע טראַגעדיע. זאָל ער ווערן אַ בוכהאַלטער אָדער אַ נאַכט-וועכטער, אָדער אַ פֿאַרקויפֿער אין אַ מאַגאַזין. אָט ווען די פּאַרטיי, ווען די סאָוועטנמאַכט, הייבט אָן צו פֿרעסן די אייגענע קינדער — דאָס איז אַ טראַגעדיע. אָבער וועגן דעם ווּעסטו, פֿאַרשטייט זיך, אַצינד ניט שרײַבן.

— און ווי פֿאַרשטייט איר דאָס אַלץ, וויאַזוי איז דאָס לאַנד דערגאַנגען ביז צו אַזאַ לאַגע?

— דעם עמעס געזאָגט, פֿאַרשטיי איך דאָס שלעכט, ריכטיקער, איך פֿאַרשטיי עס אינגאַנצן ניט. איך קום אַלץ מער צום געדאַנק, אַז אין דער אָנפֿירונג פֿון די אָרגאַנען פֿון מלוכה-זיכערהײַט זײַנען אַרײַנגעדרונגען סאָנים.

— צי איז דאָס ניט צו אַ פּרימיטיווע דערקלערונג?

— וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן?

די מענטשן האָבן זיך אומגעקערט פֿונעם שפּאַציר, און איך האָב ניט פֿאַרגעזעצט מער דעם געשפּרעך, צוזאָגנדיק אַן אַנדערש מאָל דעטאַלעכער ריידן וועגן דעם.

בײַ דער ערשטער געלעגנהײַט האָב איך ווידער פֿאַרפֿירט אַ געשפּרעך אויף אָט דער טעמע. שוין צו שטאַרק האָב איך זיך פֿאַרלאָזט אויפֿן כּוש פֿון דעם דאָזיקן מענטשן, אויף זײַן זויבערקײַט און גאַנצהײַטלעכקײַט, געהאָפֿט, אַז דער שמועס מיט אים וועט ברענגען עפּעס אַ ליכטיקײַט אין מײַן צעמודערטער נשמה.

— איר רעדט וועגן דעם, — האָב איך געזאָגט, — אַז אין דער אָנפֿירונג פֿון די אָרגאַנען פֿון מלוכה-זיכערהײַט זײַנען אַרײַנגעדרונגען סאָנים. מעגלעך. נו, און פֿאַרוואָס שווײַגט די פּאַרטיי?

דאַראַשעס פּנים איז פֿאַרפֿינצטערט געוואָרן, ווי איך וואָלט אים דערלאַנגט אַ שווערן קלאַפּ אין ברוסט אָדער איבערן קאָפּ. ער האָט פֿאַרלוירן געוונומען שטאַמלען:

— די פּאַרטיי... יאָ... שווײַגט..

— און איך וועל אײַך זאָגן, פֿאַרוואָס, — האָב איך פֿאַרגעזעצט. — ווײַל מע האָט זי דערפֿירט צו אַזאַ צושטאַנד. די קאַדרען, וועלכע האָבן זיך פֿאַרהאַרטעוועט אין רעוואָליוציאָנערן קאַמף, האָט מען אויסגעראָטן. די גאַנצע מאַכט האָט מען פֿאַרטרויט דער ענקאַווע. אין אַזעלכע באַדינגונגען איז דעם סוינע, וועלכן ס'איז געלונגען אַרײַנדרינגען אין דער אָנפֿירונג, גאָר ניט אַזוי שווער דורכצופֿירן זײַן ליניע.

איך געדענק גוט זײַן ענטפֿער. פֿאַרשטייט זיך, ניט וואָרט אין וואָרט, נאָר דעם זין, די אינטאָנאַציע. ער איז געווען זייער צעמודערט. דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט וועגן דער פּאַרטיי, האָט אים שטאַרק פֿאַרדראָסן.

— עס קאָן זײַן, אַז איר זעט ריכטיק די פֿאַקטן, — האָט ער געזאָגט, — נאָר אײַך איז ניט אינגאַנצן קלאָר זייער באַדײַט. דאָס איז קיין כידעש ניט, איר זײַט אַן אומפּאַרטייִשער. יעדער מינוט קאָנט איר מעלדן, אַז פֿאַר אַזאַ און אַזאַ זאַך זײַט איר אַבסאָליוט

ניט פֿאַראַנטוואָרטלעך. מיר קאָנען ניט אַזוי. מיר טראָגן די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר אײַך, פֿאַר אַלדאָס גוטע און שלעכטע, סײַ ווען מיר ריידן און סײַ ווען מיר שווײַגן. מיר האָבן געשוויגן ניט דערפֿאַר, וואָס מיר האָבן ניט געזען קיין פֿעלערן און קיין אומגערעכטיקייטן, נאָר ווײַל די אומשטאַנדן האָבן דאָס געפֿאָדערט. מיר האָבן געשוויגן און געאַרבעט. יעדערער אויף זײַן אָרט האָט געטאָן זײַן אַרבעט. וואָס איז שײַך צו זאָגן, אין דער פּאַרטיי זײַנען פֿאַראַן ניט ווייניק ביוראָקראַטן, קאַריעריסטן, פּיליסטערס. עס גייט דאָך אַ רייד וועגן מיליאָנען מענטשן. שטרײַכט אויס אַ פּערטכיילעך, וועט אַלצייִנס בלײַבן אַ גוואַלדיקע צאָל ערלעכע, איבערגעגעבענע קאָמוניסטן, וועלכע טראָגן אויף זייערע פּלייצעס אַלע שווערקייטן און געפֿאַרן, וועלכע שלעפּן אַרויס דעם וואָגן פֿון אַלע גריבער אויפֿן וועג. נעמט אין אַכט אָט וואָס. אין ערגעץ קומט ניט פֿאָר קיין גרעסערע מעהומע, ווי אויף אַ מילכאָמע. אין ערגעץ טרעפֿן ניט אַזויפֿיל אומגעלומפּערטע, ניט־פֿאַרויסגעזעענע זאַכן, אַזויפֿיל טעוסים. וואָס זשע זיכערט אין לעצטן סאַכאַקל דעם ניצאָכן? דער ווילן, דער צאָרן, דער גלויבן. קאָלזמאַן דאָס איז דאָ, איז גאָרנישט ניט שרעקלעך. אין מילכאָמע־באַדינגונגען אַנטשיידט אַלץ דער טאַט, די אַקציע. און מיר געפֿינען זיך אויף אַ מילכאָמע, כאָטש די האַרמאַטן שיסן נאָך ניט. מיר שווײַגן ניט גלאַט גלײַכגילטיק, מיר אַרבעטן, מיר שאַפֿן די מעכטיקייט פֿון לאַנד און דערבײַ וואַקסן מיר אַליין, לערנען זיך, טראַכטן. גלייבט מיר, אַז ס'וועט קומען די צײַט, וועלן די געוויינלעכע פּאַרטייער זאָגן זייער וואָרט.

איך האָב זיך ניט גענומען שפּאַרן. באַ דאַראָשן האָבן זיך אָנגעהויבן שווערע טעג. ער איז ניט אײַנגעגאַנגען אויף קיין שום קאָמפּראָמיסן. בייס איינעם פֿון די סעאַנסן האָט מען אים צעקאַליעטשעט דעם רוקנביין. ער איז געקומען אַ צונויפֿגעשרומפּענער, מיט אַ צעקרימטן פֿון ווייטיק פּאָנעם.

פֿרילינג 1939 י. האָט מען אים באַפֿרײַט. איינעם אַ טאָג האָב איך אים באַגעגנט אויף ווּלאַדימירער גאַס. איך האָב דערזען אַן אינוואַליד, אַ פֿיזיש צעבראָכענעם מענטשן, מיט מידע, טרויעריקע אויגן. וויפֿל אַזעלכע, ווי ער, בעסטע מענטשן פֿונעם סאָוועטנלאַנד, זײַנען פֿראַכט און זײַן שײַנדלינג זײַנען אין יענע יאָרן געוואָרן צעטראָטן און אויסגעראָטן!

עס האָבן זיך פֿאַרגעדענקט די געשפּרעכן מיט נאָך איין פּאַרטייער, אַ שווײַגנדיקן, מאָרעשכוירעדיקן מענטשן אין די מיטעלע יאָרן. מיר זײַנען געשלאָפֿן איינער לעבן אַנדערן, נאָר זייער זעלטן זיך איבערגעוואָרפֿן מיט אַ וואָרט, אי דאָס פֿון קנאַפּער וויכטיקייט. איינמאָל האָט געטראָפֿן אַזוי, אַז פֿון צווישן דער ריי, אין וועלכער מיר זײַנען געשלאָפֿן, האָט מען אַ סאַך מענטשן אַוועקגעפֿירט אויפֿן פֿאַרהער. מע האָט געקאָנט זיך באַקוועמער אויסלייגן. נאָר דער שלאָף האָט אונדז סײַווי ניט גענומען. געוויינטלעך שלאָף איך גוט, דערפֿאַר איז מיר באַזונדערס שווער צו לײַדן פֿון שלאָפֿלאָזיקייט. אין קאָפּ זײַנען געקראָכן שוואַרצע געדאַנקען. דער שאָכן איז געלעגן מיט דער פּלייצע צו מיר, נאָר ס'האָט זיך געפֿילט, אַז אויך ער שלאָפֿט ניט. איך האָב ניט אויסגעהאַלטן און אים אַ רוף געטאָן. מיר האָבן פֿאַרפֿירט אַ שמועס, און גלײַך איז פֿאַרשוווּנדן די אָפּגעפֿרעמדטקייט, וואָס איז געווען צווישן אונדז. נאָכדעם האָבן מיר נאָך עטלעכע מאָל געשמועסט. ריכטיקער, ער האָט דערציילט, און איך האָב געהערט. דאָס איז געווען אַן אָפֿנהאַרציקע, אופֿריכטיקע דערציילונג, וועלכע האָט פֿאַר מיר אַנטפּלעקט דאָס לעבן פֿון צענדליקער, אויב, קאָן זיך מאַכן, פֿון הונדערטער טויזנטער אַזעלכע, ווי ער, פּאַרטיי־אַקטיוויסטן. איך ווייס ניט, צי וועט מיר געלינגען אָט אַזוי, אויף דער שטעל, ווי עס ווערן געשריבן אָט די זיכרוינעס, איבערגעבן דעם אינהאַלט פֿון דעם, וואָס ער האָט מיר דערציילט. איך וועל אַ פּרוּוו טאָן.

נ. איז געבוירן געוואָרן אין דניעפּראָפּעטראָווסק. זײַן טאַטע, אַ שלאָסער, אַ קרומער אויף אַ פֿוס (אין 1905 י. פֿאַרוווּנדעט געוואָרן הינטער מוקדעז), האָט ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן און אַ שיקערער פֿלעגט ער ברעכן דאָס געפֿעס, שלאָגן דאָס ווײַב, די קינדער. געלעבט האָט זיך שווער, ניט־פֿריילעך. אין שטוב — אייביקע נויט, קריגערײַען און סקאַנדאַלן אָן אויפֿהער. פֿאַרענדיקט אַ צווייקלאַסן־שול, האָט נ. געוואָלט אַוועק פֿון דער היים, נאָר דער פֿאָטער האָט זיך קעגנגעשטעלט, געפֿאָדערט, דער זון זאָל אים העלפֿן, האָט ער געמוזט בלײַבן. די קינדהײַט און די יוגנט איז פֿאַריבער אָן פֿריידן, און האַרבסט 1915 יאָר האָט מען דעם באָכער (ער איז נאָרוואָס אַלט געוואָרן אַכצן יאָר) גערופֿן אין אַרמיי. מיליטער־דינסט, פֿראָנט, אַקאָפּן, פֿאַרוווּנדונג, שפּיטאָל און ווידער אַקאָפּן, לײַז, אומזין, כאַשכעס און שטענדיקע אָנשטרענגונג, שטענדיקע נאָענטקײַט פֿון טויט. און מיטאַמאָל די רעוואָליוציע, דאָס זיבעצעטע יאָר!

„איך בין ניט קיין רעדנער, ניט קיין אָרגאַניזאַטאָר, בּיכלאַל לויט אַלע מײַנע נייגונגען ניט קיין אָנפֿירער. אָבער אין 1917 יאָר בין איך קימאַט באַלד, ניט טראַכטנדיק לאַנג, צוגעשטאַנען צו די באָלשעוויקעס. איך האָב אַליין זיך געניייטיקט אין דער פּאַרטיי. איך האָב געפֿונען אין איר אַן אָנשפּאַר, אַ זיכערע קראַפֿט, וועלכער מע מעג זיך פֿאַרטרויען. ביז דעמאָלט האָב איך זיך זייער ווייניק אינטערעסירט מיט דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. טעג, כאָדאָשים, יאָרן זײַנען דורכגעגאַנגען ווי אין אַ שלעכטן כאָלעם. ס'זײַנען פֿאַראַן לײַכטע נאַטורן, וועלכע זײַנען פֿעיִק צו פֿרייען זיך מיט קלייניקייטן, איך בין ניט אַזאַ.

צוואַנציק יאָר בין איך דעמאָלט אַלט געווען, די בעסטע יאָרן אין לעבן, נאָר מיר האָבן זיי אויסגעוויזן ווי איין אומענדלעך לאַנגע נאַכט. דער זומער פֿון זיבעצעטן יאָר האָט איבערגעקערט אַלץ אין מיר. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך בין ניט איינער, מיט מיר זײַנען מיליאָנען. מיט מיר איז אַ גרויסע מעכטיקע פּאַרטיי. איך קאָן אײַך ניט אויסמאָלן, וואָס פֿאַר אַן אַנטדעקונג דאָס איז געווען פֿאַר מיר, מיט וואָס פֿאַר אַ ליכטיקייט זי האָט פֿאַרפֿולט די נעשאָמע. עס האָט גענומען אַ סאָף צום דריקנדיקן געפֿיל, וואָס האָט אויף קיין מינוט ניט פֿאַרלאָזט, — פֿון אויסגאַנגלאָזיקייט, פֿאַריאָסעמטקייט, זינלאָזיקייט פֿון דײַן עקזיסטענץ. עס האָט זיך באַוויזן אַ ציל, עס איז געבוירן געוואָרן אַן ענערגיע, וואָס כ׳האָב ביז דעמאָלט ניט געפֿילט אין זיך. עס איז אויפֿגעקומען אַ ווילן צו לעבן און זײַן טעטיק.

איך האָב נאָך דעמאָלט געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּע אונגג וועגן דעם מאַרקסיזם, וועגן דער געשיכטע און טעאָריע פֿון קלאַסן-קאַמף, נאָר דעם עמעס געזאָגט, איז מיר קיינמאָל שפּעטער, נאָך דעם, ווי איך בין אויסגעווען אויף פֿאַרשיידענע קורסן און סעמינאַרן, ניט געווען אַזוי פֿאַרשטענדלעך, אַזוי מאַמאָשעסדיק נאָענט און קרויוויש די נעשאָמע פֿון דער רעוואָליוציע ווי אין יענע ערשטע יאָרן, ווען איך בין נאָך געווען אַ רויער, ניט-אָפּגעשליפֿענער נעוויק. איך בין געווען אומדערמידלעך. הונגער, קעלט, שלאַכטן אָן אויפֿהער, פּלאָגן אָן אַ שיר — דאָס אַלץ האָט פֿאַר מיר קיין באַטרעף ניט געהאַט. דער ענדציל, האָט זיך געדאַכט, איז אַזוי נאָענט, אַז ס׳איז צו אים מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. אָט וועלן מיר נאָר מאַכן אַ סאָף צו דער פּעטליוראָווסשינע, נו, און נאָך, פֿאַרשטייט זיך, צעקלאַפּן די דעניקינצעס, פֿ[illegible]רטרײַבן די ווײַספּאָליאַקן, ליקווידירן די באַנדעס און דאַן וועלן מיר זיך אַ נעם טאָן צו דער עמעסער אַרבעט. פֿאַרשטייט זיך, צומאָל האָט באַאומרויִקט דאָס, וואָס איך האָב ניט פֿאַרענדיקט די בילדונג און זיך אָפּגעריסן פֿון מײַן פֿאַך. נאָר דאָס, האָט זיך געדאַכט, איז אַ צווייטראַנגיקע זאַך. דער איקער איז פֿאַרפֿעסטיקן אונדזער אייגענע סאָוועטנמאַכט.

אַזוי האָב איך געלעבט אַכט יאָר נאָכאַנאַנד, ניט איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, די גאַנצע צײַט פֿון איין אָרט אויפֿן אַנדערן, די גאַנצע צײַט אין באַוועגונג, אין טאַט, אין פֿײַער.

זומער 1925 האָב איך באַקומען אַ פּוטיאָווקע אויף אַ קוראָרט. נאָר אַרומגיין ליידיק, רוען האָט מיר אויסגעזען צו זײַן אַזוי שווער, אַז כ׳בין פֿון דאָרטן אַנטלאָפֿן נאָך איידער ס׳האָט זיך פֿאַרענדיקט דער טערמין. און אָט האָט זיך ווידער אָנגעהויבן: טראָצקיסטישע אָפּאָזיציע, בוכאַרינישע אָפּאָזיציע, קאָלעקטיוויזאַציע, אַנטבאַלעבאָטעווען, ברויט-פֿאַרגרייטונגען. אַ קעסל, וואָס זידט אָן אויפֿהער, אַן אומאויפֿהערלעכער צושטאַנד פֿון העכסטער אָנגעשטרענגונג, פֿון אַרומלויפֿעניש, אַרומפֿאָרעניש, אַרויסטרעטונגען, געשלעגן, פֿון מעשוגענער, ניט שטענדיק באַוויניקטער אַרבעט אויף דער גרענעץ פֿון מענטשלעכע קויכעס.

איך האָב ניט באַוויזן זיך אַרומקוקן, ווי די יוגנט-יאָרן זײַנען פֿאַרבײַ. בײַ אַכט און צוואַנציק יאָר האָב איך כאַסענע געהאַט. מיר זײַנען גיך געוואָרן נאָענט צווישן זיך, נאָר אָפּגעמען זיך פֿאַרליבט האָב איך צום ערשטן מאָל אין לעבן. אין מײַן ניט-היימלעכן, אַרעם-מעבלירטן צימער האָט זיך באַזעצט אַליין די זון. אַזוי האָט זיך מיר אויסגעוויזן. בלאָנקעסט אַרום ערגעץ איבערן ראַיאָן אויף די האַרבסטיקע אומוועגן, אין אַ פֿינצטערער נאַכט, און דיר כאָלעמט זיך די היים און דער צאַרטער שמייכל פֿון אַ העלהאָריק, יונג, ליב ווײַב.

דאָס איז געווען אין יענע אומרויִקע יאָרן פֿון דער מאַסן-קאָלעקטיוויזאַציע. דעם גרעסטן טייל פֿון צײַט האָב איך פֿאַרבראַכט אין קאָמאַנדירונגען. איבערגעשריבן האָבן מיר זיך זעלטן. דער קאָפּ איז ניט געווען דערבײַ. איר ווייסט עפּשער, וואָס ס׳האָט זיך דעמאָלט געטאָן אין דאָרף, כאָטש כ׳צווייפֿל. מע האָט דאָס געדאַרפֿט זען מיט די אייגענע אויגן. אויספּרווון אויף זיך. דער קאַמף איז געגאַנגען קעגן באַלעבאָפּנטום, אָבער געליטן האָבן מיליאָנען. ס׳זײַנען אומגעקומען קינדער, אויסגעשטאָרבן גאַנצע דערפֿער. זיך טרעפֿן מיט דעם אַלעמען פּאָנעם-על-פּאָנעם, ווי דאָס איז אויסגעקומען מיר, — פֿון טאָג צו טאָג, פֿון כוידעש צו כוידעש, פֿון יאָר צו יאָר, — איז געווען אַ פּײַן. אָפּוואַרפֿנדיק יעטווידן צווייפֿל, פֿאַרקלעמענדיק די ציין, טוסטו דײַן זאַך. אויב די פּאַרטיי באַפֿעלט, הייסט עס, אַז אַזוי דאַרף מען, הייסט עס, אַז קיין אַנדער וועג איז ניטאָ. אָט וואָזוי דו טראַכסט. איך בין בעטעווע אַ סאָלדאַט, איך פּרעטענדיר ניט אויף קיין אייגענער מיינונג אין קאָמפּליצירטע פֿראַגן. אָבער איך בין דאָך אַ לעבעדיקער מענטש, איך האָב ניט געקאָנט בלײַבן קאַלטבלוטיק, ווען איך האָב צוגעזען דאָס אַלץ, וואָס מיר איז אויסגעקומען זען. געווען טעג, ווען עס האָט זיך געוואָלט וואָיען פֿון ווייטיק, אָבער איך האָב, ווי כ׳האָב געקאָנט, דערשטיקט די געפֿילן, כ׳האָב געוווּסט, אַז ס׳איז ניט די צײַט פֿאַר זיי, אַז אין די דאָזיקע באַדינגונגען וועלן זיי נאָר שטערן.

ס׳איז געגאַנגען דאָס 1931 יאָר. אין איינער אַ ווינטערדיקער נאַכט, נאָך דעם, ווי איך בין ניט געווען קיין אַנדערהאַלבן כאָדאָשים, האָב איך זיך אומגעקערט אַהיים. קיינער האָט מיך ניט באַגעגנט. ס׳איז געווען גאַנץ שפּעט, און איך האָב ניט צו וויסן געגעבן, אַז כ׳קום צו פֿאָרן. כ׳האָב אַליין ניט געוווּסט, ווען וועט מיר געלינגען קומען. קיין

טראמווײַ איז שוין ניט געגאנגען. איך שלעפ זיך א מידער, א הונגעריקער. לאמטערנס זײַנען פאראן ווייניק, א ווינט, א בייזער, א טרוקענער, נעמט דורך ביז אין די ביינער. אפן הארצן איז אומרויִק, ניט גוט. צי איז געזונט דאָס ווײַב? שוין לאנג האָב איך פון איר קיין יעדיִע ניט געהאט. ניט־ווילנדיק טראכסטו וועגן א ווארעמער שטוב, וועגן א דאך איבערן קאָפ, וועגן א הייסן ביסן, וועגן א ליבלעכער באגעגעניש, וועגן צערטלעכקײַט. דער ארײַנגאנג אין אונדזער צימער איז געווען גלײַך פון קאָרידאָר. איך עפן אוף מיט מײַן שליסל די טיר, מיט א געוויינשאפטלעכער באוועגונג פון דער האנט צינד איך אָן די שײַן און כ׳זע: מײַן וואליע איז אין בעט ניט אליין, מיט איר ליגט א יונגער באָכער פון דער אײַזנבאן־וואך. מיר פלעגן זיך ווען־ניט־ווען באגעגענען מיט אים. אפן טיש שטייען ליידיקע פלעשער, געפעס, וואָס מע האָט ניט אויסגעוואשן נאָכן עסן. ביידע שלאָפן געשמאק נאָך דעם, ווי זיי האָבן אויסגעטרונקען, די באקן פלאמען, די ברוסט בא וואליען איז אנטבלויזט, און זײַן האנט ליגט אף איר ברוסט.

אף די וועגן ארומפאָרן אין יענע צײַטן איז געווען געפערלעך, און איך האָב בייס די יאזדעס שטענדיק געהאט בא זיך געווער. די האנט האָט ניט־ווילנדיק פארקוועטשט דעם בראונינג אין קעשענע: אָט וועל איך עפעס שרעקלעכס א געשריי טאָן, זיי זאָלן זיך אופכאפן, און איך וועל זיי דערהארגענען, זאָל מען מיך נאָכדעם מישפעטן. נאָר כ׳האָב דאָ באלד זיך געזאָגט: „ניין, דאָס פאסט ניט פאר קיין קאָמוניסט. קערעווע זיך אויס און גיי אוועק״.

אזוי האָב איך טאקע געטאָן. איך האָב שטיל פארמאכט די טיר הינטער זיך און בין אוועק. די פיס האָבן זיך בא מיר אונטערגעהאקט, דאָס הארץ האָט אזוי ווי געטאָן, אז ס׳האָט זיך געוואָלט קרעכצן. אין האלדז האָט געוואָרגן א קנויל. וווּהין זיך אהינטאָן? כ׳האָב, פארשטייט זיך, געהאט כאווירים, וועלכע וואָלטן גערן מיר געגעבן ווו איבערצושלאָפן. אָבער גיין וועקן, באומרויִקן מענטשן אינמיטן דער נאכט, דערציילן, וואָס האָט געטראָפן, וויִאזוי בין איך פלוצעם געבליבן אָן אן אָפדאך, — דאָס איז געווען איבער מײַנע קויכעס. איך בין גרייט געווען זיך אומקערן אפן וואָקזאל, אײַנשלאָפן, ענדלעך, ערגעץ אף די טרעפ, ווי א היימלאָזער בראָדיאגע.

און שלעפנדיק זיך אזוי איבער די פוסטע גאסן, ציטערנדיק פאר קעלט, האָבן מיך די פיס אליין געבראכט צום געגנטקאָם. דאָרטן האָט קעסיידער עמעצער דעזשורעט. איך האָב אָנגעקלונגען אין טיר, מע האָט מיך דאָרטן געקענט, און אָן לאנגע שיִעס ארײַנגעלאָזט. דעזשורעט האָט מײַנער א באקאנטער, א באטאָגטער כאווער, א פאָשעטער, הארציקער מענטש. „וואָס האָט געטראָפן? וואָס האָט דיך געבראכט אהער אינמיטן דער נאכט?״ ענטפער איך, אז כ׳בין נאָרוואָס פון וואָקזאל און כ׳האָב ניט ווו זיך אהינטאָן. „און פארוואָס ביסטו אהיים ניט געגאנגען?״ איך האָב געמוזט אלץ דערציילן, דערקלערן, פארוואָס האָב איך מער קיין היים ניט. „קאָלזמאן ס׳איז דאָ די פארטיי, האָסטו א היים״, — האָט ער מיר געענטפערט. אצינד איז ער אויך מיסטאָמע ערגעץ ניט ווײַט פון אונדז, אין איינער פון די קאמערן. אים האָט מען ארעסטירט פריִער ווי מיך.

איך בין ניט אזוי גיך צו־זיך געקומען נאָך אָט דעם קלאפ. אין 1936 יאָר האָב איך ווידער כאסענע געהאט. מײַן צווייט ווײַב איז אן אלטע באקאנטע, אן אלמאָנע פון מײַנעם א כאווער און פרײַנט. זי איז געקומען צו מיר מיט א פינפיאָריק ייִנגעלע. צו איר אומגליק האָט זי פארבונדן איר גוירל מיט מיר. איצט ווערט זי, פארשטייט זיך, פארשווארצט, אָן א שוץ און אָן א שטיצע, און אלע מײַדן זי אויס, ווי א מאגייפע. און וואָס וועט זײַן מיט איר, אויב מע וועט מיך פארמישפעטן און ארויסשיקן?

מיך האָט מען ארעסטירט הארבסט 1937 י., ווען קימאט דער גאנצער באשטאנד פון געגנטקאָם איז שוין געזעסן הינטער די גראטעס, ווען עס זײַנען געווען בלאָמירט און באשולדיקט אין פאראט אונדזערע אויסגעפרוּווטע אָנפירער און גלײַך נאָך זיי טויזנטער און טויזנטער טוער פון אלע ראנגען.

פונדעסטוועגן, ווען דאָס זעלבע האָט פאסירט מיט מיר, האָב איך געהאלטן, אז דאָס איז א מיספארשטייעניש, און געגלייבט, אז אָט־אָט וועט מען מיך ארויסלאָזן. ווער־ווער, נאָר איך ווייס דאָך, אז מײַן געוויסן איז ריין. פאר אנדערע קאָן מען, פארשטייט זיך, ניט אָרעוון — אין יענעמס נעשאָמע קאָן מען ניט ארײַנקריכן. אי די דערשטוינונג, אי די האָפענונג זײַנען זייער גיך פארשווּנדן. מע האָט מיר דאָ שנעל ארײַנגעגעבן סייכל, דערקלערט, וואָס פאר א נאִיווער מענטש איך בין, פאָשעט גערעדט, — א באָלוואן. אָבער אין טאָך פארשטיי איך ביז הײַנט נישט, וואָס קומט פאָר. פון וועלכער זײַט זאָלסט ניט קוקן, איז דאָס שוידערלעך. אזוי אָדער אנדערש, איז צו מײַן לעבן געקומען א סאָף. אויס.

ניט־ווילנדיק ציסטו אונטער א סאכאקל. אָט קוק איך אף אײַך, אפן אקאדעמיקער גאָלדמאן. איר האָט געליטן א קאטאסטראָפע. אָבער איר האָט פונדעסטוועגן זײַנערצײַט עפעס־וואָס געהאט פונעם לעבן. איר האָט באהערשט קענטענישן, געהאט האנאָע פון קונסט. איך הער דאָך, וויִאזוי איר רעדט וועגן מוזיק, וועגן מאָלערײַ, פאָעזיע. איר האָט געזען פארשיידענע לענדער, גרויסע שטעט, איר דערמאָנט זיך אין טעג פון פרייד, אין טעג פון

יאַמטעוודיקער רו. איך האָב פון קיין רו ניט געוווסט, ניט געוווסט פון פאַרווײַלונגען. איך האָב קיין צײַט ניט געהאַט א טראַכט צו טאָן וועגן זיך, שוין אָפּגערעדט פון לעבן צוליב זיך. אַן אינזשעניער, לאָמיר זאָגן, קאָן זיך טרייסטן דערמיט, וואָס ער האָט דערפונדן אָדער פאַרפולקומט א מאַשין, אויסגעבויט א בריק אָדער א שאַכטע; אַן אַרכיטעקטאָר דערמיט, וואָס ער האָט אויסגעבויט א גוט הויז. מײַנע בעסטע דערמאָנונגען זײַנען פאַרבונדן מיט דעם בירגערקריג, מיט דער פּאַרטיי און נאָכאַמאָל מיט דער פּאַרטיי. און דאָס אַלץ איז אַצינד פאַרמעקט און צעטראָטן. מע האָט אוועקגערויבט, אוועקגענומען דאָס ביסל רײַכטום, וואָס כ'האָב פאַרמאָגט, און דערצו נאָך אָנגעשלאָגן, באַשפּיגן און ארויסגעוואָרפן אפן מיסט. מיט וואָס זאָל איך נאָך דעם אַלעמען פאַרגעדענקען דאָס לעבן?

דאָ ניט לאַנג האָט מען מיך געשטעלט אויג אף אויג מיט מײַן נאָענטסטן פרײַנט, א טרײַען קאָמוניסט, א וווּנדערלעכן מענטשן. ס'איז ארײַנגעקומען א געשפּענסט, א נעבעכדיקע אָנצוהערעניש אף דעם מענטש, וועלכן איך האָב געקענט. ער האָט דערשראָקן א קוק געטאָן אף מיר און זיך אָפּגעקערעוועט. איך בין דערשטוינט געוואָרן, ס'האָט מיך אָנגעכאַפּט א גרויל, ווען כ'האָב געהערט זײַנע באַווײַזן, די ווילדע פּלוידערײַ וועגן עפּעס אַן אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער מיר האָבן קלוימערשט בײדע אָנטיילגענומען, וועגן פּלענער פון דיווערסיעס אאַז״וו. איך האָב ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן, אָנשפּײַען אים אין פּנים אָדער צעוויינען זיך פאַר ראַכמאָנעס. ערגער קאָן גאָר ניט זײַן. איך וואָלט זיך דאָס לעבן גענומען, אָבער דאָס איז ניט אַזוי לײַכט אין טורמע־באַדינגונגען".

דאָס, וואָס נ. האָט דערציילט, האָט געמאַכט אף מיר א גרויסן רושעם, עס האָט מיך ארײַנגעפירט אין אינערלעכן לעבן פון א דורכשניטלעכן פּאַרטיי־טוער. ביז איצט איז עס מיר אויסגעקומען צו באָאַבאַכטן בלויז פון דער זײַט. און איך בין צופרידן, וואָס סאָפּקאַלסאַף האָב איך פאַרשריבן די דאָזיקע דערציילונג, זאָל זײַן אינקורצן, בלויז פאַר זיך, אָן א סאַך נייטיקע פּראָטים און ניט אינגאַנצן מיט יענע ווערטער, מיט וועלכע מע האָט זי באַדאַרפט פאַרשרײַבן, זי זאָל באַקומען א ברייטע באַטאָנונג, ווי זי פאַרדינט עס.

גאָלדמאַן האָט גערופן אונדזער קאַמער „נויעכס טייווע". בא אונדז, פּונקט ווי אין דער טייווע פונעם טאַנאַך, איז אף יעדער פּאָר אומריינע אויסגעקומען זיבן פּאָר ריינע. מיר האָבן עפּעס איינמאָל אונטערגערעכנט מיט אים, אפן גרונט, פאַרשטייט זיך, פון אונדזערע סוביעקטיווע אײַנדרוקן, וויפל אַן ערעך פון די 120 — 122 מענטשן, וועלכע זײַנען געזעסן אין אונדזער קאַמער, וואָלטן געקאָנט אַרעסטירט ווערן אף וועלכן־ניט־איז סמאַך, ווען די ענקאַוועדע, וואָלט זיך געהאַלטן בא די נאָרמעס פון געזעצלעכקײַט און אין זינען געהאַט די רעאַלע אינטערעסן פון דער סאָוועטישער מעלוכע. די ציפער האָט זיך געוואַקלט צווישן צען און פופצן: עטלעכע איבערלויפער, עטלעכע פאַרברענטע טראָצקיסטן, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט, ווי א שטרענג אָפּגעשלאָסענע גרופּע, און נאָך עטלעכע פאַרדעכטיקע פאַרשוינען.

עס האָט זיך שטאַרק אויסגעטיילט מיט דער אָריגינעלקײַט פון זײַן האַלטן זיך און מיט זײַן גאַנצן אָנבליק איינער א געוועזענער פּאָלקאָווניק פון דער צאַרישער אַרמיי, אַן אָנטיילנעמער פונעם ערשטן וועלטקריג, וועלכער האָט פון די ערשטע טעג פון דער רעוואָליוציע אָפּגעהיט „נייטראַליטעט" — פּאַשעט און פּראָסט דעזערטירט, און דערנאָך, ארויסדרייענדיק זיך מיט אַלערליי מיטלען פון מיליטער־דינסט, ניט צוגעשטאַנען ניט צו די ווײַסע, ניט צו די רויטע. זײַן פּאָנעם האָט מיר גלײַך אויסגעזען צו זײַן באַקאַנט, אָבער, ווײַסנדיק, אַז דער זיקאָרן קאָן צומאָל פאַרפירן, האָב איך א טראַכט געטאָן, אַז אויך אין דעם פאַל, האָב איך, ווײַזט אויס, זיך טויע געווען. דערנאָך האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז דאָס פּאָנעם פון אָט דעם געוועזענעם צאַרישן פּאָלקאָווניק איז באַקאַנט נאָך אייניקע מענטשן פון אונדזער קאַמער, קיִעווער אײַנוווינער. די קיִעווער, און איך בעסיכעם, האָבן ניט זעלטן געקאָנט זען דעם דאָזיקן מענטשן, אָט אף פּראָרעזנאַיאַ, אָט אפן ראָג פון גרויס־וואַסילקאָווער און קאַראַוואַיעווער גאַסן, אָט ערגעץ אין ראַיאָן פונעם גאַליציקער מאַרק, ווו ער איז געשטאַנען, אַראָפּגעלאָזט די אויגן, מיט אַן איבערגעקערט היטל אין האַנט און שווײַגנדיק ארויסגעקוקט אף א נעדאָווע.

וועגן דעם, אַז אָט דער בעטלער איז א געוועזענער אָפיצער, האָבן מיר זיך דערוווּסט ערשט, ווען ער האָט זיך באַוויזן צווישן אונדז, און דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט אונדזער אינטערעס צו זײַן פּערזענלעכקײַט און ניט־געוויינלעכן גוירל. אָבער די ערשטע טעג האָט ער קיין כיישעק צו שמועסן ניט ארויסגעוויזן. זייער קאַרג געענטפערט אף פראַגן. ער איז נאָך ניט געווען שטאַרק אַלט, פון א יאָר פינף און פופציק, מײַן איך, העכסטנס, זעכציק. א פליכעוואַטער קאָפּ, אף די שלייפן און אפן נאַקן — טונקל־קאַשטאַנאָווע האָר אָן א שום גראָווקײַט. דאָס פּאָנעם — לענגלעך, גרוי, קימאַט ווי פון פאַרמעט, א גאַנץ היפּשע נאָז, דינע ליפּן און א פאַרהעלטנישמעסיק קליינער קין. די אויגן — טרויעריקע, מיט עפּעס א מאַניאַקאַלער פאַראַקשנטקײַט. דאָס פּאָנעם — גיכער פון אַן אַרכיוואַריוס, ווי פון א מיליטערמאַן, בלויז אין דער האַלטונג און אין די ווענדונגען האָבן זיך פאַרהיט שפּורן פון דער געוועזענער אויסשולונג. גערעדט האָט ער שטיל, אײַנטאָניק. אין אַלץ איז געווען צו זען

זעלבסטרעגלאמענטירונג, א רעזולטאט פון גרויסער ארבעט איבער זיך. איך, לעמאשל, און פיל אנדערע האבן בעשום-אופן ניט געקאנט פאנאנדערטיילן דעם פאיאק ברויט אזוי, ס'זאל קלעקן אף דריי מאל צו עסן. אייניקע פלעגן אופעסן דאס גאנצע ברויט בייסן פריש-טיק, און דערנאך איז זיי אויסגעקומען צו ליידן — די עקלהאפטע באלאנדע איז אן ברויט געווען טאפלט עקלהאפט, אזוי פלעגט בא אלעמען זיין אויך מיטן צוקער (צוואנציק גראם). דער געוויינער פאלקאוניק אבער פלעגט אינדערפרי אלץ פאנאנדערטיילן און דערנאך זיך האלטן בא די נארמעס מיט דער אקוראטקייט פון אן אסקעט, וועלכער איז געווינט צו זעלבסטבאגרענעצונג.

מיך האט זייער אינטריגירט זיין לעבנס-געשיכטע, פארשטייענדיק, אז אויב איך וועל צושטיין צו אים מיט פראגן, וועל איך גארנישט פויעלן, האב איך זיך געסטארעט צו פאר-פירן מיט אים געשפרעכן וועגן אבסטראקטע, אלגעמיינע טעמעס, און דער דאזיקער ניט-דירעקטער וועג האט זיך ארויסגעוויזן פאר א גאנץ גוטן שליסל, מיט דער הילף פון וועלכן מיר איז געלונגען א ביסל פאנאנדערקלייבן זיך אין דער פאראקשנטער און פארשלאסענער נעשאמע פון אט דעם אייגנארטיקן מענטשן.

ער האט געהאט זיין קוק אף פארשיידענע וויכטיקע פראבלעמען. דאס איז געווען א מעשונעדיקער געמיש פון עקסטרעמען אינדיווידואליזם און פראסטעטע שפליטערס פון קריסטנטום. מע דארף אבער זאגן, אז אינעם יעסאד פון זיינע אנשויונגען איז געלעגן א געוויסע לעבנס-דערפארונג, עמעס, א ביז גאר פערזענלעכע. ווערדליק ער האט דערציילט, האט ער קיינמאל ניט ליב געהאט זיין מיליטערישע פראפעסיע, ער האט זי אויסגעקליבן פאר זיך צופעליק איבער געוויסע אומשטאנדן, וועגן וועלכע ער האט ניט מיירעך געווען, און אף דער מילכאמע, ווו ער איז געווען א קאמאנדיר פון אן אינפאנטעריע-פאלק, וואס האט עטלעכע מאל פארלארן קימאט זיין גאנצן באשטאנד, האט ער ענדגילטיק פארהאסט זיין באשעפטיקונג און איז געווארן אן איבערצייגטער פאציפיסט. א רעוואליוציע איז די זעלבע מילכאמע, דער זעלבער אומענטשלעכער וועג קומען צום ציל מיט דער הילף פון מארד און געוואלט. נו, און, קאנטער-רעוואליוציע איז, פארשטייט זיך, ניט בעסער. אלדאס בייז שטאמט פון דער מעלוכע, פון די פאליטישע ליידנשאפטן, מיט וועלכע עס לעבן די קאסטעס, די פארטייען און אנדערע קאלעקטיוון. און אף וויפל דער איינצלנער מענטש איז ניט בע-קויעך ענדערן זייער נאטור, בלייבט אים נאר איינס — זיך אפרוקן, איינשרומפן זיך, אין גארנישט זיך ניט אריינמישן, לעבן, ווי ווייט מעגלעך, ניט-אנזעעוודיק. די סאמע גע-פערלעכע זינד, דער עמבריאן פון אלערליי ראעס איז די שטרעבונג צו רייכקייט, צו לעבנס-קאמפארט, וועלכע פירט אומפארמיידלעך צו קעגנזייטיקער סינע מיט אלע אירע אכזאריעס-דיקע קאנסעקווענצן. אסקעטיזם, אפזאגן זיך פון אנטייל אין קאנפליקטן פון אלערליי מינים איז דער איינציקער אויסוועג פאר א מענטשן, וואס וויל ניט לעבן לויט די געזעצן פון דער דזשונגל, און אן אומבאדינגטע פארהאנאכע, עס זאל ווען-עס-איז אין דער צוקונפט אופ-קומען נייע באציונגען צווישן די מענטשן. אזא איז געווען זיין פילאסאפיע. א סאך צוריק-געהאלטענער האט ער זיך ארויסגעזאגט, ווען מע פלעגט ארופקומען אינעם שמועס אף קאנקרעטע פאקטן פון זיין ביאגראפיע, אייניקע ריכטצייכנס האט פונדעסטוועגן זיך איינ-געגעבן פעסטשטעלן.

הארבסט 1917 יאר, נאך פאר דער אקטיאבער-רעוואליוציע, איז ער פארשלאפט גע-ווארן אף א לונגען-אנציינדונג, מע האט אים עוואקוירט אין הינטערלאנד און מער האט ער זיך אין זיין מיליטער-טייל ניט אומגעקערט; זעענדיק, וואס עס טוט זיך אף דער וועלט, האט ער פעסט באשלאסן קיינמאל מער ניט צורירן זיך צו געווער. קיין ווייב האט ער צו יענער צייט שוין ניט געהאט. אפגערוט נאך דער קרענק בא זיין כאסענע-געהאטער טאכ-טער אין פאלטאווע, האט ער זיך איבערגעטאן אין אן אפגעטראגענער שינעל און קלוי-מערשט ווי א דעמאביליזירטער אלטער סאלדאט, וועלכער קאן זיך בעשום-אופן ניט דער-קלייבן אהיים, האט ער גענומען וואנדערן איבערן לאנד וואס ווייטער פון טראקטן און פון דער אייזנבאן. ער האט אויסגעקליבן וועגן טויבע און שטילע, באטראקעוועט בא באלעגו-פים, געהאלפן סאלדאטקעס אין דער ווירטשאפט, געהאקט האלץ בא שטאט-איינוווינער. צי דען האט ער קיינמאל זיך ניט אנגעשטויסן אף קיין באנדעס, אף וואכפאסטן און אנדערע שטערונגען? אנגעשטויסן זיך ניט איין מאל. „וואס נאר איר ווילט איז געווען, אבער גאט האט ראכמאנעס געהאט, ווי-עס-איז זיך אויסגעדרייט".

אין 1928 יאר האט מען אים ארעסטירט. געהאלטן עטלעכע כאדאשים, אויסגעקלארט, ווער איז ער, ווי האט ער זיך אופגעפירט, און אפגעלאזט. אזוי איז ער אנגעקומען קיין קיעוו. ניט קיין קרויווים, ניט קיין באקאנטע האט ער דא ניט געהאט. אין גאס האט ער זיך באקאנט מיט ניט קיין יונגער איינזאמער פרוי, וועלכע האט פארקויפט היימישע קנישיק-לעך, אויך א שפליטער פון דער קאטאסטראפע, ווי ער. זי האט אים גענומען צו זיך. די צייט איז געווען א שווערע, ברויט האט געקאסט טייער, די פארדינסטן זיינען געווען צו-פעליקע. זומערצייט צעגראבסטו בא עמעצן דעם גארטן, ווייסט אויס א צימער, נו, און ווינטער הונגערסטו. צו אלע צארעס איז נאך דאס ווייב קראנק געווארן — עפעס געשען

מיטן האַרצן. גאַנצענע טעג און אַמאָל אויך גאַנצע וואָכן פֿלעגט זי ניט אופֿשטיין פֿון בעט. און אויך ער זעלבסט האָט אָנגעהויבן שוואַכער ווערן — די קריזשעס טוען וויי, א קילע, די עלטער האָט זיך אָנגערוקט. אזוי איז ער דערגאַנגען ביז בעטלערײַ, געצוווּנגען געווען אויסשטרעקן די האַנט נאָך א נעדאָווע. עס איז קיין כידעש ניט, וואָס עמעצן אין קאַמער האָט ער אויסגעזען צו זײַן באַקאַנט, האָט מען אים אָפֿט געקאָנט זען אָט דאָ, אָט דאָרטן אַף קיִעווער גאַסן, ווי ער איז שאַנלאַנג אונטער רעגנס און שנייען געשטאַנען מיט א נאַקעטן קאָפּ. יאָ, ער האָט געבעטלט, דאָס איז געווען, און עס איז אים לאַכלוטן קיין בי־זאַיען ניט דאָס צו אַנערקענען. מע האָט אים אפֿילו גענומען אין גאַס און ער האָט ניט גע־קאָנט זיך געזעגענען מיט זײַן קראַנק ווײַב.

דאָס זײַנען אַלע יעדיִעס, וועלכע ס'איז געלונגען אַרויסקוועטשן פֿון אים פֿאַר די עט־לעכע וואָכן, וואָס מיר זײַנען געווען אײַנייִנעם. אינטערעסאַנט, וואָס ער האָט מיט אַלע מיטלען זיך געסטאַרעט אָפּגרענעצן פֿון אונדז: „איר זײַט פּאָליטישע, ווער ווייסט אײַך, וואָס איר האָט דאָרטן צווישן זיך פֿאַרטראַכט, מיט וועלכע געדאַנקען האָט איר זיך אַרומ־געטראָגן. איך האָב מיט קיין פּאָליטיק גאָרנישט ניט צו טאָן און וויל פֿון איר גאָרנישט ניט וויסן".

אַף די פֿאַרהערן האָט מען אים, וועדליק ער האָט דערציילט, ניט געשלאָגן (זעט אויס, ס'זײַנען קעגן אים קיין שום באַווײַזן ניט געווען), אָבער מע איז באַשטאַנען אַף דעם, אַז זײַן „נייטראַליטעט" איז ניט מער ווי א מאַסקע, און געפֿאָדערט פֿון אים, ער זאָל אופֿ־הערן זײַנע געהיימע קאָנטאַקטן מיט דער ווײַסגוואַרדייִשער אונטערערד. איך מיין ניט, אַז ער זאָל ווירקלעך געווען האָבן וועלכע־ניט־איז פֿאַרדעכטיקע פֿאַרבינדונגען, און אויך דער אויספֿאָרשער האָט אזוי ניט געטראַכט, אַניט וואָלט מען זיך מיט אים אַנדערש באַגאַנגען. אַליין דער אַלטער האָט געכידעשט מיט זײַן אויסגעהאַלטנקײַט און דערמיט פֿאַרדינט אַכ־טונג מיצאַד זײַנע באַוויירים לויט דער קאַמער, כאָטש קיין סימפּאַטיעס האָט ער בא זיי ניט אַרויסגערופֿן.

אַף דער פֿערטער אָדער פֿינפֿטער וואָך האָט ער אומגעריכט אַרויסגעוואָרפֿן א פֿאַרטל — געמאָלדן א הונגער־שטרײַק. אין יענע באַדינגונגען איז דאָס געווען א פֿולקום האָפֿענונגס־לאָזער און לעפּישער אײַנפֿאַל, וואָס איז פֿאַרפֿריִער געווען פֿאַרורטיילט. עמעצער האָט זיך געפּרוּווט אים דאָס געבן צו פֿאַרשטיין, נאָר ער האָט אפֿילו הערן ניט געוואָלט. און ס'איז שוין אויך שפּעט געווען. די מײַסע איז, וואָס ער האָט אָנגעהויבן דעם הונגער־שטרײַק, ניט האַלטנדיק זיך מיט קיינעם קיין אייצע, ניט וואָרענענדיק קיינעם. אינדערפֿרי האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו באַקומען דעם פּאַיאָק און געמאָלדן, אַז ער וועט ניט נעמען קיין שום שפּײַז (כוץ אָקרעפּ), ביזוואַנען ס'וועט ניט קומען דער פּראָקוראָר און ניט זאָגן, פֿאַר וואָס האַלט מען אים דאָ און ווען וועט דערצו נעמען א סאָף.

קיין שום פּראָקוראָר איז ניט געקומען נישט אַפֿן אַנדערן טאָג, נישט אַפֿן דריטן, נישט אַפֿן פֿערטן. דער אַלטער איז געלעגן אַף דער פּאָדלאָגע, ניט ווענדנדיק קיין אַכט אַף די פֿילמאָליקע באַמערקונגען פֿון אופֿזעער. דערנאָך האָט מען אים געלאָזט צורו. קיי־נער האָט זיך מיט אים ניט אינטערעסירט, קיינעם איז ניט אָנגעגאַנגען, הונגערט דער דאָ־זיקער מענטש צי ניט, און דאָס האָט מער פֿון אַלץ געקימערט. דער אַלטער איז אָפּאָנעם גרייט געווען זיך האַלטן בא זײַנעם ביזן לעצטן אָטעם. אין אָוונט, שוין נאָכן אָפּעל, איז אין קאַמער אַרײַנגעקומען דער געהילף פֿונעם טורמע־נאַטשאַלניק און אין גאַנץ ווייכע אויסדרוקן גענומען אים אײַנריידן, ער זאָל אופֿהערן הונגערן. כוץ דעם, וואָס דאָס וועט צו גאָרנישט ניט ברענגען, וועט מען אים מאָרגן, אויב ער וועט ניט אָנהייבן נעמען קיין שפּײַז, אוועקפֿירן אין א שפּיטאָל און דאָרטן קינסטלעך שפּײַזן. מיר, דאָס הייסט, די עטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן קאָנטאַקטירט מיט אים, האָבן אויך געהאַלטן, אַז ער פּאַטערט נאָר אומזיסט די לעצטע קויכעס. דער אַלטער האָט שווײַגנדיק געהערט, ניט דערווידערט. עס איז געווען צו זען, אַז ער ווערט אַלץ שוואַכער.

אַפֿן פֿינפֿטן טאָג אינדערפֿרי האָט ער זיך ניט אָפּגעזאָגט פֿונעם פּאַיאָק, אָבער ניט באַלד גענומען זיך פֿאַרן ברויט, נאָר פֿריִער אָנגעהויבן טרינקען די טיי (דה. דעם אָקרעפּ), צובײַסנדיק מיט צוקער, ווי געוויינטלעך. איך האָב אים אָפּגעגעבן מײַנע צוויי ציגעלעך צוקער און אים געייצעט אַרײַנלייגן זיי אין קווערטל. ער האָט א שעפּטשע געטאָן „א דאַנק", זיי גענומען און אַף זײַנע אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן. מע האָט געזען, אַז ער האָט זיך געשעמט, וואָס ער האָט ביזן סאָף ניט אויסגעהאַלטן.

און ערעך נאָך א וואָך איז ער אָפּגעוועזן אין אונדזער קאַמער, נאָכדעם האָט מען אים אוועקגענומען. מע האָט געזאָגט, אַז ער האָט, דאַכט זיך, באַקומען פֿרײַע פֿאַרשיקונג.

א געוויסע צײַט האָט אונדז פֿאַרווײַלט דער צענטראַלער פֿאָרוואַרד פֿון דער קיִעווער פֿוטבאָל־קאָמאַנדע, וועלכע איז אויך געזעסן א ביסל אין אונדזער קאַמער. א יונגער, העל־האָריקער, בלוי־אויגיקער פֿריילעכער יונג, א ווײַבערניק, אָן דײַגעס וועגן פּרינציפּן, מאָראַל, טעאָריעס, מאָרגנדיקן טאָג און אַנדערע אַזעלכע „ניט־מאַמאָשעסדיקע" מאַטעריעס, האָט ער אין אונדזער מאָרעשכוירעדיק לעבן אַרײַנגעטראָגן א דערפֿרישנדיק ווינטל פֿון לײַכטזיני־

קײַט. איך, אַלנפֿאַלס, האָב אופֿריכטיק זיך דערפֿרייט, ווען ער האָט זיך באַוויזן צווישן אונדז, האַגאַם מיר איז זעלטן ווען אויסגעקומען צו באַגעגענען אַזאַ אומפּאַרוואָלקנט פּוסטן סאָוועטישן יונגנמאַן.

ער האָט געהאַט אַ געוווינשאַפֿט: אומקערנדיק זיך פֿונעם פֿאַרהער, טייקעף צונויפֿזאַמלען אַ קרײַזל מענטשן, מיט וועלכע ער האָט באַוויזן זיך דערנעענטערן פֿאַר דער קורצער צײַט, וואָס ער איז געווען אין קאַמער, און דערציילן, וואָס מיט אים איז פֿאָרגעקומען. זײַן שפּראַך איז געווען זייער פּרימיטיוו. נאָר בײַ דער גאַנצער נאַיִווער פֿאָטאָגראַפֿישקײַט און עפּשער גאָר אַדאַנק איר, איז זײַן דערציילונג געווען ניט אָן שאַרפֿקײַט און הומאָר. הערן אים איז געווען אינטערעסאַנט.

„אַ געלעכטער, כלעבן, ער פֿרעגט, וויאַזוי מע רופֿט מיך. אָט אַ קורווע, ער ווייסט דאָך און פֿרעגט, אַזוי זאָג איך אים טאַקע: „דו ווייסט דאָך, אויסוווּרף, אויסגעצייכנט אי מײַן פֿאַמיליע, אי מײַן נאָמען, האָסט ניט איין מאָל מיך געזען אויפֿן סטאַדיאָן. וואָס זשע שפּילסטו אַ קאָמעדיע?" „אַ פֿאָרמאַליטעט אַזאַ, — זאָגט ער, — מע קאָן בעשום־אויפֿן זי ניט אויסמײַדן. אָט וואָס, זאָגט ער, דו ביסט דאָך אַ ווילער באָכער, נעם און זײַ זיך מודיע אָן איבעריקער פּלוידערײַ". האָט איר געזען אַזאַ ניוועזניק? „אין וואָס זאָל איך זיך מודיע זײַן?" „דו ווייסט קלוימערשט נישט". „שנײַד מיך אויף שטיקער, סײַווי ווייס איך ניט. זאָג מיר אונטער, טו אַ טויווע. פֿאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז מיר לוינט ניט מילכאָמע האַלטן מיט דער געפּעו". „נו, גוט, זאָגט ער, דו ווערסט באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש". דאָס איז מיר אינגאַנצן ניט געפֿעלן געוואָרן, אַזאַ שולד נעמען אויף זיך איז אַפֿילע אויף קאַטאָוועס עפּעס פֿריקרע. „הער נאָר צו, זאָג איך, כ'גיי דיר אַנטקעגן, איז האָב אויך אַ ביסל לײַטישקײַט אין זיך, גיב מיר עפּעס אַ גרינגערע לאַסט". דאָ האָט ער מיר געמאַכט אַזאַ מין יופּע, אַז כ'האָב זיך אַזש פֿאַרכלינעט פֿון פֿאַרוווּנדערונג. „אָך, זאָגט ער, דו הונט מיט אויערן, דו פֿערעבענדיעוועסט נאָך. שוין זשע זײַ זיך מודיע, אַז דו האָסט זיך פֿאַרנומען מיט שפּיאָנאַזש". „און מע וועט מיך דעמלט ניט שיסן דערפֿאַר? — פֿרעג איך. — פֿאַר דעם שיסט מען, דאַכט זיך. אויב אַזוי דאַרף איך דאָס גאַנצע געשעפֿט מיט אײַך אויף קאַפּאָרעס". „אויב דו וועסט אין אַלץ זיך מודיע זײַן, זאָגט ער, וועלן מיר זיך מישטאַדל זײַן, מע זאָל צו דיר זיך באַציִען מיט כעסעד". אָט אַ פּראָסטיטוטקע. מאַלע וואָס זי איז דיר מעכאַבעד מיט אַ טריפּער, באַצאָל איר נאָך געלט. „נו, וואָס קאָן איך טאָן מיט אײַך, זאָג איך, זאָל זײַן שפּיאָנאַזש". „שוין לאַנג באַדאַרפֿט אַזוי זאָגן. און פֿון וואָס פֿאַר אַ לאַנד ביסטו אַ שפּיאָן?" „פֿונוואַנען זאָל איך וויסן? — זאָג איך. — לענדער זײַנען פֿאַראַן אַ סאַך. זאָג דו אונטער". „אײַער פֿוטבאָל־קאָמאַנדע איז, דאַכט זיך, ערשט ניט לאַנג געווען אין טערקײַ", — גיט ער מיר אָנצוהערן. אָך, אַזוי. הייסט עס, איך בין אַ טערקישער שפּיאָן. „געווען", — ענטפֿער איך. „נו, אָט. אָן אָנהייב איז דאָ. איצט דערלאַנג אײַנצלהײַטן, וויאַזוי איז אַלץ פֿאָרגעקומען?" אויב שוין האַקן ליגנים, איז אויף וואָס די וועלט שטייט. הייב איך אָן. „אַלץ איז פֿאָרגעקומען אין סטאַמבול. דער טרענירער פֿון דער טערקישער קאָמאַנדע זאָגט: „קומט, כעוורע, צו נעקייזוועס. סטאַמבול שעמט מיט זיי. איר וועט זײַן צופֿרידן". נו, איז געגאַנגען (אַזוי איז טאַקע געווען אינדערעמעסן, דאָ האָב איך קיין ליגן ניט געזאָגט). די גאַס איז פֿול מיט קורוועס פֿון פֿאַרשיידענעם עלטער, פֿון פֿאַרשיידענעם קאַליבער. אָן עמעסער יאַריד, מע רופֿט, מע שלעפּט פֿאַרן אַרבל. אָבער דער וועגווײַזער, דער טערקישער טרענירער, לאָזט אונדז זיך ניט אָפּשטעלן. „דאָס איז אַ קליינע מעציִע, זאָגט ער, קומט ווײַטער". קומען מיר אַרויס אויף אַ שטילער גאַס, קוקן אַרײַן אין איין הויז, אין אַ צווייטן. גרויסאַרטיק. אַ גוטער אויסוואַל, מיידעלעך, אַזוינס ווי אַזעלכס. נו, מיט אַלע וועסטו ניט איבערשלאָפֿן. קלײַב איך זיך אויס איינע און פֿאַרברענג מיט איר די צײַט, טרינקען ווײַן, ריידן מיט סימאָנים, טאַפּן זיך, לאַכן, דערנאָך, ווי עס פֿירט זיך, האָבן מיר זיך אָפּגעזונדערט. אַלץ איז געגאַנגען, ווי עס דאַרף צו זײַן. פֿאַרטאָג וועקט זי מיך אויף און זאָגט, אויף רוסיש בראָקט זי, די סטערווע: „אָט וואָס, זאָגט זי, איך בין ניט קיין שליוכע, איך בין אָן אידיינע, אַ ווײַסע עמיגראַנטקע. דערלאַנג יעדיעס וועגן די סאָוועטן". איך, פֿאַרשטענדלעך, וויל אַפֿילע ניט הערן, אָבער זי, די פּאַסקודע, שטייט צו אַלץ שטאַרקער. „דו, זאָגט זי, ביסט בײַ מיר אין די הענט, אַלציינס וועל איך דיך אומברענגען. גיב יעדיעס..." אָט אַזוי טראַכט איך אויס ווי ווײַט איך קאָן, אָבער דער אויספֿאָרשער, אַזאַ טײַוול, שלאָגט מיר איבער די רייד מיט אַ געשריי: „דו לײַגסט, סוקין סין, ניט אַזוי איז געווען". „בין איך, הייסט עס, נאָך דעם, ווי כ'האָב אײַך אַלצדינג דערציילט נאָך אַ סוקין סין?" — זאָג איך. „פֿאַרשטייט זיך, אַ סוקין סין, — ענטפֿערט ער. — ווער וועט גלייבן דײַנע אויסטראַכטענישן וועגן דער שליוכע, וואָס האָט פּלוצעם פֿאַרטאָג גענומען ריידן אויף רוסיש? יעדיעס האָסטו, פֿאַרשטייט זיך, געגעבן, אָבער ניט דער נעקייווע דײַנער, נאָר דעם טרענירער פֿון דער טערקישער פֿוטבאָל־קאָמאַנדע". „נו, זאָג איך, איר ווייסט דאָך בעסער, זאָל זײַן, ווי איר ווילט. מיר איז אַלציינס". „וועגן וואָס פֿאַר אָביעקטן האָסטו גערעדט מיט אים?" אָט דאָ בין איך, סאָפּקאָלסאָף, אַרויס פֿון די קיילים. „און וואָס ווייס איך? וואָס פֿאַר אַ סוידעס האָט מען מיר פֿאַרטרויט? מיט וועלכע אָביעקטן האָב איך צו טאָן? איר האַלט מיך, זעט אויס, שוין אינ־

גאַנצן פאַר אַן אידיאָט". די דאָזיקע ווערטער, שטעלט אייַך פאָר, האָבן אף אים געמאַכט א רושעם. ער האָט א ביסל געשוויגן, א טראַכט געטאָן און געזאָגט: „נו, גוט, איך וועל אַליין אָנשרייַבן דעם פּראָטאָקאָל, און דו וועסט אונטערשרייַבן". אַזוי איז געבליבן.

די גאַלעריי פון בילדער, וועלכע זייַנען דורך פאַר מייַנע אויגן אין דער דאָזיקער קאַמער — „נויעכס טייוּוע", וואָלט איך געקאָנט היפּש פאַרברייטערן, אָבער איך מיין ניט, אַז דערין איז פאַראַן א באַזונדערע נויטווענדיקייַט. פונדעסטוועגן נאָך וועגן איין פיגור איז געוויס קעדײַ צו דערציילן.

ס'איז נישטאָ קיין שום סאָפעק, אַז די וויכטיקסטע און אַנטשיידנדיקע סיבע פון דעם פאָלקס-אומגליק, א גלייַכן לויט זייַן באַדייַט צו א פייַנטלעכער אינוואַזיע, ווי דאָס זייַנען געווען די אַרעסטן אין די יאָרן 1937 — 1938, איז די וואַקכאַנאַליע פון געזעצלאָזיקייַט און ווילקיר, וואָס האָט זיך אייַנגעשטעלט אין די אויסגערופענע זיכערהייַט-אָרגאַנען, וועלכע זייַנען צו יענער צייַט זיך צעוואַקסן אין אַן אומגעהייַערער, אַלץ-אַרומכאַפּנדיקער הערשנדיקער קראַפט. מיך אָבער האָט אינטערעסירט נאָך איין אַספּעקט פון אָט דעם פּרעצעדענטלאָזן לויט זייַנע מאַסשטאַבן אויסמאָרדן די אייגענע אָרנטלעכסטע בירגער מיצאַד דער מעלוכע. פאַרוואָס ווייַזן אַרויס די מענטשן, וועלכע פאַלן אַרייַן אין די לאַפּעס צו די כעווראַלייַט פון דער געפּעו, אַזוי ווייניק מוטיקייַט, מענטשלעכע ווירדע, מאָראַלישע ווידערשטאַנד-פעיִקייַט? פאַרוואָס רעדן זיי אָן אף זיך און אף זייערע כאַווײרים, באַשפּייַען זייער רעוואָליוציאָנערע פאַרגאַנגענהייַט, האַלטן אונטער די סאַמע ציניִשע פּראָוואָקאַציעס?

מיר האָבן אין קאַמער ניט זעלטן געשמועסט אף אָט דער טעמע, פאַרשידן דערקלערט די דאָזיקע דערשייַנונג, ניט שטרייַטנדיק צווישן זיך, נאָר דערגאַנצנדיק איינער דעם אַנדערן. פאַרשטייט זיך, אַז אַן איזאָלירטן מענטשן, וועלכער האָט אָנגעוואָרן די שטיצע פון דער געזעלשאַפט, איז זייער שווער אויסצוהאַלטן דעם קאָלאָסאַלן און שרעקלעכן דרוק, וואָס עס מאַכט אף אים די אַלמעכטיקע און אומקאָנטראָלירטע מאַכינע, וועלכע פּילט אויס אין טאָג ניט קיין אויספאָרשערישע, נאָר טעראָריסטישע פונקציעס. דאָ אָבער דאַרף מען האָבן אין זינען די ווירקונג פון נאָך עטלעכע אַנדערע, ריין פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן. עס האָט זיך געשאַפן א פּאַראַדאָקסאַלע לאַגע. גראָד דאָס, וואָס די גרונט-מאַסע רעפּרעסירטע איז באַשטאַנען פון אופריכטיקע סאָוועטישע פּאַטריאָטן, האָט פאַרלייַכטערט די „אָרגאַנען" זייער אַרבעט. דער פּאַטריאָטיזם, ווי מאָדנע דאָס קלינגט ניט, האָט מאָראַליש אַנטוואָפנט דעם קאָרבן, און די אויספאָרשער האָבן אָפן סאַמע הינטערליסטיקסטן אויפן זיך געניצט דערמיט. פאַר א סאָוועטישן מענטשן איז שרעקלעך געווען אַליין דער געדאַנק, אַז דער פּראָצעס פון דעמאָראַליזירטקייַט און איבערגעבורט האָט פאַרכאַפּט דעם כוטהאַשעדרע פון דער מעלוכע. ער האָט ניט געקאָנט קעמפן קעגן דער מאַכט, וועלכער ער האָט אין משך פון פיל יאָרן אָפּגעגעבן זייַנע אַלע קויכעס, און איז גרייט געווען צו דערלאָזן — מיט ווייטיק אין האַרצן, — אַז אין דעם אַלעמען, וואָס עס קומט פאָר, איז פאַראַן עפּעס א העכערער זין, וועגן וועלכן ער ווייסט ניט און וועלכער איז אים ניט פאַרשטענדלעך. מאַכמעס דעם האָט זיך געשאַפן אַן אַטמאָספער פון מאַסנווער פּסיכישער ניטשטאַנדהאַפטיקייַט. עס איז פולשטענדיק פאַרלוירן געוואָרן די גרענעץ צווישן עמעס און ליגן, גוט און שלעכט. רעכילעס איז דערהויבן געוואָרן צו דער מאַדרייגע פון א גוטער מידע, מאַכן פון א פליג א העלפאַנד איז געוואָרן א געוויינלעך מיטל, אין דער נעץ פון קעגנזייַטיקע בילבולים איז ניט מעגלעך געווען צו געפינען ניט קיין אָנהייב, ניט קיין סאָף, עס האָבן אין איר זיך געפּאָרפּלט מיליאָנען. אין אָט דעם טירוף-האַדאַס פון מאַסן מענטשן זייַנען אייניקע דערגאַנגען ביז צום צושטאַנד פון עפּעס א טויט-עקסטאַז.

אין אונדזער „טייוּוע" איז געווען א מענטש, וואָס האָט מיר אָנפאַרטרויט, אַז ער האָט קאָמפּראָמעטירט מער ווי הונדערט פאַרטייער און אומפּאַרטייִשע. ווען איך האָב ניטווילנדיק אַרויסגעוויזן, אַז מיך האָט אָנגעכאַפּט א גרויל, האָט ער זיך צעשמייכלט. א פראָסט איז דורך איבער מייַן לייַב. איך האָב א טראַכט געטאָן, אַז פאַר מיר שטייט א משוגענער. אין א געוויסן זין איז דאָס, מינאַסטאַם, אַזוי טאַקע געווען.

אַליין איז ער געווען אַן אָנגעזעענער טוער אין איינעם פון די פאָלקס-קאָמיסאַריאַטן, פאַרשטאַנען זיך אף מענטשן, פאַרשטאַנען זיך אף ביכער, ניט ווייניק זיך אָנגעזען פאַר זייַן לעבן (ער איז אַלט געווען א יאָר צוויי-דרײַ און פערציק), דענקט שאַרף און, דאַכט זיך, לאָגיש און פונדעסטוועגן אַרויסגערופן אַן אַנטיפּאַטיע, וועלכע כ'האָב ניט געקאָנט בייַקומען. מיט וואָס? קוידעמקאָל מיט זייַן מאַניאַקאַלישקייַט, וועלכע שטויסט מיך קעסיידער אָפּ פון מענטשן, אַפילע ווען זי איז פאַרבונדן מיט גוטע קאַוואָנעס. דערנאָך — מיט דער פאַנאַטישער טעאָריע, וואָס ער האָט פאַר מיר צודרינגלעך אַנטוויקלט נאָך זייַן אָנערקענונג, וועגן וועלכער כ'האָב פריִער דערמאָנט.

זייַן אידיי איז באַשטאַנען אין דעם, אַז דער שטראָם אַרעסטן וועט, ווי א וואַלד-סרייפּע, זיך צעוואַקסן, ביזוואַנען ער וועט ניט פאַרכאַפּן אַלץ און אַלעמען. נאָך יעדן אַרעס-

טירטן נעמט מען זײַנע פּרײַנט און קרויווים, נאָך זיי — זייערע פרײַנט און קרויווים, און אַזוי אָן אַן עק און אָן אַ סאָף. וואַלד־וועכטער ווייסן, אַז אָפּשטעלן די סרייפע קאָן מען נאָר מיט אַן אַנטקעגנדיק פײַער. די וואַקכאַנאַליע פון רעפּרעסיעס דאַרף מען דערפירן ביז צום אַבסורד. יעדער אַרעסטירטער דאַרף מיטשלעפּן מיט זיך וואָס מער מענטשן. דאָס, וואָס ס׳וועט מיט דער צײַט סײַווי פאָרקומען סטיכייִש, מעכאַניש, דאַרף מען פאָרסירן אויף אַזאַ אופן, אַז די, וועלכע האָבן אָנגעהויבן דעם שרעקלעכן מאַרש קעגן די סאָוועטישע מענטשן, זאָלן אַליין זיך פאַרכלינען אין דער באַוועגונג, וואָס זיי האָבן אַרויסגערופן. הונדערט טויזנט שפּיאָנען? נאַרישקײַטן. אַ מיליאָן שפּיאָנען, צען מיליאָן. אַליין די באַוואַכער פון דער געפּאַרלאָזיקײַט זײַנען שפּיאָנען, די פירער און די פאָלקס־קאָמיסאַרן זײַנען שפּיאָנען. און דעמאָלט וועט עפּשער נעמען דערצו אַ סאָף. „אומזיסט באַרימט איר זיך, האָט ער געזאָגט, וואָס איר האָט אויף קיינעם קיין בילבול ניט געמאַכט. דאָס געוויסן איז בײַ אײַך געבליבן ריין, אָבער דער אַלגעמיינער זאַך האָט איר אָנגעטאָן שאָדן".

אָט אַזוי האָט געקלערט דער דאָזיקער מענטש און אַזוי האָט ער געהאַנדלט. סאָפּ־קאָלסאָף האָב איך פּאָשעט אָנגעהויבן מוירע האָבן פאַר אים. ווען מע האָט אים צוגענומען פון אונדזער קאַמער, האָב איך דערפילט, אַז ס׳איז מיר לײַכטער געוואָרן.

זעקס וואָכן האָט מען מיך ניט געטשעפּעט און דערנאָך האָט מען ווידער זיך דערמאָנט אין מיר, גענומען בײַ מיר פינגער־אָפּדרוקן. מיר איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַבסאָליוט אַלצייינס, צי וועלן פאַרבלײַבן אין די קעלערס פון דער געפּעו די אָפּדרוקן פון מײַנע פינגער, צי ניט. די דאָזיקע שמוציקע פּראָצעדור האָט, וואַרשײַנלעך, באַדאַרפט מיך ענדגילטיק פאַרשטעמפּלען אַלס אַן עמעסן פאַרברעכער. דער דאָזיקער מעטאָד האָט פולשטענדיק אַנטשפּרעכט דעם אַרבעט־סטיל פון די „אָרגאַנען" אין יענער צײַט, דער גאַנצער סיסטעם, וועלכע איז באַשטאַנען דעריין, וואָס אָרנטלעכע מענטשן, וועלכע זײַנען מיט דער הילף פון אינטריגעס גופע פון די „אָרגאַנען" בייזווילִיק בלאָמירט געוואָרן, פלעגן דערנאָך מיט אויסערגעוויינלעכער קאָנסעקווענטקײַט באַטראַכט ווערן ווי געכאַפּטע בײַ דער האַנט פײַנטלעכע שפּיאָנען, דיווערסאַנטן.

אײַנגיכן נאָך דעם האָט מען מיך אַרויסגערופן אויף אַ פאַרהער. ווידער אַ נײַער אויספאָרשער.

צו יענער צײַט האָב איך שוין באַוויזן ניט שלעכט צו באַקאַנען זיך מיט די מעטאָדן פון דער אויספאָרשונג. באַזונדערס, וואָס שײַעך די מיטלען פון אָפּווירקן אויפן באַשולדיקטן, פלעגן זיי וואַרייִרט ווערן אָפּהענגיק פון דער קאַטעגאָריע, צו וועלכער דער באַשולדיקטער איז פאַררעכנט געוואָרן. שענדלעכע אומגעזעצלעכקײַט האָט אין דעם דאָזיקן אַנשטאַלט עקזיסטירט באַנאַנד מיט אייניקע מער אָדער ווייניקער פעסט־אײַנגעשטעלטע קלאָלים פון דער שפּיל. די איניאָנים פלעגן פּלאַנירט און פאַבריצירט ווערן ניט לויט איינעם, נאָר לויט עטלעכע פאַרשיידענע טראַפּאַרעטן. מער פון אַלעמען האָבן, לויט מײַנע באַאָבאַכטונגען, געליטן פּאַרטיי־מיטגלידער. מיר איז, וואַרשײַנלעך, אויסגעפאַלן אַ פאַרהעלנישמעסיק קליינע ראָל. די ניט־באַגרינדעטע גרויסע אויפמערקזאַמקײַט, וועלכע איז אויף די פאַרהערן געווענדעט געוואָרן אויף מײַן פאַרגאַנגענהײַט (די צווישנבאַציִונגען מיטן „בונד"), האָבן גערעדט וועגן דעם, אַז בענעגייע מײַן טעטיקײַט אין דער סאָוועטישער צײַט האָט זיי דערווײַל זיך ניט אײַנגעגעבן צו אָרגאַניזירן וועלכן־ס׳ניט־איז ערנסטן מאַטעריאַל. זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, געוווּסט, אַז איך בין קיינמאָל ניט געווען צווישן דעם אָנפירנדיקן קרײַז פון די בונדיסטישע טוער און אַז אויסער די סאַמע ערשטע יאָרן (1905 — 1907) און צוויי־דרײַ וואָכן אין מאַרט 1917 י. (ביז מע האָט מיך אָפּגעשיקט אויפן פראָנט) בין איך בכלל געווען ווייניק אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע. אין 1919 י. האָב איך פאַקטיש צעריסן מיט די מענשעוויקעס און מיטן „בונד", און פרילינג 1920 י. אויך עפנטלעך אָפּגעגרענעצט זיך פון זיי און פרײַוויליק אַרײַנגעטראָטן אין דער רויטער אַרמיי. דאָס אַלץ, צווייפל איך ניט, האָבן זיי געוווּסט. אָבער דאָס האָט זיי ניט באַפרידיקט, זיי האָבן זיך געסטאַרעט אויסטראַכטן פאַר מיר אַ מער „פאַרברעכערישע" ביאָגראַפיע.

עס איז ניט שווער געווען צו דערווײַזן, אַז איך האָב ניט אָנטיילגענומען אין קיין שום צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן, ניט אָנגעהערט צו צענטראַלע און אָנפירנדיקע אָרגאַנען, קיינמאָל ניט אַרויסגעטראָטן מיט פאָליטישע אַרטיקלען אין דער בונדישער פרעסע. אָבער איינמאָל באַנאַכט האָט דער זעלבער צוועטקאָוו, וועלכן איך האָב שוין פריִער דערמאָנט, אַרויסגעוואָרפן אַזאַ פאָרטל, אַז איך האָב פּלוצעם מיט שרעק פאַרשטאַנען, ווי ווײַט אַ מענטש, וואָס איז אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון די דאָזיקע „מײַסטערס", איז שוצלאָז קעגן דעם נידערטרעכטיקסטן בילבול. דער רוצח האָט מיך געטראָגן, כ׳זאָל דערציילן, אַז זומער 1905 י. בין איך מער פון פינף כאַדאָשים, ביז דער אַמניסטיע אין אָקטיאַבער, געזעסן אין לוקישקי (ווילנע). ער האָט זיך צעשמייכלט מיט זײַן קרומען, סאַרקאַסטישן שמייכל פון אַ ניט־אַנערקענטן דעמאָן און דראָענדיק אויסגעשפּראָכן:

— ענדלעך זײַנען מיר צוגעקומען צו דער וויכטיקסטער געשעעניש פֿון אײַער ביִאָגראַפֿיע. וויאַזוי האָט געהייסן אײַער אויספֿאָרשער?

— מיך האָט אויסגעפֿרעגט עפּעס א זשאַנדאַרם-אָפֿיצער. זײַן פֿאַמיליע געדענק איך ניט, און, קאָן זײַן, אַז כ'האָב זי אַפֿילע ניט געוווּסט.

— א זשאַנדאַרם-אָפֿיצער, ריכטיק. און איר געדענקט אויסגעצייכנט זײַן פֿאַמיליע. וויפֿל מאָל זײַט איר געווען בא אים?

— צוויי מאָל, ווי איך געדענק.

— איר זײַט בא אים געווען ניט קיין צוויי מאָל, נאָר צוועלף מאָל און געפֿירט מיט אים ניט קיין פּאַשעטע שמועסן. איר האָט אויסגעגעבן אײַערע כאַווירים. מיר האָבן יעדיעס וועגן דעם.

— בא אײַך זײַנען ניטאָ און קאָנען ניט זײַן אַזעלכע יעדיעס.

— איר זײַט א פּראָוואָקאַטאָר, מיר וועלן אײַך שיסן.

איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס טרײַבט ער מיט מיר אַזא קאַטאָוועס, און פֿונדעסט־וועגן איז אָנגעפֿאַלן אױף מיר א פּאַכעד. און ווי וועט זײַן, אַז ס'וועט אים פּלוצעם אַרײַן אין קאָפּ באַשטיין אױף זײַנס, ווער אָדער וואָס קאָן אים דערין שטערן? און אויב איך בין א פּראָוואָקאַטאָר, דעמלט מעג מען דאָך מיך שלאָגן מיט דער נאָז פֿונעם שטיוול אין ווינקל פֿון דיך, אוועקזעצן מיך אַפֿן עק פֿון א בענקל און אומדערוואַרט אַרויסקלאַפּן עס פֿון אונ־טער מיר, אַזויפֿיל מאָל, ביזוואַנען די נירן וועלן זיך ניט קיין ריר טאָן פֿון זייערע ערטער, און דאַן וועל איך סאַפּקאַלסאַף אַליין זיך אָנערקענען פֿאַר א פּראָוואָקאַטאָר, און דער עקל־האַפֿטער ליגן וועט מיט שטאָלץ זיגן. פֿאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס די אויספֿאָרשונג האָט געדויערט, בין איך נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי שטאַרק דערשראָקן, איך האָב געוווּסט, אַז מע דאַרף אויסבאַהאַלטן מײַן צושטאַנד, אַניט וועט דער אויספֿאָרשער מיינען, אַז בא מיר איז ווירקלעך דאָס געוויסן ניט ריין, אָבער איך בין קעסיידער געווען ניט קיין וואָזשנע אָנשטעלמאַכער. ער האָט באַמערקט, אַז כ'האָב זיך פֿאַרלוירן, און מיט א דורכדרינגלעכן קוק פֿון א מענטשן-קענער, וועלכער דעקט אױף א שרעקלעכן סאָד, לאַנג און שווײַגנדיק אײַנגעקוקט זיך אין מײַן פּאָנעם.

ער האָט מיך געפּײַניקט די גאַנצע נאַכט, און דערנאָך האָב איך זיך אַליין געפּײַניקט מיט פֿאַרשיידענע פּכאָדים, ביזוואַנען כ'האָב זיך ניט איבערצײַגט אַפֿן צווייטן פֿאַרהער, אַז ער האָט אַפֿילע ניט אין זינען אומצוקערן זיך צו דער דאָזיקער טעמע.

פֿון די מער נאָענטע צײַטן האָבן די אויספֿאָרשער אַמערסטן זיך אינטערעסירט מיט דער פֿראַגע וועגן דער ליטעראַרישער גרופּע „בוי", וועלכע עס האָבן אין 1927 י. גע־גרינדעט איך, פֿינינבערג, רעזניק און אייניקע אַנדערע, און וועלכע איז ליקווידירט גע־וואָרן אין 1929 י. יעדער אויספֿאָרשער (און אַרום און אַרום זײַנען זיי געווען אַכט) האָט זיך אומגעקערט צו דער דאָזיקער פֿראַגע עטלעכע מאָל. ס'איז נאָר צו באַוווּנדערן, ווי שטאַרק ס'איז בא די טוער פֿון אָט דעם אַנשטאַלט געווען די לײַדנשאַפֿט צו פֿאַרקריפּלען און באַשמוצן די בעסטע שטרעבונגען פֿון סאָוועטישע מענטשן. די אַנטשטייונג פֿון אונדזער גרופּע, וואָס האָט אינדערעמעסן באַצייכנט די ווענדונג פֿון אירע מיטגלידער צו די פּראָ־בלעמען פֿון הײַנטצײַטיקײַט, די פֿאַרייניקונג פֿון ליטעראַטן, וועלכע האָבן געשטעלט פֿאַר זיך א ציל טיף דערלערנען די סאָוועטישע ווירקלעכקײַט, געמאָלדן א קאַמף קעגן צופֿאַס־לערײַ, האָבן זיי געוואָלט פֿאַרשטעלן ווי א הינטערליסטיק מיטל פֿון דורכגעטריבענע פּאָ־ליטיקער, וועלכע האָבן פֿאַרטראַכט צו שאַפֿן א לעגאַלע שירמע פֿאַר זייערע אַנטיסאָוועט־טישע אינטריגעס. מיר איז אויסגעקומען אויסצוהאַלטן אָן א שיר אײַנגעשפּאַרטע און פֿאַר־ביטערטע אַטאַקעס. ס'איז מיר געווען קלאָר, אַז אין דעם דאָזיקן פּונקט טאָר איך ניט אַרויסווײַזן קיין שום שוואַכמוטיקײַט. אין 1939 י. און שפּעטער האָט מען מיקויעך דער דאָזיקער פֿראַגע אַרויסגערופֿן אויך אַנדערע שרײַבער, געוועזענע מיטגלידער פֿון „בוי". איך ווייס ניט, וואָס זיי האָבן געזאָגט. איך האָב ניט דערלאָזט אין דער כאַראַקטעריסטיק פֿון דער גרופּע און אירע מיטגלידער קיין מינדסטע פֿאַרקריפּלונג, דערציילט דאָס, וואָס ס'איז געווען, און אױף קיין טראָפּן ניט מער אָדער אַנדערש.

איצט, גייענדיק צו א נײַעם אויספֿאָרשער, האָב איך, ווי בא די ערשטע באַגעגענישן מיט זײַנע פֿאָרגייער, באַשלאָסן קוידעמקאָל אַרײַנטראָגן פֿולע קלאָרקײַט אין אונדזערע קעגנזײַטיקע באַציִונגען. די פֿאַקטן פֿון מײַן ביִאָגראַפֿיע זײַנען באַוווּסט, און איך האָב ניט בעדייע אויסצובאַהאַלטן זיי אָדער צופּוצן. אויב מע האַלט, אַז פֿאַר מײַן אָנגעהעריקײַט אין דער ווײַטער פֿאַרגאַנגענהײַט צום „בונד" דאַרף מען מיך הײַנט רעפּרעסירן, איז וואָס קאָן איך מאַכן? אָבער די באַשולדיקונג, אַז איך זעץ פֿאָר צו זײַן א מיטגליד פֿון אַן אונטערער־דישער אַנטיסאָוועטישער נאַציִאָנאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָרף איך קאַטעגאָריש אָפּ און אַלצדינג, וואָס כ'האָב אונטער א דרוק אָנגעשריבן וועגן מײַנע נאַציִאָנאַליסטישע שטימונ־גען און די פֿאַרבאָרגענע סימפּאַטיעס צו דער בונדישער באַוועגונג, איז פּאַשעט א פֿעל־שונג, א בילבל אױף זיך אַליין, וואָס דאָס, אַגעוו, ווייסן זייער גוט אַליין די אויספֿאָרשער.

דער נײַער אויספֿאָרשער, אַן אוקראַיִנער מיט א שיין, קלוג, נערוועז פּאָנעם, האָט מיך

ניט טעראָריזירט און ביכלאַל זיך אופגעפירט אויסגעהאַלטן. די אינדיווידואַליטעט פונעם אויספאָרשער האָט, פאַרשטענדלעך, אויך אין יענער צײַט געהאַט א געוויסן באַדײַט, אָבער אין גרונט איז די סיסטעם און דער סטיל פון ארבעט אָן צווייפל דיקטירט געוואָרן מיצאַד דער העכערער אָנפירערשאַפט. דערפילט ניט אינגאַנצן קיין געוויינטלעכע טענדענץ, האָט זיך מיר געוואָלט גלייבן, אז דאָס שטעלט מיט זיך פאָר אָן אָנהייב פון עפּעס אָן איבערבראָך. אפן אונטערשטן שטאָק פון דער טורמע האָט מען, עמעס, אויך ווײַטער פאָרגעזעצט שלאָגן די ארעסטאַנטן, אָבער זעלטענער, און דערין האָט זיך אויך געוואָלט אײַנזען א סימפּטאָם פון ענדערונגען, וואָס דאַרפן קומען. כאַווײרים, מיט וועלכע כ'האָב זיך געטיילט מיט מײַנע אײַנדרוקן, האָבן וועגן דעם קיין באַשטימטע מיינונג ניט געהאַט. איינער פון זיי, א יוריסט, האָט געהאַלטן, אז מײַנע מינדלעכע מעלדונגען האָבן אין יעדן פאַל קיין שום ווערט ניט אומאָפּהענגיק דערפון, צי הערט זיי אויס דער אויספאָרשער רויִק אָדער ער שיט דערבײַ פּעך און שוועבל. אָט ווען מיר זאָל געלינגען אָנגעבן א שריפטלעכע מעלדונג, אי דאָס ניט דעם אויספאָרשער, וועלכער קאָן פּאַשעט זי צערײַסן און אַרײַנוואַרפן אין קויש, נאָר א העכערן נאַטשאַלניק, בעסער פון אַלץ דעם פאָלקס־קאָמיסאַר פון מעלוכע־זיכערהײַט, דעמלט, קאָן זײַן, וואָלט זיך עפּעס באַקומען דערפון.

אָנשרײַבן א מעלדונג איז געווען ניט אַזוי פּאַשעט. אין קאַמער איז ניט געווען נישט קיין פּאַפּיר, נישט קיין בלײַער. אפן פאַרהער, ווען דער אויספאָרשער גיט דיר אין האַנט שרײַבגעצײַג, קאָנטראָלירט ער יעדער שורע, וואָס דו האָסט אָנגעשריבן, און דאָ באַלד פאַרניכטעט ער דאָס, וואָס אים דאַכט אויס צו זײַן איבעריק אָדער ניט־פּאַסיק. אָבער דאָס מאָל האָט מיר צוגעשפּילט דאָס מאַזל. באַם אויספאָרשער איז געווען א געהילף. אן ערנסטער ניט־באַריידעוודיקער באָכער, וועלכער האָט פון דער ערשטער באַגעגעניש אָן אומגעריכט זיך באַצויגן צו מיר מיט הארציקײַט. ס'איז געווען שוין שפּעט אין דער נאַכט, דער פאַרהער האָט זיך פאַרצויגן. איך האָב זיך געבעטן אין טואַלעט. דער אויספאָרשער האָט געהייסן דעם געהילף אָפּפירן מיך. כ'האָב גיך אָפּגעטאָן, וואָס כ'האָב באַדאַרפט, און בין גרייט געווען גיין צוריק. „עפּשער וועט איר פאַררייכערן?" — האָט דער באָכער געפרעגט און דערלאַנגט מיר א פּאַפּיראָס. גענומען דעם פּאַפּיראָס, האָב איך פון אופרעגונג אָנגעהויבן אפגיך זיך פאַרציִען. „מע דאַרף זיך ניט כאַפּן, — האָט ער געזאָגט, — נאָך אַזאַ שמועס שטערט ניט מאַכן אַן איבעררײַס". דאָס איז אַלץ. אָבער די דאָזיקע פּאַשעטע אַנטפּלעקונג פון גוטסקײַט אין באַדינגונגען, ווען פאַר א שטיקל בולקע מיט א שטיקל וווּרשט האָט מען פון דיר געפאָדערט, זאָלסט זיך אָנערקענען פאַר א דיווערסאַנט און א שפּיאָן, האָט מיך טיף גערירט. און אָט איינמאָל אָף א פאַרהער באַטאָג זײַנען מיר מיט אים געבליבן זאַלבעצווייט. איך האָב באַדאַרפט אָנשרײַבן (צום וויפלטן מאָל) א פאַרברייטערטע אווטאָביאָגראַפיע. ער איז געזעסן אין א זײַט און געלייענט א ביכל. און צום סאָף האָב איך אים דערלאַנגט צוויי פּאַפּירן, וואָס איינער פון זיי איז טאַקע געווען מײַן מעלדונג אפן נאָמען פונעם פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר מעלוכע־זיכערהײַט פון אוססר, אין וועלכער איך האָב אָנגערופן אַלס א בילבול די באַשולדיקונג, וואָס איז קעגן מיר אַרויסגעשטעלט געוואָרן און אַלע אַרויסגעצוווּנגענע בא מיר זעלבסט־דעמאַסקירונגען. ער האָט זיך באַצויגן דערצו אַבסאָליוט רויִק און צוגעזאָגט איבערצוגעבן אַלץ, וווּהין ס'איז אַדרעסירט.

ווידער אַן איבעררײַס — אָף א טעג פינף־זעקס — און ווידער א נײַער אויספאָרשער. א ייִד פון א יאָר פינף און דרײַסיק, מיט א דינעם באַוועגלעכן קערפּער און צוויי מאַמזוירישע אויגן פון א דורכגעטריבענער בעסטיִע, אַן אַפעריסט. וועגן מײַן מעלדונג קיין וואָרט ניט.

— דערציילט געניטער וועגן דער אַנטיסאָוועטישער, נאַציאָנאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער איר זײַט געווען, — אַזוי האָט ער אָנגעהויבן דעם געשפּרעך.

— איך האָב געגעבן אײַער פאָרגייער אויסשעפּנדיקע דערקלערונגען און כוץ דעם דערלאַנגט א שריפטלעכע מעלדונג אפן נאָמען פונעם פאָלקס־קאָמיסאַר.

— איך בין געקומען פון מאָסקווע. זײַט אַזוי גוט און ענטפערט, אז מע פרעגט אײַך.

דאָס, וואָס פאַר מיר זיצט א מענטש, וועלכער איז ספּעציעל קאָמאַנדירט פון מאָסקווע, האָט מיר אויסגעוויזן צו זײַן זייער וויכטיק און כ'האָב מיט א געוויסער האָפענונג אָנגעהויבן איבערדערציילן די דעקלאַראַציע, פון וועלכער ס'האָט זיך קעסיידער אָנגעהויבן די באַקאַנטשאַפט מיט יעדן נײַעם אויספאָרשער: אז אָט איז שוין באַלד צוואַנציק יאָר, ווי איך האָב ענדגילטיק צעריסן מיטן „בונד", אז מיט קיין שום אונטערערדישער טעטיקייט האָב איך זיך ניט פאַרנומען, אז די אָנערקענונגען, וועלכע זײַנען געמאַכט געוואָרן אונטערן דרוק פון אַזעלכע באַרבאַרישע מיטלען, זײַנען קיין גראָשן ניט ווערט.

א מינוט צוויי האָט ער מיך געהערט שווײַגנדיק און פּלוצעם זיך צעשריגן מיט געמאַכטן גרימצאָרן:

— ווי דערוועגט איר זיך שיטן שמוץ אָף די סאָוועטישע אויספאָרש־אָרגאַנען! פאַר דעם אַליין דאַרף מען אײַך צעקוועטשן ווי א וואָרעם. און ער זשאַלעוועט זיך נאָך, אז מע האָט אָף אים געדריקט. טוט נאָר א קוק, וואָס פאַר א מעפּונעק ס'האָט זיך אָפּגעזוכט.

אַט אַז די ביינער וועלן אָנהייבן באַ אײַך טרעשטשען, וועט איר וויסן וואָס הייסט דריקן. און אײַערע אנערקענונגען זײַנען ווירקלעך קיין גראָשן ניט ווערט. אויך מיר א זאַך, נאַציִאָנאַליסטישע שטימונגען, טענדענצן. צו אַלדי רוכעס! פאַקטן גיט. א קאָנטער־רעוואָלוציִאָנערע אָרגאַניזאַציע איז געווען? געווען. און ווו איז איר טעטיקײַט? די פֿאַרבינדונגען מיט אויסלענדישע צענטערס, דער שפּיִאָנאַזש, די פּלענער פֿון דיווערסיעס, פֿון טעראָר, די מיטבאַטייליקטע? פאַקטן, פאַקטן גיט, אויב איר ווילט ניט, מיר זאָלן מאַכן פֿון אײַך א פּרעזשעניצע!

דאָס איז געווען א שווערער קלאַפּ איבער מײַנע איליוזיעס פֿון די לעצטע טעג. הייסט עס, אַז ניט נאָר וואָס ס'זעען זיך ניט פאַר קיין שום ענדערונגען צום גוטן, נאָר פֿאַרקערט, דאָס שטריקל ווערט נאָך שטאַרקער פֿאַרצויגן. איך האָב אַף דער שטעל ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן.

— וואָס זשע שווײַגט איר?

— אויב מע טאָר ניט זאָגן דעם עמעס...

— דעם עמעס, דעם עמעס. געוועגדט וואָס פאַר אַן עמעס. מיר ווייסן אײַער עמעס... — ער האָט איבערגעקײַקלט אין מויל דאָס דאָזיקע וואָרט, ווי א האַרט ניסל, וואָס די ציין קאָנען עס בעשום־אויפֿן ניט אײַנבײַסן. — איך אײַצע אײַך ניט שטופּן אונדז אין פּאָנעם אַרײַן אײַער עמעס. מע האָט אײַך, ווײַזט אויס, ווייניק געשלאָגן, קאָנען מיר צוגעבן נאָך א ביסל. ווער האָט אײַך דערלויבט אָנצושרײַבן א מעלדונג?

— לאָמיר רעכענען, אַז קיין שום מעלדונג איז ניט געווען.

יאָ, דאָס מאָל האָב איך זיך גיך אונטערגעגעבן, ניט אַרויסגעוויזן קיין וויפֿל־ניט־איז ערנסטן ווידערשטאַנד, און טאַקע דאָ באַלד באַשטראָפֿט געוואָרן מיט עטלעכע גוטברודערישע פּעטשלעך איבער דער פּלייצע.

— איך זע, אַז מיר וועלן מיט אײַך גרינג אויסקומען.

א גוואַלדיקע, א גרענעצלאָזע מידקײַט האָט מיך באַהערשט. דער פֿאַרשטאַנד, אַז קעגנשטעלן זיך איז אַבסאָליוט פּערספּעקטיוולאָז, האָט אָפּגענומען אַלע קריכעס, און יעדן פּרײַז גיכער פֿאַרענדיקן — קיין אַנדערע פֿאַרלאַנגען האָב איך שוין ניט געהאַט. צוזיך בין איך געקומען ערשט דעמאָלט, ווען דער אויספֿאָרשער האָט גענומען פֿאָדערן, איך זאָל אָנרופֿן די „מיטבאַטייליקטע“. דאָס האָב איך ניט געקאָנט טאָן. די צונג האָט זיך ניט געלייגט. און דאָס האָב איך טאַקע ניט געטאָן.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזיקער אויספֿאָרשער האָט מיך געמאַכט צום נאַר. ער איז גאָר ניט קיין שאַליעך פֿון מאָסקווע, נאָר א היגער טוער, וואָס איז ברייט באַוווּסט צווישן די אַרעסטאַנטן מיט זײַן פֿאַלשקײַט און זײַנע רעציכעס.

פֿון רוסיש — מ ו י נ י  ש ו ל מ א ן

# פּונעם איבערזעצער

ווען טאַמאַרע לוריע, נויעך לוריעס טאָכטער, האָט מיר געגעבן אַף איבערזעצן די דאָזיקע זיכרוינעס, זײַנען באַ מיר אויפֿגעקומען צוויי פֿראַגעס. די ערשטע: ווי קומט עס, וואָס אײנער פֿון די שענסטע, ייִדישע דערציילערס און סטיליסטן האָט פּלוצעם גענומען שרײַבן, און דאָס הייסט דאָך בעמיילע אויך דענקען, אין רוסיש? עמעס, מיר ווייסן, אַז די שפּראַך האָט ער באַהערשט פּערפֿעקט, אַפֿילע איבערגעזעצט, ריכטיקער געזאָגט, איבערגעדיכטעט אין רוסיש, זײַן קרוין־ווערק „אין וואַלד“, אָבער פאַר קיין צוויישפּראַכיקן שרײַבער האָבן מיר אים פֿאָרט ניט געקענט. איז פֿאַרוואָס האָט ער דאַפֿקע, ווענדנדיק זיך צו אַזאַ אינטימען זשאַנער, אויב מע מעג אַזוי זאָגן, ווי מעמואַרן, אויסגעמיטן מאַמע־לאָשן?

טאַמאַרע, אַליין א ליטעראַט, אַן איבערזעצערן אַף רוסיש פֿון פּוילישער און ייִדישער קינסטלערישער ליטעראַטור, א מענטש, וואָס קאָן זיך אויס אין פּראָבלעמען פֿון שאַפֿונג, האָט מיר די פֿראַגע ניט געוווּסט ווי צו פֿאַרענטפֿערן, ס'איז איר קיינמאָל ניט אײַנגעפֿאַלן צו פֿרעגן וועגן דעם באַם פֿאָטער, זי האָט בלויז אַרויסגעזאָגט א השערע, אַז עפּשער האָט ער דערמיט געוואָלט פֿאַרברייטערן די אַודיטאָריע פֿון זײַנע צוקינפֿטיקע לייענער*.

עפּשער... כ'וועל זיך ניט שטעלן אַמפּערן, נאָר ניט דאָס, מיין איך, איז די סיבע.

נויעך לוריע האָט זײַנע זיכרוינעס פֿון טורמע אָנגעהויבן אויסלייגן אַף פּאַפּיר (כ'מײַד בעקיוון אויס דאָס וואָרט „שרײַבן“, עס וועט באַלד קלאָר ווערן פֿאַרוואָס) אין 1956 יאָר. ס'האָבן דעמאָלט אין לאַנד א ווייע געטאָן פֿרילינגדיקע ווינטן, וואָס האָבן ליידער

* די דאָזיקע שורעס זײַנען שוין געווען אָנגעשריבן, ווען יוליאַ ווינער, טאַמאַרעס טאָכטער, האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איר מאַמע איז אַוועק פֿונעם לעבן. טאַמאַרע לוריע האָט פֿיל אויפֿגעטאָן פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור. זי האָט פֿאַרהיט דעם אַרכיוו פֿון מייער ווינערן און פֿאַרעפֿנטלעכט א ריי זײַנע ווערק. צוזאַמען מיט ריווקע רובין האָט זי איבערגעזעצט אין רוסיש נאָטע לוריעס „דער סטעפּ רופֿט“. זי האָט אויך געמאַכט א גלענצנדיקע איבערזעצונג פֿון איציק קיפּניסעס „אונטערוועגס“ און אַנד. איך פֿאַרנייג דעם קאָפּ פאַר איר ליכטיקן אָנדענק.

קיין פרילינג ניט געבראַכט. דער סינדראָם פון טאָטאלן פּאַכעד איז עטוואָס לינדער געוואָרן, מע זאָל זיך דערוועגן נעמען פאַר דער פּען צו דערציילן וועגן איבערגעלעבטן, אָבער נאָך פאַרבליבן, און אָף יאָרנלאַנג, גענוג שטאַרק, ס'זאָלן זיך קיינע כאַלוימעס וועגן לייענער־אַודיטאָריעס ניט כאָלעמען. נויעך לוריע האָט דאָס גוט פאַרשטאַנען. ווי ס'איז צו זען שוין פון דער ערשטער שורע, איז שווער זיך פאָרשטעלן, ער זאָל דאַן האָבן געטראַכט וועגן דער צאָל קינפטיקע לייענער. און דאָ וויל איך ווענדן די אויפמערקזאַמקייט פונעם איצטיקן לייענער אָף א מערקווירדיק וואָרט אין דער זעלבער ערשטער שורע, א וואָרט, וואָס פירט ארוף, זאָל זײַן, אָף א פּאַראַדאָקסאַלן, אָבער, מיר דאַכט, ריכטיקן געדאַנק.

„...נאָר פאַרשרײַבן זיי דאַרף מען", — זאָגט נויעך לוריע וועגן די זיכרוינעס.

לאָמיר אָפּמערקן און באַטאָנען: „ניט שרײַבן". איך פאַרשטיי עס אַזוי: אכצן יאָר, פון 1938 ביז 1956, האָט נויעך לוריע זיך ארומגעטראָגן מיט שוין אָנגעשריבענע בילדער און געשעענישן, אָנגעשריבענע אין געדאַנק, אָנגעשריבענע אין טורמע, דאָ פאַרקריצט אין זיקאָרן. קיין אַנדער אויפן פון שרײַבן איז ניט געווען, אָנגעשריבענע אין רוסיש.

„דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אָף רוסיש". פאַרצייכנט נויעך לוריע מיט א געוויסער פאַרווונדערונג, ברענגענדיק די ליד, וועלכע ער האָט פאַרפאַסט אין קאַבינע. דאָס איז געווען באַם אָנהייב פונעם דערנערדיקן ווערג. איז ווי זשע, אָף וואָס פאַר א לאָשן האָט ער געזאָלט שרײַבן, דאָס הייסט דענקען און פאַרגעדענקען, דערנאָך, דאָרטן, ווו כאַדאָשימלאַנג, טאָג נאָך טאָג, א קײַלעכיקן מעסלעס, באַטאָג אין דער איבערבאַפעלקערטער קאַמער, באַנאַכט אָף די גרוילעקע פאַרהערן, האָט מען מיט אים גערעדט און ער האָט באַדאַרפט ריידן בלויז רוסיש?

צי איז דאָס זעלבע ניט געשען אויך מיט שמועל האַלקינען, לאָזט זיך טראַכטן, ווען מיר לייענען איצט אייניקע זײַנע געשריבענע אין רוסיש לידער פון טפיסע און לאַגער?

און נאָך. נויעך לוריע, דער מעמואַר־שרײַבער, האָט געשטרעבט איבערגעבן ווי ווײַט מעגלעך פּינקטלעך אַלץ, וואָס ער האָט געזען און געהערט ארום זיך, ער, דער איידלסטער מענטש, פון וועלכן קיינער האָט קיינמאָל קיין גראָב וואָרט ניט געהערט, האָט געהאַלטן פאַר נייטיק צו פאַרפיקסירן אַלע ווערטערמיִעסקײַטן, מיט וועלכע ס'האָבן אים אַזוי וואַטראָניש באַשאָנקען די אויספאָרשער, דערציילן וועגן אַלע טורמע־רעאַליעס, וואָס ייִדיש האָט פאַר זיי אפילע קיין נעמען ניט. זאָגט מיר, איך בעט אײַך, אָף וואָסער שפּראַך זאָל ער עס געווען טאָן? איצט, ווען איך בין איבערגעקומען די שוועריקײַטן פון דער איבערזעצונג, זע איך, אַז אַנדערש ווי אין רוסיש וואָלט עס ניט באַדאַרפט צו זײַן. דאָס איז מײַן ענטפער אָף דער ערשטער פראַגע.

כ'פיל דאָ ניט קיין נויטווענדיקײַט צו ריידן וועגן דער קראַפט פון נויעך לוריעס שילדערונגען, וועגן דער סקולפּטורישער בוילעטקײַט פון די פּאָרטרעטן סײַ פון די ארעסטאַנטן, סײַ פון די מענטשן־כײַעס, וואָס האָבן זיך איזדיעקעוועט איבער זיי. איין שטריך נאָך. ווען כ'האָב געבראַכט אין זשורנאַל די זיכרוינעס, האָט דער הויפּט־רעדאַקטאָר ארן ווערגעליס א פרעג געטאָן:

— זאָג, דער עפּיזאָד מיט די פליגן איז דאָרט דאָ?

— דאָ, — האָב איך געענטפערט, — אָבער פונוואַנען ווייסטו פון אים? ווו האָסטו אים געקאָנט לייענען?

— ניט געלייענט, געהערט.

לאָזט זיך אויס, אַז איינעם א נײַ־יאָר נאָך דער מילכאָמע האָט ארן ווערגעליס זיך באַגעגנט צוזאַמען מיט נויעך לוריען בא לייב קוויטקאָן אין שטוב, און דאָרטן האָט נויעך דערציילט, ווי ער איינער האָט געקאָנט דערציילן, וועגן זײַן טורמע־לעבן. און דאָס האָט זיך פאַרגעדענקט מיט אַלע דעטאַלן אָף פערציק יאָר. אָט אַזא קראַפט.

און אַצינד, די צווייטע פראַגע: פאַרוואָס זײַנען די זיכרוינעס ווי איבערגעריסן אינמיטן די רייד, אָדער אָף א האַלבן וואָרט, ווי מע זאָגט אין רוסיש? דערויף האָט טאַמאַרע געענטפערט, קורץ און זיכער, מיטן פּאָטערס ווערטער: „דאָס האַרץ וואָלט ניט אויסגעהאַלטן". קיין קאָמענטאַרן זײַנען דאָ ניט שײַעך. עס בלײַבט בלויז אוועקשטעלן א פּונקט אָדער א פּילפּונקט.

מיר ווילן דאָך אָבער טאָמיד וויסן „וואָס איז ווײַטער געווען?". אויב אײַנקורצן, איז ווײַטער געווען אַזוי: קימאַט אָנדערהאַלבן יאָר איז נויעך לוריע אָפּגעזעסן אין פאַרשיידענע טורמעס און חער ווייסט, וואָס פאַר א גוירל ס'וואָלט אים דערוואַרט, ווען ניט... ס'האָט געטראָפן אַזוי, אַז נאָך יעזשאָוון איז אין דער ענקאַוועדע, אָדער ווי אַנדערש מע האָט דעמלט גערופן דעם דאָזיקן אַנשטאַלט, געקומען סקוראַטאָווברעיִא, אַזוי הייסט ער אין האַלקינס א ליד. און אָט דער נײַער מערדער האָט צוערשט געמאַכט אָן אָנשטעל, אַז ער ברענגט מיט זיך יוישער. מע האָט דעמלט, געדענק איך, צווישן אַנדערע ארויסגעלאָזט פון טפיסע אויך אייניקע ייִדישע שרײַבער און פּעןמענטשן. עס ווילט זיך דערמאָנען, לעמאָשל, בוזי גאָלדענבערגן, א גלענצנדיקן זשורנאַליסט און רעדאַקטאָר. נויעך לוריען האָט מען געשטעלט פאַרן געריכט. א קורצע צײַט איז אָנגעגאַנגען אַן אײַנשטעלונג „פון אויבן" — ארויסלאָזן. און — אין סענטיאַבער 1939 איז ער ארויס אָף דער פרײַ.

פאַר די לייענער, וועלכע באַהעפטן זיך לעצטנס צו ייִדיש און ייִדישער ליטעראַטור, קורצע בּיִאָביבליִאָגראַפישע יעדיִעס.

נויעך לוריע (נויעך העשעלעוויטש, און ניט נויעך גערשעליעוויטש, ווי עס ווײַזן אָן אייניקע רוסישע ענציקלאָפּעדישע אויסגאַבעס) איז געבוירן געוואָרן דעם 24 דעקאַבער 1886 י. אינעם ייִשעװ וואָלטשיגאָרי לעבן שטעטל בלאַשנע אין ווײַסרוסלאַנד. געווען א טרעגער, א בוי־אַרבעטער. זוכנדיק כאַיונע, ארומגעוואָגלט אין פּוילן, ליטע, אוקראַיִנע. בײַס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע געווען אָפּן פראָנט. אין 1920 י. פרײַוויליק ארײַנגעטראָטן אין דער רויטער ארמיי. שרײַבן אָנגעהויבן אין 1911. באַוווּסט ווי א נאָוועליסט, דראַמאַטורג, איבערזעצער.

צווישן די וויכטיקסטע ווערק: „בריקן ברענען". כאַרקאָוו, 1929; „עלטער מיט א נאַכט". כאַרקאָוו — קיִעוו, 1934; „עליע יאָרש". קיִעוו, 1938; געקליבענע דערציילונגען. קיִעוו, 1940; „בא דער אָפענער גרוב". מאָסקווע, 1943; „אין וואַלד". „סאָוועטיש היימלאַנד", 1966, נום. 7—9. געשטאָרבן איז נויעך לוריע דעם 18 מײַ 1960 י. אין מאָסקווע. ערע זײַן אָנדענק.

# צו אונדזער מעמאָריאַל

# דאָס לעבן און שאַפונג פון די ייִדישע סאָוועטישע שרייבער–קרבנות פונעם סטאַלין-טעראָר

## בִּיניאָמין זוסקין

(1952 — 1899)



יניאָמין זוסקין איז געבוירן געוואָרן אין ליטווישן שטעטל פּאָניעוועזש בא א טאטן א שנײַדער, פארענדיקט א רעאַל-שול. אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט-מילכאָמע האָט די מישפּאָכע זיך באזעצט אין פּענזע, שפּעטער לערנט זיך ביניאָמין אין דער סווערדלאָווסקער בארג-אקאדעמיע, זעצט פאָר די בילדונג אין 1920 אין דעם מאָסקוווער בארג-אינסטיטוט, און ווען אין מאַרט 1921 קומט קיין מאָסקווע דער ייִדישער קאמער-טעאטער, ווערט ער אן ארטיסט.

אין י. דאָברושינס בוך „ביניאָמין זוסקין" („עמעס"-פארלאג, 1939) לייענען מיר: „העכער פינף און צוואנציק פולבלוטיקע געשטאלטן האָט זוסקין ארײַנגעבראכט אין דער ייִדישער סאָוועטישער טעאטער-קולטור, אין דער סאָוועטישער פאָלקס-קולטור. און נאָך איין געשטאלט האָט ער ארײַנגעבראכט — דאָס געשטאלט פון זוסקינען דעם מענטשן און דעם אקטיאָר. זוסקינס שעפערישע פערזענלעכקײַט, דאָס „זוסקינישע" איז שוין ארײַן אינעם הארץ און אין געדאנק פון די ייִדישע מאסן-צושויער..."

א בוילעט בילד פון ביניאָמין זוסקינס אָנהייב אין ייִדישן טעאטער קאָנען מיר אופשטעלן לויט זײַנע קארגע זיכרוינעס, וועלכע פלעגן פון צײַט צו צײַט זיך באווײַזן אין דער סאָוועטישער פרעסע.

ער איז נאָך זייער יונג, קימאט א קינד,



און די עלטערן נעמען אים מיט אין איינעם א שאבעס באטאָג אין טעאטער, ווו עס האָט גאסטראָלירט א ייִדישע טרופּע. יענע פאָרשטעלונג האָט זיך בא אים טיף אײַנגעקריצט אין זיקאָרן. אלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אף דער בינע, האָט געהאט א הילכיקן אָפּקלאנג אינעם צושויער-זאל. מע האָט געלאכט און געוויינט. אלע ניגונים פון דער פאָרשטעלונג האָט דער קליינינקער ביניאָמין פארגעדענקט אף אויסווייניק. די טרופּע האָט באוויזן אווראָם גאָלדפאדענס „די קישעפמאכערן".

אין יאָרן ארום וועט ביניאָמין זוסקין אליין שפּילן די באָבע יאכנע, און אזוי, ווי קיינער ביז אים האָט ניט געשפּילט. דאָס איז געווען די

צווייטע ראָל, וואָס ער האָט געשאַפן אין מאָסקווער גאָסעט. שפּעטער וועט ער דערציילן, וויאַזוי ער איז געקומען צו אָט דעם מערקווירדיקן געשטאַלט נאָך אין זײַן היימשטאָט:

„...איינע אַ ייִדענע, אַ הענדלערקע, אַ הויקער, מיט אַ גרויסער אויסגעבויגענער נאָז, מיט אַ באַסאָווער שטים, האָבן מיר גערופן „באָבע יאכנע די מעכאַשייפע" (איר עמעסער נאָמען איז געווען כּײַע). ניט איין קלאַפּ האָב איך געכאַפּט פון איר דערפאַר. מיט אַ סאַך יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב געגרייט די ראָל פון דער באָבע יאכנע אין מאָסקווער מעלוכישן ייִדישן טעאַטער, האָט מיר אָבער די דאָזיקע אַלטיטשקע ניט ווייניק מיטגעהאָלפן..."

די ערשטע ראָל, וואָס זוסקין האָט אויסגעפּילט אין מאָסקווער קאַמער־טעאַטער, איז געווען דער קאַלאַמייער ייִד אין שאָלעם־אַליכעמס דיאַלאָג „ס'אַ ליגן". נאָך דער באָבע יאכנע זײַנען געווען דער שאַדכן סאָלאָווייטשיק אין שאָלעם־אַליכעמס „דאָס גרויסע געווינס", דער צווייטער שאַדכן אין שאָלעם־אַליכעמס „דער געט". דערנאָך זײַנען געקומען די מערקווירדיקע ראָלן אין פּערעצעס „באַנאַכט אויפן אַלטן מאַרק", אין גאָלדפאַדענס „צענטן געבאָט", אין מענדעלעס „מאַסאָעס בנימין האשלישי", אין שאָלעם־אַליכעמס „לופטמענטש". ווײַטער — נאַפּטאַלע אין דאַבּרושינס „דער געריכט גייט", דער קאַסיר יאָסעלע באַבצעס אין בערגעלסאָנס „דער טויבער", יאָסיע הויקער אין אָרלאַנדס „הרעבליעס", מענדל דער וואַסערפירער אין מאַרקישעס „ניט געדײַגעט", סטאַניסלאַוו אין דאַניעלס „פיר טעג", דאָקטער באַביצקי אין בערגעלסאָנס „מידאס האדין" און ענדלעך — דער לעץ אין שעקספּירס „קיניג ליר", מאַטקע אין מאַרקישעס „די מישפּאָכע אָוואַדיס", רעב אקיווע אין האַלקינס „באַר־קאָכבאַ".

דאָס אַלץ איז געווען נאָך פאַר דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. שפּעטער באַווײַזט זיך זוסקינס יעקל דער באַדכן אין שנייערס „פרײַלעכס", איינע פון זײַנע לעצטע ראָלן.

נאָך דעם מאָרד פון מיכאָעלסן פאַרטרעט בנימין זוסקין אים אַלס קינסטלערישער אָנפירער פונעם גאָסעט. ס'איז שוין אונטערגעצויגן אַ סאַכאַקל פון זוסקינס שעפערישן און לעבנס־וועג — פּערציק פּרעכטיקע ראָלן, צען פּאָרשטעלונגען אַלס רעזשיסער, וווּנדערבאַרע ראָלן אין קינאָ, אַ פּעדאַגאָג אין דער טעאַטראַלער סטודיע באַם גאָסעט (די לעצטע זעקס יאָר פון איר עקזיסטענץ) — און שוין, דער טראַגישער סאָף.

בנימין זוסקין איז ניט געווען קיין מיטגליד פונעם פּרעזידיום פון דעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, אָבער ווען מע האָט געמישפּעט זײַנע מיטגלידער, איז ער אויך אַרײַן אין צעטל פון די קאָרבאָנעס. זײַן לעבן האָט זיך אָפּגעריסן אין 1952.

---

# יאנקל יאנקעלעוויטש

(1938 — 1904)



ין 1925 האָט דער „אָדעסער אַרבעטער" פאַרעפנטלעכט אַ ליד פון אַ ביז דאַן אומבאַוווּסטן דיכטער י. יאנקעלעוויטש. דאָס איז געווען זײַן דעבּיוט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אין אַ יאָר אַרום וועט יאנקל יאנקעלעוויטש אין איינער פון זײַנע פּאָעטישע ווערק מעלדן: „ס'איז אין גאָלד־שײַן מײַן קאָפּ, אין גאָלד מײַנע טריט, און גרינג איז מיר וויסן — ס'איז לויטער מײַן גאַנג..."

אינגאַנצן עטוואָס מער פון אַ יאָר צען האָט געדויערט י. יאנקעלעוויטשעס שעפערישער וועג, ער האָט באַוויזן אַרויסגעבן דרײַ לידער־זאַמלונגען און איין זאַמלונג דערציילונגען. קיין גענויע ידיעס וועגן זײַן לעבנס־וועג האָט ער ניט איבערגעלאָזט. אין אייניקע קוואַלן ווערט, לעמאָשל, אָנגעגעבן, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין 1904 אין שטעטל ראַשקאָוו, באַם דניעסטער, פּאָדאָליע, אין אַנדערע — אַז זײַן געבורטס־אָרט איז דאָס מאָלדאַווישע שטעטל גאַנעשטי (קאָטאָווסק). אין אָדעס האָט ער זיך געלערנט אין די יאָרן 1928—1932, צוערשט אין אַ פּעדאַגאָגישן טעכניקום, דערנאָך אָפן פילאָלאָגישן פאַקולטעט פונעם פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט.

י. יאנקעלעוויטש איז געווען אַ לערער פון ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור אין דובאָסאַרי און אין טיראַספּאָל — דער דעמאָלטיקער הויפּט־שטאָט פון מאָלדאַוויע, אַ שטיקל צײַט — דער פאַרוואַלטער מיטן לערן־אָפּטייל פון דער טיראַספּאָליער ייִדישער מיטלשול. טיראַספּאָל און אָדעס זײַנען ווי אַ שטוב מיט אַן אַלקער, און די אָדעסער ליטעראַטן האָבן אים גערן אַרײַנגענומען אין זייער מישפּאָכע. „דער אָדעסער אַרבעטער" (צוערשט אַ זשורנאַל, דערנאָך — אַ צײַטונג) האָט געדרוקט זײַנע לידער און דערציילונגען, אָף אַלע ליטעראַרישע אָוונטן פלעגט ער זײַן, ווי מע זאָגט, אַן אייגענער

---

קיין פאָטאָ האָט זיך ניט פאַרהיט.

מענטש. ער האָט געהאט אן אייגענע שטים אין דער ייִדישער ליטעראטור, ניט קיין שרײַבנדיקע, נאָר א זעלבשטענדיקע. הערש רעמעניק, דעמלט א יונגער קריטיקער, האָט אָנגערופן זײַן רעצענזיע אַף יאנקעלעוויטשעס ערשטער לידער־זאמלונג „זאפט" (דערשינען אין כארקאָוו אינעם פארלאג „ליטעראטור און קונסט" אין 1931) „שטילע טריט".

יאנקעלעוויטשעס שטילע טריט זײַנען פון יאָר צו יאָר געוואָרן אלץ הילכיקער און פעסטער. זײַנע לידער און דערציילונגען האָבן געדרוקט די זשורנאלן און צײַטונגען „פּראָליט", „יונגוואלד", „די רויטע וועלט", „שטערן", „פּיאָנער", „יונגע גווארדיע", „זײַ גרייט", און אַף וויפל ער איז לויטן פאך געווען א פּעדאגאָג, האָט ער א סאך זײַנע ווערק געווידמעט די קינדער. אין 1937, א יאָר פאר זײַן טראגישן אומקום, האָט ער אפילע ארויסגעלאָזט א זאמלונג „כאווירים" — דערציילונגען פאר קינדער (קיִעוו, אוקרנאצמינדפארלאג).

וועגן י. יאנקעלעוויטשעס שאפונג האָבן זיך ווארעם אָפּגערופן די קריטיקער א. אבטשוק, י. בראָנשטיין, אי. דרוקער, וועגן זײַנע לידער האָבן געשריבן מ. כאשטשעוואצקי און אנדערע דיכטער. באזונדערס האָט מען אונטערגעשטראָכן זײַן צארטע לירישקײַט און ראָמאנטישקײַט, די פּסיכאָלאָגישע פארטיפטקײַט און דעם פּאטריִאָטיזם. אויסער די צוויי שוין דערמאָנטע זאמלונגען, האָט ער ארויסגעגעבן א ביכל לידער „לאגערן" (כארקאָוו, 1934). זײַן לעצטע פּאָעטישע זאמלונג האָט געהייסן „פרײַנט" (קיִעוו, 1938). און דאָס איז אויך געווען סימבאָליש — אומעטום האָט ער אין לעבן געזען פרײַנט, כאווירים, אייגענע.

וואָס פאר א כאטאָיִם האָבן אײַנגעזען אין אָט דעם שטילן מענטשן און שטילן דיכטער די הענקער, איז איצט שווער צו באנעמען. לויט אייניקע יעדיִעס, האָט מען אים ארעסטירט אין טיראספּאָל אין אָנהייב 1938, ווײַזט אויס, דערפאר, וואָס ער האָט פּראָטעסטירט קעגן דער אגיטאציע פאר פארמאכן די ייִדישע שולן (דאָס האָט שוין דעמלט אָנגענומען א מאסן־כאראקטער און איז געווען אן אָנהייב פון דער סטאלינישער ליקווידאציע פון דער ייִדישער קולטור ביכלאל). דעם 31 מארט 1938 פארמישפּעט מען אים אַף צען יאָר צוואנגס־ארבעט. ס'איז דער סאָף סײַ פון זײַן לעבן, סײַ פון זײַן פּעדאגאָגישער און דיכטערישער טעטיקײַט. אין 1956 באקומט זײַן מישפּאָכע אן אָפּיציִעלע מיטיילונג וועגן יאנקעלעוויטשעס רעאביליטאציע, „ווײַל די פּראָקוראטור האָט ניט אײַנגעפונען אין זײַן איניען קיין שום פארברעכן־שולד".

ווו איז אהינגעקומען דעם דיכטערס געביין — איז אומבאוווּסט. אין איינער פון זײַנע באלאדעס — „אין ווײַטע מאָלדאווישע סטעפּעס", דערציילנדיק וועגן „יונגען הייסע", וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן פאר דער פרײַהײַט פון זײַן קאנט, שרײַבט ער, אז „ביינער פארברידערטע ליגן אָט דאָ, אין דער טיף פון דער ערד... אונטער דעם ווילדן בוריאן". און מיר וועלן שוין קיינמאָל ניט וויסן, אונטער וועלכן „ווילדן בוריאן" האָט אויסגעהויכט זײַן לעצטן אָטעם דער דיכטער פון „שטילע טריט" יאנקל יאנקעלעוויטש, וועלכער האָט געהאט נאָך א סאך וואָס צו זאָגן אין אונדזער ליטעראטור, נאָר ניט באוויזן, ווײַל ער איז אין סאמע בלי פון זײַן שאפונג יונג פארשניטן געוואָרן...

דעם מעמאָריִאל־אָפּטייל
פירט כ א ִ ם  ב יי ד ע ר



מאָרדכע צאַנין
(יִשׂראָעל)

# סעקולערער מאָשִיעך מיט א רעליגִיעזן גאָלעם

דער הערצלִיאַנישער צִיעניזם איז פון זײַנע שעפער באַטראַכט געוואָרן ווי א סעקולערע (וועלטלעכע) פּאָליטישע באַוועגונג צו לייזן די אָנגעווייטיקטע ייִדן־פראַגע. אף אַזוי ווײַט האָט הערצל באַטראַכט זײַן אידיי ווי א סעקולערע, אז אין זײַן בראָשור „דער יודענשטאַט", אינעם קאַפּיטל „טעאָקראַטיע", זאָגט ער צווישן אַנדערן: „אין דער ייִדישער מעדינע וועט ניט דערלאָזט ווערן, אז מאַכמעס טעאָקראַטישע אימפּולסן זאָלן אונדזערע רעליגִיעזע פירער אופהייבן די קעפּ. מיר וועלן וויסן, וויִאַזוי צו האַלטן זיי אין זייערע באָטעמעדראָשים".

בעכיין איז די צִיעניסטישע באַוועגונג געוועזן אַן א־רעליגִיעזע, אויב ניט קיין אַנטי־רעליגִיעזע אויך דערמיט, וואָס זי האָט בעפּיירעש מוירעד געוועזן דעם טיף אײַנגעוואָרצלטן רעליגִיעזן גלויבן, אז נאָר מאָשִיעך בען־דאָוויד — דער עמעסער מאָשִיעך, וועלכער וועט ברענגען די אויסלייזונג, וועט ברענגען די געולע, און דעמאָלט וועט צוריק אופשטיין מלכות ישׂראל — די ייִדישע מעדינע.

פאַר הערצלען איז ערעץ־יִשׂראָעל ניט געוועזן א פעטיש. אין זײַן „יודענשטאַט" שטעלט ער אַפילע אוועק די פראַגע „פּאַלעסטינע אָדער אַרגענטינע?", און ער קומט צום אויספיר, אז ניט די גוטע באַדינגונגען אין אַרגענטינע וועלן אַפּעלירן צו די ייִדן, נאָר פּאַלעסטינע, וואָס איז דאָס היסטאָרישע פאָטערלאַנד פון דעם ייִדישן פאָלק. נאָך דעם, ווי ער האָט געזען די שוועריקייטן צו שאַפן א ייִדישע מעדינע אין פּאַלעסטינע, איז ער באַשטאַנען אף אוגאַנדע...

דער רעליגִיעזער גלויבן בא ייִדן, אז מע טאָר ניט צוײַלן דעם קאַץ און אז נאָר ווען מאָשִיעך וועט קומען, וועט אופגעריכט ווערן ייִדיש מאַלכעס, און דאָס נאָר אין ערעץ־יִשׂראָעל, איז געוועזן אַזוי שטאַרק אײַנגעוואָרצלט, אז ייִדן האָבן בעיוידים אויסגעמיטן אַלע היסטאָרישע געלעגנהײַטן — ווי דאָס האָבן יאָ געטאָן אַנדערע, אַפילע קלענערע און צוריקגעשטאַנענע פעלקערשאַפטן — צו קאָנסאָלידירן זיך ווי א פאָלק אף וועלכער־עס־איז טעריטאָריע נאָכן צעפאַלן זיך פון דער רוימישער אימפּעריע.

אין די קאָרעוו צוויי טויזנט יאָר נאָכן חורבן בית שני (כורבן באַיִס שייני — כורבן פונעם צווייטן בייס־האַמיקדעש) האָט די איבערוועגנדיקע מערהײַט ייִדן געלעבט אויסער ערעץ־יִשׂראָעל. צעשפּרייטע איבער די לענדערײַען פון דער רוימישער אימפּעריע — ביז די גרענעצן פונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, ביז איבער די אַלפּן, ביז דײַטשלאַנד, ביז דעם שוואַרצן יאַם — האָבן ייִדן ניט אופגעהערט צו כאָלעמען וועגן ביאת המשיח (בִיאַס־האַמאָשִיעך — דאָס קומען פון מאָשִיעכן). קיין איין ייִדישן מאַנהיג (אַלע ייִדישע מאַנהיגים זײַנען געוועזן אויסשליסלעך רעליגִיעזע) איז אַפילע ניט אײַנגעפאַלן צו טאָן, וואָס עס האָבן געטאָן אַנדערע פעלקערשאַפטן און שוואָטים, — צו באַהערשן א געוויסע טעריטאָריע און שאַפן אַן אייגענע מעדינע. טעריטאָריִאַליזם, ווי א וועלטלעכע פּאָליטישע באַוועגונג, האָט היפּש פאַרשפּעטיקט די באַן. און ווײַל די ייִדישע צאָרעס זײַנען געוואָרן וואָס א מאָל שטאַרקער און ווײַל די בענקשאַפט נאָך מאָשִיעכן האָט אָנגעפילט די הערצער פון די ייִדן, איז די לעכצונג אויסגענוצט געוואָרן דורך פּסיכאָפּאַטן, שאַרלאַטאַנען און אוואַנטיוריסטן, וואָס האָבן זיך דערקלערט ווי מעשיכים. יעדער פאַלשער מאָשִיעך האָט איבערגעלאָזט טיפע וווּנדן אין די הערצער פון די גלויביקע ייִדן, און נאָך מער געשטאַרקט די בענקשאַפט צו דעם עמעסן מאָשִיעך — משיח בן־דוד.

גאָר ווייניק פעלקער לעבן אף די טעריטאָריעס, אף וועלכע זיי זײַנען אין זייער באַגינען געוואָרן פעלקער, ווי, לעמאָשל, דאָס כינעזישע, אינדישע, יאַפּאַנישע און צו זיי ענ־

לעכע פעלקער אין מיזרעך. בעיקער זײַנען אין זייערע אלטע היימען געבליבן אזעלכע פעלקער, וואָס זיי איז בײַגעשטאנען דער קויעך איבערצולעבן אָקופּאציעס פון אנדערע פעלקער און איבערצוהאלטן עקאָנאָמישע און נאטור־שווערקײַטן.

ווי א קלאל, איז די געשיכטע פון פעלקער, קימאט פון דער גאנצער מענטשהײַט, א געשיכטע פון מיגראציע מאכמעס עקאָנאָמישע, קלימאטישע און אנדערע נאטור־סיבעס. אין היסטאָרישן זיקאָרן פון אייראָפּע איז נאָך פריש די פעלקער־וואנדערונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ארום דעם יאָר 250 פון דער נײַער צײַט־רעכענונג. די פעלקער־וואנדערונג האָט זיך אָנגעהויבן מאכמעס פלוצעמדיקע קלימאטישע ענדערונגען צוזאמען מיט אָנפאַלן פון די הונען פון דער מיזרעך־אייראָפּעישער ריכטונג. עס האָבן אראָפּגעוואנדערט גערמאנישע שוואָטים, וואָס האָבן דערגרייכט ביז שפּאניע, ביז אפריקע און ביז די בריטישע אינדזלען. אין דעם מיגראציע־צוג האָבן זיך באטייליקט אויך סלאווישע שוואָטים און מאָנגאָלן. אין רעזולטאט פון אָט דער מאסן־מיגראציע האָבן זיך פאָרמירט קימאט אלע פעלקער אין אייראָפּע.

אָט די מאסן־וואנדערונג האָט בא די געוועזענע עמיגראנטן ניט איבערגעלאָזט דעם מינדסטן צייכן פון וועלכער־עס־איז טראַוומע, אָדער נאָסטאלגיע צו זייערע אלטע היימען, וואָס זיי האָבן פארלאָזט מאכמעס די אָדער אנדערע אויסערלעכע סיבעס. אייגנטלעך, איז דאָך אויך אונדזער אייגענע געשיכטע א געשיכטע פון ויסעו ויחנו (וואַיִסעו וואַיאַכאַנו — און זיי זײַנען אוועק און זיך באזעצט; דאָ: וואנדערונגען) מאכמעס עקאָנאָמישע און נאטור־סיבעס (טריקעניש, הונגער פון מענטשן און סטאדעס), און אף זיכער קאָן מען ניט זאָגן, ווו עס איז געווען די אור־היים פון די איוורים, וואָס האָבן געפירט א לעבן פון זוכן שפּײַז פאר זיך און זייערע סטאדעס, ווי די בעדויִנער. אויך די פראנצויזן, ענגלענדער, שפּאניער און פּאָרטוגעזער קענען ניט אָנווײַזן, ווו עס איז געווען זייער אור־היים. זיי קענען אפילע ניט זאָגן, וואָס פאר א שפּראכן זיי האָבן גערעדט, ווײַל אויך די מערהײַט אייראָפּעישע שפּראכן זײַנען נײַע — לאטײַנישע, גערמאנישע און אפילע מאָנגאָלישע.

בא קיין שום פאָלק פון די פעלקער און שוואָטים, וואָס האָבן איבערגעוואנדערט און זיך נאציאָנאל אָרגאניזירט אף א נײַעם געאָגראפישן באָדן, איז ניט אופגעקומען אזא באגריף, וואָס עס האָבן געשאפן די ייִדן אין מער־ווייניקער ענלעכע באדינגונגען — גלות (גאָלעס). מאכמעס דעם רעליגיִעזן גלויבן אין ביאת המשיח איז בא ייִדן „גלות“ געוואָרן א רעליגיִעזער באגריף. ווען אלע פעלקערשאפטן, וואָס האָבן איבער די אָדער אנדערע סיבעס פארלאָזט זייערע אלטע היימען, וואָלטן אָנגענומען דעם באגריף „גלות“, ווי ייִדן פארשטייען אים, וואָלטן מער ווי א הונדערט פעלקער געלעבט מיט דעם באוווסטזײַן, אז זיי זײַנען אין גאָלעס...

דער גרעסטער גאָלעס אין דער וועלט־געשיכטע איז דער אמעריקאנער קאָנטינענט. די קאָרעוו 260 מיליאָן מענטשן, וואָס באפעלקערן די פארייניקטע שטאטן און קאנאדע, זײַנען אלע אור־אורייניקלעך און אייניקלעך פון עמיגראנטן זינט די יאָרן פונעם XVIII יה. ביזן הײַנטיקן טאָג, ווען עס שטראָמען אהין אויך די ייִדן פון דעם ראטנפארבאנד. זיי זײַנען געקומען קיין אמעריקע מאכמעס נויט און רעדיפעס און ניט מאכמעס לוקסוס. בעמיילע זײַנען זיי, וועדליק דעם רעליגיִעזן באגריף פון ייִדן, אין גאָלעס... ענלעך מיט לאטײַן־אמעריקע... די איינציקע שוואָטים אין לאטײַן־אמעריקע, וואָס זייער אור־היים איז מעקסיקע, בראזיליע, ארגענטינע, טשילי און אנדערע מעדינעס, זײַנען די פארבליבענע אינדיִאנער. די מער פון 250 מיליאָן שפּאניש־ און פּאָרטוגעזיש־רעדנדיקע שטאמען אלע פון עמיגראנטן פון אייראָפּע. וועדליק דעם ייִדישן רעליגיִעזן באגריף „גלות“, זײַנען „נעבעך“ די בראזיליאנער, ארגענטינער, טשיליאנער, מעקסיקאנער און אנדערע דאָרעם־אמעריקאנער פעלקער אין א ביטערן גאָלעס. און באחרית הימים (בעאכרים האיאָמים — אין דער ווײַטער צוקונפט, נאָכן קומען פון מאָשיעכן) וועלן אויך זיי אויסגעלייזט ווערן און צוריקקערן זיך אין זייערע אלטע היימען...

זינט 1788 איז דער נײַ־אנטדעקטער אוסטראלישער קאָנטינענט געוואָרן א שטראָף־טעריטאָריע — א מין ווארעמער סיביר, — ווּהין די ענגלענדער האָבן פארשיקט פארברעכער און „אומגעוווּנטשענע“ עלעמענטן אין ענגלאנד. ערשט אין יאָר 1829 האָט ענגלאנד דערלויבט א פרײַע קאָלאָניזאציע אין אוסטראליע. פון די אייניקלעך פון די פארשיקטע אין גאָלעס ארײַן האָט זיך מיט דער צײַט אויספאָרמירט א באזונדער פאָלק, אָן אוסטראליש פאָלק, וואָס רעדט די שפּראך פון דער אלטער היים, ווי די לאטײַנער אין דאָרעם־אמעריקע רעדן קאסטיליאניש און פּאָרטוגעזיש פון דער אוראלטער היים. פרעגט אָן אוסטראליער, צי ער פילט זיך אין דעם לאנד אין גאָלעס און צי ער ווארט אף דערלייזונג, וועט ער אײַך אָנקוקן, ווי איר וואָלט אראָפּגעפאלן פון הימל.

די בורן אין דאָרעם־אפריקע, וואָס רופן זיך אפריקאנער, זײַנען מיט א 340 יאָר צוריק געווען האָלענדער, הוגענאָטן און דײַטשן. זיי האָבן אין קייפּטאָן קולטיווירט גרינסן און פּי ווי פרישע שפּײַז פאר די שיפן, וואָס זײַנען געשווומען פון האָלאנד קיין אינדיע. זייער

שפּראַך איז הײַנט א האָלענדישער דיִאַלעקט. אין די פּאָר הונדערט יאָר זײַנען זיי געוואָרן א פאָלק פאַר זיך און זיי פאַלט גאָר ניט אײַן צו באַטראַכטן זיך, אַז זיי זײַנען אין גאָלעס, האַגאַם זיי זײַנען א מינדערהײַט אינעם יאַם פון שוואַרצהויטיקע און אַזיִאַטן.

יאָ, אויך אין די שפּראַכן פון די אייראָפּעיִשע פעלקער איז פאַראַן אַזאַ באַגריף ווי „גלות". לעמאָשל: דעפּאָרטאַציע, עקזילוס, באַניציע, פערבאַנונג, דעסטיערא, וויסילקא אאַ. אָבער די אַלע באַגריפן זײַנען פון פּאָליטישן אָדער קרימינעלן כאַראַקטער. אין מיטלאַלטער איז די גאָלעס־שטראָף אָנגעווענדט געוואָרן אויך קעגן אַזעלכע, וואָס האָבן אײַנגעריסן מיט דעם קירכלעכן עסטעבלישמענט. די ייִדן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל זײַנען פאַרטריבן געוואָרן אין „גלות" אַרײַן, ווײַל זיי האָבן אין געהיים אָפּגעהיט די ייִדישע רעליגיע נאָך דעם, ווי זיי האָבן מיט צוואַנג אָנגענומען די קריסטלעכע רעליגיע. פאַראַן אויך א פרײַוויליקער גאָלעס, ווען פּאָליטיש־באַדראָטע פאַרלאָזן זייערע היימלענדער, קעדיי איבערצוּוואַרטן די שלעכטע צײַט.

ביז דער גזירע פון נבוכדנצר (נעוווּכאַדנעצער) צו פאַרטרײַבן די ייִדן פון ערעץ־ייִסראָעל קיין באָוועל האָבן ייִדן ניט געוווּסט וועגן אַזאַ באַגריף, ווי „גלות". אין דער טוירע ווערט דערציילט וועגן די וואַנדערונגען פון די איוורים, וועגן מיגראַציע, אָבער אַפילע ווען ייִדן זײַנען געווען שקלאַפן אין מיצראַיִם, האָבן זיי זיך ניט באַטראַכט, אַז זיי זײַנען אין גאָלעס. אין זײַן ווענדונג צו פּאַרעָ, ער זאָל באַפרײַען די ייִדן, האָט מוישע ניט געבעטן צו באַפרײַען די ייִדן פון גאָלעס. ער האָט געזאָגט: „שלח את עמי" — באַפרײַ די ייִדן. אין די פינף ספאָרים פון דער טוירע איז ניטאָ אַפילע קיין אָנדײַט וועגן א גאָלעס בייס די וואַנדערונגען פון די איוורים אינעם ראַיאָן, וואָס רופט זיך הײַנט מיטעלער מיזרעך. צום ערשטן מאָל דערשײַנט דער באַגריף „גלות בא די נעוויִים — ירמיהו (ייִרמיִיאָהו), יחזקאל (יעכעזקל) און עובדיה (אָוואַדיע); בא ישעיהו (יעשאַיאָהו) איז פאַראַן בלויז אן אָנדײַט אַף גאָלעס אָן צו באַניצן דעם באַגריף.

וויִאַזוי איז „גלות" געוואָרן א רעליגיִעזער באַגריף און שפּעטער איז ער פאַרבונדן געוואָרן מיט באַחרית הימים און מאָשיִעך?

אַף דעם שטעטך, ווו ייִדן זײַנען אַרײַנגעדרונגען און ער איז געוואָרן ערעץ־ייִסראָעל (אַרום דעם יאָר 1200 פאַר דער נײַער צײַט־רעכענונג), האָבן געלעבט א פּופּצן פעלקערשאַפטן: קנאַאַנים, עאָמיטער, מאָאַוויטער, עמוריאָער אאַ. ווי עס איז דער שטייגער, האָבן די פעלקערשאַפטן געפירט צווישן זיך מילכאָמעס, זיך געשאָכטן קעגנזײַטיק, און די פּאַרנומענע טעריטאָריע איז געווען פּונקט אַזאַ טראָפּיי ווי דער זאַקרויב. גאָר אַנדערש איז עס צוגעגאַנגען בא די איוורים. אין אַלע זייערע וואַנדערונגען און „ויסעו ויחנו" זײַנען די איוורים געווען „מיזרעכדיקע", אויב צו באַניצן דעם באַגריף, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין ייִסראָעל, קעדיי צו אונטערשיידן די אשקענאַזים פון אַלע אַנדערע אידעס. די איוורים האָבן ניט געהאַט זייער סטאַבילן „סווּוערענעם" שטעטך ווי א פאָטערלאַנד. ערשט ווען מוישע האָט פּלאַנירט יציאת מצרים (יעציִאַס־מיצראַיִם — דאָס אַרויסגיין פון די ייִדן פון מיצראַיִם), האָט ער נאַטירלעך אויך געמוזט טראַכטן, ווו צו קאָלאָניזירן די באַפרײַטע איוורים. קאָלאָניזירן זיי אין דעם מידבער סינײַ איז געווען אוממעגלעך; זאַמד־דיונעס זײַנען ניט קיין באָדן פאַר קאָלאָניזאַציע. מיזרעכדיק פונעם מידבער זײַנען פאַראַן שטאָכים מיט פרוכטבאַרער ערד און וואַסער. אָבער דער וועג איז א ווײַטער און שווערער. קעדיי בײַצוקומען די אָביעקטיווע שוועריקײַטן און קעדיי דער עם קשי עורף (אַם קשיי אוירעף — אן אײַנגעשפּאַרט פאָלק) זאָל ניט אופשטיין קעגן אים, האָט מוישע געמוזט אָנקומען צו דער הילף פון גאָט יהוה (יעהאָווע), וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט צו אים נאָך א סאַך פריִער פון א ברענענדיקן דאָרן באַם באַרג פון גאָט — הר חורב (האַר כוירעוו).

וידבר אלהים אל משה (ווײַדאַבער עלויהים על מוישע — און גאָט האָט גערעדט צו מוישען אַזוי): איך האָב זיך באַוויזן צו אַווראָהאָמען, צו ייִצכאָקן און צו יאַנקעוון ווי דער גאָט שדי (שאַדײַ — אַלמעכטיקער), און איך האָב זיי ניט אויסגעזאָגט, אַז אין דער ווירקלעכקײַט בין איך יהוה; איך האָב געשלאָסן מיט זיי א בונד זיי צו געבן דאָס לאַנד קנאַאַן.

אַז מוישע האָט איבערגעגעבן אָט דעם באַריכט, האָבן אים די בניי־ייִסראָעל געהערט, ווי דעם קאָטער. האָט מוישע ווידער געמוזט אָנקומען צו א געטלעכער „גיטיק", דערקלערנדיק, אַז גאָט האָט געשווירן צו געבן דעם פאָלק ייִסראָעל דאָס לאַנד קנאַאַן. דאָס אַלץ באַווײַזט, אַז די איוורים זײַנען געגאַנגען קיין קנאַאַן און באַהערשט דאָס לאַנד ניט „בעדערעך האַטעווע", ווי אַלע פעלקער — זיי באַהערשן א לאַנד מיט קויעך, פאַרטיליקן די אַלטאײַנגעזעסענע, מאַכן כאָרעוו דאָס באַהערשטע, און שלום על ישראל (שאָלעם אַל ייִסראָעל — אַלץ איז קעשורע). נייִן, אין פאַל מיט די איוורים איז גאָט אַליין בכבודו ובעצמו (ביכוווידוי אובעאַצמוי — פּערזענלעך) געווען דער הויפּט־קאָמאַנדיר; ער בלויז האָט גאָט צוגעזאָגט די בניי־ייִסראָעל אויסצוליפערן צו זיי דאָס לאַנד קנאַאַן, נאָר ער האָט אַף דעם אויך געשווירן.

בעכיין איז דאָס דעראָבערן קנאַאַן דורך די איוורים געווען ניט בלויז א פיזישער אקט, נאָר עס איז געווען אן אקט פון גאָט, א רעליגיעזער אקט: דאָ, אין לאַנד קנאַאַן, איז דאָס געטלעכע פאָטערלאַנד פון דעם פאָלק, וואָס יהוה האָט אויסגעוויילט צווישן אלע פעלקער ווי זיין פאָלק!..

אז די איוורים האָבן זיך קאָלאָניזירט און פארוואָרצלט מיט מעלוכישקייט אין דעם צוגעזאָגטן לאַנד, וואָס איז געוואָרן ערעץ־יִיסראָעל, איז געקומען א מיילעך, א ראָשע, נבוכדנצר, מיט קויעך באַהערשט דאָס לאַנד, כאָרעוו געמאכט דעם בייס־האַמיקדעש און די ייִדן ארויסגעפירט קיין באָוול. דאָס איז געווען אן אקט ניט בלויז קעגן די ייִדן, נאָר אויך קעגן יהוה און זיין געטלעכער באשטימונג, וואָס ער האָט באַפעסטיקט מיט א שוווּע! דערמיט אייגנטלעך איז באשאפן געוואָרן דער באגריף „גלות", ווי אן אקט פון ווידערשפּעניקייט פון א געצנדינערישן מיילעך קעגן גאָט יהוה און זיין אויסדערוויילט פאָלק.

אז דער איניען „גלות" איז געוואָרן א רעליגיעזער איניען — מיט דער אינגערענץ פון גאָט — באשטעטיקט דער נאָווי ירמיאָהו: „כה אמר יהוה אלהי ישראל: כתאנים הטובות האלה כן אכיר את גלות יהודה אשר שלחתי מן המקום הזה ארץ כשדים לטובה" — אזוי האָט געזאָגט יהוה, דער גאָט פון ישראל: אזוי ווי אָט די גוטע פייגן וועל איך באַקענען צום גוטן דעם גאָלעס, וואָס איך האָב פארשיקט פון דעם פּלאַץ אין לאַנד כשדים (קאסדים).

דער נאָווי יעכעזקל דערמאָנט גאָלעס אין שיכעס צום 5־טן יאָר זינט דער פארשיקונג פון דעם מיילעך יויאָכו, און דער נאָווי אָוואַדיע זאָגט: „וגלות החל הזה לבני ישראל אשר כנענים עד צרפת וגלות ירושלים אשר בספרד ירשו את ערי הנגב" — „און דער ביטערער גאָלעס פון די בניי־יִיסראָעל צווישן די קנאַאַנים ביז צרפת (צאָרפאַס), און דער גאָלעס (די פארטריבענע) פון יערושאָלאָים וועלן יארשענען די שטעט פון דאָרעם".

אז דער גאנצער קאָמפּלעקס פון דעראָבערן קנאַאַן און שפּעטער דער אופקום פון גאָלעסן איז א רעליגיעזער, לערנט מען אויך פון דעם סייפער יהושע (יעהוישוא): „וישובו שני האנשים וירדו מההר ויעברו ויבואו אל יהושע בן נון ויספרו לו את כל המוצאות אותם ויאמרו אל יהושע: כי נתן יהוה בידינו את כל הארץ וגם נמוגו כל יושבי הארץ בפנינו" — „און די צוויי מענטשן זיינען צוריקגעקומען, אראָפּגענידערט פונעם בארג, אריבערגעגאנגען און געקומען צו יעהוישוא בין נון און אים דערציילט אלץ, וואָס זיי האָבן אויסגעפונען, און זיי האָבן געזאָגט צו יעהוישוא: גאָט האָט איבערגעגעבן אין אונדזערע הענט דאָס גאנצע לאַנד, און די איינוווינער אין דעם לאַנד האָבן פאר אונדז קאַפּיטולירט".

אזא איז די אופירונג פון רעליגיעזע ייִדן, וועלכע לעבן וועדליק דער טוירע און האָלאָכע צום גאנצן קאָמפּלעקס ארץ־ישראל־גלות־גאולה (גאָלעס און דערלייזונג־געולע פונעם ייִדישן פאָלק). אויב אָבער ייִדן האָבן זיך ניט געקוואפּעט צוריקצוקערן קיין ערעץ־יִיסראָעל, ווען עס איז זיי געגעבן געוואָרן אזא מעגלעכקייט, לעמאָשל, ווען דער מיילעך קוירעש האָט פאר די ייִדן אין גאָלעס באָוול געעפנט די טויערן פון יערושאָלאָים, און אויך אין א שפּעטערער טקופע, נאָך דעם חורבן בית שני און דעם נאָכקומענדיקן דורכפאַל פון באַר־קאָכבאַס אופשטאנד, האָבן אונדזערע כאַכאָמים פארטיפט און פאַרהייליקט די נעוויִיִשע אידיי וועגן מאָשיעכן.

אין די צייטן פון די נעוויִים איז מאָשיעך געווען דער סימבאָל פאר דער דערלייזונג פון דער גאנצער וועלט (די אחרית־הימים־אידיי פון ישעיה), אָבער אין רעזולטאַט פונעם מאצעוו, אז ייִדן האָבן זיך ניט צוריקגעקערט פון די גאָלעסן אינעם לאַנד, וואָס גאָט האָט זיי געגעבן, איז מאָשיעך, וואָלט איך געזאָגט, נאציאָנאַליזירט געוואָרן, בלויז פאר דער דערלייזונג פונעם ייִדישן פאָלק — אז ער וועט קומען, וועט צוריק אופגעריכט ווערן ס'מלכות ישראל. די בענקשאפט צו ביאת המשיח איז געווען אזא שטארקע, אז ביזן דערשיינען פון דעם שארלאטאן יאנקעוו פראנק האָט ער געהאט א פּופצן פאָרגייער — משיחי שקר (מעשיכיי שעקער — פאַלשע מעשיכים).

דער מאָדערנער סעקולערער ציִעניזם האָט פון דער היסטאָרישער שפּיל עלימינירט דעם רעליגיעזן מאָשיכיזם: דער מאצעוו פון די ייִדן אין דער קריסטלעכער אייראָפּע איז אזא ביטערער און די סאקאָנעס זיינען אזעלכע, אז מע טאָר ניט מער ווארטן אף דער רעליגיעזער דערלייזונג נאָך בית המשיח. ייִדן דארפן נעמען זייער גוירל אין זייערע אייגענע הענט און אליין ווערן דער מאָשיעך — שאפן א ייִדישע מעדינע און אופבויען אן אייגן לעבן, צוגלייך מיט אלע אייראָפּעיִשע פעלקער. סיי פריער, ביז לעאָן פינסקער (אין זיין „אווטאָעמאנסיפּאציע")[1], און סיי שפּעטער, בא טעאָדאָר הערצל אין זיין „יודענשטאַט" (ביידע אסימילירטע ייִדן), וועט איר ניט אָנטרעפן אף דעם באגריף „גלות", ווי ער ווערט פארשטאנען פון רעליגיעזע ייִדן... זיי רעדן וועגן דער ייִדן־פראגע, וועגן אנטיסעמיטיזם, רעכטלאָזיקייט

---

[1] לעוו פינסקער (1821 — 1891) — איינער פון די ערשטע טעאָרעטיקער און אָנפירער פון דער ציִעניסטישער באוועגונג אין רוסלאַנד. אין 1882 איז אין בערלין ארויס אלס אנאָנימע אויסגאבע זיין בוך — "Autoemancipation! Mahnruf an seine Stammesgenossen von einem russischen Juden".

און רעדיפעס — צאָרעס, פון וועלכע אן אייגענע מעדינע וועט זיי באפרײַען. די סעקולאַ־ריזאציע פונעם מאָשיכיזם פון פינסקער און הערצל האָט ארויסגערופן א קעגנערשאפט בא די ראַבאָנים פון פוילן און דײַטשלאנד אף אזוי ווײַט, אז די באוועגונג „אגודת ישראל"[1] איז געשאפן געוואָרן, קעדיי צו באקעמפן דעם אפיקאָרסישן מאָשיכיזם. דאָס האָט ניט גע־שטערט דער „אגודת ישראל" זיך ארופצוכאפן אפן סעקולערן מאָשיִעך נאָך דעם, ווי מעדי־נאָס-ייִסראָעל איז אופגעשטאנען, און מיט א ברייטער האנט געניסן זיי פון די כסאָדים, וואָס די מעדינע קען צוטיילן.

מיטן מאָמענט, ווי דער סעקולערער ציִעניזם האָט אָפגעשאפט דעם רעליגיִעזן מאָ־שיִעכן, האָט ער בעמיילע אויך אָפגעשאפט דעם רעליגיִעזן באטײַט פון „גלות". ייִדן זײַנען צעשפרייט איבער דער וועלט; ווי א מינדערהײַט שטייען זיי אויס רעדיפעס און רעכטלאָ־זיקײַט, אָבער זיי זײַנען ניט אין גאָלעס.

זינט דעם חורבן בית-שני און דער אוואנטיור פון באר-קאָכבא, איז דאָס ייִדישע פאָלק צעשפרייט איבער דער וועלט. אין זייער צעשפרייטקײַט זײַנען זיי ניט געזעסן מיט פארלייג־טע הענט. אין באָוול איז געשאפן געוואָרן דער טאלמוד; אין שפאניע איז געווען אן אופ־ריכטונג פון דער העברעיִשער ליטעראטור, וואָס אזא איז ניט געווען זינט דעם קאָמפענדיום פונעם טאנאך; אין מיזרעך-אייראָפע איז געשאפן געוואָרן א רײַכע ראבאָנישע ליטעראטור, און אין די לעצטע הונדערט יאָר — א ייִדישע ליטעראטור, וואָס איר גרויסקײַט איז ביז הײַנט ניט דערשאצט געוואָרן. אין מיזרעך-אייראָפע האָבן ייִדן דערוואָרבן אלע נאציִאָנאלע אטריבוטן, אויסער דעם מעלוכעשאפט-אטריבוט. עס איז ווײַט ניט אוועקצומאכן מיט דער האנט די מיימרע, אז הקדוש ברוך הוא (האקאָדעש באָרוך הו — דא: גאָט) האָט געטאָן א כעסעד מיט דעם ייִדישן פאָלק, וואָס ער האָט עס צעשפרייט איבער דער וועלט, ווײַל אזויארום האָט דאָס ייִדישע פאָלק איבערגעלעבט בייס אנדערע פעלקער, קאָנצענטרירטע אף איין פלאץ, זײַנען אונטערגעגאנגען, אָדער אומגעבראכט געוואָרן.

בא נאָרמאלע פעלקער איז דער שטייגער, אז עמיגראנטן מאכמעס די אָדער אנדערע סיבעס באטראכטן זיך אינעם נײַעם לאנד ווי פרעמדע, אין עקזיל, גאָלעס, ביז דעם דריטן דאָר. אויב זיי קערן ניט צוריק אין זייערע אלטע היימען, איז דאָס נײַע לאנד פאר דעם דריטן דאָר דאָס היימלאנד. א מוסטער איז אמעריקע: דער ערשטער דאָר זײַנען אימיגראנטן, דער צווייטער דאָר זײַנען קינדער פון אימיגראנטן, דער דריטער — דער אין אמעריקע גע־בוירענער דאָר, טראכט ניט מער וועגן דער היים פון זייערע עלטערזיידעס און עלטערבאָ־בעס. זיי זײַנען אמעריקאנער.

מער אירלענדער, אײדער אין אירלאנד גופע, געפינען זיך אויסער זייער היימלאנד. בא זיי עקזיסטירט ניט קיין רעליגיִעזער אָדער סעקולערער גאָלעס. אין די פארייניקטע שטאטן פארנעמען זיי די העכסטע אמטן, זיי זײַנען די אריסטאָקראטיע פון אמעריקע. ווען עמעצער זאָל זיי מאכן א באמערקונג, אז זיי, די אירלענדער, לעבן אין גאָלעס, בעמיילע דארפן זיי אוילע זײַן קיין אירלאנד, וואָלטן זיי אזא איינעם אָנגענומען פאר א מעשוגענעם. עס איז דעריבער אן אבסורד צו זאָגן אף א פאָלק, וואָס לעבט אין צעשפרייטונג צוויי טויזנט יאָר, אז עס לעבט אין גאָלעס. ווען פרעזידענט קענעדי איז אין דער „קאלטער מילכאָמע" מיט דעם ראטנפארבאנד געפאָרן קיין בערלין און דערקלערט דעמאָנסטראטיוו: „איך בין א בערלינער", איז ער אפן וועג אָפגעטראָטן אין אירלאנד אין דעם פלאץ, פונוואנען זײַנע אור-אורזיידעס האָבן עמיגרירט קיין אמעריקע. ס'איז בא אים געווען א נאטירלעך געפיל צו זען דעם פלאץ, ווו עס האָבן געלעבט זײַנע אָוועס אין אָרעמקײַט און דאכקעס. און אָט איז ער, זייער אור-אור-אוריייניקל, דער פרעזידענט פון דעם רײַכסטן גרויסמאכטישן לאנד אין דער וועלט. צי וואָלט עמעצן אײַנגעפאלן צו דערמאָנען קענעדין, אז אייגנטלעך לעבט ער אין גאָלעס? אויך סטיפען ווײַז און לוי מארשאל און זיי ענלעכע אין אמעריקע, אָדער דיזראעלי אין בריטאניע, האָבן זיך ניט געזען לעבן אין גאָלעס, אפילע דער ראבײַ הילעל סילווער האָט זיך ניט באטראכט, אז ער לעבט אין אמעריקע אין גאָלעס.

אין דעם סעקולערן ציִעניזם איז פארגעקומען א „ליקע-כאמע": די ציִעניסטישע טעאָ־רעטיקער און מאנהיגים, אָפשטאמיקע פון מיזרעך-אייראָפע, האָבן פאראדאָקסאל זיך פול־שטענדיק אידענטיפיצירט מיט דעם באגריף פונעם סעקולערן מאָשיכיזם און אפיקאָרסיש פארלייקנט סײַ משיח בן יוסף און סײַ משיח בן דוד[2]; אָבער אין דער זעלבער צײַט האָבן זיי מיט דער זעלבער דווייקעס אָנגענומען דעם רעליגיִעזן באגריף פון „גלות". דעם רעלי־גיִעזן באגריף פון „גלות" האָבן זיי אָנגענומען מיט דעם זעלבן אײַפער, מיט וועלכן זייערע

---

[1] „אגודת ישראל" (אגודאס ייִסראָעל) — ייִדישע אָרטאָדאָקסאלע באוועגונג (געשאפן אין 1912), די אָנ־הענגער פון וועלכער האָבן געהאלטן, אז בלויז מאָשיִעך קאָן ווידער אופשטעלן די ייִדישע מעדינע.

[2] מאָשיִעך בען דאָוויד איז דער עמעסער מאָשיִעך, און מאָשיִעך בען יויסעף איז, לויט דער אגאָדע, דער אויסלייזער, וועלכער דארף קומען פארן עמעסן מאָשיִעך און וועט דערהארגעט ווערן.

טאַטעס און זיידעס האָבן געגלייבט אין ביאת המשיח. אָבער אין אָט דער אָפּאָרטוניסטישער איינשטעלונג איז געווען א גוואַלדיקער אונטערשייד צווישן זיי און זייערע פרומע אָוועס. רעליגיעזע ייִדן אין מיזרעך־אייראָפּע, פון פּאָדאָליע, אוקראַינע ביז פּוילן און ליטע, האָבן זיך ניט געזען ווי „שפלע ברואים" (שאָפלע ברוים — דערשלאָגענע באשעפענישן), ייִדן מיט „איינגעבויגענע פּלייצעס", וואָס „טאַנצן מאַיאָפעס פאַרן פּאָריץ", און „שטעקעלעך־ייִדן", וואָס „לעבן אַפן ראַנד פון אַנדערע פעלקער" און מוזן האָבן שטאַדלאָנים, קעדיי צו קענען ווי־עס־איז עקזיסטירן, ווי עס האָבן אויסגעטראַכט די שלילת־הגלותניקעס (שלילעס־האַגאָלעסניקעס — די, וואָס לייקענען אָפּ דעם גאָלעס).

די שלילת הגלותניקעס, וואָס האָבן אויסגעטראַכט, אַז די ייִדן אין גאָלעס זיינען געווען „מאַיאָפעסניקעס", „לײדיקגייערס", „געלעבט אַפן ראַנד פון דער עקאָנאָמיע פון אַנדערע פעלקער", „זייער פּסיכאָלאָגיע איז געווען א גאָלעסדיקע", האָבן אַפילע פאַר זיך געלייקנט די גוואַלדיקע דערגרייכונגען פון ייִדן אין דעם ערגסטן גאָלעס — אין מיזרעך־אייראָפּע. אין עפּעס מער פון איין יאָרהונדערט זיינען די ייִדן אין מיזרעך־אייראָפּע פון א רעליגיעזער איידע געוואָרן א פאָלק, וואָס האָט געשאַפן אַלע אַטריבוטן פון א פאָלק, אויסער דעם אַטריבוט פון טעריטאָריע. בעמעשעך פון טויזנט אַכט הונדערט יאָר איז די רעליגיעזע איידע אין מיזרעך־אייראָפּע געווען אַריינגעטאָן אין שאַפן פּיירושים אַף פּיירושים, פּיירושים אַפן טאַנאַך; פּיירושים אַף דער מישנע. האָבן די זין פון דער רעליגיעזער איידע געמאַכט א רעוואָליוציע — א נאַציאָנאַלע רעוואָליוציע — און אין די הונדערט יאָר געשאַפן א וועלטלעכע ליטעראַטור, וואָס האָט אין א קורצער צייט דערגרייכט מײַרעוו־אייראָפּעיִשע סטאַנדאַרטן; זיך אָנגעגורט מיט סאָציאַלע אַספּיראַציעס, ווי די פון „בונד", וואָס האָט א דערדריקטע מאַסע — דערדריקט פון אַלע זײַטן — דערהויבן צו אָן אָרגאַניזירטן פּראָלעטאַריאַט מיט אידייִשע צילן, און ווי די אַספּיראַציעס פון ציוניזם, וואָס פּאַקטיש זיינען עס געווען אַספּיראַציעס פאַר טעריטאָריאַליזם, מיט דעם רעזולטאַט פון אָן אייגענער מעדינע אין ערעץ־יִסראָעל. מיט די פונעם „בונד"־אופגעוועקטע קויכעס אין די ייִדישע מאַסן האָבן זיך ייִדן באַטייליקט אין די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונגען און פאַר זיך געשאַפן (צום ערשטן מאָל אין דער גאַנצער ייִדישער געשיכטע) אָן אייגענע וועלטלעכע קולטור, וואָס איז איבערגעטראָגן געוואָרן מיט דעם עמיגראַציע־שטראָם אַף אַלע קאָנטינענטן פון דעם ערדקײַלעך.

אוואדע זיינען ייִדן געווען פאַרפאָלגט און פּאָגראָמירט בעיִקער אין די קריסטלעכע לענדער; אָבער הײַנט, ווען ייִדן האָבן אָן אייגענע מעדינע, ווייסן מיר שוין, אַז עס איז „נאַטירלעך" צו דיסקרימינירן מינדערהײַטן; באַגרענעצן זייערע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס און שפּעפערישע מעגלעכקײַטן. אָבער ניט געקוקט אַף דעם „נאַטירלעכן" שטייגער פון אונטערדריקן נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן, האָבן ייִדן ניט בלויז איבערגעלעבט, נאָר, ניט געקוקט אַף דער אונטערדריקונג, געשאַפן זעלטענע קולטור־ווערטן. די שלילת־הגלותניקעס, וואָס האָבן אויסגעטראַכט בילבולים, אַז די ייִדן אין גאָלעס האָבן גאָרנישט געטאָן, נאָר געטאַנצט מאַיאָפעס פאַר די פּריצים און אַרומגעגאַנגען מיט איינגעבויגענע פּלייצעס, פּוסטעפּאַסניקעס, זיינען געווען דער איינציקער פּאָלקס־עלעמענט, וואָס איז ניט געווען קיין לײַב־אייגענער בא קיין שום הערשער, און בעמעשעך פון קאָרעוו צוויי הונדערט יאָר האָבן זיי אין פּוילן געניסן פון נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער אווטאָנאָמיע, מיט אָן אייגענעם פּאַרלאַמענט (סיים), מיט אייגענע געריכטן. דאָס איז געווען דער ועד ארבע ארצות[1].

דער פאַלשער פּאָרטרעט פון דעם „גאָלעס־ייִד", ניט בלויז אין דער ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט, נאָר אויך אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, איז געוואָרן די מאָדעל צו דערציִען די יונגע דורעס פריִער אין פּאַלעסטינע און שפּעטער אין מעדינאַס־יִסראָעל. ס'איז ניט געווען קיין וווּנדער, וואָס צוויי דורעס דערצויגענע אין אָט דער קאַריקאַטור האָבן זיך ניט געוואָלט אידענטיפיצירן מיט די ייִדן אין דער וועלט, נאָר ליבערשט געשאַפן א באַוועגונג צוריקצוקערן זיך צו די פאַרצײַטיקע איוורים, וואָס האָבן געהאַט איבערגענומען די קולטור פון די קנאַאַנים. די רעזולטאַטן פון אָט דער קאַריקאַטור פון דעם „גאָלעס־ייִד" זיינען געווען קאַטאַסטראָפאַל־צעשטערערישע און זיינען אַזעלכע ביזן הײַנטיקן טאָג. כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם קריפּל פון סעקולערן מאַשיכיזם און פאַר פאַרסירן דעם רעליגיעזן באַגריף פון גאָלעס איז דאָס, וואָס אין די פופציקער יאָרן האָט דער דעמלטיקער קאָל־יאַכאָל אין מעדינאַס־יִסראָעל דאַוויד בען־גוריאָן געוואָלט פאַרקויפן צו די אַמעריקאַנער ייִדן זײַן „גאָלעס־סכוירע", זיי זאָלן צושטימען, אַז אין אַמעריקע זיינען זיי אין גאָלעס. אין ענגלישער איבערזעצונג וואָלט עס באַטײַט, אַז די פינף מיליאָן ייִדן אין אַמעריקע זיינען אין „עקזײַל" און זיי דאַרפן אויסגעלייזט ווערן. די דיסקוסיע איז דעמלט געווען א זייער שאַרפע. די דעמלטיקע אַמעריקאַנער ייִדישע פירער האָבן בען־גוריאָנס פאָדערונג אָפּגעוואָרפן, און עס איז

[1] ועד ארבע ארצות (וואַאַד אַרבאַ אַראָצויס — בונד פון פיר ערדן): צוזאַמענפאָר פון ייִדישע געמיינדעס, וועלכער איז פון דער מיט XVI יה. ביז 1764 געווען דער צענטראַלער אָרגאַן פון ייִדישער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין פּוילן.

געקומען צו אַ קאָמפּראָמיס, אַז די אַמעריקאַנער ייִדן לעבן ניט אין „עקזיל״, נאָר זיי לעבן אין דער „דיִאַספּאָראַ״...

די רעאַליטעט אין די מער פון פערציק יאָר, זינט מעדינאַס-ייִסראָעל איז עטאַבלירט געוואָרן, האָט מעוואַטל געמאַכט אַ סאַך קאָנווענציאָנעלע שקאָרים. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז אָן דעם גאָלעס קען די מעדינע ניט אויסקומען קיין איין טאָג. דער גאָלעס איז פּאַראַלעל צו צה״ל (די ייִסראָעל-אַרמיי) די צווייטע און עפּשער די ערשטע אַרמיי, וואָס באַוואַכט די עקזיסטענץ פון ייִסראָעל סײַ פּאָליטיש און סײַ עקאָנאָמיש. צווישן די קאָנווענציאָנעלע שקאָרים, וועלכע זײַנען געווען אַ „גוטער דערציִונג-פאַקטאָר״ פאַר דעם יונגן דאָר, איז געווען דער כויזעק, מיט וועלכן עס זײַנען באַצייכנט געוואָרן געוויסע אינסטיטוציעס אין גאָלעס. אַזוי האָבן די שלילת-הגלותניקעס פּירגעוואָרפן די ייִדן אין גאָלעס, אַז זיי קענען ניט אויסקומען אָן שטאַדלאָנים בא די פּריצים און אָן פּשאָרעס; זײַנען די באַגריפן „שטאַדלאָנעס״ און „פּשאָרע״ געוואָרן סינאָנימען פון גאָלעסדיקער געפּאַלנקײַט. איז געקומען דיווירקלעכקײַט און באַוויזן, אַז אויך די מעדינע קען ניט אויסקומען אָן די צוויי „גאָלעס-אינסטיטוציעס״. אָבער וויִאַזוי קען מען רעאַביליטירן אַזעלכע פּאַרהאַסטע באַגריפן?״ האָט מען געפונען אַן אייצע: העברעיִש איז אַ ווונדערבאַרע שפּראַך, פון די ווערטער-וואָרצלען (שאָראָשים) קענט איר אויפבויען אַ וועלט מיט באַגריפן און ניואַנסן. דער וואָרצל פון שטאַדלאָנעס און שטאַדלען איז „שדל״, האָט מען פון דעם זעלבן וואָרצל „שדל״ ארויסגעצויגן דעם סובסטאַנטיוו „שדולה״ (שדולא), וואָס איז גענוי דאָס זעלבע וואָס „שטאַדלאָנעס״, נאָר דער סובסטאַנטיוו קלינגט ניט גאָלעסדיק, ביפּראַט, אַז ער ווערט באַנוצט אַף ענגליש — לאָבי... ענלעך איז געווען מיט דער גאָלעסדיקער „פּשאָרע״. אַ מעדינע קען ניט עקזיסטירן אָן אײַנצוגיין אַף פּשאָרעס; ס׳איז ביכלאַל ניט מעגלעך צו לעבן אָן פּשאָרעס. איז ווי קען מען פאַר די לעבנס-אינטערעסן פון דער מעדינע זיך באַנוצן מיט דער פּאַרהאַסטער גאָלעסדיקער „פּשאָרע״? איז ווידער אַנטקעגנגעקומען דער העברעיִשער וואָרט-וואָרצל „פּשר״, פון וועלכן עס איז ארויסגעקומען די „פּשרה״, און אַזוי האָט מען געמאַכט, אַז אַנשטאָט נוצן „פּשרה״ זאָל מען נוצן דעם סובסטאַנטיוו „פּשור״ (פּישור). אויך אין דעם פאַל איז עס די זעלבע יענטע, נאָר אַנדערש געשלייערט.

מע וואָלט אַוואַדע געקענט אַ שמייכל טאָן אַף דעם קוידערוועלש „סעקולערער מאָשיכיזם און רעליגיִעזער גאָלעס״. ווען דער קוידערוועלש זאָל ניט האָבן אָנגעווענדט געוואָרן, ווי אַ דערציִונג-פאַקטאָר. אין איבערוועטלען זיך אין דער קנעסעט, אין דיסקוסיעס אין דער העברעיִשער פּרעסע און אויך אין פּריוואַטע וויקוכים קענט איר אָפט הערן אַזעלכע שפּראַך-פּערל, ווי אַשטייגער: „דו האָסט אַ גאָלעס-פּסיכאָלאָגיע״, „דו טאַנצסט מאַיאָפּעס, ווי אַ גאָלעס-ייִד פאַרן פּאָריץ״, „דו האָסט אַ גאָלעס-קאָמפּלעקס״ וועקעדוימע.

אַלץ, וואָס עס געשעט אין דער ווירקלעכקײַט, איז די פאַרלייקענונג פון דער שלילת הגלות-דעמאַגאָגיע; נאָר עס איז זייער שווער זיך מוידע צו זײַן, ווײַל דאָס קוידערוועלש האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאָמפּלעקס, אַפילע אין אַ פּאַראַנאָיע...

מאָרדכע צאַנינס נאָך איין עסיי לייענט אין קומענדיקן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד״.

מוני טאוב

(קאנאדע)

# א וואָרט וועגן פּייסעך נאָוויקן

אין פּייסעך נאָוויקס פּערזענלעכקייט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט א שטורמישע עפּאָכע פונעם יידישן לעבן, אריינגערעכנט די לינקע סאָציאַליסטישע באַוועגונג. אין דער זעלבער צייט איז זיין לעבן און שאַפונג געווען א ביישטייער, וואָס האָט אין פאַרשיידענע צייטן אונדז אָנגערעגט, דערמוטיקט, באַליכטן שווערע פּראָבלעמען פאַר אים און פאַר זיין דאָר.

דעריקער זיינען געווען זיינע רייכע, פּאָזיטיווע און אייגנאַרטיקע ביישטייערן אין שטורמישן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

די מערסטע יאָרן פון זיין שאַפונג האָט פּייסעך נאָוויק אָפּגעגעבן דער „מאָרגן-פרייהייט“, וועלכע ער האָט געהאָלפן גרינדן אין 1921 מיט מוישע אָלגינען אלס הויפּט-רעדאַקטאָר.

נאָך אָלגינס טויט האָט נאָוויק אָנגעפירט מיט דער צייטונג, ביז זי האָט זיך געשלאָסן אין סעפּטעמבער 1988.

אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן איז ער געווען די טרייבקראַפט פון דער „מאָרגן-פרייהייט“, אָט דער הויפּט-טריבונע פון דער לינקער יידישער באַוועגונג אין צפון-אַמעריקע. צוזאַמען מיט דער צייטונג האָט ער דורכגעמאַכט אַלע עטאַפּן פון דער באַוועגונג. איר פולע געשיכטע דאַרף געשריבן ווערן. דאָ קאָנען מיר זיך בלויז אָפּשטעלן און פאַרצייכענען די הויפּט-שטריכן פון נאָוויקן אלס אידעאָלאָגישן קעמפער און זיין ביישטייער אלס רעדאַקטאָר פון דער „מאָרגן-פרייהייט“.

נאָוויק האָט דעמאָנסטרירט זיין אומרו און די אימפּעטדיקע זוכעניש נאָך אין די יונגסטע יאָרן. ער איז געבוירן געוואָרן אין ליטע אין 1891. אין די קינדער-יאָרן האָט ער זיך געלערנט אינעם טראַדיציאָנעלן כיידער. נאָך דער באַרמיצווע האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן ווי א מעכאַניקער, פאַרגעזעצט די בילדונג און זיך דערנענטערט צו דער אַרבעטער-באַוועגונג. צום ערשטן האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין „בונד“ אלס יונגער אַרבעטער אין 1907. א פּאָר יאָר געלעבט אין דער שווייץ און געקומען קיין אַמעריקע ערעוו דער ערשטער וועלט-מילכאָמע. געוואָרן טעטיק אין דער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע.

נאָך די צוויי רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד פּאָרט ער צוריק אהיים, לעבט און אַרבעט אין מאָסקווע, ווילנע, וואַרשע. שפּעטער קערט ער זיך אום קיין אַמעריקע.

דאָס זיינען געווען שטורמישע יאָרן פון מילכאָמעס, בירגערקריג, רעוואָלוציעס, וועלכע האָבן געלאָזן דעם טיפסטן איינדרוק אויף דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אין מיזרעך-אייראָפּע און אויף די יידישע עמיגראַנטישע יישובים אין אַמעריקע.

בייס דער שפּאַלטונג אויף „רעכטע“ און „לינקע“ אין דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע אין 1921 גייט פּייסעך נאָוויק מיט די „לינקע“ און באַטייליקט זיך אין דער גרינדונג פון דער „פרייהייט“. פאַר דעם יונגן פּובליציסט איז דאָס געווען א גוואַלדיקע דערגרייכונג. זיין ענטוזיאַזם איז געווען גרויס און באַרעכטיקט. אין די יאָרן, ווען מוישע אָלגין האָט רעדאַגירט די צייטונג, איז נאָוויק געווען זיין געטרייער מיטאַרבעטער און מיט-קעמפער, זיך אַנטקעגנגעשטעלט סעקטאַנטישקייט.

ווערנדיק רעדאַקטאָר נאָך אָלגינס טויט, האָט ער דעמאָנסטרירט זיינע פעיִקייטן אלס פּראָפעסיאָנעלער זשורנאַליסט און איינער פון די אידעאָלאָגישע אָנפירער פון דער יידישער לינקער באַוועגונג אין אַמעריקע. נאָוויק האָט געהאַט דעם מוט צו אָנערקענען באַגאַנגענע טאָעסן אין דער אַרבעט, ווען ער האָט געהאַלטן, אז דאָס זיינען טאָעסן, וואָס גראָבן אונטער א פּאָליטישע באַוועגונג און ניט בלויז אָנערקענונג פון טאָעסן. אלס ביישפּיל האָט ער אָנגעוויזן אויף דער פאַלשער סעקטאַנטישער שטעלונג פון דער „פרייהייט“ אין 1929 בעשאַס די מופטי-אָנפאַלן אויף יידישע יישובים אין דער דעמאָלטיקער פּאַלעסטינע. דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערן אינעם פאַל פון עטאַבלירן באַזונדערע אינדוסטריעלע יוניאָנס. און נאָך אַנדערע.

יעדע פּאָליטישע באַוועגונג דערלאָזט טאָעסן און באַצאָלט א פּרייז פאַר זיי. דעריבער דאַרף מען זיי אָנערקענען און באַקעמפן לעטויוועס דעם וווילזיין פון דער באַוועגונג.

דאָס איז געווען נאָוויקס קרעדאָ. אָבער נאָך וויכטיקער איז געדענקען, אז טאַקטישע טאָעסן — אויב זיי זיינען ניט קיין פּרינציפּיעלע — שטעלן מיט זיך ניט פּאָר די נעשאָמע און די שטרעבונגען פון א באַוועגונג. אויך דאָס איז געווען איינע פון נאָוויקס קרעדאָ.

דעריבער האָט נאָוויק ניט אָנגעהאלטן קיין בארויגעז אף אינסטיטוציעס, זשורנאַלן, צײַטונגען און געזעלשאפטלעכע טוער בלויז דערפאר, וואָס זיי זײַנען אין געוויסע צײַטן און פראָטים ארונטער פון די רעלסן — לויט זײַן אָפשאצונג.

דער איקער איז בא אים געווען די פרינציפּיעלע מאָטיוון, וואָס האָבן באשטימט, מיט וואָס פאר א קויכעס אין געזעלשאפטלעכן לעבן ער און זײַנע קאָלעגן זאָלן מיטארבעטן.

אָט דעם צוגאנג האָט ער אויך אָנגעווענדט צו אונדזער קאנאדער ענגלישער אויסגאבע „אוטלוק". נאָוויק האָט געהאט געוויסע טײַנעס צום זשורנאַל וועגן אייניקע ספּעציפישע איניאָנים, אָבער דאָס האָט ניט געמיינט, אז דעם זשורנאַל זאָל מען ניט העלפן סײַ אידעאָלאָגיש, סײַ מאטעריעל, אויב די אויסזעצונגען זײַנען געווען פון א טאקטישן כאַראקטער. ער האָט געהאט א פּאָזיטיווע באציִונג צו זײַנע שטרעבונגען.

פּייסעך נאָוויק איז אין מעשעך פון יאָרן געווען אן אידעאָלאָגישער שטיצער פון דער אמעריקאנער קאָמוניסטישער פּארטיי, אן אקטיווער טוער אין דער פּארטיי און א געטרײַער פרײַנט פון דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּארטיי. נאָכן 20־טן קאָנגרעס פון דער סאָוועטישער פּארטיי, ווען עס איז אופגעדעקט געוואָרן דער סטאַלין־קולט, האָט נאָוויק זיך פּאררייניקט צו א ריי קאָמוניסטישע אינטערנאציאָנאַלע פירער, וואָס האָבן אָנגעווענדט פּרינציפּיעלע קריטיק און צוריקגעוויזן פּאָשעטע און בלינדע געטרײַשאפט. ער האָט אָנגעהויבן באקעמפן דעם סטאַליניזם, אָפגעוואָרפן דעמאָקראטישן צענטראַליזם, וואָס איז פארוואנדלט געוואָרן אינעם צענטראַליזם פון ביוראָקראטישער פירערשאפט, געשטעמפּלט די פארלעצונג פון סאָציאַליסטישע אידייען, פּראָטעסטירט קעגן די אקטן פון אומברענגען ייִדישע (ווי אנדערע) קולטור־צענטערס און היגריכטן די נאָבלסטע שרײַבער.

עס איז אומעגלעך זיך פאָרשטעלן, אז נאָוויק וואָלט געקאָנט אנדערש האנדלען. לאַנגע יאָרן נאָך דעם האָט נאָוויק אָנגעפירט מיט דער „מאָרגן־פרײַהײַט", ווי א זעלבשטענדיקע סאָציאַליסטישע וואָכנשריפט, וואָס האָט געדינט די אידעאָלאָגישע און געזעלשאפטלעכע אינטערעסן פונעם לינקן פליגל אין ייִדישן ייִשעוו.

נאָוויק האָט געפירט א שארפן קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם, ווו נאָר ער האָט זיך באוויזן, אײַנגעשלאָסן קעגן דעם אנטיסעמיטיזם אין סאָוועטנפארבאנד, וואָס האָט אָפט זיך פארמאסקירט אונטערן מאנטל פון אנטיציִעזם אָדער אנטיקאָסמאָפּאָליטיזם. ער איז ארויסגעטראָטן קעגן דעם פּאָליטישן ציִעניזם, וועלכער רוקט ארויס מעדינאס־ייִסראָעל אלס איינציקן צענטער פונעם ייִדישן פאָלק. ער האָט ווײַטער אנטוויקלט די טעאָריע און פּראקטיק פון „דאָ־אייביקײַט", געשטיצט מעדינאס־ייִסראָעל און גערופן צו קעמפן פארן שאָלעם מיט די פּאַלעסטינער, קעגן דעם איצטיקן „שאמיר־רעזשים", וואָס באדראָט מיט זײַן אידעאָלאָגיע און מײַסים דעם ווײַלזײַן פונעם פאָלק און די צוקונפט פון דער מעדינע.

פּייסעך נאָוויק האָט געשאפן און ארויסגעלאָזט א ריי ביכער און בראָשורן, וועלכע פארנעמען אן אָנגעזעען אָרט אין דער געשיכטע פון ייִדישער וועלטלעכקײַט.



# „פרידן אײַך, שאָלעם אײַך!"

אין מאָסקווער צענטראַלן קינעמאַטאָגראַפיסטן־הויז איז פאָרגעקומען די פּרעמיערע פונעם קינסטלעריש־פּובליציסטישן פילם „פרידן אײַך, שאָלעם אײַך!". דעם פילם האָט געשאַפן די שעפערישע פאַרײניקונג „לאַדיאַ" (קינאָ־סטודיע אָף מ. גאָרקיס נאָמען) מיטן אָנטייל פון דער פירמע „כראָנוס" (מײַרעוור בערלין), וועלכע האָט געגעבן אירע אַרכיוו־מאַטעריאַלן וועגן דעם היטלער־גענאָציד.

די אווטאָרן קאָנסטאַנטין סלאַווין און וולאַדימיר קוזניעצאָוו און דער רעזשיסער וולאַדימיר דווינסקי האָבן געבויט די לעגנטע ווי „זיבן בריוו פון דער וועלט אָף יענער־וועלט" — אַ ווענדונג פון די לעבעדיקע צום גרויסן ייִדישן קלאַסיקער שאָלעם־אַלייכעם.

דעם דאָזיקן ניט־געשפּילטן פילם, וועלכער דערציילט וועגן דעם שווערן גוירל פונעם ייִדישן פאָלק, אָנהייבנדיק פון שאָלעם־אַלייכעמס צײַטן און ענדיקנדיק ביז אונדזערע טעג, פירן די באַוווּסטע אַקטיאָרן — זינאָווי גערדט, ראַפאַיִל ראַכלין און דער אַרטיסט פונעם ייִדישן מוזיקאַלישן קאַמער־טעאַטער יאַקאָוו יאַוונאָ. מוזיק האָט אָנגעשריבן דער קאָמפּאָזיטאָר אַלעקסאַנדער גאָלדשטיין. עס קלינגען די גלענצנדיקע שטימען פון דער אַקטריסע פונעם ייִסראָעלדיקן טעאַטער „האַבימאַ" עטל קאָווענסקאַיאַ, פון דער זינגערן פון דעם מאָסקווער טעאַטער „שאַלאָם" סוועטלאַנע פּאָרטניאַנסקאַיאַ און פונעם פאַרדינסטפולן אַרטיסט פון רספסר יאַקאָוו יאַוונאָ. הומאָר דורך טרערן, ליידן און פריידן, ייִדישע לידער און טענץ אין דער אויספירונג פון די אַרטיסטן פונעם באַלעט פון דעם קיִעווער ייִדישן טעאַטער „מאַזל־טאָוו" האַלטן אײַן די שפּאַנונג אין זאַל אין מעשעך פון אַ שאָ מיט פערציק מינוט.

די אַרבעט איבער דעם פילם איז פאַרן רעזשיסער וולאַדימיר עמאַנויִלאָוויטש דווינסקין געווען אַ ווידמונג זײַן מישפּאָכע — עס לעבט אין אים דער ווייטיק פאַר די אייגענע, וועלכע זײַנען אומגעקומען סײַ פון די היטלערישע הענט אין די יאָרן פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, סײַ בײַס סטאַלינס „סאָציִאַליזם". זײַענדיק נאָך אַ סטודענט פונעם אַלפאַרבאַנדישן מעלוכישן אינסטיטוט פון קינעמאַטאָגראַפיע, האָט ער אין די יאָרן 1966 — 1967 זיך געקליבן פּראָדוצירן אַ לעגנטע וועגן אַ ייִנגל פון דער ריגער געטאָ לויט ייִצכאָק מעראַסעס דערציילונג „דער אייביקער שאָך", נאָר אַ דערלויבעניש האָט מען אים אָף דעם ניט געגעבן. אַצינד האָט ער פאַרקערפּערט זײַן טרוים וועגן אַ ייִדישן פילם, און געטאָן האָט ער עס מיט האַרציקײַט און ליבע צו זײַן פּײַנלײַדנדיקן פאָלק.

די פילמירונג איז דורכגעפירט געוואָרן אין פוילן, ניו־יאָרק, טעל־אוויוו און ירושאָלאַיִם. און אָט — אַ געפינס! — אַ שטעטל אין סאָוועטנפאַרבאַנד, 40 קילאָמעטער פון זשמערינקע און שאַרגאָראָד, דאָס אַלפּינעס גאַנץ געבליבן ייִדיש שטעטל טשערנאָווצי (ניט פלאָנטערן מיט דער באַוווּסטער שטאָט). דאָס דאָזיקע שטעטל האָבן פאַרכאַפּט רומענישע מיליטער־קויכעס, וועלכע האָבן עס געלאָזט גאַנץ און געגעבן אַזויאַרום דער טרופּע אַ מעגלעכקײַט צו באַווײַזן אַזעלכע ייִדן, וואָס האָבן געלעבט אין שאָלעם־אַלייכעמס צײַטן. וו. דווינסקי דערציילט, אַז ער האָט זיך פּאַשעט אײַנגעליבט אין איינעם פון זײַנע פּערסאָנאַזשן, דעם קירזשנער ליוסיק. אַגעוו, אין טשערנאָווצי טאַקע צווישן די קליינע הילצערנע הײַזלעך, נעמט איצט אַראָפּ זײַן פילם לויט שאָלעם־אַלייכעמס „בלאָנדזנדע שטערן" דער רעזשיסער ווסעוואָלאָד שילאָווסקי. מע דאַרף דעריבער האָפן, אַז אין דער ניט־ווײַטער צוקונפט דערוואַרט אונדז די פרייד צו באַקאַנען זיך מיט נאָך איין ייִדישן פילם, דאָס מאָל אָן אויסגעשפּראָכן קינסטלערישן.

דאָס שווערסטע פאַר וולאַדימיר דווינסקין איז געווען אויסקלײַבן — וועלכע מאַטעריאַלן ניט אײַנשליסן אינעם פילם. ווײַל אַ שאָ מיט פערציק מינוט — דאָס איז סאַכאַקל הונדערט מינוט, און עס ווילט זיך באַווײַזן אַזויפיל, און אַלץ איז אַזוי טײַער און באַדײַטונגספול. און אָט האָבן מיר ניט געהערט איוואַן קאָזלאָווסקיס דערינערונגען וועגן מיכאָעלסן, ניט געזען, וויִאַזוי דער גרויסער רוסישער אָפּערע־זינגער, אַרויסטרעטנדיק אין אַ פראַק און אין אַ צילינדער אין טשײַקאָווסקי־זאַל, האָט פּלוצעם אָנגעהויבן זינגען, אַלס אָנדענק פון זיין גרויסן פרײַנט, מיכאָעלסעס באַליבטע ייִדישע מעלאָדיעס. עס איז ניט אַרײַן אינעם קינאָ־פּינקעס אויך די דערציילונג פונעם דאָקטער ראַפּאָפּאָרט וועגן דעם טרויעריק באַרימטן „איניען פון די דאָקטוירים". עס איז ניט דורכגעפאָרן אינעם אָדעסער טראַמווײַ, האַלטנדיק דעם רודער, יאַקאָוו יאַוונאָ, וועלכער זינגט דערבײַ ייִדישע פאָלקסלידער. ניט דערוווּסט האָבן מיר זיך, וואָס עס האָבן געפילט די פּאָפּולערע רוסישע אַרטיסטן אַלאַ גערבערט, אַלעקסאַנדער שירווינדט, זינאָווי גערדט, ווען זיי האָבן דאָס ערשטע מאָל באַזיניקט, אַז זיי זײַנען געבוירן געוואָרן ייִדן. ניט דערהערט די רירנדיקע דערציילונג פונעם גרוזינישן אַקטיאָר מומוקי קיקאַשווילי וועגן דעם, וויִאַזוי גרוזינער האָבן באַגלייט זייערע ייִדישע שכיינים, וועלכע פאָרן אַרויס פון טביליסי אָף שטענדיק, און וויִאַזוי זיי האָבן געוויינט איבער די בריוו פון ייִסראָעל, בענקענדיק נאָך די פרײַנט.



קאדרען פונעם פילם:
וו. דווינסקי מיטן קירזשנער ליוסיק;
א ייִד פון דער קיעווער שול.



עס קלינגט אינעם פילם א צארטע ליד אף ייִדיש וועגן א ייִדישער מאמע, באגלייטנדיק די פּייַנלעכע כראָניקאלע קאדרען פון דער צעשיסונג פון ייִדישע פרויען און קינדער. און גלייַך נאָך דעם — די רוסישע ליד „רעד מיט מיר, מאמע" אין דער אויספילונג פון דער ייִדישער אקטריסע עטל קאָוועַנסקאיא. אזוי גייט דורך די טעמע פון עכטן אינטערנאציאָנאליזם.

אין פארלויף פונעם גאנצן פילם רעדן אונדזערע מיטצייַטלער מיט שאָלעם־אלייכעמען, און ער רעדט מיט אונדז, צושויער. עס לויפן איבערן גרויסן עקראן ייִדישע ווערטער: „שאָלעם־אלייכעם! — פריידן אייַך! שאָלעם דיר, וועלט, שאָלעם די ייִדן — זאָל זייַן גליקלעך אונדזער פאָלק. זאָלן אייַנגעזונקען ווערן אין דער אייביקייַט פארפאָלגונגען און אומקום, זאָל די געשיכטע ניט איבערכאזערן דעם שוידער, ווען מע האָט אָן א פארוואָס געקאָנט פארניכטן א מענטשן מאכמעס ער שטאמט ניט פון דער פולווערטיקער נאציאָנאליטעט". די אקטועלקייַט פונעם פילם איז אָנשוילעך, און האגאם אין אים זייַנען ניט אָפּגעשפיגלט די געשעענישן פון די סאמע לעצטע טעג, דערמאָנסטו זיך אין די עקסטרעמיסטן פון דער „פאמיאט". אין זיקאָרן קומט אוף געבעלסעס ארויסזאָגונג: „ווער ס'איז א ייִד, באשליס איך". דער אווטאָר וואָרנט: „א פּאָגראָם קאָן ארומכאפּן ניט נאָר צוויי־דרייַ שטעט, א פּאָגראָם קאָן ארומכאפּן די גאָרע וועלט".

די דאָזיקע קינאָ־לענטע, וועלכע ס'האָבן שוין געקויפט א סאך לענדער און די פּראָקאט־אָרגאניזאציעס פון מאָסקווע, לענינגראד, קיִעוו, אָדעס, בייַבאלטיק, פון די געגנטלעכע שטעט אין צענטראל־רוסלאנד, דארף ווערן א מערקבארע געשעעניש אין דער ייִדישער קולטור.

עלווירע פאגעל

## בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען

אין אַפּרעל־נומער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן מיר פֿאַרעפֿנטלעכט די וועג־נאָטיצן פֿון גענאַדי עסטרײַך, וועלכער איז אין באַשטאַנד פֿון אַ ניט־פֿאָרמעלער גרופּע זשורנאַליסטן פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד בײַגעווען אין ירושלים אויף אַ צוזאַמענפֿאָר פֿון ייִדישע זשורנאַליסטן. האָגאַם ג. עסטרײַך איז אַ רעדאַקציע־מיטאַרבעטער פֿון אונדזער זשורנאַל, האָט ער ניט פֿאָרגעשטעלט אין דער דאָזיקער גרופּע די רעדאַקציע, און זײַן רײַזע איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פּריוואַטע. נאַטירלעך, אַז די שילדערונג פֿונעם צוזאַמענפֿאָר אין ג. עסטרײַכס נאָטיצן שפּיגלען אָפּ בלויז דעם אויטאָרס צוגאַנג, און איצט, לייענענדיק אין דער ישׂראלדיקער צײַטונג „דער וועג" אַן אַרטיקל אויף דער זעלבער טעמע, וואָס אַנטהאַלט סײַ אַ צוגאָבלעכע אינפֿאָרמאַציע, סײַ, ווי אונדז דוכט, אַן אַנדער באַלויכטונג, פֿאַרעפֿנטלעכן מיר אויך דאָס דאָזיקע אַרטיקל.

# קאָסטבאַרע און ביליקע פּראָפּאַגאַנדע

די פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטײלונג פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט לעצטנס דורכגעפֿירט אין ירושלים אַ צוזאַמענפֿאָר פֿון ייִדישע זשורנאַליסטן, צו וועלכן ס׳זײַנען געקומען 170 אָנטײלנעמער פֿון פֿאַרשידענע לענדער אין דער וועלט. ס׳זײַנען אויך געקומען ייִדישע זשורנאַליסטן פֿון די מיזרח־אייראָפּעישע לענדער און צווישן זיי 12 פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד. צום צוזאַמענפֿאָר איז ניט אײַנגעלאַדן געוואָרן דער פֿאַרבאַנד פֿון ייִדישע שרײַבער און זשורנאַליסטן פֿון ישׂראל. דאָס איז ניט קיין צופֿאַל. די פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטײלונג פֿון דער ציוניסטישער לייטונג האָט באַיקאָטירט דעם ייִדישן שרײַבער־פֿאַרבאַנד.

די פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטײלונג פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט מיט צוויי יאָר צוריק באַזײַטיקט דעם „וועלט־פֿאַרבאַנד פֿון ייִדישע זשורנאַליסטן" און צונויפֿגערופֿן אַ צוזאַמענפֿאָר פֿון ייִדישע זשורנאַליסטן אַלס טייל פֿון דער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע לויטן מוסטער פֿון דער אַמעריקאַנער פּראָפּאַגאַנדע. די גאַנצע פּובליקאַציע, די אײַנלאַדונגען, די פּראָגראַמען זײַנען געווען אין דער ענגלישער שפּראַך. אַפֿילו ניט אין איוורית. אויך די באַהאַנדלונגען אויפֿן צוזאַמענפֿאָר זײַנען געווען דעריקער אין דער ענגלישער שפּראַך. עס זײַנען געווען אויסנאַמען, צווישן אַנדערע די אַרויסטרעטונג פֿון אווראָם קוואַטערקאַ, שעף־רעדאַקטאָר פֿון דער „פֿאָלקס־שטימע" אין וואַרשע.

קאָנסטאַנטין גיבערט, דער פֿאַרטרעטער פֿון דער וואַרשעווער אויסגאַבע פֿון „סאָלידאַרנאָשטש", האָט באַצייכנט דעם צוזאַמענפֿאָר אַלס „אינטעליגענטע פּראָפּאַגאַנדע", צוגעבנדיק, אַז: „די אָנטײלנעמער אין דאָזיקן צוזאַמענפֿאָר, אַלע זשורנאַליסטן ווערן דורכגעדרונגען מיט פֿאַרדאַכט, ווען מע פֿאַשעט זיי מיט פּראָפּאַגאַנדע" און „וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט דאָס, ווען מע ברענגט פֿאַר זיי פּערעסן, אַרענסן, דיניצן, נאַטאַניאַהו, ווען דאָס אַלץ, וואָס איך הער פֿון זיי, זײַנען לאָזונגען" („דאַוואַר", 90.1.16).

פֿולקום ריכטיק. אויף צו הערן פּערעסן, שאַמירן און אַנדערע, און אַלץ איז קאָנצענטרירט אַרום דער פֿראַגע פֿון דער עליה פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד, דאַרף מען רופֿן אַ צוזאַמענפֿאָר קיין ישׂראל? דער פֿירנדיקער טוער פֿון דער סאָכנוט, מענדל קאַפּלאַן, האָט אויש פֿון יאָהאַנעסבורג טעלעפֿאָניש באַגריסט דעם צוזאַמענפֿאָר, אונטערשטרײַכנדיק, אַז אַלץ דאַרף זיך איצט קאָנצענטרירן אַרום דער פֿראַגע פֿון אויפֿנעמען די סאָוועטישע עליה!

איך וויל בשום־אופֿן ניט מינימיזירן די דאָזיקע פֿראַגע, וואָס איז טאַקע זייער וויכטיק, ס׳איז אָבער נייטיק אונטערצושטרײַכן מיט דער גאַנצער קראַפֿט, אַז בכדי צו קאָנען אויפֿנעמען און אײַנאָרדענען די אַרײַנקומענדיקע ייִדן, דאַרף מען ראַדיקאַל ענדערן די פּאָליטיק און דערפֿירן צו שאָלעם, בכדי צו קאָנען ווידמען די גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט און די רעסורסן

אף אופנעמען די ארײַנקומענדיקע. אין די טעג פונעם צוזאמענפאָר זײַנען פאָרגעקומען דעמאָנסטראציעס פון ארבעטער, מאָשאווניקעס און עס איז אויך געהערט געוואָרן דער לאָזונג — „ברויט און ארבעט!", פראָטעסטן קעגן שליסן דעם קאָנצערן „קור", אין וועלכן ס'זײַנען באשעפטיקט מער פון טויזנט ארבעטער. דערבײַ געפינען זיך די מערהײַט קיבוצים אפן ראנד פון א צוזאמענברוך. די ייִסראָעלדיקע אראבישע באפעלקערונג פירט א קאמף פאר אָפשאפן די דיסקרימינאציעס, פאר פולער גלײַכבארעכטיקונג. אין די טעג פונעם צוזאמענפאָר פון די זשורנאליסטן האָבן די אָקופאציע-קויכעס פארשטארקט די אקציע קעגן די פאלעסטינער אײַנוווינער אף די אָקופירטע געביטן, וואָס קעמפן קעגן דער אָקופאציע און פאר אײַנשטעלן א ייִסראָעל-פאלעסטינער שאָלעם. פונקט אין די זעלבע טעג זײַנען דורכגעגאן אימפאָזאנטע ייִסראָעל-פאלעסטינער שאָלעם-דעמאָנסטראציעס. דאָס אלץ איז פאָרגעקומען און קומט פאָר אין ייִסראָעל, אָבער וועגן דעם האָט מען ניט גערעדט אפן צוזאמענפאָר פון זשורנאליסטן.

אויב מע וואָלט געמיינט ערנסט וועגן באקענען די ייִדישע און ניט-ייִדישע עפנטלעכקײַט אף דער וועלט מיט די פראָבלעמען פון ייִסראָעל, וואָלט מען געדארפט אײַנלאדן צו אזא צוזאמענפאָר פאָרשטייער פון די אָרעמקײַט-שטעטלעך, פון מאָשאווים, פון די קיבוצים-באוועגונגען, וואָס קרעכצן אונטער דער שווערער לאסט פון כויועס, פאָרשטייער פון דער ייִסראָעלדיקער אראבישער באפעלקערונג, פאלעסטינער שאָלעם-טוער פון די אָקופירטע געביטן, פאָרשטייער פון דער ייִדיש-אראבישער שאָלעם-באוועגונג.

די זשורנאליסטן האָבן געמעגט זיך באקאנען מיט דער ייִסראָעל-ווירקלעכקײַט, אין וועלכער מע האלט אין טפיסע א ייִסראָעלדיקן שאָלעם-טוער פאר פירן שאָלעם-געשפרעכן מיט פאלעסטינער טוער. פאר דער זעלבער זינד איז באשטראָפט געוואָרן א מיניסטער, מע פירט א ווילדע העצע-אקציע קעגן פאלעסטינער שאָלעם-קעמפער.

די קאָסטבארע און ביליקע פראָפאגאנדע פון דער ציוניסטישער לייטונג איז ניט געבליבן אָן רעזולטאטן. אפילע דער פאָלקס-דעפוטאט פונעם סאָוועטישן פארלאמענט אין ביראָבידזשאן, לעאָן שקאָלניק, האָט דערקלערט (לויט „האארעץ", 90.1.12), אז אין רעזולטאט פון זײַן באזוך אין ייִסראָעל האָט ער זיך איבערצײַגט, אז די פראגע פון אליִא איז אין צענטער פון דער פארינטערעסירונג פון דער ייִסראָעל-געזעלשאפט און פונעם ייִדישן פאָלק, און ער האָט צוגעזאָגט אלץ צו טאָן, ביכדיי „צוײַלן דעם עמיגראציע-געזעץ אין סאָוועטנפארבאנד". ניט די פראגע פון שאָלעם, ניט די פראגע פון דער אָקופאציע, ניט די פראגע פון דער גרויסער ארבעטסלאָזיקײַט, פון שווערן קריזיס, נאָר די פראגע פון אליִא...

מיט רעכט האָט דער פארבאנד פון ייִדישע זשורנאליסטן פראָטעסטירט קעגן פארקריפלען דעם אויפן פון צונויפרופן א קאָסטבארן צוזאמענפאָר, וואָס האָט אין ייִסראָעל ניט געהאט קיין שום אָפקלאנג. ס'איז א גרויסער צווייפל, צי דער צוזאמענפאָר פון ביליקער פראָפאגאנדע האָט געהאט וועלכן-ס'איז אָפקלאנג אף דער וועלט.

דעם אויפן פון אָרגאניזירן דעם צוזאמענפאָר קאָן כאראקטעריזירן דער פאקט, אז מע האָט אזוי אויסגעארבעט די פראָגראמען, אז די געקומענע זשורנאליסטן זאָלן ניט האָבן קיין מעגלעכקײַט צו באזוכן צווישן אנדערע דאָס „לייוויק-הויז", דעם „בייס שאָלעם-אלייכעם", די פארלאגן פון ייִדישע ביכער און דערבײַ האָבן א מעגלעכקײַט זיך צו באגעגענען מיט ייִסראָעלדיקע ייִדישע שרײַבער און זשורנאליסטן.

י ו ד ל א מ ע ד

(„דער וועג")

# קעדײַ א פּרווו טאָן צו דעריידן זיך

אין יִשׂראָעל קען מען גוט דעם אַקטיוון אָנהענגער פֿאַר דערגרייכן א קאָמפּראָמיס מיט די אַראַבער דעם 62־יאָריקן אַבי נאַטאַן. געבוירן איז ער אין איראַן, זיך דערצויגן אין אינדיע, קיין יִשׂראָעל געקומען ערעוו דער פּראָקלאַמירונג פֿון דער מעדינע. אין לעצטן פֿערטל פֿונעם יאָרהונדערט האָט ער אויף אייגענער אַכרײַעס געפֿירט א קאַמפּאַניע פֿאַר דירעקטע אונטערהאַנדלונגען צווישן די יִשׂרעיילים און די אַראַבער. ניט לאַנג צוריק האָט מען אים, נאָך זײַנע עטלעכע טרעפֿונגען מיט יאַסיר אַראַפֿאַטן, פֿאַרמישפּעט אויף זעקס כאָדאָשים טפֿיסע. ווען מע האָט אים אויף א קורצער צײַט אָפּגעלאָזט אויף דער פֿרײַ, האָט זיך מיט אים באַגעגנט דער אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט טעאָדאָר סטאַנגער.

פֿראַגע: אין העסקעם מיט וועלכן געזעץ האָט מען אײַך אַרײַנגעזעצט אין טפֿיסע?

ענטפֿער: דער געזעץ איז ניט קיין דעמאָקראַטישער. עטלעכע מאָל האָב איך זיך געטראָפֿן מיט אַראַפֿאַטן, ווײַל איך זע ניט קיין אַנדער אויסוועג, אויסער אונטערהאַנדלונגען מיט דער אָרגאַניזאַציע פֿאַר באַפֿרײַען פּאַלעסטינע בא איין טיש. כ'האָב ספּעציעל זיך באַגעגנט מיט אַראַפֿאַטן, קעדיי אויווער זײַן אויף דעם דאָזיקן געזעץ. אין דער מעדינע עקזיסטירט א קאָנסענסוס איבער דער פֿראַגע וועגן דעם, אַז אינעם געזעץ דאַרפֿן אַרײַנגעטראָגן ווערן אויסבעסערונגען: מע טאָר ניט פֿאַרבאָטן מענטשן צו ריידן וועגן דערגרייכן א שאָלעם.

פֿראַגע: צי האָט איר זיך געכידעשט, ווען מע האָט אײַך געשטעלט פֿאַרן געריכט און פֿאַרמישפּעט צו טפֿיסע?

ענטפֿער: לאַכלוטן ניט. איך בין שוין געזעסן אין טורמע פּונקט לויט אַזא באַשולדיקונג אין 1968 — פֿאַר דעם, וואָס איך בין געפֿאָרן קיין עגיפּעט. דעמאָלט האָב איך זיך געפֿונען אין דער יִשׂראָעלדיקער טורמע 40 טעג.

פֿראַגע: צי האָט איר עפּעס־וואָס זיך דערשלאָגן, פֿאַרורטיילנדיק זיך אַליין אויף טורמע?

ענטפֿער: דאָס העלפֿט מיט דערצו, אַז די פֿראַגע ווערט אַרויסגעטראָגן אויף א ברייטער באַהאַנדלונג אינעם לאַנד. הײַנט איז פֿאַר א סאַך מענטשן קלאָר, אַז דעם דאָזיקן געזעץ קאָן מען נישט ניט אויווער זײַן. און ס'האָט זיך פֿאַרגרעסערט די צאָל מענטשן, וואָס האַלטן, אַז מיר דאַרפֿן פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיט דער אָרגאַניזאַציע פֿאַר באַפֿרײַען פּאַלעסטינע, פֿיל מער, איידער ווען־עס־איז פֿריִער. אַלע ווייסן דאָך, אַז מיר פֿירן שוין איצט אונטערהאַנדלונגען מיט אָט דער אָרגאַניזאַציע, האַגאַם דורך א פֿאַרמיטלער, דאָס הייסט דורך די אַמעריקאַנער. בא עמעצן אין דער אָנפֿירונג דאַרף סטײַען דרייסטקײַט צו זאָגן: „לאָמיר אָפּשטעלן די שפּיל אין באַהעלטערלעך. לאָמיר זיך טרעפֿן אָן פֿאַרמיטלער".

פֿראַגע: אין רעזולטאַט פֿון די טרעפֿונגען מיט אַראַפֿאַטן האָט איר זיך דערשלאָגן פֿון אים וועלכע־ניט־איז האַנאָכעס?

ענטפֿער: ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען אויף א טרעפֿונג מיט אים, האָב איך געהאַט א רעשימע מיט פֿאָדערונגען. איך האָב געפֿילט, אַז ער וועט זיי אָננעמען. לעמאָשל, אָנערקענען יִשׂראָעל. זײַנע אַדיוטאַנטן האָבן דערקלערט, אַז פֿון מײַן זײַט איז עס אָן אומזין, אַז ער וועט אויף דעם קיינמאָל ניט אײַנגיין. ער איז אָבער מאַסקים געווען. יעדעס מאָל האָב איך בייס א טרעפֿונג מיט אים זיך געווענדט מיט נײַע און נײַע באַקאָשעס, און ער איז מאַסקים געווען. איך שטעל זיך אַפֿילע ניט פֿאָר, וואָס איך וואָלט איצט געקאָנט נאָך בעטן...

פֿראַגע: די שאַמיר־רעגירונג באַשולדיקט אַראַפֿאַטן אין צווייפּנעמדיקײַט[1]. איר זײַט מאַסקים דערמיט?

ענטפֿער: לאָמיר אים א קאָנטראָליר טאָן. פֿאַרוואָס ניט פּרווון? אין דער געשיכטע זײַנען געווען ניט ווייניק בײַשפּילן, ווען מע איז מיטן קעגנער אײַנגעגאַן אויף אונטערהאַנדלונגען.

פֿראַגע: צי באַקומט אין יִשׂראָעל גופֿע אָן אונטערשטיצונג די אידיי וועגן א דירעקטן דיאַלאָג מיט דער אָרגאַניזאַציע פֿאַר באַפֿרײַען פּאַלעסטינע?

ענטפֿער: הײַנט איז די מערהײַט יִשׂרעיילים מאַסקים מיט דעם, אַז עס איז געקומען די צײַט אָנצוהייבן אונטערהאַנדלונגען מיט דער

[1] דער שמועס איז פֿאָרגעקומען אין דער צײַט, ווען פּרעמיער־מיניסטער פֿון יִשׂראָעל איז געווען דער לידער פֿונעם „ליקוד" יִצכאַק שאַמיר.

אָרגאַניזאַציע פאַר באַפרײַען פּאַלעסטינע. אפילע די מיטגלידער פון דער קנעסעט פונעם בלאָק „ליקוד“, מיט וועלכע ס'איז מיר אויסגעקומען צו שמועסן, זײַנען אויך מאַסקים. אָבער אָפן דערקלערן זיי ניט וועגן דעם, ווײַל מע וואָלט זיי אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי.

פראַגע: פיל ייִסרעיילים האָבן, קענטיק, מוירע, אַז אונטערהאַנדלונגען מיט דער אָרגאַניזאַציע פאַר באַפרײַען פּאַלעסטינע קאָן דערפירן צו אַן אויסבילדונג פון אַ פּאַלעסטינער מעלוכע?

ענטפער: פּאָליטישע טוער ריידן וועגן אַן ערנסטער סאַקאָנע, וועלכע עס שטעלט מיט זיך פאָר די אויסבילדונג פון אַ פּאַלעסטינער מעדינע. קיינער אָבער זאָגט ניט, אין וואָס עס באַשטייט די דאָזיקע סאַקאָנע. צי קאָנען די פּאַלעסטינער אָנפאַלן אויף אונדז, נישט האָבנדיק ניט קיין אַרמיי, ניט קיין טאַנקען, ניט קיין עראָפּלאַנען, שאַפנדיק אפילע אַ מעלוכע? וואָס קאָנען זיי אונדז טאָן, אויב מיר זײַנען גרייט צו אַ געראַנגל מיט די סיריער, וועלכע פאַרמאָגן דרײַ טויזנט טאַנקען, און אפילע מיט אַן אַנדער באַליביקן קעגנער? ניט ריידנדיק שוין פון דעם, אַז מיר פאַרמאָגן אַן אַטאָם-באָמבע. דאָס אַלץ איז לעכערלעך. די ייִסראָעלדיקע לידערס דאַרפן זײַן אָפנהאַרציק און זיך מוידע זײַן, אַז די עכטע סיבע איז די קאַוואָנע צו פאַרברייטערן זייער טעריטאָריע. אַלדאָס איבעריקע איז אַ ליגן, און וועגן דעם דאַרף מען זאָגן אָפן.

פראַגע: צי אַרבעט די צײַט לטויוועס ייִסראָעל איצט, ווען די גאַנצע אויפמערקזאַמקײַט איז קאָנצענטרירט אויף די געשעענישן אין מיזרעך-אייראָפּע?

ענטפער: אייניקע טראַכטן טאַקע אַזוי. אָבער דעם פאָלק פון ייִסראָעל קומט איצט אויס צו צאָלן אַ טאָפּלטע פרײַז. וויאַזוי זעט איצט אויס אונדזער מאָראַל? וואָס קומט פאָר מיט אונדזערע סאָלדאַטן, וואָס ריזיקירן מיטן לעבן? וואָס קאָן מען זאָגן וועגן דער ציווילער באַפעלקערונג, וועלכע לעבט אין שטענדיקן אומרו? הײַנט, ווען אין אונדזער מעדינע קומען צו פאָרן טויזנטער נײַע אימיגראַנטן, ווען מיר שטויסן זיך אָן אין ערנסטע פּראָבלעמען פון פּאַרנומענקײַט, וואָלטן אונדזערע אָנפירער געדאַרפט אַ טראַכט טאָן וועגן דעם און ענדערן די זאַכלאַגע. די צײַט אַרבעט ניט אויף אונדז. איך ווייס, אַז די פּאַלעסטינער זײַנען נאָענט צו פאַרצווייפלונג. אין איין שיינעם טאָג וועלן זיי זיך נעמען פאַרן געווער. דעמאָלט וועט ייִסראָעל זיך נעמען צו מאַכן מיט זיי אַ סאָף. אַזוינס קאָן טרעפן אין אַ באַליביקער צײַט. די רעאַקציע איז שווער פאָרויסצוזאָגן: דער שאָלעם מיט עגיפּטע וואָלט געשטעלט געוואָרן אונטער אַ פראַגעצייכן, די אַראַבער — בירגער פון ייִסראָעל וואָלטן אָנגעהויבן זייער אייגענעם אויפשטאַנד.

פראַגע: איר האַלט, אַז פיל ייִסרעיילים זײַנען מאַסקים מיט אײַך. פונדעסטוועגן אָבער בלײַבט די באַוועגונג פון שאָלעם-אָנהענגער אַ שוואַכע. צי איז דאָס ניט אַזוי?

ענטפער: צום באַדויערן, איז די באַוועגונג פון שאָלעם-אָנהענגער סײַ אין ייִסראָעל, סײַ אין דער גאָרער וועלט ניט פאַראייניקט. פאַרשיידענע גרופּעס שאָלעם-קעמפער טרעטן אַרויס צעשפּליטערט, אפילע ווען די צילן און שטרעבונגען זייערע זײַנען אַלציינע. אין דעם שטעקט די גאַנצע טראַגעדיע.



# אין כארקאוו — לייענער-קלוב פון „סאוועטיש היימלאנד"

א גרופע כארקאווער אײַנוווינער — ליבהאבער פון ייִדישער ליטעראטור לייענער, פון „סאוועטיש היימלאנד" — האבן ארגאניזירט א קלוב, וועמענס הויפט-ציל איז פאפוליאריזירן און פארשפרייטן דעם זשורנאל, געניסן פון זײַנע קינסטלערישע אוצרעס. זעלבסטפארשטענדלעך, אז אין ברייטן אספעקט האבן די מיטגלידער פונעם קלוב בעדייע מיטצווווירקן דער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער קולטור און ליטעראטור. אינעם קלוב זײַנען שוין טעטיק גרופעס פאר דערלערנען ייִדיש און איוורית. פאראן א קרײַזל פון וועלטלעכע ייִדן פונעם עלטערן און ייִנגערן דאר, וואס פארנעמט זיך מיט פראגן בעשײַכעס צו אונדזער וועלטאנשויונג. האלטנדיק זיך פאר איבערצײַגטע אטעיִסטן און בא די פרינציפן פונעם דיִאלעקטישן מאטעריִאליזם, דיסקוטירן די מיטגלידער פון אט דעם קרײַזל מיט די גלויביקע ייִדן וועגן גאט, רעליגיע, עמונע, מאראל, ייִדישע נאציִאנאלע ווערטן. עס קלײַבט זיך צונויף א קרײַזל אף צו רעגולער באהאנדלען די ווערק, וועלכע באווײַזן זיך אין דעם זשורנאל „סאוועטיש היימלאנד".

דער קלוב האט זיך פארייניקט צו דער ווענדונג, וועלכע איז געווען אפגעדרוקט אינעם 2 (9) נומער פון דער כוידעש-שריפט „סאווערשענא סעקרעטנא" („פולקום געהיים"), וועלכע עס גיט ארויס די געזעלשאפטלעכע פארלעגערישע אינסטיטוציע אונטער דער אנפירונג פונעם באוווסטן רוסישן שריפטשטעלער יוליִאן סעמיאנאוו. אין דער ווענדונג גייט א רייד וועגן פארזעצן די טראדיציעס פון די אמאליקע אנטיפאשיסטישע קאמיטעטן, צווישן זיי — פונעם ייִדישן אנטיפאשיסטישן קאמיטעט. דער קלוב ארבעט איצט פאנאנדער די אויפאנים און מיטלען, מיט וועלכע ער וועט קאנען נעמען אן אקטיוון אנטייל אין דעם איניִען.

פארן קלוב האט מען געפונען א מאקעםמיקלעט אין דעם געוועזענעם הויז פון פאליט-בילדונג.

לעצטנס האט דער קלוב צונויפגערופן א פארזאמלונג פון די לייענער פונעם זשורנאל, אף וועלכער עס זײַנען בײַגעווען אויך אנדערע מענטשן, וועלכע אינטערעסירן זיך מיט דער ייִדישער קולטור. עס האבן אונדז געהאלפן דער געגנטלעכער אפטייל פונעם אוקראַיִנישן קולטור-פאנד, די געגנטלעכע ארגאניזאציע פונעם אוקראַיִנישן שרײַבער-פארבאנד און די רעדאקציע פון דעם זשורנאל „פראפאר". די פארשטייער פון אט די ארגאניזאציעס האבן גענומען אן אנטייל אין די באהאנדלונגען. מיט דער פארזאמלונג, אף וועלכער ס'זײַנען בײַגעווען ארום נײַנציק מענטשן, האט אנגעפירט דער פארזיצער פונעם קלוב מ. אי. אווערבוך.

צוויי לייענער פון „סאוועטיש היימלאנד", אנטיילנעמער פון דער אלפארבאנדישער לייענער-קאנפערענץ, וועלכע איז פארגעקומען אין מאסקווע דעם 21 סענטיאבער פאריקס יאר, האבן מיטגעטיילט וועגן די ערשטע טריט פון דער ייִדישער קולטור-געזעלשאפט פון סאוועטנפארבאנד. עס זײַנען ארויסגעטראטן עלף לייענער, וועלכע האבן הייס באהאנדלט, וויִאזוי דערמונטערן און אופלעבן די ייִדישע שפראך אין אונדזער סוויווע, און האבן אונטערגעהאלטן אין דעם פראט די איניציִאטיוון פון דער רעדאקציע.

באזונדערס אקטיוו און הייס האט די פארזאמלונג געפאדערט, אז מע דארף: 1) שאפן א מעלוכישן ייִדישן מוזיי; 2) ווידערופשטעלן אין מאסקווע דעם מעלוכישן ייִדישן טעאטער; 3) גרינדן א צענטראלע ייִדישע צײַטונג; 4) ארויסגעבן אין א גענוגנדיקער צאל ייִדישע לערן-ליטעראטור; 5) ארגאניזירן א גרעסערע צאל קורסן צו דערלערנען ייִדיש און איוורית.

די פארזאמלונג האט זיך פארענדיקט מיט א קאנצערט פון ייִדישער זעלבסטעטיקײַט.

א ד ע ק ס א נ ד ע ר  ד א ל נ י ק א ו ו




שימען דובנאָוו

# די רוימישע מעמשאָלע און דער אונטערגאַנג פֿון דער ייִדישער מעלוכע

## 7.3 אגריפּאס II און דער קאַמף פֿון די פּאַרטייען

אַז דער סירישער אויבער-פּאַרוואַלטער קיסטיוס גאַלוס איז געוווּיר געוואָרן וועגן די געשעענישן אין ירושאָלאַיִם, האָט ער געשיקט אַהין זײַנעם אַ באַאַמטן, דעם טריבון נעאַפּאָליטאַנוסן, ביכדיי צו דערגיין, ווי האַלט עס מיט דער אופגערודערטער הויפּט-שטאָט. אונטערוועגס, ניט ווײַט פֿון יאַווּנע, האָט נעאַפּאָליטאַנוס זיך צונויפגעטראָפֿן מיטן קיניג אגריפּאַס II, וואָס איז געקומען צוריק פֿון אַלעקסאַנדריִאַ, און אײנײנעם האָבן זיי ווײַטער געריַזט קיין ירושאָלאַיִם. דאָ האָט דער מוראָשע פֿונעם פּאַרוואַלטער זיך איבערציַיגט, אַז די אײַנוווינער זײַנען אופגערעגט ניט אַזוי קעגן דער רוימישער אויבערהערשאַפט בִּיכלאַל, ווי קעגן דעם אַכזאָריעסדיקן פֿלאָרוסן, און באַרויִקט דורך דעם, איז ער צוריק אַוועק צו קיסטיוס גאַלוסן.

אַז דאָס פֿאָלק האָט דערזען, אַז מיצאַד דעם סירישן פּאַרוואַלטער קאָן מען זיך אַף שוץ ניט ריכטן, איז עס צוגעשטאַנען צום קיניג אגריפּאַס מיט דער פֿאָדערונג, ער זאָל שיקן אַ דעפּוטאַציע קיין רוים צום קייסער נעראָן, ביכדיי צו פּראָטעסטירן קעגן פֿלאָרוסעס מעַנוולדיקע מײַסים. הינטער די דאָזיקע אָנהענגער פֿון אַ לעגאַלן פּראָטעסט איז געשטאַנען די רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי, וואָס האָט אײַנגעזען אַ רעטונג בלויז אין אַן אָרגאַניזירטן אופשטאַנד.

די דאָזיקע פּאַרטיי האָט דער רוימישער טריבון, וואָס קיסטיוס האָט געשיקט, געקאָנט ניט באַמערקן, אגריפּאַס אָבער האָט געוווּסט איר קראַפט און ווירקונג. אגריפּאַס, וואָס איז געווען אַן אונטערטעניקער וואַסאַל פֿון רוים און האָט גערעכנט נעראָנען פֿאַר זײַן באַלטויווע, האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון צוצושטיין צו די פּראָטעסטאַנטן, מאַכמעס ער האָט מוירע געהאַט, טאָמער וועט מען אין רוים קוקן אַף אים, ווי אַף אַן אָנהענגער פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער אָפּאָזיציע. אים, וואָס איז געווען אַרײַנגעטאָן רוישוי ווערויבוי אין דער רוימישער קולטור און אָפּגעפרעמדט פֿון זײַן אייגענער נאַציע, זײַנען אויסגעקומען אומזיניק און געפֿערלעך אַלע די דאָזיקע שטרעבונגען פֿון די פּאַטריאָטן צו פֿאַרטיידיקן דעם קאָוועד און פֿרײַהייט פֿון פֿאָטערלאַנד. ער האָט געקאָנט געבן דעם אופגעבראַכטן פֿאָלק נאָר איין אייצע: איבערטראָגן בעהאַכנאָע דעם יאָך פֿון דעם גרויסן, אומבאַזיגלעכן רוים, און צופֿרידנשטעלן זיך מיט אָט דעם קליינעם ברעקל פֿון אויטאָנאָמיע, וועלכע דער אויבערהאַר אין זײַן לײַטזעליקײַט טוט שענקען דער אונטערטעניקער נאַציע. דעם דאָזיקן געדאַנק האָט

---

פֿאַרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 1—5, 1900.

אגריפאס ארויסגעזאָגט אף א פאַלקס־פאַרזאמלונג, אין א לאַנגער רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אַפן פּלאַץ קסיסטוס, פאַרן פּאַלאַץ פון די האשמאָנאים.[1]

דער זין פון אגריפּאסעס שיינע ווערטער איז געווען פאַלגנדער. מע מוז זיך בייגן פאַר דער גרויסקייט פון רוים, וואָס באהערשט די וועלט; די ייִדישע נאַציע, וויבאַלד אַז זי האָט אָנגעווירן איר זעלבשטענדיקייט, מוז זיך צופרידנשטעלן מיט איטלעכער לאַגע, וואָס איז געדרונגען פונעם דאָזיקן אָנווער; ס'איז אומזיניק אופצוהייבן דאָס געווער קעגן אויבערהאַר, וואָס עס איז ניט מעגלעך אים מענאַצייעך צו זײַן. ס'האָט קיין זין ניט אופצוהייבן א מערידע קעגן דער העכסטער מאַכט איבער די אכזאָריִעסדיקע מײַסים פון דעם אָדער יענעם פּראָקוראַטאָר, וואָרעם „די לאַגע פון אונטערטעניקייט איז פאַר א נאַציע שווער אריבערצוטראָגן אַפילע אונטער ווייכהארציקע פאַרוואַלטער", אָבער שטרעבן צו פּאָליטישער פרײַהייט איז איצט צו שפּעט; מע האָט באַדאַרפט דערפאַר קעמפן פריִער, בעשאַס עס איז געקומען דער ערשטער רוימישער דעראָבערער פּאָמפּיוס. נאָר וויבאַלד מע האָט זיך אונטערגעגעבן פרעמדע, בלײַבט איבער מער ניט אריבערצוטראָגן בעהאַכנאָע זייער מעמשאָלע, אַפילע בא א שלעכטער פאַרוואַלטונג. „קיין זאַך שוואַכט ניט אָפּ אזוי דעם קלאַפּ, ווי דאָס פאַרשטיין אים אריבערצוטראָגן; דאָס געדולד פון די באַליידיקטע מאַכט ווייכער די הערצער פון די באַליידיקער".

יאָ, און צי דען איז נאָר יעהודע אליין אונטערטעניק רוים? פאַר איר האָבן אײַנגעבויגן די שטאָלצע קעפּ די העלענען, „די איידלסטע נאַציע אף דער ערד". די אייניקלעך פון די געבילדעטע אטענער און פון די קריגערישע לאַקעדעמאָניער ציטערן פאַר די ליקטאָרן־ריטלעך[2] פון די רוימישע קאָנסולן. פינף הונדערט שטעט פון אזיע צאָלן באשיידן צינש דער באהערשערן פון דער וועלט. די רוימישע גאַרניזאָנען האַלטן אײַן אין אָרדענונג מיליאָנען מענטשן, וואָס וווינען אף די ברעגן פון דונײַ, ריין און פון יאם אוקונוס, הינטער די הערקולעס־זײַלן, אינמיטן די אַלפּן און פּירענייען־בערג, מענטשן פון די קריגערישע שוואָטים טראַקער, דאַקער, איבעריער, גאַליער, גערמאַנען און בריטאַניער. „מער ניט איר אליין, — רופט אויס אגריפּאס, באַגײַסטערט פון זײַן רוימישן פּאַטריִאָטיזם, — האַלט פאַר א ביזאָיען זיך אונטערצוגעבן דעם יעניקן, וואָס בא זײַנע פיס ליגט די גאַנצע וועלט. נאָר ווו איז אײַער כאַיִל, וואָס פאַר א געווער פליסט אײַך אײַן אַזאַ אײַנגלויביקייט אין זיך? ווו איז אײַער פלאָט, וואָס באַדאַרף פאַרנעמען די רוימישע יאַמען?.. גיט א קוק אף די מויערן פון די בריטאַניער, — איר, וואָס פאַרלאָזט זיך אף די מויערן פון יערושאָלאַיִם! די בריטאַניער זײַנען ארומגערינגלט פונעם יאַם־אוקרונוס און זיצן אף אן אינדזל, וואָס איז ניט קלענער פון אונדזער לאַנד, — און פונדעסטוועגן, אַז די רוימער זײַנען געקומען צו פאָרן אהין, האָבן זיי זיי אונטערטעניק געמאַכט, און פיר לעגיאָנען היטן דאָס דאָזיקע גרויסע אינדזל".

ווײַטער האָט דער רעדנער באַוויזן, אז די אָנהענגער פון דער מערידע קאָנען אויך ניט האָפן אף גאָטס הילף אין דער מילכאָמע, וואָרעם ווער, אויב ניט גאָט, האָט געגעבן די רוימער די מעמשאָלע איבער דער וועלט? ווילנדיק ווירקן אף דער פרומקייט פון זײַנע צוהערער, האָט אגריפּאס זיי דערמאָנט, אז בעשאַס דער מילכאָמע וועט זיי אויסקומען אויווער צו זײַן אף א סאַך גאָטס געבאָטן, לעמאָשל, זיי וועלן מוזן זיך שלאָגן אום שאַבעס.

„בעכיין, אויב בא אײַך איז ניטאָ קיין האָפענונג ניט אף גאָט און ניט אף מענטשלעכער הילף, הייסט עס, אז איר שטרעבט צו א זיכערן אונטערגאַנג. דעריבער איז פאַרוואָס זאָלט איר ניט מיט אײַערע אייגענע הענט טייטן אײַערע ווײַבער און קינדער און אונטערצינדן די הויפּט־שטאָט? איר וואָלט, פאַרשטייט זיך, געטאָן ווי מעשוגאָיִם, נאָר דערפאַר

---

[1] ניט אזוי ווי א סאַך אנדערע רעדעס, וואָס יויסעף פלאַוויִוס האָט זיי אויסגעטראַכט פון זײַן קאָפּ, לויטן מינהעג פון די דעמלטיקע היסטאָריקער־ריטאָרן, איז די דאָזיקע רעדע אגריפּאסעס מאַשמאָעס אן עמעסער פאַקט, און ניט בלויז אן אויסגעטראַכטע מײַסע. יויסעף האָט געקאָנט, ווי זײַן אוודע איז שטענדיק, איבערגעבן די דאָזיקע רעדע אזוי, אז זי זאָל אויסדריקן זײַנע אייגענע פּאָליטישע אָנשויונגען. אָבער אז מע נעמט אין באַטראַכט, אז דער מעכאַבער פון די „ייִדישע מילכאָמעס" האָט געלעבט אין איין צײַט מיט אגריפּאס II און איז געווען זײַן פּאָליטישער געזינונגס־כאַווער, קאָן מען זײַן זיכער, אז אויב ניט די פאָרם, איז אָבער דעם זין, דעם טאָך פון אגריפּאסעס עפנטלעכער רעדע האָט יויסעף איבערגעגעבן לעפיִרעך געענוי. דעריבער האָט אויך דער הײַנטיקער היסטאָריקער, וואָס שטייט אף א וויסנשאַפטלעכן יעסאָד, דאָס רעכט צו באַניצן דעם אלגעמיינעם טיקן פון דער דאָזיקער רעדע, ביכדיי צו כאַראַקטעריזירן די אָנשויונגען פון דער גאַנצער פּאַרטיי רוידעפשאָלעמניקעס, רוימער־פרײַנט (מע באַדאַרף זיי ניט צונויפמישן מיט די רוידעפשאָלעמניקעס־פּאַטריִאָטן צווישן די מעסיקע פּרושים), וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו די הורדיִאַנער און וואָס זייער מייליך־יוישער איז שפּעטער נאָך זײַן „בגידע" געוואָרן יויסעף פלאַוויִוס.

[2] די בינטלעך ריטלעך, וואָס אין זיי האָט געשטעקט א האַק (פאַסצעס), האָבן געדינט אין רוים פאַר א סימבאָל פון דער רעגירנדער מאַכט. די העכערע באַאַמטע פלעגן זײַן ארומגערינגלט מיט א באַשטימטער צאָל ליקטאָרן, וואָס פלעגן טראָגן פאַר זיי די דאָזיקע פאַסצעס.

װאָלט איר אױסגעמיטן דעם ביזאָיען פֿון פֿאַלן... װאָרעם די רױמער, נאָכדעם װי זײ װעלן אײַך מענאַצײיער זײַן, װעלן מאַכן צו אַש די הײליקע שטאָט און אױסמעקן אײַער זכר פֿון דער ערד. דער אונטערגאַנג װעט טרעפֿן ניט בלױז די היגע, נאָר אױך די פֿרעמדע ייִדן, װאָרעם ס'איז ניטאָ קײן מדינה אױף דער ערד, װוּ עס זאָל ניט לעבן אַ טײל פֿון אײַער פֿאָלק: זײ אַלעמען װעט דער סונא פֿאַרטיליקן איבער אײַער מורדיע".

„האָט זשע רחמנות, — האָט דער אָראַטאָר געענדיקט פּאַטעטיש, — אױב ניט אױף אײַערע װײַבער און קינדער, איז לעכל־האפּאָכעס אױף דער דאָזיקער מוטער פֿון אַלע שטעט און אױפֿן הײליקן היכל! שױנט דעם דאָזיקן בית־המיקדעש מיט זײַנע הײליקטימער! װאָרעם אױך זײ װעלן די רױמישע זיגער ניט שױנען, נאָכדעם װי איר װעט זײ אָפּצאָלן מיט אומדאַנקבאַרקײַט פֿאַר זײער פֿרידערדיקער גוטסקײַט. איך רוף אָן פֿאַר אײדעס אײַערע הײליקטימער און גאָטס הײליקע מלאָכים און אונדזער אַלעמענס געבױרן־לאַנד, אַז איך האָב גאָרנישט ניט דורכגעלאָזט, װאָס איך האָב געקאָנט טאָן צוליב אײַער רעטונג. אױב איר װעט איצט טאָן, װי עס געהער צו זײַן, דעמאָלט װעט איר אײנײנעם מיט מיר געניסן אַלע װױלטיקן פֿון שאָלעם. טאָמער זשע װעט איר זיך אונטערגעבן דעם געפֿיל פֿון קאַס, דעמאָלט װעט איר שױן מוזן אױסשטײן די סאַקאָנע אָן מיר!"

אַז דער קיניג האָט געענדיקט די דאָזיקע רעדע, האָט ער זיך פֿאַנאַנדערגעװײנט; ס'האָט געװײנט אױך זײַן שװעסטער בערעניקע, װאָס איז געשטאַנען נעבן אים. דאָס פֿאָלק איז געװען גערירט. דער אינסטינקט פֿון זעלבסט־אײַנהיטונג האָט אױף אַ געװיסער צײַט גױװער געװען דעם געפֿיל פֿון נאַציאָנאַלער װירדע; די טײַנעס פֿון פּראַקטישער פֿאַרשטענדיקײַט האָבן פֿאַרשטיקט די באַגײַסטערונג פֿון דער נאַציע, װאָס איז געװען גרײט אױפֿצושטײן קעגן אירע אונטערדריקער. ס'האָבן זיך געהערט שטימען, אַז דאָס פֿאָלק װיל קעמפֿן ניט מיט די רױמער, נאָר מיט פֿלאָרוסן.

דערױף האָט אַגריפּאַס געענטפֿערט: „אָבער איר זײַט דאָך שױן אױפֿגעשטאַנען קעגן די רױמער, װײַבאַלד איר האָט ניט געצאָלט קײן צינש דעם קײסער און צעשטערט די גאַלעריעס פֿון דער פֿעסטונג אַנטאָניאַ. בכדי אָפּצװואַרפֿן פֿון זיך די באַשולדיקונג און אַ מרידע, באַדאַרפֿט איר טײקעף אױסבױען װידער די גאַלערײעס און אַרײַנטראָגן די אָפּצאָלונגען". דאָס פֿאָלק האָט געפֿאָלגט דער דאָזיקער אײצע און איז אומגעזאַמט צוגעטראָטן צו בױען די גאַלערײעס, און די עלטסטע האָבן גיך צונױפֿגעקליבן דעם צינש פֿאַרן קײסער.

נאָר אַגריפּאַסן זײַנען ניט געװען גענוג די האַנאָכעס, װאָס זײַנען שױן געמאַכט געװאָרן. ער האָט געפֿאָדערט בײַ די ירושלאַימער נאָך װײַטערדיקע שריט, װײַל ער איז דעם קײסערס פֿאַרשטײער. נאָר דורך דעם האָט דער קיניג לאַכלוטן איבערגעפֿירט דעם גאַנצן עפֿעקט פֿון זײַן רעדע. ער האָט אָנגערירט דאָס װײטיקדיקע אָרט פֿונעם פֿאָלקס נעשאָמע און האָט אַרױסגערופֿן אַן אַלגעמײנעם צאָרן־געשרײ. אױף אַגריפּאַסן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן זידלערײַען און סטראַשונקעס; מע האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האָט געמאַכט יאַדאַכאַס מיטן פֿאַרהאַסטן פּראָקוראַטאָר. לענגער צו בלײַבן אין ירושלאַים איז געװען פֿאַרן קיניג אַ סאַקאָנע; דעריבער האָט ער פֿאַרלאָזט די אױפֿגערודערטע הױפּט־שטאָט און איז אַװעק אין זײַן קיניגרײַך.

איצט איז אױך פֿאַר אַ סך פֿון די, װאָס האָבן זיך געשאָקלט אין דער דײע, קלאָר געװאָרן, אַז מע קאָן ניט אָפּטײלן דעם פּראָקוראַטאָר פֿונעם קײסער, אַז די װאָרצלען פֿונעם פֿאָלקס צאָרעס ליגן טיפֿער, אין דעם עצם פּאַקט פֿון דער רױמישער אױבער־הערשאַפֿט. די רעװאָליוציאָנערע אידײ איז װידעראַמאָל אַרױפֿגעשװוּמען אױבנאױף. צו דער פּאַרטײ פֿון די מורדים אָדער „קאַנאָים" איז אַריבער אײנער פֿון די פֿאָרשטײער פֿון דער העכסטער ירושלאַימער אַריסטאָקראַטיע, דער יונגער עליעזער בען כאַנינע (ער איז עפּשער געװען אַ זון פֿונעם אױבנדערמאָנטן אומסימפּאַטישן קױהען־גאָדל כאַנינע).

לױט עליעזערס פֿאָרשלאָג האָט די פּאַרטײ קאַנאָים אָנגענומען אַ דרײסטן באַשלוס: אױפֿצוהערן ברענגען אין בית־המיקדעש די קאָרבאָנעס לעקאָװעד דעם רױמישן קײסער און בכלל ניט צו נעמען מער קײן קאָרבאָנעס פֿון ניט־ייִדן. דאָס איז געװען אַ שאַרפֿע דעמאָנסטראַציע קעגן דער רױמישער אױבער־הערשאַפֿט, אַ מין קריגס־דערקלערונג אין אַ טעאָקראַטישער פֿאָרם. אומזיסט האָבן די אָפּיצעלע פֿאָרשטײער פֿון דער געזעלשאַפֿט און די מעסיקע פּרושים געפֿלײַסט זיך איבערצורײדן די קאַנאָים, זײ זאָלן זיך אָפּזאָגן פֿון דעם באַשלוס, װאָס אין אים איז באַהאַלטן די גרעסטע סאַקאָנע פֿאַר ירושלאַים און פֿאַרן בית־המיקדעש. די רעװאָליוציאָנערן זײַנען באַשטאַנען אױף זײער באַשלוס, און מיט זײ האָבן מיטגעפֿילט אַ סך פֿון די נידעריקע קױהאַנים.

העיוס די קאַנאָים האָבן זיך ניט געלאָזט בייגן, האָט מען אין די ירושאַלאַיִמער אָפּיציִעלע ספערן אָנגענומען א באַשלוס — אָנצוּווענדן קראַפט, ביכדיי אײַנצושטעלן רו. די מעסיקע אָדער „רוידעפשאָלעמניקעס" פון דער גײַסטלעכער און וועלטלעכער אריסטאָקראַטיע האָבן געשיקט צו אגריפּאַסן א דעפּוטאַציע מיט דער באַקאָשע, ער זאָל שיקן א כאַיִל קיין ירושאָלאַיִם. אגריפּאַס האָט טייקעף געשיקט 3.000 רײַטער פון אײַוער־האַיאַרדן, אונטער דער קאָמאַנדע פון דאַריִוס און פיליפּוס.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן א טראַגישער בירגערקריג. די רוידעפשאָלעמניקעס מיט די קיניגלעכע אָפּטיילונגען האָבן זיך באַפעסטיקט אין דער אייבערשטער שטאָט, די קאַנאָיִם האָבן פאַרנומען דעם האַר־האַבאַיִס און די אונטערשטע שטאָט. צווישן ביידע „לאַגערן" האָט זיך אָנגעהויבן א פאַרביטערטער קאַמף; מע האָט אָן אופהער געשאָסן איינער אינעם אנדערן, מע האָט געמאַכט אויספאַלן, מע האָט אָנגעווענדט שטאַרקע שלײַדער־מאַשינען. די מיליטערישע געניטקײַט איז געווען אַפן צאַד פונעם קיניגס רעגולערן מיליטער; נאָר די קאַנאָיִם זײַנען געווען שטאַרקער פון זיי אין דעם פּראַט, מאַכמעס בא זיי איז געווען יענע איבערגעגעבענע דרייסטקײַט, וואָס נעמט זיך פון פּאַטריִאָטישער באַגײַסטערונג. פונדעסטוועגן וואָלטן די לעצטע ניט אזוי גיך גוויוער געווען, אויב זיי צו הילף וואָלטן ניט געקומען אומגעריכטע פאַרבינדעטע.

די אויסערסטע טעראָריסטישע פראַקציע פון די קאַנאָיִם, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „סיקאַריער", איז אין יענער צײַט באַדײַטנד שטאַרקער געוואָרן אין דער פּראָווינץ. אונטער דער אָנפירונג פונעם קריגערישן מענאַכעמען, יעהודע האַגאַלילִיס לעצטן זון, האָבן די סיקאַריער זיך ארײַנגעריסן אין דער דאָרעמדיקער פעסטונג פון יעהודע, מאַסאַדע, האָבן ארויסגערויבט דאָרט דעם רוימישן ארסענאַל, זיך באַוואָפנט און זײַנען אוועק קיין ירושאָלאַיִם.

די סיקאַריער האָט זיך אײַנגעגעבן ארײַנצוכאַפּן אין שטאָט אומבאַמערקטערהייט, אינאיינעם מיט די אוילע־רעגל, וואָס זײַנען געקומען קיין ירושאָלאַיִם צום כאַג האַויצים (15 טעג אין אָוו, אין יאָר 66). ווי נאָר זיי זײַנען אָנגעקומען, זײַנען זיי צוגעשטאַנען צו די קאַנאָים פון עליִעזערס פּאַרטיי און האָבן זיי געהאָלפן אײַננעמען די אייבערשטע שטאָט[1]. די רעוואָליוציִאָנערן, וואָס האָבן מענאַצייער געווען, האָבן אונטערגעצונדן אגריפּאַסעס און בערעניקעס פּאַלאַצן, דעם קויהען־גאָדל כאַנינעס הויז, און אויך דאָס געבײַ פונעם ארכיוו, וווּ עס האָבן זיך געפונען וועקסלען, ביכדיי צו באַפרײַען אָרעמע באַלכויוועס פון צו באַצאָלן. דערנאָך האָבן די קאַנאָים און סיקאַריער אײַנגענומען אין שטורעם די פעסטונג אַנטאָניִא און אויסגעהארגעט דעם רוימישן גארניזאָן, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען.

אגריפּאַסעס סאָלדאַטן און די איבעריקע רוימישע סאָלדאַטן (די קאָהאָרטע, וואָס איז געבליבן אין ירושאָלאַיִם) האָבן זיך באַפעסטיקט אין הורדוסעס פּאַלאַץ און אין די דרײַ טורעמס, וואָס ארום אים: היפּיקוס, פּזאַל און מארים. דאָ האָבן זיי די מוירדים באַלאַגערט; די סאָלדאַטן האָבן געשאָסן פון אויבן און האָבן זיך פאַרצווייפלט פאַרטיידיקט, נאָר נאָך א באַלאַגערונג פון דרײַ וואָכן האָבן זיי זיך פאָרט געמוזט אונטערגעבן. פריִער האָבן קאַפּיטולירט אגריפּאַסעס סאָלדאַטן, וואָס די קאַנאָיִם האָבן געלאָזט זיי פרײַ אָפּציִען, און נאָך א קורצן קווענקלען זיך האָט זיך אויך אונטערגעגעבן די רוימישע קאָהאָרטע, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער קאָמאַנדע פון מעטיליִוס. מיט איר זײַנען די מוירדים זיך באַגאַנגען ערגער: ווי נאָר די רוימער האָבן אנידערגעלייגט דאָס געווער, האָבן די פאַרביטערטע ייִדן זיך א לאָז געטאָן אַף זיי און אויסגעהארגעט אלעמען, כוץ זייער קאָמאַנדיר מעטיליִוס, וואָס האָט זיך געבעטן בא זיי, זיי זאָלן אים שענקען דאָס לעבן, און האָט צוגעזאָגט דערפאַר אָנצונעמען די ייִדישע עמונע (אין כוידעש עלול אין יאָרן 66).

אַף אזא אויפן איז ירושאָלאַיִם אויסגערייניקט געוואָרן פון רוימישן מיליטער, און די פּאַרטיי פון די מוירדים האָט אָפּגעהאלטן א פולקומען ניצאָכן איבער די אריסטאָקראַטן

[1] אויב מע זאָל אופמערקזאַם פאַנאַנדערקלײַבן יויסעף פלאַוויִוסעס פאַרפּלאָנטערטע דערציילונג וועגן די דאָזיקע געשעענישן, מוז מען קומען צו דער איבערצײַגונג, אז די געשעענישן זײַנען פאָרגעקומען אין דעם סיידער, ווי זיי ווערן דאָ בא אונדז געשילדערט אין ווײַטערדיקן טעקסט. בא יויסעפן ווערט צוויי מאָל דערמאָנט וועגן דעם, אז די סיקאַריער (אָדער לויט זײַן טערמינאָלאָגיע — „רויבער") זײַנען אָנגעקומען, אָן מענאַכעמען און מיט אים, און צוויי מאָל ווערט דערמאָנט די מײַסע וועגן דער טויטונג פונעם קויהען־גאָדל כאַנינע, פאַר מענאַכעמס קומען, און דערנאָך דאָס, וואָס אינעם לעצטן פונקט האָבן מיר צו טאָן מיט איין פאַקט, גיט א פולקומען סמאַך מעשאַער צו זײַן, אז בענעגייע צום ערשטן פונקט איז ביידעס איינס, און נאָך מער דערפאַר, ווײַל אלע די דאָזיקע געשעענישן האָבן זיך געצויגן אינגאַנצן אָן ערעך א כוידעש צײַט. די פריִערדיקע היסטאָריקער האָבן אָדער, ווי שירער, אינגאַנצן ניט דערמאָנט די מײַסע מיט די סיקאַריער און מענאַכעמען, אָדער, ווי גרעץ און וועלהויזן, איבערגעלאָזן מער אָדער ווייניקער פלאָנטעריש פונעם ערשטן מאָקער, אָן צו פרוּוון זיך פאַנאַנדערקלײַבן דערין.

רוידעפשאַלעמניקעס. נאָר דעמלט האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט א קאַמף אין די רייען פון די מורידים גופא. די סיקאַריער, וואָס זײַנען אָנגעקומען מיט מענאַכעמען, האָבן זיך דערליבט אַפּצוטאָן פאַרשיידענע אוולעס. צווישן אַנדערע זאַכן, האָבן זיי אויך דערהאַרגעט דעם געוועזענעם קוהען-גאַדל כאַנינע און זײַן ברודער כעזקיע, וואָס זײַנען געווען צווישן די אָנפירער פון דער אַריסטאָקראַטישער פּאַרטיי. כוץ דעם, האָט מענאַכעם אָנגעהויבן אַרויסווײַזן א כיישעק צו ווערן א דיקטאַטאָר.

די קאַנאָים פון עלִיעזערס פּאַרטיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז אַזעלכע פאַרבינדעטע, וואָס קלײַבן זיך ניט פאַנאַנדער אין די מיטלען, קאָנען אַרופּצִיִען א שלעכטן שעם אַפן גאַנצן אופשטאַנד. עלִיעזער האָט דערקלערט, אַז עס איז ניט געווען קעדײַ צו קעמפן קעגן ווילד-ווילן פון די רוימער, ביכדיי אים צו פאַרבײַטן דורכן ווילדווילן פון די טעראַריסטן. צו די קאַנאָים זײַנען אויך צוגעשטאַנען א סאַך פון די „מעסיקע". בעכיין זײַנען די קאַנאָים אין בייס-האַמיקדעש אָנגעפאַלן אויף מענאַכעמען און זײַנע מענטשן. די סיקאַריער האָבן זיך געלאָזט לויפן; א סאַך זײַנען דערהאַרגעט געוואָרן, און די איבעריקע זײַנען אַנטלאָפן גע-וואָרן קיין מאַסאַדע. מענאַכעם האָט זיך באַהאַלטן אין דעם טייל שטאָט, וואָס ליגט אין דאָרעם-זײַט פון בייס-האַמיקדעש, נאָר מע האָט אים געפונען און געטייט. בעכיין האָבן די קאַנאָים פון עלִיעזערס פּאַרטיי זיך דערשלאָגן צו הערשאַפט אין יערושאָלאַיִם.

## 8.3. דער פעלקער-קאַמף אין פּאַלעסטינע, סיריע און עגיפּטן

די פאַן פון אופשטאַנד, וואָס איז אופגעהויבן געוואָרן אין יערושאָלאַיִם, האָט געגעבן א סיגנאַל צו בלוטיקע צוזאַמענשטויסן צווישן יִידן און געצנדינער, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אומעטום.

בעשאַס די געצנדינער פון קייסאַריא האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם, אַז די רוימער זײַנען אויסגעהאַרגעט געוואָרן אין יערושאָלאַיִם, האָבן זיי באַשלאָסן, אַז זיי קאָנען אומ-באַשטראָפט פאַרטיליקן זייערע יִידישע מיטבירגער, דורך דעם, וואָס זיי וועלן אַרויסשטעלן זייער מעלוכע-פּאַטריאָטיזם. און בעכיין האָבן זיי אָפּגעטאָן א מײַסע נוירע: מיט דער הילף פון פלאָרוסעס סאָלדאַטן האָבן זיי צעראַבירט און פאַרטיליקט די גאַנצע אָרטיקע יִידישע געמיינדע. טויזנטער יִידן זײַנען אויסגעהאַרגעט געוואָרן, און די אַנטלאָפענע האָט פלאָרוס געלאָזט כאַפּן און אָפּשיקן אויף צוואַנגס-אַרבעטן אויף די שיפן. אין קייסאַריא איז ניט געבליבן קיין איין יִיד.

די דאָזיקע אומגעהערטע שכיטע האָט אופגעהויבן א מעהומע אין אַלע שטעט, ווו עס איז געווען א געמישטע יִידישע און גריכישע באַפעלקערונג. דער גרימצאָרן פון די יִידן, וואָס זײַנען אין זייער אייגן לאַנד אויסגעהאַרגעט געוואָרן דורך פרעמדע, האָט קיין גרענעצן ניט געהאַט. אומעטום זײַנען אופגעשטאַנען די יִידישע מאַסן און האָבן זיך אָרגאַניזירט אין פּרײַע אָפּטיילונגען, ביכדיי צו פאַרטיליקן די געצנדינער. אין די שטעט באַם יאַרדן, ווי די גאַדערא, איפּאָס, פעלא (פון דער אַזויגערופענער „דעקאַפּאָליס"), און אויך אין עטלעכע שטעט באַם ברעג יאַם האָבן די יִידן צעשטערט און פאַרברענט די הײַזער און אויסגעהאַר-געט די אײַנוווינער.

נאָר אויך די סיריער זײַנען זיך באַגאַנגען מיט יִידן פּונקט אַפן זעלביקן אופן, דאָרט ווו די לעצטע זײַנען געווען א מִיוט. ס'פלעג טרעפן אמאָל, אַז אין איין און די זעלביקע שטעט (גאַדערא, אַשקעלאָן, אַקאָ און אַנד.) האָבן פריִער געמאַכט א פּאָגראָם די יִידן און דערנאָך די סיריער, אָדער פאַרקערט.

גאַנץ פּאַלעסטינע איז געווען אַרומגעכאַפּט פון דער סרייפע פון א פעלקער-קאַמף. „איטלעכע שטאָט איז געווען צעטיילט אויף צוויי פײַנטלעכע לאַגערן, איטלעכער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט געזוכט רעטונג פאַר זיך אינעם אַנדערנס אונטערגאַנג. די טעג פלעגן פאַרבײַגיין אין בלוטיקע שלאַכטן, און די נעכט האָבן אײַנגעפליסט נאָך א גרעסערן שרעק".

אין דער שטאָט סקיטאָפּאָליס (בייט-שאָן) זײַנען די יִידן געווען אוועקגעשטעלט אין אַזא טראַגישער לאַגע, אַז זיי האָבן געמוזט קעמפן קעגן זייערע אייגענע ברידער. די אָרטי-קע היידן האָבן צוגעזאָגט ניט אָנצורירן די פרידלעכע יִידישע מיטבירגער ביטנײַ, אַז די לעצטע זאָלן זיי העלפן, טאָמער וועלן אָנפאַלן אויף דער שטאָט די וואַנדערנדיקע יִידישע אָפּטיילונגען. די יִידן האָבן ערלעך אָפּגעהיט דעם דאָזיקן אָפּמאַך, און ווי שווער דאָס איז זיי ניט געווען, האָבן זיי געקעמפט קעגן זייערע ברידער, וואָס האָבן געוואָלט זיי באַפרײַען פון

געפערלעכע שכיינים. אינעם דאָזיקן געשלעג האָט ארויסגעוויזן א באזונדערע גוורה איין אײַנוווינער פון בייט־שאָן, א געוויסער שימען בען שאָול.

אָבער ווי נאָר די פּײַנט זײַנען אוועק, האָבן די היידן פון בייט־שאָן אָפּגעטאָן א מענווולדיקע פאלשקײַט: זיי האָבן ארײַנגענארט זייערע יידישע מיטבירגער אין א וועלדל הינטער דער שטאָט און האָבן זיי אַלעמען דאָרט אויסגעהארגעט. דער גיבער, שימען, האָט ניט דערלאָזט דערצו, אז די פּײַנט זאָלן אים טייטן, נאָר פריער האָט ער דערהארגעט די מיטגלידער פון זײַן מישפּאָכע און דערנאָך האָט ער זיך אליין דערשטאָכן. פארן טויט האָט ער הויך אפן קאָל ארויסגעזאָגט, אז ער האָט כאראָטע דערויף, וואָס ער האָט זיך פארבונדן מיט די היידן און אופגעהויבן זײַן שווערד קעגן זײַנע פאָלקס־ברידער.

דער דאָזיקער פעלקער־קאמף האָט געהאט א דײַטלעכע רעליגיעזע באפארבונג. אין דער זעלביקער צײַט, וואָס די היידן האָבן פארטיליקט זייערע יידישע שכיינים, האָבן זיי אויך געקוקט מיט כשאד אף די יעניקע צווישן זייערע אייגענע פאָלקס־ברידער, וואָס האָבן געהאט אָנגענומען די יידישע עמונע, אָדער וואָס האָבן געפילט א נעטיע צו איר. (אף גריכיש האָבן געהייסן „יודאיזאנטעס” די, וואָס האָבן אנערקענט אָדער די עמעסע יעהודעס אָדער דעם קריסטנטום, וואָס איז אנטשטאנען מיט א קורצער צײַט פריער).

אין דאמעסעק האָט די גרופּע היידן, וואָס האָט פארטראכט דעם פּלאן צו פארטיליקן די יידן, געהאלטן דאָס שטרענג בעסאָד פאר זייערע פרויען, וואָס זײַנען קימאט אלע געווען איבערגעגעבן דער יידישער רעליגיע. דעריבער האָבן זיי געמאכט אן אויסרייד, אז זיי לאדן אײַן די יידן אף א פאָלקס־פארזאמלונג, האָבן זיי צונויפגעקליבן אף א פּלאץ פאר גימנאסטיק און האָבן אַלעמען אויסגעהארגעט דאָרט.

די יעדיעס וועגן די געשעענישן אין פּאלעסטינע און סיריע האָבן ארויסגערופן אן אופרעגונג אין דער אלטער נעסט פון אנטיסעמיטיזם — אין אלעקסאנדריא שעל מיצראים. די יידן־פּײַנט אין אלעקסאנדריא האָבן ניט געקאָנט רויק צוקוקן, וואָס נאָכן פּאָגראָם, וואָס זיי האָבן געמאכט, האָט דער קייסער קלאוודיוס צוריקגעגעבן די יידן די בירגערלעכע גלײַכבארעכטיקונג און אווטאָנאָמיע. אין נעראָנס צײַט האָבן זיי באשלאָסן ווידער צו באנײַען זייער אגיטאציע. און דער איצטיקער מאָמענט האָט זיך זיי אויסגעדוכט פאר זייער פּאסיק. פונקט אזוי ווי פריער האָבן די גריכן פון אלעקסאנדריא אויסגענוצט דעם פאקט, וואָס קאליגולא האָט געוואָרפן אן אומכיין אף די יידן, — אזוי האָבן זיי געײַלט זיך אויסצונוצן צוליב זייערע צוועקן נעראָנס סינע צו די אופגעשטאנענע יערושאלמים.

די גריכן האָבן זיך צונויפגעקליבן אין אמפיטעאטער, ביכדיי אויסצוקלײַבן א דעפּוטאציע, וואָס זאָל אוועק אין רוים און זיך מישטאדל זײַן פאר נעראָנען, ער זאָל אָפּשאפן די בירגערלעכע גלײַכבארעכטיקונג פון די יידן. אין אמפיטעאטער האָט זיך אויך געהאט צונויפגעקליבן א גרופּע יידן, וואָס האָבן געוואָלט וויסן, וואָס פאר א באשלוס די פארזאמלונג וועט אָננעמען. אז די גריכן האָבן זיי דערזען, האָבן זיי אופגעהויבן א געשריי: „פּײַנט, שפּיאָנען!” — און האָבן אָנגעהויבן איבערגוואלד זיי ארויסשלעפּן און שלאָגן. נאָר א גרויסער האמוין יידן איז דאָס געוווירע געוואָרן, האָט זיך געלאָזט לויפן צום אמפיטעאטער, האָט אָנגעהויבן ווארפן מיט שטיינער אף די גריכן און סטראשען אונטערצוצינדן דעם גאנצן ביניען פון אמפיטעאטער.

דאָ האָט זיך ארײַנגעמישט דער פרעפעקט אָדער פארוואלטער פון שטאָט, דער געוועזענער יידישער פּראָקוראטאָר טיבעריוס־אלעקסאנדער, וועלכער האָט געפּאָדערט פון די יידן, זיי זאָלן זיך פאנאנדערגיין. די יידן, וואָס האָבן פּײַנט געהאט דעם פרעפעקט דערפאר, וואָס ער האָט זיך געשמאדט, האָבן אים באגעגנט מיט זידלערײַען און זילזולים. דעמלט האָט טיבעריוס־אלעקסאנדער ארויסגעשיקט צוויי רוימישע לעגיאָנען קעגן דעם יידישן קווארטאל, דעלטא, און האָט געהייסן אים צעראבירן. דער פּויעל־יויצע דערפון איז געווען נאָך שרעקלעכער, איידער נאָך דער הארייגע פון קייסאריא. די צאָל פון די דערהארגעטע יידן ווערט באשטימט דורך אן אומגלייבלעכער ציפער (50 טויזנט, אויב מ'זאָל גלייבן יויסעף פלאוויוסן); דער אומגעהײַער גרויסער קווארטאל, וואָס האָט פארנומען א שעטעך פון א גאנצער שטאָט, איז צעשטערט געוואָרן. די יידן האָבן פארצווייפלט זיך אנטקעגנגעשטעלט און האָבן פון זייער זײַט געטייט גריכן און רוימער, נאָר קעגן א רעגולערן כאיל האָבן זיי ניט געקאָנט בײַשטיין.

(פאָרזעצונג קומט)




## מאטאן טוירע

1

א שטיק צײַט איז אריבער פון זינט ייִדן האָבן זיך באפרײַט פון מיצראַיִם ביז גאָט האָט זיי אין דעם מידבער די טוירע געגעבן.

א מעלעך האָט געהאט איין־און־איינציקן זון, וואָס איז נאָרוואָס אופגעשטאנען פון א שווערער קרענק. קומט דער פעדאגאָג צום מעלעך און זאָגט: שוין צײַט שיקן דעם פרינץ אין שול לערנען.

ענטפערט דער מעלעך: ער איז ערשט גענעזן[1] געוואָרן און איז שטארק אראָפּ פון פּאָנעם, זאָל ער זיך נאָך אָנטאָן וווילטיק א דרײַ כאדאָשים ביז ער וועט רעכט צו־זיך קומען.

אזוי האָט גאָט געזאָגט: מײַנע קינדער זײַנען ערשט ארויסגעקראָכן פון דער ליים און די רוקנס האָבן זיי נאָך ניט אויסגעגלײַכט פון די שווערע ציגל, — לאָמיר זיי פריִער קעכלען דרײַ כאדאָשים מיט מאָן און וואכטלען און פרישן וואסער פון מיריאָמס ברונעם, — וועלן זיי צו־זיך קומען, און דערנאָך וועל איך זיי די הייליקע טוירע געבן.

2

אז די ייִדן זײַנען ארויס פון מיצראַיִם, איז צווישן זיי געווען פיל קאליקעס פון דער שווערער ארבעט: דעם איז א שטיין געפאלן פון מויער און די האנט צעזעצט, דעם האָט א ציגל געטראָפן — און די פיס צעבראָכן. האָט גאָט געזאָגט:

— איך וויל זיי געבן די טוירע און מאכן פאר א „קיניגרײַך פון קויהאנים און א הייליק פאָלק", — ווי זשע קענען קויהאנים זײַן באלײ־מום?[2] — האָט ער באלד א ווונק געטאָן צו די מאלאָכים, זײַנען זיי אראָפּ און אלעמען אויסגעהיילט.

---

[1] געזונט געוואָרן, אויסגעהיילט.
[2] קאליקעס, מיט פעלערן.

## 3

נאָך בעשאס וועלט-באשאפן האָט גאָט מיט אַלע באשעפענישן א טנײַ אויסגענומען: וועלן ייִדן אָנעמען שפּעטער די טוירע — בלײַבט איר אף ווײַטער, אויב נישט — מאך איך צוריק פון אײַך טויהו-וואָוואויהו.[1]

איינער האָט געהאט א גאָרטן, פאַרפלאַנצט מיט אַלערליי פּרוכט-ביימער: פײַגן, ווײַנ-שטאָקן, מילגרוימען, עפּל. האָט ער עס איבערגעגעבן א פאַכטער, ער זאָל דעם גאָרטן באאַר-בעטן און אָפּהיטן. אין א צײַט ארום קומט ער זען, וואָס טוט זיך אין זײַן גאָרטן. געפינט ער אים אינגאנצן ווילד, פאַרוואַקסן מיט שטעכלען און דערנער. הייסט ער ברענגען אַרבעטער אויסצוהאַקן דעם גאנצן גאָרטן. דערזעט ער פלוצעם צווישן די דערנער א שיינע פרישע רויז. גיט ער זי א שמעק און דערקוויקט זיך נאָר מיט איר זיסן רייעך, — צוליב אָט דער רויז, — זאָגט ער, — זאָל געראַטעוועט ווערן דער גאנצער גאָרטן.

אזוי אויך איז די גאנצע וועלט צוליב דער טוירע באשאפן געוואָרן. נאָך 26 דוירעס האָט זיך גאָט אומגעקוקט אף זײַן וועלט און באטראַכט, וואָס האָט מען דאָרט אופגעטאָן. זעט ער קאַיִן, דויר האַמאַבל, דויר האַפּלאָגאָ. — נישט קעדײַ! — זאָגט גאָט. — אומברענגען וועל איך די וועלט. דערזעט ער אָבער אינמיטן איין פּרעכטיק-שיינע רויז — דאָס ייִדישע פאָלק מיט דער טוירע. — אָט צוליב זיי, — זאָגט גאָט, — ווערט געראַטעוועט די גאנצע וועלט.

## 4

אז גאָט האָט פאַרטראַכט צו געבן די טוירע, האָט ער זי פריִער ארומגעטראָגן צו אַלע אומעס-האָוילעם, און קיינער האָט זי ניט געוואָלט נעמען.

ער קומט צו די בניי אָדאָם[2] — פרעגן זיי:

— וואָס שטייט דאָרט געשריבן?

— לאָ תרצח, הארגע ניט!

— ניין, אזא טוירע קענען מיר ניט אָנעמען! די בעסטע בראָכע פון אונדזער זיידן אייסאָו איז „פון דײַן שווערד זאָלסטו לעבן!"

קומט ער צו איימוין ומויאָוו — פרעגן זיי אויך:

— וואָס שטייט דאָרט געשריבן?

— לאָ תנאָף, טרײַב ניט קיין אומצוכט!

— אזא טוירע קענען מיר ניט אָנעמען, אונדזער גאנצער ייִכעס איז דער זיידע לויט מיט זײַנע צוויי טעכטער אין דער הייל.

קומט ער צו די בניי ייִשמאָעל — פרעגן זיי ווידער:

— וואָס שטייט דאָרט געשריבן?

— לאָ תגנוב, זאָלסט ניט גאנווענען.

— אזא טוירע קענען מיר ניט אָנעמען, אונדזער זיידע ייִשמאָעל איז געווען בארימט פאַר „א ווילדן מענטשן, געלעבט פון גנייווע און גזיילע, זײַן האנט קעגן אַלע..."

ביז גאָט איז געקומען צו די קינדער ייִסראָעל און זיי האָבן געזאָגט „נעשה ונשמע" — מיר וועלן פאָלגן און הערן.

## 5

אז מוישע האָט זיך אראָפּגעלאָזט פונעם הימל, איז דער שאָטן געקומען פאַר גאָט באָרוך-הו און געפרעגט: „הער פון דער וועלט, ווו איז דײַן טוירע?"

— דער ערד האָב איך זי אָפּגעגעבן, — האָט גאָט אים געענטפערט.

איז דער שאָטן אוועק צו דער ערד און געפרעגט בא איר: „ווו איז די טוירע?"

— איין גאָט ווייסט קלאָר איר וועג.

גייט ער צום יאם פרעגן.

— ניטאָ בא מיר, — ענטפערט אים דער יאם.

לאָזט ער זיך צום אָפּגרונט אראָפּ.

— ניט בא מיר איז זי, — ענטפערט דער אָפּגרונט.

קומט דער שאָטן צוריק פאַר גאָט און זאָגט:

---

[1] כאַאָס.

[2] רוים הייסט בא די חכמי האטאַלמיד — אֶדאָם, רוים האָט געוועלטיקט מיט דער בלוטיקער שווערד.

— ריבוינעשעלוילעם, איך האָב זי אױף דער גאַנצער ערד אױסגעזוכט און נישט געפונען.

— גיי צו אַמייראַמס זון, — האָט אים גאָט געענטפערט.

גייט ער צו מוישען און פרעגט אים:

— די טוירע, וואָס גאָט האָט דיר געגעבן, ווו איז זי?

— מיר? — האָט מוישע געזאָגט. — וואָס בין איך דען, אַז גאָט זאָל מיר געבן זײַן טוירע?

— מוישע, — זאָגט גאָט, — דו פאַרלייקנסט גאָר?!

— ריבוינעשעלוילעם, — ענטפערט מוישע, — דײַן טײַערער אוֹיצער, אין וועלכן דו שפּיגלסט זיך אַלע טאָג, זאָל איך אים פאַר מײַנעם רעכענען?

— פאַר אַזאַ אַניוועס, — זאָגט גאָט, — קומט דיר, אַז די מאַטאָנע זאָל זיך אָנרופן אױף דײַן נאָמען — „טוירע מוישע" וועט זי הייסן באַם גאַנצן פאָלק.

## 6

די טוירע, וואָס מוישע האָט גענומען אױפן באַרג סינײַ, איז געווען געשריבן מיט שוואַרץ פײַער אױף ווײַס פײַער און אײַנגעהילט אין פײַער. מוישע האָט געשריבן און די פעדער אָפּגעווישט אין די האָר פון קאָפּ, — דערפון האָט ער זײַנע שטראַלן באַקומען.

## דער אייגל

ווען מוישע איז אַרױף אױפן באַרג סינײַ, האָט ער מיט די ייִדן אָפּגערעדט: אין פערציק טאָג אַרום ברענג איך אײַך די טוירע. דעם לעצטן טאָג איז געקומען דער שאָטן און אָנגעמאַכט צווישן ייִדן אַ גערודער:

— ווו איז מוישע? ווו קען זײַן מוישע?

— אױפן הימל, — זאָגן אַנדערע.

— שוין נאָך האַלבן טאָג און נאָך נישטאָ!

— אַוואַדע געשטאָרבן.

הייבט מען אױף די אויגן אַרױף צו די וואָלקנס. דערזעט מען עפּעס, ווי אַ מיטע טראָגט זיך אינדערלופטן, ווײַזט מען מיט די פינגער און מע זאָגט:

— יאָ, מיט מוישען, ווײַזט אויס, איז טאַקע עפּעס דאָרט געשען.

האָבן זיך צונויפגעקליבן פערציק טויזנט מאַן פון ערעוו ראַוו[1] און צווישן זיי — צוויי כאַרטומים יונוס און יומברוס, וואָס האָבן באַ פּאַרען אַלע מויפסים געוויזן מיט קישעף. און זיי זײַנען געקומען צו אַרענען און געזאָגט: מוישע וועט שוין צוריק ניט קומען, — מאַך אונדז אַ גאָט! וויל זיי אַרן אײַנעמען מיט גוטע רייד און כור העלפט אים: — וואַרט נאָך אױף אַ קורצע צײַט, ער וועט געוויס באַלד קומען. ווילן זיי ניט הערן. הייבט כור זיך אָן צו בייזערן: האַרטנעקיקע! אַזוי גיך פאַרגעסט איר אין מוישען מיט אַלדאָס גוטס, וואָס ער האָט אײַך געטאָן! האָבן זיי כורן געהאַרגעט און ווידער צוגעשטאַנען צו אַרענען:

— מאַכסטו אונדז אַ גאָט איז גוט רעכט, ווען ניט טייטן מיר דיך אויך.

פּרוּווט זיך אַרן איבערקלײַגן זיי און זאָגט: „ברענגט די גאָלדענע אוירינגלעך פון אײַערע פרויען און טעכטער". גערעכנט האָט ער: פרויען זײַנען פאַרקאָכט נאָך צירונג און וועלן ניט געבן. און די פרויען האָבן ווירקלעך ניט געוואָלט אָפּגעבן דאָס צירונג אױף אַזאַ זאַך. „סטײַטש, — האָבן זיי געטײַנעט, — אַזוי גיך פאַרגעסן אין גאָט און אין זײַנע ניסים!" האָבן די מענער אוועקגעגעבן זייערע אייגענע נאָזבענדער.

און אַרן האָט אַרײַנגעוואָרפן דאָס גאָלד אין פײַער און געזאָגט:

— ריבוינעשעלוילעם! דו ווייסט דאָך יעדערנס פאַרבאָרגענע געדאַנקען, — זײַ מײַן איידעס, אַז איך טו עס איבערגעוואַלד.

זײַנען געקומען די כאַרטומים און אַרײַנגעוואָרפן שמעלץ־טיגל אַ טאָפל מיט קישעף־שפּרוך, אױף אים אױסגעקריצט: „אָקס — אַרויף", איז באַלד אַרויס דער אייגל און אָנגעהויבן צו מעקען און צו שפּרינגען הין און הער.

דערזען דאָס, האָט אַרן גענומען בויען אַ מיזבייעך. ווילן ייִדן מיטבויען, לאָזט ער נישט. ס'איז אַן אומקאָוועד, — זאָגט ער, — אַז אַ ניט־קויהען זאָל מיטהעלפן. געמיינט האָט ער

[1] „מישלינגען", פּרעמדע פעלקער, וואָס זײַנען אַרויס מיט די ייִדן צוזאַמען פון מיצראַיִם.

דערמיט, עס זאָל מער דויערן, וועט דערווײַל מוישע אַראָפּקומען. אז מוישע איז אָבער אַלץ נישט געקומען, לײגט אַרן ווידער אָפּ: „מאָרגן איז גאָטס יאָמטעוו".

זאָגט גאָט אַפן הימל צו מוישען:

— נידער, וואָס גיכער, דײַן פאָלק האָט געזינדיקט.

ענטפערט מוישע:

— נײן, ריבוינעשעלוילעם, ניט מײַן פאָלק זײַנען זײ, נאָר דײַן פאָלק און דײַן אײגנס, וואָס דו האָסט אַרויסגעפירט פון מיצראַיִם.

זאָגט גאָט:

— אָבער געזינדיקט האָבן זײ דאָך, — אַן אײגל געמאַכט!

ענטפערט מוישע ווידער:

— זאָל דער אײגל דיר אַ העלפער זײַן: דו שיק ווינטן, ער — רעגנס, דו לאָז לײַכטן די זון, ער — די לעוואָנע, דו מאַך שפּראָצן בײמער, ער — גראָזן.

— מוישע, — זאָגט גאָט, — ביסט אויך אײַנגעגלײבט אין אַזאַ נאַרישקײַט!

— אויב אַזוי, — ענטפערט מוישע, — אויב דאָס איז אינגאַנצן לויטער נאַרישקײַט און עס האָט נישט קײן שום מאַמאָשעס — וואָס זשע גרימט אַזוי דײַן צאָרן אָף דײַן פאָלק?

זאָגט גאָט ווײַטער:

— נידער פון הימל, נידער פון דײַן גרויסקײַט! דײַן גאַנצע גדולע איז געווען צוליבן פאָלק, ווײַבאַלד ניט זײ — ביסטו דאָך אויך שוין איבעריק.

באַלד איז מוישע אָפּהענטיק געוואָרן און מער קײן מוט ניט געהאַט צו רעדן.

ווי ער האָט אָבער געהערט גאָטס ווערטער: „לאָז מיך — וועל איך זײ פאַרטיליקן", טראַכט ער בא זיך: „ווײַבאַלד עס ווענדט זיך אין מיר — וועל איך ניט דערלאָזן".

און מוישע האָט אָנגעהויבן מיספּאַלעל זײַן, בעטן ראַכמים פאַר זײַן פאָלק. אין אַלע ווינקעלעך פונעם הימל האָט ער זיך געוואָרפן און אָנגעקלאַפּט אין אַלע טויערן.

— וואָס שטעלסטו זיך אַזוי אײַן פאַר זײ? — האָט אים גאָט געפּרוּווט באַרויִקן. — זײ וועל איך אומברענגען און פון דיר וועל איך אויפשטעלן אַ גרויס פאָלק.

— ריבוינעשעלוילעם, — האָט מוישע אָפּגעװענדט, — אַ שטול אָף דרײַ פיס[1] קען דײַן צאָרן נישט אויסהאַלטן, ווי וועט שוין זײַן מיט אַ שטול אָף אײן פוס? און וואָס וועלן אָף דעם מײַנע עלטערן זאָגן: זעט, אַ שײנער פאָלקס-פירער, זיך אַלײן פאַרזאָרגט מיט גע־דולע, און פאַרן גאַנצן פאָלק נישט געזאָרגט!

צום סאָף האָט מוישע געטײַנעט:

— וואָס וועלן אַלע געצנדינער זאָגן? אײן פאַרען האָסטו געקענט בײַקומען, אָבער אַנטקעגן אײן און דרײַסיק מאַלאָכים[2] האָסטו ניט דעם קויעך בײַצושטײן, דעריבער האָסטו די ייִדן אומגעבראַכט.

ענטפערט גאָט: „איך גיב נאָך, לויט דײַן באַקאָשע". איצט וועלן די אומעס-האָוילאָם זאָגן: וויל דעם טאַלמיד, וואָס דער רעבע איז אים מוידע.

* * *

ווען מוישע האָט די שטײנערנע לוכעס מיט גאָטס שריפט באַקומען, האָבן זײ זיך ווי לעבעדיקע אַלײן געטראָגן און לײַכט זײַנען זײ אים געווען. ווי ער איז אַראָפּ פון באַרג און דערזען דעם אײגל, זײַנען די הײליקע אויסיִעס פונעם שריפט, ווי אַ מאַכנע איבערגעשראָ־קענע פײגעלעך, צוריק צום הימל געפלויגן און די צוויי שווערע שטײנער האָבן אים, ווי גופים אָן נעשאָמעס, די הענט געדריקט, ביז ער האָט זײ מיט צאָרן פון זיך אַ שלײַדער געטאָן און צעבראָכן.

(פאָרזעצונג קומט)

---

[1] דאָס פאָלק, אָנגעשפּאַרט אַפן זכוס פון די דרײַ אָוועס.
[2] פון לאַנד קנאַאַן.

# מוישעלע, מײַן פרײַנט

## מוזיק און ווערטער פון מאָרדכע געבירטיג

Andantino

Vos max-stu e-pes Moj-še-le x'der-ken dix nox on blik, du
bist ge-ven, majn xa-ve-rl, mit jo-rn fil cu-rik, un
ojx in je-der ho-bn mir ge-le-rnt lang ba-nand, ot
štejt far mir der re-be nox, der kan-čik in zajn hant.
Oj, vi nemt men cu-rik di jo-rn, je-ne šej-ne cajt,
oj, dos jun-ge šej-ne le-bn iz fun undz šojn vajt.
Oj, vi nemt men cu-rik di jo-rn, Moj-še-le, majn frajnt,
oj, nox je-nem bej-zn re-bn benkt dos harc nox hajnt.

וואָס מאכסטו, זאָג, מײַן כאַווערל?
כ׳דערקען דיך נאָך אָן בליק,
דו ביסט געווען, מײַן כאַווערל,
מיט יאָרן פיל צוריק,
און אויך אין כיידער האָבן מיר
געלערנט לאַנג באַנאַנד,
אָט שטייט פאַר מיר דער רעבע נאָך,
דער קאַנטשיק אין זײַן האַנט.

רעפרען: אוי, ווי נעמט מען צוריק די יאָרן,
יענע שיינע צײַט,
אוי, דאָס יונגע שיינע לעבן
איז פון אונדז שוין ווײַט.
אוי, ווי נעמט מען צוריק די יאָרן,
מוישעלע, מײַן פרײַנט,
אוי, נאָך יענעם בייזן רעבן
בענקט דאָס האַרץ נאָך הײַנט.

וואָס מאכסטו זאָג, מײַן כאַווערל?
דײַן שמייכעלע אַצינד
דערמאָנט מיך דײַן אַקשאָנעסקײַט
נאָך זײַענדיק אַ קינד,
דער רעבע שמײַסט אין דיר אַרײַן,
ביסט אויפגערעגט און בלאַס,
נאָר אים לעהאַכעס שמייכלסטו,
דער רעבע שפּרינגט פון קאַס.

רעפרען:

וואָס מאַכט דײַן שוועסטער ראָכעלע?
ווי כ׳וואָלט זי איצט געזען,
זי איז אַמאָל, געדענקסטו נאָך,
מיר נאָענט צום האַרץ געווען,
נאָר זי געליבט האָט בערעלען,
געהאַסט מיך אָן שום גרונט,
געבליבן איז אין האַרצן לאַנג
אַ ניט־פאַרהיילטע וווּנד.

רעפרען:

ווי גייט עס עפּעס בערעלען,
אַווראַמעלע וואָס מאַכט?
און זאַלמעלע, און יאָסעלע?
זייער אָפּט פון אײַך געטראַכט,
געכאָלעמט פון אײַך, קינדערלעך,
געזען זיך אינדערמיט,
געוואָרן אַלטע יידעלעך —
ווי שנעל דאָס לעבן פליט.

רעפרען:

דעם אָפּטייל פירט
ס ע ר ג י י   ט ש ע ב אָ ט א ר י אָ ו

Тогда все мужчины вынули золотые серьги из ушей своих и принесли к Аарону.

Возвёл Аарон очи к небесам и воззвал к Господу:

— К Тебе возвожу очи мои, Обитающий в небесах! Тебе ведомо, что против воли моей я делаю это.

И бросил золото в огонь. А волхвы начали творить заклинания.

По другому сказанию, в деле изготовления тельца главное участие принимал израильтянин по имени Миха, который был спасён Моисеем от смерти, когда его придавило кирпичами на постройке в Египте. Этот Миха взял дощечку с надписью «Появись телец!» и бросил её в горнило с золотыми вещами. С рёвом и прыжками появился из горнила телец, и народ закричал: «Вот бог твой, Израиль!»

Увидев это, Аарон воздвиг жертвенник. Многие выражали желание помочь ему в этой работе, но Аарон отказался от их помощи, говоря:

— Дайте мне одному сделать это: для святости жертвенника требуется, чтоб я единолично его построил.

В душе же Аарон надеялся, что пока он займётся постройкою жертвенника, успеет возвратиться Моисей. Но жертвенник был готов, а Моисей не возвращался. Тогда Аарон заявил: «Завтра праздник Господу». Оттяну, — думал он, — дело хотя до завтра.

— «Забыли Господа! — воскликнули Ангелы-Служения, — забыли Спасителя своего, великие чудеса свершавшего в Египте!»

— «Как скоро забыли они дело Его!» — возопил, вторя ангелам, Дух Святой.

## ВОДА ИЗ КАМНЯ

Злословие и издевательство продолжали преследовать Моисея. Когда стало известно о том, что Моисей готовится источить воду из скалы, злонамеренные люди начали вышучивать его, говоря:

— Что же, вы разве не знаете, что он был когда-то пастухом у Лавана, а пастухи большие мастера в поисках за водою. Моисей сначала отыщет родник, — а потом приведёт нас туда и скажет: «Вот, глядите, я из камня воду вам источу». Хорошо, вот перед нами камень; пусть он из *этого* камня добьёт нам воды, из другого не желаем! — И они толпами начали останавливаться у каждого камня.

Увидал это Моисей и, хотя Господь и повелел ему: «из любого камня, как они того пожелают, ты источи им воду», он однако, будучи вне себя от гнева, крикнул:

— За мной ступайте!

И он дал себе клятву, что только из того камня, который он сам выберет, источит он им воду.

«И поднял Моисей руку свою и ударил в скалу жезлом своим дважды».

После первого удара вода из скалы стала сочиться медленно, капля за каплей.

— Бен-Амрам! — зазвучали кругом голоса, — этой воды хватит разве только для грудных младенцев или, в крайнем случае, для сейчас отлучённых от груди детей.

Возмущённый их словами, Моисей ударил вторично в скалу, и обильным потоком хлынула вода.

*(Продолжение следует)*

— Где Тора?

— «Господь установил путь её», — отвечала Земля.

Пошёл Сатана к Морю.

— «Не у меня она», — отвечало Море.

К Бездне пошёл Сатана.

— «Не во мне она», — отвечала Бездна.

Возвратился Сатана к Господу и говорит:

— Владыка мира! Я по всей земле искал и не нашёл её.

— Иди к бен-Амраму, — сказал Господь.

Предстал Сатана Моисею и спрашивает:

— Тора, данная тебе Господом, где она?

Отвечал Моисей:

— Что значу я, чтоб мне Господь Тору дал?

— «Моисей! — раздался голос Господа, — тебе ли неправду говорить?»

— Господь! — сказал Моисей, — То сокровище, лелеемое Тобою, которым изо дня в день любовался Ты, смею ли я принять как личное достояние своё?

Отвечал Господь:

— За то, что ты сам умалил достоинство своё, Тора да будет носить имя твоё: «Помните *Закон Моисея,* раба Моего!»

«И увидел народ, что Моисей долго не сходит с горы!».

Прошло сорок дней, и урочный час, назначенный Моисеем, прошёл, а он всё не возвращался. Тогда явился Сатана и, желая вызвать смуту и замешательство, стал спрашивать:

— Учитель ваш, Моисей, — куда девался он?

— Взошёл на небо, — отвечал народ.

— Время, когда он должен был возвратиться, уже прошло, — продолжал Сатана.

Но его больше не слушали.

— Моисей умер.

И это не произвело ожидаемого действия.

Тогда Сатана явил перед ними образ Моисея в гробу, повисшем в пространстве между небом и землёй. И в народе стали указывать друг другу на это видение, говоря: «Вот что сделалось с этим человеком!»

Собралась тут и вся примесь иноплеменная, сорок тысяч человек, вышедшая вместе с Израилем из Египта, и с нею два волхва египетских, Ионус и Иомбрус, которые прежде творили колдовство перед фараоном. Собрались они вокруг Аарона и Хура, говоря:

— Нет, не возвратиться более Моисею!

Возмущённый этим, Хур поднял голос свой и закричал на них:

— Жестоковыйные! Вы уже забыли всё, что этот человек сделал для вас?!

Набросился народ на Хура и убил его.

Стали наступать с угрозами на Аарона:

— Сделаешь нам Бога — хорошо; нет — мы поступим с тобою, как поступили с Хуром.

Напуганный этими угрозами, Аарон попытался было как-нибудь затянуть дело:

— Выньте, — сказал он, — золотые серьги, которые в ушах ваших жён.

Расчитывал Аарон, что женщины, которым трудно расставаться со своими украшениями, откажут мужьям в этом. Женщины действительно отказывались отдать свои золотые вещи:

— Сохрани нас Бог, — говорили они, — забыть о тех чудесах и подвигах, которые совершены были для народа нашего, и начать поклоняться идолам!




# АГАДА

*сказания, притчи, изречения,*
*Талмуда и Мидрашей*

## ДАРОВАНИЕ ЗАВЕТА

1

Притча раби Исаака:

Заболел у царя сын. И едва стал оправляться от болезни, пришёл его наставник и говорит:

— Пора царевичу отправиться в школу.

— Нет, — отвечал царь, — дадим ему сперва окончательно оправиться, укрепить свои силы, а затем — приняться за учение.

Так и Господь сделал.

— Народу, — сказал он, — измученному рабством, надо дать сперва укрепить силы свои, окрепнуть духом и телом на свободе, а затем дать ему Закон.

2

Когда у Предвечного возникла мысль даровать людям Завет Свой, Он предложил Тору сначала потомкам Исава.

— А что написано там? — Спросили потомки Исава.

— Не убивай.

— Вся жизнь людей рода нашего основана на убийстве, по пророчеству предка нашего: «Ты будешь жить мечом твоим». Мы не можем принять Твою Тору.

Предлагал Господь Тору потомкам Измаила.

— А о чём заповедано в ней? — Спросили потомки Измаила.

— Не кради.

— Только кражею и грабежом мы и существуем, как сказано о нас: «Дикий осёл — между людьми; руки его на всех, и руки всех на него». Нет, мы не можем принять Завет Твой.

Обратился Господь к Израилю.

— «Будем исполнять и слушать!» — был ответ.

3

Когда Моисей сошёл с Синая, пред лицо Господа явился Сатана и спросил:

— Тора, Владыка, — где она?

— На землю послана Мною, — ответил Господь.

Пошёл Сатана к Земле и спрашивает:

officer, who had volunteered, at the beginning of the war, from college to the army, was unexpectedly arrested and sentenced to ten years' imprisonment. In whose interests was it to declare a man who had been fighting bravely at the front, enemy of the people? He was transferred to the camp through the land he had liberated from the nazis.

By describing the unbearable life of David and his friends in the camp, the author wishes to prove that even in inhuman conditions people maintain their dignity and do not lose faith, putting up resistance to cruelty and ruthlessness. B. Mogilner emphasizes the main trait of his hero's character — his unbending will, his resolute endurance. True, he subconsciously suspects that there is a miscarriage of justice in the country. He had, as he thought, a "bad dream": he saw Stalin whom he worshipped, with an evil expression on his face and vile curses, brandishing, to his horror, a birch pole from the camp fence. "David caught hold of his axe. He knew he must raise his axe to prevent Stalin from hitting him — he knew he must resist, but David's hand was weak-willed".

The story came to a dramatic end when David fell under a tree that was chopped down.

The "Discovered Manuscripts" section features the memories of the outstanding Jewish Soviet writer Noah Lurie (1886—1960), entitled "I Saw it All". It is significant that master of Yiddish, the author wrote them in Russian. As their translator M. Shulman (Moscow) explains, Noah Lurie was induced to resort to Russian to depict the environment he found himself in on his arrest, his relations with the preliminary investigators, the life of the convicts, and other circumstances, for Yiddish does not have the necessary words and expressions. The author created a whole gallery of scupturally distinct portraits of convicts and overseers.

"Our Memorial" section deals with two figures in Jewish culture, actor Benyomin Zuskin and poet Yakov Yankelevich, who never returned from the stalinist torture-chambers.

Born in 1899, in the Lithuanian town of Panevežis, B. Zuskin studied in Sverdlovsk and then at the Mining-Institute, Moscow. He began his actor's career in 1921, at the Moscow Jewish Chamber Theatre, creating over twenty five images on the Jewish stage. At that time, the part of Baba Yakhne in Goldfaden's "Sorceress" produced at the Moscow Goset (State Jewish Theatre), earned him deserved success. Then followed his well-know parts in "Two Hundred Thousand", by Sholom Aleichem "A Night at the Old Market" by I. L. Perets, "The Tenth Commandment" by Goldfaden, "The Travels of Benyomin the Third" by Mendele Moicher Sforim, as well as in the plays by Soviet authors: Dobrushin, Bergelson, Orland, Markish, Daniel, Galkin. His part of jester in Shakespeare's "King Lear" enjoyed resounding success. One of the last parts played by this outstanding master was that of Yokl-Badchen in the Goset production of "Freilekhs". B. Zuskin was not a member of the Jewish Anti-Fascist Committee Presidium, but he was arrested on a trumped up charge of espionage allegedly conducted by the Committee leaders, and he was killed together with them.

Ya. Yankelevich' creative path in Soviet Jewish lierature lasted a little over a decade during which time he published three collections of poetry and a book of prose. He was born in 1904, in Moldavia and studied there. He taught Yiddish and literature in the Jewish school of Tiraspol. His first book of poems was issued in Kharkov. The critics marked his lyricism and psychological approach. Arrested in 1938, he died in the camp. He was posthumously rehabilitated.

"Sovietish Heimland" continues to publish works by progressive foreign writers. The current issue includes the publicist articles by M. Tsanin (Israel) and M. Taub (Canada).

The criticism section carries a short review of the film "Sholom" directed by Vladimir Dvinsky (script by Konstantin Slavin and Vladimir Kuznetsov). The reviewer E. Fagel (Moscow) estimates the film as a major event in Jewish cinematography.

The issue comprises new chapters of Semyon Dubnov's "History of the Jewish People".

*Supplement to the issue: "Concise Jewish-Russian Dictionary", 2nd edition.*

# RÉSUMÉ

## "Sovietish Heimland" ("Soviet Homeland")
## No 6, June 1990

The main works featured in "Sovietisch Heimland" June issue, are thematically associated with the life and fate of the Soviet Jews on the eve and during the Great Patriotic War of 1941-1945.

The current issue opens with the essay by Nikolai Chubov (village of Krivorozhye, Millerovo District, Rostov Region), entitled "Dalny Yar is the Babiy Yar in the Small Village of Balabanovka", telling of the shooting by the nazis of a hundred and one Jews with fifty five children among them, on July 31, 1942, in the Don steppe near the Olkhovy Rog—Ternovaya road. How did the doomed find themselves there? Until that day they had been living in the settlement of Nadyozhnoye, Zaporozhye region, where their ancestors cruelly banished by the tsarist government from Lithuania, Minsk and Vitebsk gubernyas, found a home as far back as 1846. In 1930, the inhabitants of Nadyozhnoye united in a kolkhoz (collective farm), growing grain, raising cattle and rearing children. But the war broke out. As the front was relentlessly approaching the Dnieper, the old, women and children had to be evacuated from Tavria. In the autumn of 1941, the people of the Nadyozhnoye kolkhoz left their homes and together with their herds of cattle trudged along the impassable road leading to the East, to reach, in December, the banks of the Kalitva in Olkhovy Rog. They were given lodgings to spend the winter in the small village of Balabanovka for, with the front in the district of Debaltsevo stable, it was hoped that the hitlerites would not go farther. But after six months the nazis headed for he Volga, and the people from Nadyozhnoye had no time to escape...

The list of those killed in Dalny Yar, registering their ages, compiled by a Russian woman, Anna Pavlovna Bondareva, literally in the days of those tragic events, follows N. Chubov's essay.

The issue carries the continuation of the chronicle "USSR Jews and the War of 1941—1945", composed, on the basis of newspaper and magazine publications of that time, by Nikolai Motovilov (Leningrad).

Issue No six includes the thrilling story "How Eichman was Caught" by Moishe Perelman, a foreign author, which is sure to evoke the readers' interest for little has been written in our country about the nazi criminal Adolf Eichman, the responsible executor of Hitler's program of the socalled "final solution of the Jewish problem".

The Poetry Section contains the poems by Dora Khaikina (Kiev), Abram Katsev (Kherson) and poems from the poetical heritage of Lipa Heller, as well as poems by our readers O. Tsoiman (Kiev) and M. Kaplan (Minsk).

The works of our readers occupy a significant place in our magazine. In addition to the poems, the current issue comprises the essays by M. Rubchinsky (Gorky) entitled "A Man-Legend" about Yefim Emmanuilovich Rubinchik, oustanding engineer, former manager of the "Krasnoye Sormovo" Plant which supplied, during the Great Patriotic War, our army with tanks, and by Ch. Bergman (Belaya Tserkov) "The Cameo of Lieutenant Chaim Yavich".

The subject of the story "Plead Guilty" by Boris Mogilner (Moscow) was suggested to the author by his own tragic fate. David Korostensky, a young front-line

